# פופציג יאָהר
# קלאָוקמאכער יוניאָן

## 1936—1886

פון

דר. ב. האָפמאַן (צביון)



ארויסגעגעבען פון דער

קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן לאָקאַל 117

(געוועזענער לאָקאַל 1)

אינטערנעשאָנאַל ליידיס גארמענט וואירקערס יוניאָן

ניו יאָרק, 1936.

# אינהאַלט פאַרצייכעניס

# אַ וואָרט פון דער פּרעס קאָמיטע.

די עקזעקוטיווע פון אונזער לאָקאַל האָט אונז צוגעטיילט דעם גרויסען כבוד ארויסצוגעבען די געשיכטע פון אונזער יוניאָן צו איר פופציג יעריגען יובילײ.

עס איז געווען א גליקליכער געדאנק פון אונזער עקזעקוטיווע ביי דער געלעגענהייט פון דעם גרויסען יום טוב פון אונזער יוניאָן ארויסצוגעבען א בוך, אין וועלכען עס זאָל דערצעהלט ווערען די געשיכטע פון אונזער אָרגאַניזאציע, ווי זי איז געשאפען געוואָרען, ווער עס זיינען געווען אירע פאַרקעמפּפער און גרינדער, וויפיל אידעאַליזם, קאמפסמוט און אָפּפערוויליגקייט עס איז נויטיג געווען איר אויפצובויען און אין צו ברייננגען צו איר איצטיגער גרויס און איינפלוס.

און עס איז פאראַן אַ סך צו דערצעהלען. די פופציג יאָר, וואָס די קלאָוק אפּערייטאָרס יוניאן האָט דורכגעלעבט זיינען געווען יאָרען פון אונאויפהערליכען קאמף און פון שטורמדיגע פּאַסירונגען, און עס איז א געשיכטע ניט בלויז פון וועלכער מען קען לערנען ווי אַזוי אונזער יוניאָן איז אויסגעוואַקסען, זיך אנטוויקעלט און גרויס געווארען, נאָר אויך פון וועלכער מען קען שעפּען מוט און באַגייסטערונג פאַר דעם וויטערדיגען קאמף, וואָס שטעהט אונז פאָר.

מיר זיינען זיכער, אַז ווען די קלאָוק אפּערייטאָרס וועלען לייענען די געשיכטע פון זייער יוניאָן וועלען זיי זיך פילען שטאָלץ, וואָס זיי זיינען אירע מיטגלידער. אונזער באַשטרעבען איז דעריבער געווען, אַז דאָס בוך, וואָס מיר האָבען אונטערנומען ארויסצוגעבען, זאָל זיין די ריכטיגע אָפּשפּיגלונג פון אונזער גרויסער, גלאָררייכער אָרגאַניזאציע.

מיר גלויבען, אַז דאָס בוך וועט זיין אַ וויכטיגער ביטראַג ניט בלויז צו דער געשיכטע פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן און

פון אונזער אינטערנעשאַנעל, נאָר צו דער געשיכטע פון דער ארבייטער באַוועגונג אין אַלגעמיין.

די פּערזאָן, וואָס מיר האָבען אויסגעקליבען צו שרייבען די געשיכטע פון אונזער יוניאָן איז גוט באַקאַנט צו אונזערע מיט־גלידער פון מערערע יאָרען. עס איז ניט נויטיג פאַר אונז פאַר־צושטעלען דר. ב. האָפמאַן (צביון) און דערצעהלען ווער ער איז. מיר ווילען בלויז זאָגען, אז מיר האָבען זיך געפילט העכסט צו־פרידען, וואָס אונז איז געלונגען איבערצוגעבען די ארבייט אין די ריכטיגע הענד.

די פרעס קאָמיטע,

לואיס ליוואַי, טשערמאַן
איזידאָר סטענזאָר, סעקרעטאר
מ. י. אשפיז, וויים טשערמאַן

ראובן צוקערמאַן,
מאָרים פיינבערג
פרענק סאָסנאָ.

# פאָרוואָרט

די געשיכטע פון קלאָוק אפעררייטאָרס לאָקאל 1 איז איי־גענטליך די געשיכטע פון דער קלאָוקמאכער יוניאָן און צום גרויסען טייל די געשיכטע פון דער אינטערנעשאָנאל.

לאָקאל 1 איז אלע מאָל געשטאנען אין צענטער פון דער קלאָוקמאכער יוניאָן פונקט ווי די אפעררייטאָרס זיינען אלע מאָל געשטאנען אין צענטער פון שאפ.

ווען מען וויל וויסען ווי גרויס א קלאָוק־שאפ איז, דארף מען פרעגען וויפיל אפעררייטאָרס עס ארבייטען אין איהם. די אפעררייטאָרס זיינען דער יסוד פון דעם קלאָוק־שאפ און ממילא אויך דער יסוד פון דער קלאָוקמאכער יוניאָן. עס מעג אפשר זיין א צופאל, וואָס די קלאָוק־אפעררייטאָרס יוניאָן האָט גע־קראָגען דעם נומער 1, אָבער דער נומער איז סימבאָליש. ווערט דאָך די ציפער 1 באנוצט ניט בלויז צו באצייכענען דעם אָנפאנג, די ערשטקייט אין צאָל, נאָר אויך די וויכטיגקייט, די קוואליטעט.

און היסטאָריש באלאנגט אויך צו דער אפעררייטאָרס יוניאָן דער נומער 1. זיינען דאָך די אפעררייטאָרס געווען די ערשטע אין דעם קלאָוק־טרייד זיך צו אָרגאניזירען אין א באזונדערע יוניאָן. זיי האָבען די ערשטע פראָבע געמאכט אין יאָהר 1886, פופציג יאָהר צוריק, ווען עס איז אָרגאניזירט געוואָרען די „אינדעפענדענט קלאָוק־אפעררייטאָרס יוניאָן".

עס זיינען ניטאָ קיין רעקאָרדס פון יענער יוניאָן. זי האָט לאנג ניט עקזיסטירט, ווי די פארשידענע אנדערע יוניאָנס אין דעם קלאָוק־טרייד אין יענער צייט. זיי פלעגען אָרגאניזירט ווערען און אין א קורצער צייט ארום פארשווינדען. דאָס איז אין יענער צייט אייגענטליך געווען א גאנץ געוועהנליכע ערשיי־נונג אויך אין אנדערע אינדוסטריעס. און ניט האָבענדיג קיין רעקאָרדס איז עס ניט מעגליך צו זאָגען באשטימט וואָס עס

זיינען געווען די אורזאַכען פאַר וואָס די אפּערייטאָרס האָבען דעמאָלט זיך אָרגאַניזירט אין א באַזונדער יוניאָן, ווען עס איז געווען א דרעס און א קלאָוקמאַכער יוניאָן, וואָס האָט באַלאַנגט צו די „נאַיטס אָוו לייבאָר". פון דעם וואָרט „אינדעפּענדענט" (אונאָפּהענגיג) איז צו זעהן, אַז די אפּערייטאָרס האָבען זיך אָפּגעריסען פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר" און ניט געוואָלט באַלאַנגען צו זיי. וואָס עס זיינען געווען די אורזאַכען קען מען בלויז פּרובירען טרעפען. די „נאַיטס אָוו לייבאָר" מיט זייערע פירונגען, מיט זייערע סודות און זייערע ריטואַלען זיינען מסתמא ניט געווען צום הארצען פון די אפּערייטאָרס און זיי האָבען דעריבער באַשלאָסען זיך צו אָרגאַניזירען אין א יוניאָן נאָך זייער אייגענעם געשמאַק. און עס זעהט אויס, אַז אין יענער צייט האָט מען ניט געקוקט אויף די אוועקגעגאַנגענע ווי אויף שפּאַלטער. עס האָט משמעות געהייסען, אויב מענשען ווילען זיך האָבען אַן אָרגאַניזאַציע פאַר זיך, אַן אונאָפּהענגיגע, זאָלען זיי עס האָבען. און מיר זעהען, אַז ווען אין פרילינג פון 1886 האָט אויסגעבראָכען אין ניו יאָרק א גענעראַל סטרייק פון קלאָוקמאַכער איז ער געפירט געוואָרען בשותפות פון דער דרעס און קלאָוקמאַכער יוניאָן, וואָס האָט באַלאַנגט צו די „נאַיטס אָוו לייבאָר" און פון דער אינדעפּענדענט קלאָוק אפּערייטאָרס יוניאָן.

אַז די אפּערייטאָרס זיינען שטענדיג באַטראַכט געוואָרען פאַר דעם יסוד פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן קען מען זעהן דערפון, אַז ווען אין דעם קלאָוקמאַכער סטרייק, וואָס האָט אויסגעבראָכען אין אָנפאַנג פון 1890, איז פון דאָס ניי געגרינדעטע געוואָרען א קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט מען איהר א נאָמען געגעבען „אפּערייטאָרס ענד קלאָוקמייקערס יוניאָן נאָמבער 1". דאָס וואָרט „אפּערייטאָרס", וואָס איז צוגעלעגט געוואָרען אין אָנפאַנג פון דעם נאָמען פון דער יוניאָן איז ניט געווען אומזיסט. געוויס האָבען עס די אפּערייטאָרס געפאָדערט, אָבער וויכטיג איז, וואָס מען האָט זייער פאָדערונג געפונען בארעכטיגט און מען האָט זיי נאָכגעגעבען, וויל מען האָט זיי באַטראַכט פאַר דעם עיקר פון דער יוניאָן, צוליב דעם וואָס זיי זיינען אַלע מאָל געווען די ערשטע אין קאַמף און די ערשטע צו אָרגאַניזירען און

אויפצוהאַלטען אַ יוניאָן. געווען אַ צייט, וואָס די ענגלישע צייטונגען אין ניו יאָרק פלעגען אַלע קלאָוקמאַכערס רופען מיט דעם נאָמען „אָפּערייטאָרס", ווייל זיי פלעגען שטענדיג דאַרפען דערמאָנען די קאַמפען פון די אָפּערייטאָרס מיט זייערע באַלע־באַטים.

די עלטערע אָפּערייטאָרס, וואָס זיינען געווען מיטגלידער אין די ערשטע יוניאָנס, וואָס די קלאָוקמאַכער האָבען אָרגאַניזירט, צעהלען די יאָהרען פון לאָקאַל 1 פון דער צייט ווען עס איז געגרינדעט געוואָרען די אָפּערייטאָרס און קלאָוקמאַכערס יוניאָן נומער 1, עס הייסט פון יאָהר 1890. די דאָזיגע יוניאָן האָט, אמת, געשפּילט אַ וויכטיגע ראָלע אין דעם קאַמף פון די אָפּערייטאָרס און פון אַלע אַנדערע קלאָוקמאַכער פאַר אַ בע־סערען, לייכטערען און זיכערערען לעבען, און מען וויים דעריבער פון איהר מעהר. זי האָט געהאַט אַ שטורמדיגע עקזיסטענץ און האָט געמאַכט אַרבייטער־געשיכטע אין אַמעריקא, אָבער דאָס באַרעכטיגט דאָך ניט, אַז די יאָהרען פון לאָקאַל 1 זאָלען געצעהלט ווערען פון יאָהר 1890, ווייל די אָפּערייטאָרס האָבען שוין זיך אָרגאַניזירט אין אַ יוניאָן אין 1886, ווי עס איז פריהער אָנגעגעבען געוואָרען.

נאָר אָט דער פאַקט, וואָס די אָפּערייטאָרס האָבען שטענדיג פאַרנומען דעם אויבען אָן אין קלאָוק־טרייד און אין דער קלאָוק־מאַכער יוניאָן, האָט געשאַפען אַ געוויסע שוועריגקייט אין שריי־בען די געשיכטע פון לאָקאַל 1. עס איז געווען שווער אָפּצוזאָ־נדערן און אָפּצומעסטען, וואָס עס באַלאַנגט יאָ און וואָס עס באַלאַנגט ניט צו דער געשיכטע פון לאָקאַל 1, ווייל פאַקטיש איז די געשיכטע פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן די געשיכטע פון לאָקאַל 1, און די געשיכטע פון לאָקאַל 1 איז די געשיכטע פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן. די פראַגע איז געווען, וואָס לאָזט מען אויס, אַז דאָס בוך זאָל דאָך טראָגען דעם כאַראַקטער פון אַ געשיכטע פון לאָקאַל 1 און ניט פון דער גאַנצער קלאָוקמאַכער יוניאָן. אויב די פראַגע איז ריכטיג געלעזט געוואָרען וועלען מוזען אורטיילען די מיטגלידער פון לאָקאַל 1, וואָס וועלען דאָס בוך לייענען.

שרייבענדיג די געשיכטע פון לאָקאַל 1 איז עס געווען אונ־

פארמיידליך ניט צו בארירען די סביבה אין וועלכער לאָקאל 1 ווי די גאנצע קלאָוקמאכער יוניאָן איז אויסגעוואקסען און האָט זיך אנטוויקעלט. עס האָבען געמוזט דערמאָנט ווערען די פאר־שידענע פּאָליטישע ריכטונגען, שטרעמונגען און קאמפען אין דער סביבה, וואו די קלאָוקמאכער האָבען געלעבט און געווירקט און וואָס פאר אַן איינפלוס דאָס האָט געהאט אויף זייער יוניאָן. פאקטיש זיינען זיי דאָך, און באזונדערס די אָפּערייטאָרס, געווען א טייל, א וויכטיגער און אקטיווער טייל פון די אַלע פּארטיי־קאמפען, וואָס האָבען זיך אָפּגעשפּילט אין דער ארבייטער־באוועגונג. אָבער ווען דאָס איז געווען ניט מעגליך אויסצו־לאָזען, איז עס אָבער נויטיג געווען אָפּצוהיטען די מאָס און איבערגעבען די פאקטען און זייער באלייכטונג אזוי וויט אונ־פּארטייאיש ווי עס איז מעגליך.

דער שרייבער פון בוך האָט זיך באנוצט מיט פארשידענע קוואַלען פון וואנען ער האָט געשעפּט פאקטען. זיי זיינען אָבער אין דעם טעקסט ניט שטענדיג אָנגעגעבען, כדי ניט שווערער צו מאכען דאָס לייענען דורך באמערקונגען. פאר די קוואַלען פון אינפאָרמאציע זיינען הויפּטזעכליך באנוצט געוואָרען דר. ל. לעווינ׳ס „געשיכטע פון דער אינטערנעשאָנאל״, אב. ראָזענ־בערג׳ס „ערינערונגען פון א קלאוקמאכער״, לייזערסאָנ׳ס „די אידישע ארבייטער באוועגונג אין דער שטאָדט ניו יאָרק״, מאָריס הילקוויט׳ס „געשיכטע פון סאָציאליזם אין די פאראייניגטע שטאַטען פון אמעריקא״, פארשידענע צייטונגען, פּראָטאָקאָלען, קאָנווענשאָן באריכטען, טרייד־יוניאָן צייטשריפטען, זשורנאלען א. אז. וו. דערצו איז דער שרייבער פון בוך פאר מערערע יאָהרען געשטאנען נאָהנט צו דער קלאָוקמאכער יוניאָן און צו דער אינטערנעשאָנאל און האָט אַליין איבערגעלעבט א גרויסען טייל פון איהר געשיכטע. א טייל פון דעם מאַטעריאל פאר דעם קאפּיטעל „די גרופּען און ליגס אין לאָקאל 1״ האָט גע־האָלפען זאמלען ס. פּארבער.

א דאנק קומט לואיס ליוואי, מענעדזשער פון לאָקאל 1; ר. צוקערמאַן, פּאָרזיצער פון לאָקאל 1; נ. דייווידאָף, הויפּט בוכ־האַלטער פון לאָקאל 1, און מ. י. אשפּיז און י. סטענזאָר, מיט־גלידער פון דער יובילייא קאָמיטע פון לאָקאל 1, וואָס האָט געהאט

צו טאָן מיט ארויסגעבען דעם בוך, פאר דער הילף און קאָאָפּע־ראציע וואָס זיי האָבען געגעבען צום שרייבער.

א באזונדער דאנק קומט דער פרעס קאָמיטע, וואָס זי האָט דעם שרייבער געגעבען די פולע מעגליכקייט און פרייהייט אין זיין ארבייט. אויב פעלערען זיינען געמאכט געוואָרען איז פאר זיי אין גאנצען פאראנטוואָרטליך דער שרייבער.

אן אנטשולדיגונג דארף געמאכט ווערען פאר דער אידישער שפּראך, וואָס איהר ריינקייט איז ניט אין גאנצען אָפּגעהיט גע־וואָרען אין דעם בוך. עס זיינען געברויכט געוואָרען מערערע ענג־לישע ווערטער. אין די מייסטע פאלען זיינען זיי געווען אונ־פארמיידליך, ווי נעמען פון זאכען אָדער טערמינען, פאר וועלכע עס זיינען ניטאָ קיין באשטימטע אָנגענומענע אידישע ווערטער און ווען מען זאָל זיי געברויכען, וועט דער לעזער ניט וויסען וואָס זיי מיינען; אין אייניגע פאלען ווידער זיינען די ענגלישע ווערטער געברויכט געוואָרען, ווייל זיי האָבען זיך דאָ אזוי שטארק אנגעקלעפּט אָן אונזער אידישער שפּראך, אז עס איז זיי שווער אָפּצורייסען. און עס זיינען פאראן ענגלישע ווערטער, וואָס זיי־נען אריינגעדרונגען אין דער אידישער שפּראך פון יעדען טרעיד, און דער קלאָוקמאכער טרעיד האָט זיך זיין חלק. עס זיינען אָבער דאָך געמאכט געוואָרען אלע אָנשטרענגונגען אויסצומיידען ענגלי־שע ווערטער, וואו עס איז נאָר געווען מעגליך.

ד ר. ב. ה אָ פּ מ א ן (צביון).

ניו יאָרק, מערץ 1936.

## ערשטער קאַפּיטעל

# דער ערשטער קלאָוקס אָפּערייטאָר

ווען האָט זיך באַוויזען אין אַמעריקא דער ערשטער קלאָוקס אָפּערייטאָר, עס הייסט אַ דאַמסקער מאַנטעל־שניידער, וואָס נעהט בלויז מיט דער מאַשין?

עס פאַרשטעהט זיך, אַז ער האָט ניט געקענט קומען פריהער ווי די נעה־מאַשין, וועלכע האָט זיך באַוויזען אין אַמעריקא אין יאָהר 1846. אָבער דער קלאָוקס־אָפּערייטאָר איז דאָך ניט גע־קומען צוגלייך מיט דער נעה־מאַשין. ער איז געקומען אַ רעכט ביסעל שפּעטער ווי די נעה־מאַשין.

אויב עלטער איז אַ יחוס, מוז מען צוגעבען, אַז די האַנט־שניידער, די פינישער, זיינען די גרעסטע מיוחסים. האַנט־שניידעריי איז לויט'ן חומש געווען די ערשטע מלאָכה אויף דער וועלט. דאָס וואָרט „נעהען" געפינט זיך שוין אין דעם דריטען קאַפּיטעל פון חומש. עס הייסט, אַז ווי אָדם און חוה זיינען געקומען צום שכל און האָבען אָנגעפאַנגען צו פאַר־שטעהן דעם אונטערשיד צווישען גוט און שלעכט, האָבען זיי זיך גענומען צו שניידעריי... נאָר עס האַנדעלט זיך ניט וועגען יחוס, נאָר וועגען דעם ווי אַזוי עס איז אויפגעקומען די מלאָכה פון דעם קלאָוק־אָפּערייטאָר אין אַמעריקא און ווי אַזוי זי האָט זיך אַנטוויקעלט.

די נעה־מאַשין איז פון אָנפאַנג אייגענטליך געווען ניט מער ווי אַ הילף פאַר דעם האַנט־שניידער. די ערשטע נעה־מאַשינען זיינען געווען וויט ניט דאָס, וואָס די היינטיגע. אַ חוץ דעם וואָס זיי האָבען ניט אַזוי גלאַט געאַרבייט, פלעגען היפּען שטעך, רייסען פאָדים און ברעכען נאָדלען, פלעגען זיי אָפט אין גאַנצען זיך אָפּשטעלען און ניט וועלען שטעפּען. נאָר מיר געפינען דאָך אין דער געשיכטע פון דער אַנטוויקלונג פון דער אַמערי־

קאָנער אינדוסטריע, אַז אין יאָהר 1849 האָט אַ גרויסער מאַ־נופעקטשורער אין ניו יאָרק איינגעפירט נעה־מאַשינען צו פאַבריצירען פרויען־קליידער און פרויען־מאַנטלען און ער איז געווען גאַנץ ערפאָלגרייך. איהם האָט דערביי אויך אָפּגעגאָלטען, וואָס אין דער צייט האָבען אָנגעפאַנגען אַרויסגעהן פון דער מאָדע די שאַלען און טיכער וואָס פרויען פלעגען טראָגען, און עס זיינען אַריין אין דער מאָדע פעלערינעס, זשאַקעטען און מאַנטלען.

אָבער קיין קלאָוק־אָפּערייטאָרס זיינען דאָך נאָך אַלץ ניט געווען. די אַרבייט איז, אמת, געווען אַ געטיילטע, מען האָט איהר איינגעטיילט אין פיר טיילען: שניידען, שטעפּען, נעהען און פּרעסען; אָבער די שניידעריי פון פרויען־קליידער איז נאָך אַלץ געלעגען הויפּטזעכליך אין די הענט פון פרויען.

די פרויען־קליידער אינדוסטריע אין אמעריקא איז אין אַל־געמיין נאָך ניט קיין איבעריגנס אַלטע. זי האָט זיך ברייט אַנט־וויקעלט ערשט אין דעם לעצטען האַלבען יאָהרהונדערט. געווען אַ צייט אין אמעריקא, ווען גוטע דריי־פערטעל פון די פרויען־קליידער פלעגען געמאַכט ווערען פון די, וואָס פלעגען זיי טראָגען. דאָס איז געווען אין דער צייט פון פּרעזידענט דזשאָרזש וואַ־שינגטאָן, ווען ניין־צענטעל פון דער אמעריקאַנער באַפעלקערונג האָבען געלעבט אויף פאַרמס און אין דערפער. די מייסטע פרויען פון די פאַרמער זיינען געווען גוטע באַלעבאָסטעס און פלעגען ניט נאָר נעהען זייערע אייגענע קליידער נאָר זיי פלעגען אויך נעהען די קליידער פון זייערע מענער און קינדער. די רייכערע פרויען פלעגען לאָזען מאַכען זייערע קליידער ביי שניי־דער, וואָס פלעגען קומען אַרבייטען ביי זיי אין הויז, און די גאַנץ רייכע פלעגען קויפען קליידער, וואָס פלעגען אימפּאָרטירט ווערען פון לאָנדאָן און פּאַריז.

די פאַבריקאַציע פון פרויען־קליידער, עס הייסט פאַרטיגע קליידער צום פאַרקויף, האָט זיך אָנגעפאַנגען אין אמעריקא שפּעטער ווי די פאַבריקאַציע פון מענער־קליידער. ווערקשטאַ־טען, וואו מען האָט געמאַכט פאַרטיגע מענער־קליידער, זיינען שוין אין אמעריקא געווען אין אָנפאַנג פון די דרייסיגער יאָהרען פון ניינצענטען יאָהרהונדערט. עס זיינען שוין דאָ באַריכטען

וועגען זיי פון יאָהר 1831. וועגען דער פאַבריקאַציע פון פאַר־טיגע פרויען־קליידער אָבער האָבען מיר ערשט באַריכטען פון יאָהר 1840. עס זיינען דעמאָלט געמאַכט געוואָרען די ערשטע פראָבעס צו פאַבריצירען קלאָוקס. און אויב עס איז נויטיג אַ דאַטום פאַר אַ הונדערט יעריגען יובילעאום פון דער קלאָוק־אינדוסטריע אין אַמעריקא קען מען מיט רעכט באַשטימען דאָס יאָהר 1940 פאַר דעם צוועק. נאָר עס וועט דאָך זיין מעהר אַ טעאָרעטישער דאַטום ווי אַ פּאַקטישער, ווייל דאָס פאַקטישע פאַבריצירען פון קלאָוקס האָט זיך ערשט געקענט אָנפאַנגען, ווען די נעה־מאַשין איז געקומען אויף דער וועלט און מען וועט דעריבער דעם דערמאָנטען הונדערט יעריגען יובילעאום דאַרפען אָפּלעגען ביז צום יאָהר 1946 אָדער אפשר 1957. דער „אפשר" נעמט זיך דערפון, וואָס אין אַ באַריכט וועגען דער אינדוסטריע פון דער שטאָדט פילאַדעלפיע, וואָס איז געשריבען געוואָרען אין יאָהר 1857, ווערט אויך דערמאָנט דאָס פאַבריצירען פון קלאָוקס און עס ווערט דאָרטען דערביי באַמערקט, אַז דאָס פאַבריצירען פון קלאָוקס אין אַמעריקא האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט אַ יאָהר צעהן צוריק.

נאָר פון די אַלע באַריכטען ווייסען מיר נאָך אַלץ ניט גענוי ווען עס האָט זיך באַוויזען דער ערשטער קלאָוק־אַפּערייטאָר אין אַמעריקא, עס הייסט ווען עס איז באַשאַפען געוואָרען אָט דער מין שניידער, וואָס שטעפּט בלויז מיט דער מאַשין.

עס איז שוין פריהער באַמערקט געוואָרען, אַז אין די ערשטע יאָהרען פון דער פרויען־קליידער אינדוסטריע אין אַמע־ריקא זיינען גאַנץ ווייניג מענער אין איהר געווען באַשעפטיגט. אפילו נאָך אין 1860, ווען די פאַבריקאַציע פון קלאָוקס האָט שוין אָנגעפאַנגען ווייזען די ערשטע צייכענס פון אַ שנעל וואַק־סענדער אינדוסטריע; ווען עס זיינען, לויט דער דעמאָלדיגער פאָלקסצעהלונג, געווען איבער'ן לאַנד 96 קלאָוק־שעפּער, וועלכע האָבען פּראָדוצירט פאַר דער סומע פון 2 מיליאָן 261 טויזענד און 546 דאָלאַר, זיינען נאָך אויך געווען גאַנץ ווייניג מענער באַשעפטיגט ביי קלאָוקס. אין די 13 קלאָוק־שעפּער פון ניו יאָרק האָבען געאַרבייט 379 פרויען און בלויז 18 מענער. אין די 10 קלאָוק־שעפּער פון באָסטאָן האָבען געאַרבייט 273 פרויען

און 12 מענער. אין גאנצען זיינען אין 1860 אין די קלאָוק־שעפּער פון אמעריקא געווען באשעפטיגט 5379 ארבייטס־הענט און פון זיי זיינען געווען 4850 פרויען און בלויז 529 מענער.

און אפילו אין צוואנציג יאָהר ארום, אין 1880, ווען די קלאָוק־אינדוסטריע איז שוין געווען באדייטענד אויסגעוואקסען און האָט באשעפטיגט 25 טויזענד און 192 ארבייטס־הענט, האָבען נאָך אלץ ווייניג מענער געארבייט ביי קלאָוקס. אין גאנצען ניט מער, ווי 2 טויזענד און 839.

פון פארשידענע באריכטען וועגען דער קלאָוק־אינדוסטריע קען מען זעהן, אז מען האָט שוין גאנץ פריה, כמעט באלד אין אָנפאנג פון איהר אנטשטעהן, אָנגעפאנגען שפּאלטען די ארבייט אין באזונדערע טיילען, אָבער די טיילונג איז אין אלגעמיין גע־ווען ניט קיין שטרענגע אפילו אין די גרעסטע שעפּער. ניט בלויז די, וואָס האָבען געארבייט ביי דער מאשין, האָבען גע־קענט די גאנצע מלאָכה פון שניידעריי, נאָר אפילו אויך די, וואָס האָבען געארבייט ביים צושניידען. מייסטענס זיינען עס געווען פראנצויזישע שניידערינס, וואָס פלעגען צייכנען און צושניידען, אָבער זיי פלעגען אויך נעהען, ווען זיי האָבען גע־האַט צייט און עס איז געווען נויטיג. אזוי איז עס אויך געווען מיט די שניידערינס, וואָס האָבען געארבייט אויף דער נעה־מאשין.

אין דער געשיכטע פון דער קלאָוק־אינדוסטריע אין אמע־ריקא פארנעמט דער נאָמען מאיער דזשאָנאסאָן א פּלאץ אויבען אָן. ער האָט אין יאָהר 1874 אָנגעפאנגען אין ניו יאָרק פאב־ריצירען קלאָוקס אויף א גרויסען מאסשטאב. און עס דארף דערביי באמערקט ווערען, אז שוין אין יאָהר 1860 זיינען גע־ווען גאנץ גרויסע קלאָוק־שעפּער. אין ניו יאָרק איז שוין דע־מאָלט געווען א קלאָוק־שאפּ, וואָס האָט באשעפטיגט הונדערט מיידלאך. אין באָסטאָן איז געווען איין שאפּ וואָס האָט בא־שעפטיגט הונדערט מיידלאך און צוויי שעפּער וואָס האָבען בא־שעפטיגט צו 75 מיידלאך. שפּעטער, צווישען די יאָהרען פון 1870 און 1880, זיינען די קלאָוק־שעפּער געוואָרען באדייטענד גרעסער. און איינער פון די גאנץ גרויסע שעפּער איז געווען דזשאָנאסאָנ׳ס, אָבער אויך ביי איהם זיינען געווען באשעפטיגט,

מיט ווייניג אויסנאַמען, פּרויען־הענט. דאָך אויב מען קען ניט געפינען קיין גענויעם דאַטום, ווען עס האָט זיך באַוויזען דער ערשטער קלאָוקס־אָפּערייטאָר אין אַמעריקע, קען מען אָבער דאָך זאָגען, אַז די צייט איז געווען אומגעפער אין דעם אָנפאַנג פון דער מאַיער דזשאָנאַסאָן פּעריאָדע, ווען עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ פאַרגרעסערטע אידישע אימיגראַציע אין אַמעריקא און עס זיינען געקומען אידישע שניידער פון אונגאַרן, גאַליציע און טייל־ווייז אויך פון רוסלאַנד. און אפשר קען מען עס פאַרבינדען דערמיט, וואָס אין יענער צייט האָבען זיך אָנגעפאַנגען באַווייזען מענער צושניידער אין די קלאָוק־שעפּער. דאָס איז געווען אין יאָהר 1876, ווען דער שנייד־מעסער איז ערפונדען געוואָרען און די אַרבייט פון צושניידען איז געוואָרען שווער פאַר פרויען. עס האָט זיך שוין בעסער געלוינט פאַר די באַלעבאַטים צו באַשעפטיגען מענער ביי דער אַרבייט, ווען זיי האָבען זיי אפילו געדאַרפט צאָלען אַ ביסעל מער.

די פאַרגרעסערטע אימיגראַציע, וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבען און וועלכע האָט געבראַכט מיט זיך אַ גאַנץ באַ־דייטענדע צאָל אידישע שניידער, האָט געשאַפען אַ צושטאַנד, אַז עס האָט זיך פאַר די קלאָוק־מאַנופעקטשורערס בעסער גע־לוינט צו עקספּלואַטירען מענער־אַרבייט איידער פרויען־אַרבייט. מען האָט דעם אימיגראַנט אי ווייניג געצאָלט אי מען האָט פון איהם אַרויסגעקראָגען מעהר אַרבייט. דערצו האָבען די מענער־אַרבייטער געהאַט פאַר די באַלעבאַטים די גרויסע מעלה, וואָס זיי זיינען געווען צו זיי מער געבונדען און שטענדיג אָנגעוויזען אויף די אַרבייט, וואָס זיי האָבען זיי געגעבען. די באַלעבאַטים האָבען אויף אַזאַ אופן געהאַט אין די מענער־אַרבייטער שטענ־דיגע אַרבייטס־הענט, דאָס, וואָס זיי האָבען ניט געהאַט אין די מיידלאַך, וועלכע האָבען ביי זיי געאַרבייט. די מיידלאַך זיינען ניט געווען קיין שטענדיגע אַרבייטס־הענט אין שאַפּ. זיי זיינען געווען בלויז צייטוויילינ. ווי אַ מיידעל האָט נאָר געקראָגען אַ גוטען אויסזיכט חתונה צו האָבען איז זי גלייך אַוועק פון שאַפּ. נאָך דער חתונה איז כמעט קיינע פון זיי ניט געבליבען אַרביי־טען אין שאַפּ. היינט איז עס אַנדערש, אָבער דעמאָלט האָט פאַר אַ מיידעל חתונה האָבען געמיינט פריי ווערען פון שאַפּ.

פאר די באלעבאטים איז דאס אבער געווען א גרויסע אונבא־קוועמליכקייט. די ארבייטס־הענט אין זייערע שעפער פלעגען זיך כסדר האלטען אין בייטען און מען פלעגט שטענדיג דארפען האבען צו טאן מיט „איינברעכען" נייע הענט. עס האט זיך דעריבער פאר זיי א סך בעסער געלוינט אנצושטעלען מענער־ארבייטער, ווען זיי האבען נאר זיי געקענט קריגען פאר א ביליגען פרייז, און אט די מעגליכקייט האט זיי די פארגרעסערטע אימיגראציע געגעבען.

נאר מיר האבען נאך אלץ ניט דעם קלאוקס־אפערייטאר, וואס קען בלויז שטעפען מיט דער מאשין אבער קען א נאדעל אין האנט ניט האלטען. די מענער־ארבייטער, וואס האבען פארנומען אין די קלאוק־שעפער דעם פלאץ פון די מיידלאך, זיינען געווען שניידער פון דער היים, ווי מען זאגט עס, זיי האבען געקענט די גאנצע מלאכה פון א' ביז ת'. ערשט שפע־טער איז געקומען דער קלאוקס־אפערייטאר, וואס קען ניט נעהען מיט דער האנט. דאס זיינען די, וואס מען האט א נאמען גע־געבען „קאלומבוסעס שניידער". זיי האבען זיך עס געלערענט די מלאכה אין אמעריקא. אין דער אלטער היים האבען זיי א נאדעל קיינמאל אין האנט ניט געהאלטען. און דאס האט גע־שפילט א וויכטיגע ראלע. עס איז אריינגעקומען א נייער טיפ ארבייטער אין דער קלאוקס־אינדוסטריע און ער האט ביז א גע־וויסען גראד ארויפגעלעגט זיין שטעמפעל ניט בלויז אויף לאקאל 1, די יוניאן פון די קלאוקס־אפערייטארס, נאר אויף דער גע־שיכטע פון דער גאנצער קלאוקמאכער יוניאן.

אט דער נייער מין קלאוקס־אפערייטאר, דער „קאלומבוסעס שניידער", איז געשאפען געווארען, ווען עס האט זיך אנגע־פאנגען אנטוויקלען דער קאנטראקטאר־סיסטעם און דער „אויס־ווענינגסטער שאפ" (אוטסאיד שאפ) אין דער קלאוק־אינדוסטריע.

צווייטער קאַפּיטעל

# די באשאפונג פון „קאָלומבוסעס שניידער"

די סיסטעם פון קאָנטראַקטאָרס איז אין דער קלאָוק־אינ־דוסטריע איינגעפירט געוואָרען גלייך אין אָנפאַנג פון איהר אנטוויקלונג. עס זיינען שוין געווען „אויסוועניגסטע שעפּער", עס הייסט שעפּער פון קאָנטראַקטאָרס, נאָך פאַר'ן יאָהר 1880, ווען די קלאָוק־אינדוסטריע איז געווען אין די ערשטע יאָהרען פון איהר אנטוויקלונג. דער „אינוועניגסטער שאַפּ" (אינסאיד שאָפּ), וועלכער איז געווען פארבונדען מיט דער ווערהויז, אָדער דעפּאַרטמענט סטאָר, וואו פאַרטיגע קלאָוקס זיינען פאַרקויפט געוואָרען, פלעגט ארויסגעבען א טייל פון זיין ארבייט צו א קאָנטראַקטאָר. מען פלעגט אויך ארויסשיקען „געשניטענע אַר־בייט" אין די קליינע שטעדטלאך און דערפאַר לויט דער באַ־קאַנטער סיסטעם פון היים־ארבייט. אָבער דאָס איז געווען אין א באשרענקטער מאָס. און אין די ערשטע „אויסוועניגסטע שעפּער" האָבען אויך געארבייט מייסטענס מיידלאך, ווי אין די „אינוועניגסטע שעפּער". די סיסטעם פון קאָנטראַקטאָרס און פון די אויסוועניגסטע שעפּער האָט זיך ערשט אָנגעפאַנגען אנט־וויקלען אין א גרויסער מאָס נאָכ'ן יאָהר 1882, ווען עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דער גרויסער אידישער אימיגראַציאָנס־שטראָם אין אמעריקא.

ביז 1882 איז די אידישע אימיגראַציע געווען א קליינע. אפילו אין יאָהר 1881 זיינען אריינגעקומען אין אמעריקא בלויז פינף טויזענד מיט 692 אידען. זי האָט אָבער אָנגע־פאַנגען שטאַרק וואַקסען פון יאָהר 1882, ווען עס זיינען שוין אריינגעקומען איבער 13 טויזענד אידען און איז כסדר אזוי געוואַקסען פון יאָהר צו יאָהר. אין די זעקס יאָהר פון 1881—1886 זיינען אריינגעקומען 77 טויזענד און 105 אידען און אין

די נעקסטע זעקס יאָהר פון 1887—1892 זיינען אריינגעקומען 243 טויזענד און 687.

און צוזאַמען מיט׳ן וואוקס פון דער אידישער אימיגראַציע זעהט מען טאַקע אויך דעם וואוקס פון דער פרויען־קליידער אינדוסטריע, פון וועלכער קלאָוקס פאַרנעמט דעם וויכטיגסטען פּלאַץ. אין די צעהן יאָהר פון 1880 ביז 1890 איז דער ווערט פון פרויען־קליידער, וואָס איז פּראָדוצירט געוואָרען אין לאַנד, געשטיגען פון 32 מיליאָן דאָלאַר ביז 68 מיליאָן. די צאָל פון ארבייטס־הענט איז פאַר דערזעלביגער צייט געשטיגען פון 25 טויזענד און 192 ביז 39 טויזענד און 149. און דאָס וויכטיג־סטע אין אונזער פאַל איז, וואָס די צאָל פון מענער־ארבייטער אין דער אינדוסטריע איז געשטיגען פון צוויי טויזענד 594 ביז צו 12 טויזענד 963. און די גרעסטע צאָל פון זיי — 9858 אין ניו יאָרק. און עס איז לייכט צו פאַרשטעהן, אַז דער הויפּט צואוואוקס איז געווען אין די קלאָוק־שעפּער. דאָס באווייזט ווי דער וואוקס פון מענער־ארבייט אין דער קלאָוק־אינדוסטריע איז געווען ענג פאַרבונדען מיט דעם וואוקס פון דער אידישער אימיגראַציע.

די מענער־ארבייט איז הויפּטזעכליך געוואקסען אין די קאָנטראַקטאָר שעפּער אָדער אויסווענינגסטע שעפּער, ווי מען רופט זיי. באזונדערס איז דאָס געווען דער פאַל אין ניו יאָרק. די קאָנטראַקטאָרס זיינען געוועהנליך געווען רוסישע, פּוילישע, גאַליצישע און רומענישע אידען, וועלכע פלעגען מייסטענס אויסזוכען די ארבייטער פאַר זייערע שעפּער צווישען זייערע גרינע לאַנדסלייט.

קיין גרויסע קאַפּיטאַלען צו ווערען אַ קלאָוקס־קאָנטראַק־טאָר האָט מען דעמאָלט ניט געדאַרפט. דער קאָנטראַקטאָר האָט בלויז געדאַרפט דינגען וואו עס איז אַ קעלער, אוועק־שטעלען אַן אויוועז פאַר די פּרעס־אייזענס און קריגען ערגעץ פון אַ קלאָוק־מאַנופעקטשורער צוגעשניטענע „באָנדלאַך״ ארבייט. אנדערע האָבען אפילו קיין קעלער ניט געדאַרפט דינגען. מען האָט דעם שאָפּ געמאַכט אין די פּאָר צימערלאַך אין וועלכע מען האָט געוואוינט.

די נאָכפראַגע אויף פאַרטיגע קלאָוקס האָט אָנגעפאַנגען

שנעל צו וואַקסען סאַי צוליב דעם שנעלען וואוקס פון דער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג און סאַי צוליב דעם, וואָס די פּראָדוקציע איז געוואָרען פיל ביליגער. ערשטענס די ביליגע אימיגראַנטישע מענער־אַרבייט און, צווייטענס, די אויסבעסערונגען אין דער נעה־מאַשין, ווען די פוס־טרעט־מאַשין, אָדער „האוז־האָלד" מאַשין, ווי מען האָט איהר גערופען, איז פאַרביטען געוואָרען אויף דער פוס־שוואונג־מאַשין, די „שאַרער"־מאַשין, וועלכע איז געווען פיל פּראָדוקטיווער אין דער אַרבייט. די דאָזיגע אויסבעסערונג אין דער נעה־מאַשין האָט אויך טאַקע געפירט דערצו, אַז די מיידלאַך זאָלען כמעט אין גאַנצען אַרויסגעשטויסען ווערען פון דער אַרבייט ביי דער מאַשין. אויף דער „שאַראַר"־מאַשין איז געווען פאַר זיי שווערער און אונבאַקוועמער צו אַרבייטען.

די נאָכפראַגע אויף פאַרטיגע קלאָוקס איז אַזוי שנעל געוואַקסען, אַז די אימיגראַציע האָט ניט געקענט צושטעלען גענוג שניידערס. מען האָט דעריבער געמוזט נעמען אַזעלכע „גרינע" וואָס זיינען ניט געווען קיין שניידערס אין דער היים און זיי מאַכען פאַר קלאָוקמאַכער. מען האָט אָבער ניט געקענט נעמען לערנען נעהען מיט'ן נאָדעל, עס הייסט אמת'ע שניידעריי. דאָס איז אַ מלאָכה וואָס מען דאַרף זיך לערנען אַ לענגערע צייט. עס איז אָבער געווען לייכטער איינעם אויסצולערנען שטעפען מיט דער מאַשין. און אָט אַזוי איז באַשאַפען געוואָרען דער „קאָלומבוסעס שניידער".

דער „קאָלומבוסעס שניידער" איז געווען אַ גאַנץ אַנדער טיפּ ווי דער היימישער שניידער. ער איז צום גרעסטען טייל געקומען פון אַן אַנדער קלאַס, ווי דער היימישער שניידער.

מלאָכה איז ביי אידען אַמאָל אין דער אַלטער היים געווען גאָר ניט קיין יחוס. אין די באַלעבאַטישע קרייזען האָט מען זיך מיט מלאָכה איינפאַך געשעמט. באַלעבאַטישע אידען פלעגען זיך באַרימען, אַז אין זייער משפּחה, אפילו צווישען ווייטערע קרובים, זיינען ניטאָ קיין באַלמעלאָכעס. און באַזונדערס איז ניט געווען קיין כבוד שוסטעריי און שניידעריי. עס איז געווען בלויז אַ פראַגע וואָס עס איז ערגער — אַ שוסטער אָדער אַ שניידער.

פריהער פאַר אַלץ האָט אַ היימישער איד פון אַלטען שניט געוואָלט מאַכען פון זיין זוהן אַ לַמדן און אויב עס האָט זיך געלאָזען מאַכען פון איהם אַ רב איז געווים געווען גוט, אָז ניט איז כאָטש וועלכע עס איז באַשעפטיגונג פון ווינט און רויך אָדער איהם גאָר לאָזען זיין אַ באַלעבאַטישער לעדיג־געהער, אַבי נאָר ניט קיין באַלמעלאָכע. און ווען איינער האָט זיך שוין געמאַכט הארץ און באַשלאָסען צו לאָזען לערנען זיין זוהן אַ מלאָכה האָט ער געזוכט אויסצוקלייבען וואָס מען רופט אַן „איידעלע מלאָכה", ווי זייגער־מאַכעריי, גאָלד־שמידעריי און דאָס גלייכען. שוסטעריי און שניידעריי האָבען זיך געוועהנליך געלערענט קינדער פון באַלמעלאָכעס אָדער פון סתם אידען קבצנים, וואָס האָבען פון זייערע קינדער ניט געקענט מאַכען עפּעס בעסערס.

די אימיגראַציע אין אַמעריקא האָט געבראַכט אַ גרויסען איבערבּרוך אין דעם אידישען לעבען. אַ פאַלק פון ווינט־מענשען האָט זיך געמוזט נעמען צו פּראָדוקטיווער אַרבייט. די מיוחסים פון דער היים, די באַלעבאַטישע לעדיג־געהער, די סוחרים, די לופט־כאַפּער האָבען דאָ אין נייעם לאַנד זייער גאַנצען יחוס פאַרלאָרען. דאָ האָט זיך געפּאָדערט, אַז אַ מענש זאָל קענען עפּעס אַן אַרבייט כדי זיך צו פילען אַ יחסן. די מיוחסים זיינען דאָ געוואָרען די שניידער, זיי האָבען גלייך גע־קראָגען אַ געלעגענהייט צו פאַרדינען. אַ גרויסער טייל פון די היימישע מיוחסים, באַזונדערס די אינגערע, האָבען זיך דאָ גענומען לערנען אַן אַרבייט און אַ גאַנץ באַדייטענדער טייל פון זיי זיינען געוואָרען קלאָוק־אָפּערייטאָרס.

עס זיינען געוואָרען קלאָוקס־אָפּערייטאָרס געוועזענע ישיבה־בחורים, פּריקאַזטשיקעס, פאַרזיכערונגס־אַגענטען, האַלבע אינ־טעליגענטען, אידישע לערער, בוכהאַלטערס, באַלעבאַטישע איידעמס, קרעמער, הענדלער א. אַז. וו. אַן עלעמענט אין אַלגעמיין אַן אינדיווידואַליסטישער, ניט קיין דיסציפּלינירטער אָבער אַ מער פעהיגער, רירעוודיגער, אונרוהיגער און אונגע־דולדיגער.

און די מאַשין האָט אויך עטוואָס געטאָן אַרויפצולעגען איהר שטעמפּעל אויף די נייע באַלמעלאָכעס. אָט די אַלע מענ־

שען, וואָס האָבען אין דער אַלטער היים ניט געוואוסט פון שווערער פיזישער ארבייט, האָבען זיך דאָ מיט איין מאָל איינ־געשפּאַנט אין אַ מאַשין, וואָס האָט געיאָגט פון זיי די נשמה. עס איז אמת, אַז דער האַנט־שניידער האָט דאָ אויך געמוזט אָנפּאַנגען ארבייטען אַ סך שנעלער ווי אין דער אַלטער היים. אַמעריקאַ איז אַ לאַנד פון יאָגעניש. נאָר עס איז דאָך ניט גלייך. דער שניידער יאָגט זיין נאָדעל, אָבער די נאָדעל קען איהם ניט יאָגען, בעת דער אָפּערייטאָר יאָגט די מאַשין און די מאַשין יאָגט איהם. אַ מאַשין איז שוין אַזאַ באַשעפעניש, אַז ווען דער מענש פאַנגט אָן איהר צו יאָגען, יאָגט זי נאָכדעם דעם מענשען. דער יסוד פון קלאָוק־שאָפּ איז די מאַשין. די גרוים פון קלאָוק־שאָפּ און זיין ארבייט ווערט אויסגערעכענט אויף דעם גרונד וויפיל אָפּערייטאָרס ער האָט. לויט דער צאָל אָפּערייטאָרס באַשטימט מען וויפיל פינישערס, וויפיל פּרעסערס און וויפיל קאַטערס דער שאָפּ דאַרף. די אָפּערייטאָריי איז אין אַלגעמיין אַן אָנגעשטרענגטע און במילא אַ נערוועזע ארבייט און זי האָט ארויפגעלעגט איהר שטעמפּעל אויפ'ן אָפּע־רייטאָר און דורך איהם אויף דער אָפּערייטאָרס יוניאָן. און אַזוי ווי די אָפּערייטאָרס זיינען געוואָרען דער יסוד פון קלאָוק־שאָפּ האָבען זיי אויך אַוועקגעלעגט זייער שטעמפּעל אויף דער גאַנצער קלאָוקמאַכער יוניאָן. אין די ערשטע צייטען זיינען טאַקע די אָפּערייטאָרס אויך געווען דער עיקר פון דער קלאָוק־מאַכער יוניאָן. און אין 1890 האָבען די אָפּערייטאָרס אויס־געפירט, אַז די נייע קלאָוקמאַכער יוניאָן, וואָס איז דעמאָלט אָרגאַניזירט געוואָרען, זאָל זיך רופען „אָפּערייטאָרס ענד קלאָוק־מייקערס יוניאָן".

## דריטער קאַפּיטעל

# דער אַמאָליגער קלאָוקס סוועט־שאַפּ

דאָס לערנען זיך פאַר אַ קלאָוקס־אָפּערייטאָר, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס עס איז אַ קוואַליפיצירטע מלאָכה, האָט ניט לאַנג געדויערט. עס הייסט עס האָט ניט לאַנג געדויערט ביז מען האָט זיך אויסגעלערנט אויף אַזוי פיל, אַז מען זאָל קענען אָנפאַנגען פאַרדינען. אַנדערע פלעגען שוין אין עטליכע וואָכען צייט זיך אויסלערנען די אַרבייט אויף אַזוי פיל, אַז זיי זאָלען קענען אָנפאַנגען פאַרדינען. דאָס איז געוועהנליך געווען ביי די יעניגע קאָנטראַקטאָרס, וואָס האָבען געמאַכט אַ ביליגע סאָרט אַרבייט און וועלכע האָבען זיך ווייניג געקימערט ווי די מלאָכה איז אַרויסגעקומען אַבי זי האָט זיי נאָר געקאָסט ביליג.

די קאָנטראַקטאָר־סיסטעם האָט אין אַלגעמיין לייכטער גע־מאַכט זיך אויסצולערנען די אַרבייט. דער קאָנטראַקטאָר, וואָס האָט געזוכט ביליגע אַרבייטער און האָט געזוכט אַרויסצושלאָגען אַזוי פיל פּראָפיט ווי ער האָט נאָר געקענט פון די „גרינע", פלעגט געוועהנליך נעמען 10 דאָלאַר פון יעדען „גריגעם", וואָס האָט זיך געוואָלט לערנען די מלאָכה. וואו עס האָט זיך גע־לאָזען האָט ער גענומען מער. דאָס איז געווען לערע־געלט. און עס פאַרשטעהט זיך, אַז דערביי האָט דער לערנער געדאַרפט אַרבייטען עטליכע וואָכען אומזיסט. דאָס איז פאַר'ן קאָנטראַק־טאָר געווען אַ גאַנץ גוטע הכנסה, אָבער דאָס האָט דאָך געגעבען די „גרינע" אַ געלעגענהייט זיך צו לערנען די מלאָכה. אין די „אינוועניגסטע שעפּער" האָבען זיי זיך עס ניט געקענט לערנען. ניט זיי האָבען געוואוסט וואו אָט די שעפּער זיינען, ניט זיי האָבען געקענט די שפּראַך און ניט מען וואָלט זיי דאָרטען גענומען לערנען די מלאָכה. אין די „אינוועניגסטע שעפּער", וועלכע האָבען זיך געפונען דאָרטען צווישען די „גוים" אויף

בראדוויי, פלעגען אפילו די „גרינע" שנײדער פון דער היים ניט געהן זוכען קיין ארבייט. ערשטענס, האבען זיי ניט פאר־שטאנען די שפראך און, צווייטענס, ווייל מען האט דארטען געמוזט ארבייטען שבת. און אין יענער צייט זיינען שנײדער פון דער אלטער היים נאך געווען צו פרום צו ארבייטען שבת.

די קלאוק־מאנופעקטשורערס האבען די קאנטראקטאר־סיס־טעם געפונען פאר זיך זעהר באקוועם און עקאנאמיש. די קלאוק־אינדוסטריע האט געהאלטען אין וואקסען און מען האט געדארפט האבען מער ארבייטער־הענט, וואס מען האט געדארפט איינברעכען פאר דער ארבייט. דאס האבען פאר זיי געטאן די קאנטראקטארס. זיי האבען געטאן פאר זיי פיל מער: זיי האבען פאר זיי ארגאניזירט די פראדוקציע פון קלאוקס אויף אזא אופן, אז זיי האבען פון זיי אין גאנצען אראפגענומען די זארג און אונבאקוועמליכקייט צו האבען צו טאן מיט די ארבייטער און דערצו האט עס זיי געקאסט פיל ביליגער. די שעפער, וואס די קאנטראקטארס האבען געשאפען אויף דער איסט סאיד אין פארשידענע לעכער און קעלערס, האבען ווייניג געקאסט. עס וואלט די קלאוק־מאנופעקטשורערס געקאסט אונפארגלייכליך א סך טייערער, ווען זיי וואלטען געדארפט פארגרעסערען זייערע „אינוועניגסטע שעפער" אויף בראדוויי און אריינגעמען אין זיי אלע ארבייטער, וואס זיי האבען נויטיג געהאט פאר זייער פראָ־דוקציע.

נאר אויב די סיסטעם פון קאנטראקטארס האט פיל מיט־געהאלפען אריינצובריינגען די אידישע אימיגראנטען אין דער קלאוק־אינדוסטריע, איז די דאזיגע סיסטעם, ווי זי האט זיך נאר אנגעפאנגען אנטוויקלען, געווארען די שטענדיגע קללה פון דער קלאוק־אינדוסטריע. עס איז געווען אט די סיסטעם, וואס האט געשאפען דעם שענדליכסטען סוועט שאפ און די נידער־טרעכטיגסטע עקספלואטאציע אין דער קלאוק־אינדוסטריע. און עס איז אויך געווען די קאנטראקטאר־סיסטעם, וואס האט גע־שאפען די קאנקורענץ צווישען ארבייטער און ארבייטער אין דער קלאוק־אינדוסטריע, די באקאנטע קאנקורענץ צווישען דעם „אויסוועניגסטען שאפ" און דעם „אינוועניגסטען", פון וועלכער די קלאוקמאכער ליידען נאך ביז היינט.

עס איז די אַלטע געשיכטע, וואָס בלייבט שטענדיג ניי. די מאַנופעקטשורערס, דערזעהענדיג אז קאָנטראַקטאָרס שלאָגען זיי אָפּ די טירען און בעטלען איינפּאַך, אז זיי זאָלען זיי געבען ארבייט, האָבען אויסגענוצט די לאַגע און האָבען אויסגעקליבען די קאָנטראַקטאָרס, וואָס זיינען געווען גרייט צו נעמען דעם קלענסטען בעטעל־פּרייז. און אָט אַזוי איז אראָפּגעדריקט גע־וואָרען דער ארבייטס־לוין אין די אויסוועניגסטע שעפּער אויף דער נידעריגסטער מדרגה און דאָס האָט געווירקט, אז עס זאָל אויך אראָפּגעדריקט ווערען וואָס נידעריגער דער ארבייטס־לוין אין די אינוועניגסטע שעפּער. דאָס איז אַזוי געווען מיט איבער פופציג יאָהר צוריק און דאָס האָט שוין דעמאָלט ארויסגערופען די שאַרפסטע קאָנפליקטען אין דער קלאָוק־אינדוסטריע. שוין אין דעם סטרייק פון די קלאָוקמאַכער אין יאָהר 1885 איז ארויסגעשטעלט געוואָרען די פאָדערונג, אז מען זאָל אָפּשאַפען דעם סוועט־שאָפּ, די קאָנטראַקטאָר־סיסטעם, און אז אַלע אַר־בייטער זאָלען אריינגענומען ווערען אין די אינוועניגסטע שעפּער. איינער פון די הויפּט־פירער פון דעם סטרייק איז געווען אַן אָפּערייטאָר, וועלכען מען האָט גערופען ברוך שיכור. משמעות ווייל ער האָט פון צייט צו צייט ליב געהאַט צו מאַכן אַ שנעפּסעל, אָבער ער איז געווען, ווי א. ראָזענבערג דערצעהלט אין זיינע „ערינערונגען", אַן אינטעליגענטער מענש און אַ גוטער רעדנער. דערצו איז ער ביי די אָפּערייטאָרס געווען זעהר אָנגענומען צוליב דעם, וואָס ער איז געווען דער שנעל־סטער אָפּערייטאָר אין ניו יאָרק.

דאָס וואָרט „סוועט־שאָפּ", וואָס דאָ איז געברויכט גע־וואָרען, האָט היינט ווייט ניט די באַדייטונג, וואָס ער האָט אין יענער צייט געהאַט. מען רעדט אויך היינט פון צייט צו צייט וועגען סוועט־שאָפּ אין דער קלאָוק־אינדוסטריע, אָבער מען דאַרף זיך באַקענען מיט דעם קלאָוק סוועט־שאָפּ פון פופציג יאָהר צוריק צו וויסען וואָס דאָס וואָרט מיינט. אונטער דעם וואָרט סוועט־שאָפּ היינט שטעלען מיר זיך פאָר אַ שאָפּ, וואו מען ארבייט לאַנגע שטונדען פאַר אַ נידעריגען ארבייטס־לוין און אונטער ניט־סאַניטאַרע באַדינגונגען. אָבער דאָס גיט אונז נאָך ווייט ניט די פאָרשטעלונג פון דעם אַמאָליגען קלאָוק סוועט־שאָפּ.

מען דאַרף באַשרייבען וואָס ער איז געווען און ווי ער האָט אויסגעזעהן, ווייל אַ סך קלאָוקמאַכער פון היינט האָבען שוין אַזאַ שאַפּ ניט געזעהן.

אַ ניו יאָרקער פאַבריק־אינספּעקטאָר האָט אין יענער צייט באַשריבען אַ קלאָוק סוועט־שאַפּ, וואָס האָט זיך געפונען אין דער וואוינונג פון אַ קאָנטראַקטאָר. די וואוינונג איז באַשטאַנען פון דריי צימערען און אַ קיך. אין איין צימער איז געווען דער שאַפּ און אין די איבעריגע האָט געוואוינט דער קאָנטראַקטאָר מיט זיין ווייב, זיין שוויגער און זיבען קינדער. אין דער ווירקליכקייט אָבער האָט זיך דער שאַפּ ניט באַשרענקט מיט דעם איין צימער פון דער וואוינונג. אַ טייל פון שאַפּ איז אויך געווען אין קיך. עס איז דאָרטען געשטאַנען אין קיך אַן אויווען פאַר די ביגעל־אייזענס, אַ הענגער מיט פאַרטיגע קלאָוקס, עטליכע „באָנדלאַך" געשניטענע וואַרע, אַ פּאָר אַר־ בייטס־טישען, אין אַ ווינקעל האָט אַ פרוי געקנעטען חלה אויף שבת, אויף דער פּאַדלאָגע זיינען געלעגען קינדערשע זאָקען, שטיקלאַך אָפּפאַל פון וואַרע, אַלטע בלעכענע קענדלאַך און אַנדערע קלייניגקייטען.

און אָט איז אַ באַשרייבונג פון אַ פאַבריק־אינספּעקטאָר פון נאָך אַ קלאָוק־שאַפּ, וואָס קוקט אויס נאָך „בעסער" פון ערשטען. דער שאַפּ האָט זיך געפונען אין אַ נידעריגען, טונקעלען און שמוציגען קעלער פון אַ טענעמענט הויז. דער אַרבייטס־צימער איז געווען 14 פוס די לענג, 14 פוס די ברייט און 7 אַ האַלב פוס די הויך. דאָרטען זיינען געשטאַנען 4 נעה־מאַשינען, אַ הייסער קוילען־אויווען פאַר די ביגעל־אייזענס און זיבען אַר־ בייטער — פיר מענער און דריי פרויען. צום שאַפּ איז אין קעלער געווען נאָך אַ צימער, וואָס האָט געדינט פאַר אַ קיך און פאַר אַ שלאָף־צימער פאַר דעם קאָנטראַקטאָר און זיין פאַ־ מיליע. אַ חוץ דעם האָט דער קאָנטראַקטאָר נאָך געהאַט צוויי באָרדערס, וואָס זייער שלאָף־צימער איז געווען דער שאַפּ.

די אַרבייטס־צייט איז געוועהנליך געווען 84 שטונדען אַ וואָך, אָבער גאַנץ אָפט האָט מען געדאַרפט אַרבייטען איבער־ שטונדען. און פאַר אָט די איבערשטונדען איז שוין אין גאַנ־ צען ניט געווען קיין באַשטימטע צייט. ווען עס איז געווען

נויטיג, האָט מען געאַרבייט די גאַנצע נאַכט. און דאָס פלעגט זיך טרעפען גאַנץ אָפט. אז ניט פלעגט מען נאָכ'ן רעגולערען טאָג אַרבייט מיטנעמען אַ ביסעל אַרבייט אין דער היים און מען פלעגט אזוי אריינכאַפּען עטליכע שטונדען אַרבייט ביז דריי אזייגער פארטאָג. אין אנדערע שעפּער האָט מען אָהן איבער־שטונדען געאַרבייט פון 15 ביז 16 שטונדען אַ טאָג. מען פלעגט אָנפאַנגען אַרבייטען 5 אזייגער אין דער פרי און מען פלעגט ענדיגען 9 אזייגער אין אָווענט. עס זיינען געווען אזעלכע באַלמעלאָכעס, וואָס האָבען זיך געקליגט צו שפּאָרען צייט און פלעגען בלייבען שלאָפען אין שאָפּ נאָך דער אַרבייט. דערביי פלעגען זיי שוין פארענדיגען די אַרבייט אַ ביסעל שפּעטער און אָנפאַנגען אַ ביסעל פריהער.

וואָס האָט מען דעמאָלט פאַרדינט? דאָס איז ניט אזוי לייכט אויסצוגעפינען. יעדער קלאָוקמאַכער, וואָס געדענקט נאָך יענע „גוטע" צייטען, האָט עפּעס אַנדערש וואָס צו דערצעהלען. אָבער אין דעם פאַל איז דאָס בעסטע אָנצוקומען צו די ציפער פון די סטאַטיסטישע אַרבייטער־ביוראָס פון די שטאַאַטס־רעגי־רונגען. דערצעהלט, למשל, די ניו יאָרקער סטאַטיסטישע אַר־בייטער־ביוראָ, אַז אין יאָהר 1885 פלעגען קלאָוקמאַכער אין די סוועט־שעפּער פאַרדינען צווישען 6 און 7 דאָלאַר אַ וואָך און איינער האָט שוין געדאַרפט זיין גאָר אַ גוטער און שנעלער אַרבייטער צו פאַרדינען 10 דאָלאַר אַ וואָך. מיידלאך פלעגען פאַרדינען צווישען 3 און 6 דאָלאַר אַ וואָך.

אָט דאָס איז געווען דער קלאָוק סוועט־שאָפּ פון אַמאָל.

## פערטער קאַפּיטעל

# די ערשטע קלאָוקמאַכער יוניאָן

עס איז שווער אויסצוגעפינען ווען די קלאָוקמאַכער האָבען זיך אָנגעפאַנגען אָרגאַניזירען און גרינדען אַ יוניאָן. עס זיינען פאַראַן אָנדייטונגען, אַז שוין אין יאָהר 1879 אָדער 1880 איז אָרגאַניזירט געוואָרען אַ יוניאָן אין דער פּרויען־קליידער אינדוסטריע און אַז דאָס איז געווען אונטער דעם איינפלוס פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר", די ארבייטער־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט עקזיסטירט איידער די אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר איז געשאַפען געוואָרען. אָבער עס איז אין ערגעץ גאָרנישט איבער־געבליבען פון דער דערמאָנטער ערשטער יוניאָן און מען ווייס אפילו ניט ווי קורץ איהר לעבען איז געווען. עטוואָס מעהר באשטימטער ווייס מען שוין וועגען אַ יוניאָן פון קלאָוק און סוטס ארבייטער אין ניו יאָרק אין 1882. זי קען באטראכט ווערען פאַר די ערשטע יוניאָן אין דער קלאָוק און סוט אינדוסטריע, אָדער די ערשטע קלאָוקמאַכער יוניאָן. זי איז אָרגאַניזירט געוואָרען פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר" און פון די ארבייטער פון די אינוועניגסטע שעפּער, וועלכע זיינען מייסטערס געקומען פון דייטשלאַנד, עסטרייך און אונגאַרן, אָבער אויך די יוניאָן האָט זיך לאַנג ניט געהאַלטען.

ב. וויינשטיין אין זיין בוך „די אידישע יוניאָנס אין אַמע־ריקא" (זייט 90) דערצעהלט, אַז עס זיינען געווען יעקב שעהן, א. קאַנער, לואיס סמיטה און נ. הוירש, טעטיגע מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער ארבייטער פּאַרטיי און פירער פון אַ שניי־דער יוניאָן, וואָס האָט באַלאַנגט צו די „נאַיטס אָוו לייבאָר", וועלכע האָבען אָרגאַניזירט אַ קלאָוק און סוט מאַכער יוניאָן, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן די „נאַיטס אָוו לייבאָר".

עס איז ניט קלאָר פון די מאָנערע ידיעות וואָס זיינען געבליבען וועגען די ערשטע פּראָבעס צו אָרגאַניזירען די קלאָוק־

מאַכער, אויב די ערשטע יוניאָנס, וואָס זיינען געשאַפען געוואָרען, זיינען געוועזן אַזעלכע, וואָס האָבען ארומגענומען מערערע שעפּער, אָדער זיי זיינען געוועזן ניט מער ווי איינצעלנע שאַפּ־אָרגאַניזאַציעס. באַשטימטע ידיעות וועגען אַ קלאָוקמאַכער יוניאָן, וואָס האָט ארומגענומען מערערע שעפּער אין ניו יאָרק, האָבען מיר פון יאָהר 1883. זי האָט געהאַט דעם נאָמען „דרעס ענד קלאָוק מייקערס יוניאָן". זי איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין צוזאַמענהאַנג מיט אַ סטרייק, וואָס האָט אויסגעבראָכען אין איינינגע אינוועניגסטע שעפּער אין יולי 1883, אין וועלכען עס האָבען אָנטייל גענומען ארום 750 ארבייטער און ארבייטערינס. וועגען אָט דעם סטרייק איז דעמאָלט אַ רעכט ביסעל געשריבען געוואָרען אין די ניו יאָרקער צייטונגען. דער סטרייק איז באַטראַכט געוואָרען פאַר אַ שטיקעל סענסאַציע. ער איז באַצייכענט געוואָרען אַלס דער ערשטער סטרייק פון אימיגראַנטען. די סטרייקערס האָבען געפאָדערט אַן ארבייטס־לוין פון ניט וועניגער ווי דריטהאַלבען דאָלאַר אַ טאָג און די ארבייטס־שטונדען זאָלען זיין פון 8 אין דער פריה ביז 6 אין אָוונט. פאַר די אפּערייטאָרס, וואָס האָבען געאַרבייט פון שטיק, איז געפאָדערט געוואָרען, אַז די פּרייזען פון שטיק־ארבייט זאָלען אַזוי איינגעשטעלט ווערען, אַז אַן אפּערייטאָר זאָל קענען פאַרדינען ארום 15 דאָלאַר אַ וואָך.

פון די סטרייקערס זיינען אומגעפער אַ העלפט געוועזן מיידלאַך. די סטרייק־מיטינגען פלעגען אָפּגעהאַלטען ווערען באַזונדער פאַר די מיידלאַך און פאַר די מענער און אפילו אין באַזונדערע לאָקאַלען.

אין פאַרלויף פון סטרייק איז די יוניאָן גאַנץ גוט אָרגאַניזירט געוואָרען. זי איז געווען אַ לאָקאַל פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר" און זי איז שוין אפילו געווען פארטראָטען מיט דעלעגאַטען אין דער סענטראַל לייבאָר יוניאָן פון ניו יאָרק. אָבער נאָכדעם ווי דער סטרייק איז געוואונען געוואָרען איז די יוניאָן צופאַלען געוואָרען. דערפאַר אָבער איז פון סטרייק איבערגעבליבען אַ קלאָוק מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, דאָס איז געווען די ערשטע אָרגאַניזאַציע פון די קלאָוק מאַנופעקטשורערס אין ניו יאָרק.



אברהם ראָזענבערג
מיטגליד נומער איינס פון לאָקאַל איינס

אָט אין די אַלע ערשטע פּראָבעס צו אָרגאַניזירען די קלאָוק־מאכער זיינען אַלע פאכען — אפעריימאָרס, פינישער, פּרעס־סערס און קאַטערס אָרגאַניזירט געוואָרען צוזאַמען אין איין יוניאָן. דער אָנפאַנג פון אָרגאַניזירען פאַך־יוניאָנס אין דער קלאָוק אינדוסטריע איז געמאַכט געוואָרען אין יאָהר 1884, ווען די „נאַיטס אָוו לייבאָר" האָבען ארויסגעגעבען אַ טשאַרטער צו די קלאָוק קאַטערס, וועלכע האָבען אָרגאַניזירט אַ יוניאָן אונטער דעם נאָמען „יונייטעד קלאָוק ענד סוט קאַטערס אַסאָסיאיישאָן".

אַ נייע פּראָבע און אַ מער געלונגענע צו אָרגאַניזירען אַ קלאָוקמאַכער יוניאָן איז אונטערגענומען געוואָרען אין יאָהר 1885. דאָס איז געווען, לויט ווי עס גיט איבער דר. ל. לעווין (אין זיין געשיכטע פון דער אינטערנעשאָנאַל), אין פאַרבינדונג מיט אַ „גענעראַל סטרייק", וואָס איז ארויסגערופען געוואָרען דעם 15־טען אויגוסט אין דער קלאָוק־אינדוסטריע פון ניו יאָרק. די ענגלישע צייטונגען, וואָס האָבען שטאַרק סימפּאַטיזירט מיט די סטרייקערס, האָבען געשריבען, אַז 15 הונדערט קלאָוקמאַכער האָבען זיך באַטייליגט אין דעם סטרייק. זייערע פאָדערונגען זיי־נען געווען, אַז אָנשטאָט אָנצופאַנגען דעם ארבייטס־טאָג 6 אזייגער אין דער פריה און איהם ענדיגען 8 אזייגער אין אָוונט, זאָל מען אָנפאַנגען ארבייטען 7 אזייגער אין דער פריה און ענדיגען 7 אין אָוונט, און די פּרייזען פאַר דער ארבייט זאָלען זיין אַזעלכע, אַז מען זאָל קענען פאַרדינען פון 12 ביז 15 דאָלאַר אַ וואָך. דערביי איז אויך ארויסגעשטעלט געוואָרען די פאָדערונג פון אַ מער מענשליכע באהאַנדלונג און אַן איידעלערע באַציהונג צו די ארבייטער פון זייערע באָסעס. די לעצטע פאָ־דערונג איז געווען אַ באַזונדערס נויטיגע, ווייל די באהאַנד־לונג פון די ארבייטער אין די שעפּער איז פון אַ סך באָסעס גע־ווען אַ זעהר גראָבע און אַ באַליידיגענדיגע.

דער סטרייק האָט אָנגעהאַלטען צוויי וואָכען און ער איז גע־וואונען געוואָרען. די מאַנופעקטשורערס האָבען געלאָזט וויסען די סטרייקערס, אַז זיי ווילען מיט זיי פאַרהאַנדלען און אַ קאָמיטע פון די סטרייקער און אַ קאָמיטע פון די מאַנופעק־טשורערס זיינען זיך צונויפגעקומען ביי מאַיער דזשאַנאָסאָן אין אָפיס אויף בראָדוויי און עס איז אויסגעארבייט געוואָרען אַן

אָפּמאַך, לויט וועלכען די אַרבייטער דאַרפען קריגען אַ העכערונג אין זייערע שכירות, און אַז עס זאָל באַשטימט ווערען אַ קאָמיטע, וואָס זאָל באַשטעהן פון דריי מאַנופעקטשורערס און פון דריי אַרבייטער צו שליכטען אַלע שטרייטיגקייטען, וואָס וועלען פאָר־קומען אין די שעפּער צווישען די אַרבייטער און די באַלעבאַ־טים, כדי אויסצומיידען ווייטערדיגע סטרייקס. אויף דער פאָ־דערונג פון די סטרייקערס איז דער אָפּמאַך אונטערגעשריבען גע־וואָרען פון יעדען מאַנופעקטשורער באַזונדער און, ווי עס שיינט, איז עס געווען דער ערשטער געשריבענער אָפּמאַך צווישען באַ־לעבאַטים און אַרבייטער אין דער קלאָוק אינדוסטריע.

דער סטרייק איז געפירט געוואָרען פון דער „דרעס ענד קלאָוקמייקערס יוניאָן", וועלכע איז געוועזן אָנגעשלאָסען צו דער „נאַיטס אָוו לייבאָר" און זי איז אָנפאַנגס געווען גאַנץ גוט אָר־גאַניזירט מיט אַ אַ גאַנץ באַדייטענדער צאָל מיטגלידער, אָבער עס איז ניט באַקאַנט ווי לאַנג זי האָט עקזיסטירט נאָכדעם ווי דער סטרייק איז געוואונען געוואָרען.

א. ראָזענבערג, אין זיינע „ערינערונגען פון די קלאָוקמאַכער און זייערע יוניאָנס", דערצעהלט וועגען אַ פריהערדיגען „גענעראַל סטרייק" פון קלאָוקמאַכער אין פרילינג סעזאָן, אויך אין יאָהר 1885, און ער האָט זיך אָנגעפאַנגען פון דעם, וואָס אַ קאָנ־טראַקטאָר האָט זיך אין זיין שאָפּ צוקריגט מיט זיינעם אַן אַר־בייטער און איהם דערלאַנגט אַ פּאַטש. אַלס פּראָטעסט זיי־נען אַלע אַרבייטער פון שאָפּ אַרויס אין סטרייק און אויף דער פאַרזאַמלונג, וואָס זיי האָבען אָפּגעהאַלטען, האָבען זיי באַ־שלאָסען, אַז אַ סטרייק זאָל ערקלערט ווערען אין אַלע קאָנ־טראַקטאָר שעפּער, און גלייך זיינען באַשטימט געוואָרען קאָמיטעס צו געהן אין די שעפּער און אַראָפּנעמען די אַרבייטער אין סטרייק. און אָט וואָס ער גיט איבער וועגען יענעם סטרייק:

„אין סטרייק זיינען דאַן אַרונטערגענומען געוואָרען אומ־געפער פינף טויזענט אַרבייטער. ניט האָבענדיג קיין לידערס, האָט מען גלייך פון דער מאַסע ערוועהלט אַ געוויסען קאָרנבערג, אַן אָפּערייטאָר און צוויי פּרעסערס, גוטמאַן און פליגלער. צו זיי איז אויך צוגעצויגען געוואָרען אַ געוויסער ברוך שיכור, אַן אָפּערייטאָר.

„דיזער ברוך שיכור איז געווען דער שנעלסטער אָפּערייטאָר אין ניו יאָרק. קאָנטראַקטאָרס פלעגן ספּענדען צענדליגע דאָלארס יעדען שבת מיט ברוך'ן אין די סאַלונס, אום ער זאָל געהן צו זיי ארבייטען.

„מען דערצעהלט, אז ברוך פלעגט אַמאָל ווען אַפּטאָן א שפּיצעל די אָפּערייטאָרס, מיט וועלכע ער פלעגט ארבייטען צוזאַמען אין שאָפּ, פלעגט ער זיך ביינאַכט אַריינכאַפּען אין שאָפּ, און וויפיל באַנדעלס ארבייט דער עקספּרעסמאַן האָט גע־בראַכט פון ווערהויז, פלעגט ער עס איבערנאַכט אויפנעהען און נאָכהער די פּאַרטיגע קלאוקס צוריק איינפּאַקען אין די זעק.

„ווען די אַרבייטער זיינען אין דער פריה געקומען און אויפ־געבונדען די זעק, האָבען זיי אויסגעשאָטען פאַרטיגע קלאָוקס — און ברוך פלעגט שטעהן און לאַכען. מען דערצעהלט אויך פון איהם מעשיות ווי פון טויזענט און איין נאַכט. און דערפאַר נאַטירליך האָבען אַלע אָפּערייטאָרס פאַר איהם געהאַט גרויס רעספּעקט.

„אויסער דעם איז ער געווען אַן אינטעליגענטער מענש און א גוטער רעדנער. נאָכדעם ווי ברוך האָט אין א באַגייסטערטער רעדע אַלעמען אויפגעפאָדערט צו סטרייקען, האָבען אַלע גע־סטרייקט. פאַר וואָס מען סטרייקט, און וואָס די פאָדערונגען זיינען — דאָס האָבען זיי ניט געוואוסט, און קיינער האָט זיך נאָר ניט פאַראינטערעסירט צו וויסען.

„אין ניו יאָרק האָט דאַמאָלסט עקזיסטירט א גרופּע פון רוסישע סטודענטען, וועלכע האָבען געפּרעדיגט דעם סאָציאַליזם. אַזוי שנעל ווי זיי האָבען זיך דערוואוסט פון דיזען סטרייק, זיינען זיי באַלד געקומען צו די סטרייקערס און אָנגעפאַנגען צו אַגיטירען, אז מען זאָל פאָדערען די אָבשאַפונג פון די אויטסייד קאָנטראַקטינג סיסטעם, מען זאָל פאָדערען פון די מאַנופעקטשורערס, אז זיי זאָלען אַלע ארבייטער אַריינגעמען אין די אינסייד שעפּער. דיזער פּלאַן איז די סטריי־קערס זעהר געפעלען געוואָרען, און זיי האָבען זיך אָן דעם אָנ־געכאַפּט מיט לייב און לעבען.

„איינער פון דער גרופּע סטודענטען האָט געמאַכט א פאָר־

שלאַג, מען זאָל אָרגאַניזירען אַ יוניאָן פון קלאָוקמאַכער, און באַלד האָבען זיך די סטרייקער אָנגעהויבען צו פאַרשרייבען אַלס מיט־גלידער. פון אָנפאַנג האָט געקאָסט 50 סענט איינטריטס־געלד. אין אַ פּאָר שטונדען שפּעטער האָט זיך אָבער די מאַסע גענומען אַזוי שטאַרק שפּאַרען צום סעקרעטער'ס טישעל, אַז מען איז געווען געצוואונגען צו רעכענען צוויי דאָלאַר. אויפ'ן צווייטען טאָג האָט שוין געקאָסט 5 דאָלאַר.

„שוין האָבענדיג אַ יוניאָן, האָט זיך ערשט דער סטרייק אָנגעפאַנגען אויף אַן אמת'ן. קיינע סקעבס זיינען דאַמאָלסט ניט געווען, און נאָך אַ דריי־וואָכעדיגען סטרייק האָבען די מאַנופעקטשורערס נאָכגעגעבען די פאָדערונג, אַריינצונעמען אַלע אַרבייטער אינסייד.

„ביי די סטרייקערס איז געווען שמחה וששון, און עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו פאַראַנשטאַלטען אַ מאַרטש מיט בעזי־מער: יעדער סטרייקער זאָל טראָגען אַ בעזים אַלס צייכען, אַז מען האָט אויסגעקעהרט דעם סוועטינג סיסטעם. די ענגלישע צייטונגען האָבען אַ לאַנגע צייט געהאַט צו שרייבען פון דיזען מאַרטש.

„אויף מאָרגען נאָך דעם מאַרטש, ווען די אַרבייטער זיי־נען אַרויפגעקומען אין די אינסייד שעפּער אַרבייטען, האָט אויס־געבראָכען אַ נייער סטרייק. די סעמפּעל־מאַכער און די אַמערי־קאַנער מיידלעך האָבען זיך אויפגעשטעלט און ערקלעהרט, אַז זיי װעלען ניט אַרבייטען צוזאַמען מיט די גרינע אידען. די מאַנופעקטשורערס זיינען נאַטירליך פון דיזען נייעם סטרייק גע־ווען זעהר צופרידען, און זיי האָבען די „זינגער" געהייסען געהן צוריק אין זייער מיטינג לאָקאַל. די סומאַטאָכע איז געוואָרען זעהר גרויס, און די אַרבייטער, זייענדיג שוין אויסגעהונגערט, האָבען ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. דערצו איז נאָך געווען ערב פּסח, און עס איז ביי זיי געבליבען אָוועקצולייגען די חרפּה אַן אַ זייט, און צוריק געהן אַרבייטען אין די אויטסייד שעפּער ביי זייערע קאָנטראַקטאָרס.

„פון אויפהאַלטען די יוניאָן איז שוין נאַטירליך דעמאָלסט קיין רייד ניט געווען. קיינער איז מעהר צו די מיטינגען ניט געקומען. און אין אַ פּאָר וואָכען שפּעטער איז די יוניאָן אויפ־

געלעזט געוואָרען, און מיט די געלד וואָס די יוניאָן האָט פאַרמאָגט האָבען זיך איינינגע צוטיילט. דערמיט האָט זיך גע־ענדיגט דער ערשטער קלאָוקמאַכער סטרייק, און עס איז גע־שטאָרבען די ערשטע יוניאָן גלייך נאָך איהר געבורט".

וועגען דעם „גענעראַל סטרייק", וואָס האָט אויסגעבראָכען דעם 15טען אויגוסט, וועלכער איז פריהער דערמאָנט געוואָרען און וועגען וועלכען עס איז דעמאָלט אזוי פיל געשריבען געוואָרען אין די גרויסע ניו יאָרקער צייטונגען, ווי די „טאַימז", „טריביון" און „וואָירלד", האָט א. ראָזענבערג אין זיינע ערינערונגען בלויז עטלאַכע ווערטער. ער שרייבט:

„פאַר ראש השנה, אין דעם רעכטען ברען פון סעזאָן, האָט ווידער אויסגעבראָכען א קלאָוקמאַכער סטרייק.

„קיינער האָט ניט געוואוסט ווער עס האָט דעם סטרייק ארויסגערופען. מען האָט זאָגאַר דאמאלסט גערעדט, אז די אויטסאַיד קאָנטראַקטאָרס האָבען עס אליין געמאַכט דעם סטרייק כדי זיי זאָלען קריגען געהעכערט די פרייזען פון די וואָר־הייזער.

„נאָר ווי די זאַך זאָל ניט זיין, קאָמיטעס זיינען געקו־מען ארונטערנעמען די ארבייטער און אלע זיינען ארונטערגע־גאַנגען. ערשט שטעהענדיג אין סטרייק האָט מען אָנגעפאַנגען צו אָרגאַניזירען די ארבייטער אין א יוניאָן".

דער אונטערשיד אין דער אָפּשאַצונג פון דעם דאָזיגען סטרייק איז, ווי מען קען זעהן, א גאַנץ גרויסער. נאָר דערפאַר דערמאָנט דר. ל. לעווין אין גאַנצען ניט דעם סטרייק אין פּרי־לאַנג, 1885, וועלכען א. ראָזענבערג באַשרייבט אזוי אויס־פירלאך.

נאָך דער יאָהר 1885 בלייבט יעדענפאַלס א היסטאָרישער אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן, ווייל עס איז אין דעם יאָהר פאַקטיש געגרינדעט געוואָרען די ערשטע קלאָוקמאַכער יוניאָן, גאַנץ גלייך אויב אין דעם פרילינג סטרייק, וואָס א. ראָזענבערג באַשרייבט, אדער אין דעם הערבסט סטרייק, וועגען וועלכען דר. ל. לעווין דערצעהלט.

פינפטער קאפיטעל

# די קלאָוקמאַכער און די „נאַיטס אָוו לייבאָר"

די אָפּטע סטרייקס פון די קלאָוקמאַכער, וועלכע זיינען דערמאָנט געוואָרען אין פאָריגען קאַפּיטעל, און זייער דראַנג זיך צו אָרגאַניזירען און צו קעמפּפען פאַר אַ בעסערען און לייכטערען לעבען, זיינען ניט געווען קיין איינצעלנע, אָפּגעריסענע ערשיינונגען אין דעם אידישען אימיגראַנטען־לעבען. נאָר זיי זיינען פיל מער געווען אַן אויסדרוק פון דער אַלגעמיינער אַרבייטער אומרוהיגקייט אין לאַנד. עס איז אין יענער צייט, קען מען זאָגען, געווען אַ שטורם און דראַנג פּעריאָדע אין דעם אַמעריקאַנער עקאָנאָמישען לעבען. עס איז געווען דער אָנפאַנג פון דעם אויפשוואונג פון דער אינדוסטריאַליזאַציע פון אַמעריקאַ, דער אָנשטורם פון דער מאַשין, פון מעכאַנישער קראַפט. דאָס האָט אַרויסגערופען אַן אומרוהיגקייט, אַ פאַרבאָרגענע שרעק אין די הערצער פון פאַרשידענע שיכטען פון דער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג. זיי האָבען געזעהן, אַז עס קומט עפּעס אַזוינס, וואָס מאַכט אַן איבערקערעניש אין דעם עקאָנאָמישען לעבען פון לאַנד און וואָס מאַכט זייער עקזיסטענץ אומזיכער. עס זיינען אין יענער צייט אויסגעוואַקסען אין אַמעריקאַ פאַרשידענע רעוואָלוציאָנערע און רעפאָרם באַוועגונגען. אויף די אימיגראַנטישע אַרבייטער האָט געהאַט אַ גרויסען איינפלוס די סאָציאַליסטישע באַוועגונג — די סאָציאַליסטישע אַרבייטער פּאַרטיי (ס. ל. פּ.) און טיילווייז די אַנאַרכיסטישע באַוועגונג. די אַמעריקאַנער אַרבייטער אין אַלגעמיין, אויף וויפיל זיי זיינען דעמאָלט געווען אָרגאַניזירט, זיינען געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר,", וואָס האָט געהאַט אַ פּראָגראַם פון אַ גאַנץ ראַדיקאַלען כאַראַקטער.

די אָרגאַניזאַציע „נאַיטס אָוו לייבאָר", אָדער מיט איר פולען נאָמען „דהי נאָובעל אָרדער אָוו דהי נאַיטס אוו לייבאָר" (דער נאָבעלער אָרדען פון די ריטער פון אַרבייטער) איז געשאַפען געוואָרען אין פילאַדעלפיא סוף יאָהר פון 1869 אונטער דער

פירערשאַפט פון יוראַיאַ סטיווענס, אַ צושניידער (קאַטער) פון מענער קליידער.

די צושניידער פון קליידער אין פילאַדעלפיאַ האָבען מיט אַ געוויסער צייט פריהער זיך פּראָבירט אָרגאַניזירען אין אַ יוניאָן, אָבער זיי זיינען אויסגעשטאַנען גרויסע פאַרפאָלגונגען פון די באַלעבאַטים, האָבען דעריבער איינציגע פון זיי, זיבען אין צאָל, אונטער דער פירערשאַפט פון יוראַיאַ סטיווענס, באַשלאָסען זיך צו אָרגאַניזירען אין א געהיימען אָרדען אונטער דעם דערמאָנטען נאָמען.

פון אָנפאַנג איז די אָרגאַניזאַציע באַשטאַנען בלויז פון צושניידער און זי האָט געהאַט צום סוף פון דעם ערשטען יאָהר פון איהר עקזיסטענץ בלויז 69 מיטגלידער. אין יאָהר 1781 האָט זי באַשלאָסען אַריינצונעמען מיטגלידער אויך פון אַנדערע פאַכען און זי האָט אָנגעפאַנגען שנעל וואַקסען. אָבער זי איז געבליבען אַ געהיימע געזעלשאַפט אויך אויף ווייטער. אַזוי געהיים, אַז פאַר פרעמדע האָט מען אַפילו ניט געטאָרט אויסזאָגען דעם נאָמען. אויף אַלע דאָקומענטען און אויפרופען פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר" פלעגט אָנשטאָט דעם נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע געשטעלט ווערען פינף שטערענדלעך.

די געהיימניספולקייט פון דער אָרגאַניזאַציע האָט געשאַפען אַרום איר משונה'דיגע לעגענדעס און ווילדע קלאַנגען. מען האָט געשריבען וועגען איר אין די צייטונגען, אַז זי פּלאַנעוועט רעוואָלוציאָנערע פאַרשווערונגען, אַז זי איז אַ קרימינעלע געזעלשאַפט און גלחים אין די קירכען האָבען זייערע שאָף געהייסען היטען זיך פון איר. דער פירער פון די „נאַיטס אוו לייבאָר", דער „גרענדמאַסטער וואָירקמען" האָט דעריבער ענדליך געפונען פאַר ראַטזאַם, אַז מען זאָל אַראָפּנעמען דעם געהיימען צודעק פון דעם אָרדען און אויף אַ באַראַטונג, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין פילאַדעלפיע אין יוני, 1878, איז באַשלאָסען געוואָרען צו פאַרעפענטליכען דעם נאָמען און די צילען פון דער אָרגאַניזאַציע.

די פּרינציפּען ערקלערונג פון די „נאַיטס אוו לייבאָר" פאַנגען זיך אָן אַזוי:

די שרעקלאַכע אַנטוויקלונג פון די גרויס קאַפּיטאַליסטען און פון די קאָמפּאַניעס מוזען פירען דערצו, אַז די גרויסע אַר־

בייטער־מאַסען װעלען פּאַרװאַנדעלט װערען אין בעטלער און װע־לען זינקען אַלץ נידעריגער, אויב עס װעט ניט עפּעס געטאָן װע־רען עס אָפּצושטעלען.

אויב מיר װילען געניסען דאָס גוטס פון לעבען מוזען מיר אָפּשטעלען די אומגערעכטע אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל און די מאַכט, װאָס דאָס אָנגעזאַמעלטע קאַפּיטאַל האָט צו טאָן שלעכטס.

אין דער פּרינציפּען ערקלערונג װערט װייטער געזאָגט, אַז די אָרגאַניזאַציע שטעלט זיך די אויפגאַבע צו פֿאַראייניגען אַלע אַרבייטער פון לאַנד, הי־געבאָרענע און פרעמדע, געלערענטע און ניט געלערענטע, אָהן אונטערשייד פון גלויבען, געשלעכט, ראַסע און קאָליר אין איין געמיינשאַפטלאַכער ברודערשאַפט, װאָס דאַרף האָבען דעם ציל אָפּצושאַפען די לוין סיסטעם און צו מאַכען די אַרבייטער פאַר זייערע אייגענע באַלעבאַטים דורך אָרגאַניזירען קאָאָפּעראַטיװע פּראָדוקציאָנס־פאַראיינען װאו די געצייג זאָל זיין דאָס אייגענטום פון די פֿאַראייניגטע אַרבייטער און װאו די אַר־בייט זאָל אָנגעפירט װערען אויף אַ דעמאָקראַטישען אופן און די אַרבייטער זאָלען קענען האָבען דעם פולען גענוס פון דאָס, װאָס זיי שאַפען.

די מאָטאָ פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר" איז געװען „איינער פאַר אַלע און אַלע פאַר איינעם".

די „נאַיטס אָוו לייבאָר" פאָדערען אין זייער פּראָגראַם, אַז די ערד, װאָס באַלאַנגט צום פאָלק, זאָל איבערגעגעבען װערען צו מענשען, װאָס װעלען זיך אויף איר באַזעצען און באַאַרבייטען; אַז קיין איין אַקער לאַנד זאָל ניט געגעבען װערען צו די אייזענבאַן קאָמפּאַניעס אָדער ספּעקולאַנטען און אַז אויף דער ערד, װאָס איז איצט אין די הענט פון ספּעקולאַנטען זאָל אַרויפגעלעגט װע־רען אַ שטייער, װאָס זאָל זיין אַזוי גרויס װיפיל די ערד איז װערט.

אַ װייטערע פאָדערונג איז:

די רעגירונג זאָל אָפּקויפען אַלע טעלעגראַפען, טעלעפאָנען און אייזענבאַנען און אַז קיין ערלויבעניש זאָל מער ניט אַרויס־געגעבען װערען צו פּריװאַטע פּערזאָנען אָדער קאָמפּאַניעס צו בויען אָדער צו פּאַרװאַלטען די מיטלען פון פאַרקער.

די ראַדיקאַלע געדאַנקען און פּאָדערונגען פון דער פּראָגראַם

זיינען אָבער אין די שפּעטערע יאָהרען געקומען גאנץ ווייניג צום אויסדרוק אין דער טהעטיגקייט פון די „נאַיטס אוו לייבאָר".

די אָרגאַניזאַציאָנס פאָרמע פון די „נאַיטס אוו לייבאָר" איז געווען מעהר ענלאך צו אַן אָרדען, ווי צו אַ הייגטיגער טרעיד יוניאָן. די אָרגאַניזאַציע האָט אפילו געהאַט אַ ריטואַל און גע־היימע צערעמאָניעס, ווי עס האָבען די מייסטע אַמעריקאַנער אָרדענס.

א. ראָזענבערג, אין זיינע „עראינערונגען", באַשרייבט ווי אַזוי מען האָט אויפגענומען די קלאָוקמאַכער יוניאָן אין די „נאַיטס אוו לייבאָר" און די צערעמאָניעס וואָס זיינען ביי דער געלעגענהייט דורכגעפירט געוואָרען ביי דער אינסטאָלירונג.

„מיר שטעלט זיך נאָך איצט קלאָר פאָר", שרייבט ער, ווי דער דיסטריקט „מאַסטער וואָירקמען" מיט עטליכע דעפּיוטיס, אַלע איירישע, זיינען געקומען אונז אינסטאָלירען. מיר, זייענדיג כמעט אַלע גרינע, האָבען נאַטירלאך ניט פאַרשטאַנען אַ וואָרט פון דעם, וואָס זיי האָבען צו אונז גערעדט. מיר האָבען בלויז געזעהן ווי איינער פון זיי האָט גענומען אַ שטיק קרייד און האָט געמאַכט אַ גרויסען צירקעל אויפ'ן פלאָר און אונז אַלעמען האָט ער זיך געהייסען אַרומשטעלען אַרום דעם צירקעל. דערנאָך האָט איינער אַוועקגעלעגט אויפ'ן טיש אַ קליין שווערדעל, און אויפ'ן אַנ־דערען זייט טיר פון מיטינג האָל האָט מען אויפגעהאַנגען אַ גלאָוב.

„פילע פון אונז, דערזעהענדיג דעם שווערד, האָבען געמיינט, אַז ענטוועדער מען געהט אונז אַלעמען אויסשעכטען אָדער מען וויל אונז אָפּגעבען פאַר סאָלדאַטען. אַ סך פון אונז האָבען זיך שוין אָפּגעזעגענט מיט זייערע לעבענס . . . שפּעטער האָבען אונז די פאַרשטענדיגערע ערקלערט, אַז די באַדייטונג פון דער צערע־מאָניע איז ווי פאָלגט: ווען איינער פון אונז וועט ברעכען זיין שבועה, וואָס ער האָט געגעבען צו בלייבען טריי די אינטערעסען פון די אַרבייטער, וועט דיזער שווערד איהם פאַרפאָלגען, ווייל די „נאַיטס אוו לייבאָר" זיינען שטאַרק איבער דער גאַנצער וועלט".

פאַר די „גרינע" אידישע קלאָוקמאַכער איז דאָס געוויס גע־ווען זעהר אַ קאָמישע און נאַרישע צערעמאָניע, אָבער צו די אַמעריקאַנער אַרבייטער, וואָס זיינען געוואוינט צו די ריטואַלען און געהיימע צערעמאָניעס פון די לאָדזשען האָט אַזאַ צערעמאָניע שטאַרק אַפּעלירט.

### זעקסטער קאַפּיטעל

## די ערשטע קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן

דאָס יאָהר 1886 האָט זיך אויסגעצייכענט מיט גרויסע אינ־דוסטריעלע אומרוהען אין לאַנד. עס זיינען פאָרגעקומען סטרייקס אין פארשידענע אינדוסטריען און זיי זיינען געפירט געוואָרען מיט א סך פארביטערונג. קאפּיטאל האָט זיך אָרגאַניזירט צו געבען דער אָרגאַניזירטער ארבייטערשאפט א טויט־קלאַפּ. אין אָט דער אינדוסטריעלער קאַמף, וואָס האָט פארכאפּט דאָס גאַנצע לאַנד, האָט אויך געפונען אַן אָפּקלאַנג ביי די קלאָוקמאַכער.

אין פריהלינג 1886, דערצעהלט דר. לעווין אין זיין געשיכטע פון דער אינטערנעשאָנעל, האָט ווידער א מאָל אויסגעבראָכען אין ניו־יאָרק א גענעראל סטרייק פון קלאָוקמאכער. די סטרייקערס האָבען געפאָדערט די אָפּשאפונג פון די קאָנטראקטאָר שעפּער און פון דעם סוועט שאָפּ סיסטעם. צו דעם סטרייק זיינען אויך צו־געשטאַנען מערערע ארבייטער פון די אינוועניגסטע שעפּער אין סימפּאַטיע מיט די פאָדערונגען פון די סטרייקענדע ארבייטער פון די קאָנטראַקטאָר שעפּער. דער סטרייק איז געפירט געוואָרען פון דריי יוניאָנס — פון דער פריהער דערמאָנטער „דרעס ענד קלאָוק־מייקערס יוניאָן", פון דער „אינדעפּענדענט קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן" און פון דער „אינדעפּענדענט קלאָוק פּרעסערס יוניאָן". אין דער צייט פון סטרייק איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרען א "קלאָוק פינישערס יוניאָן".

דאָ באַגעגענען מיר צום ערשטען מאָל א באַזונדערע קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן. ווען זי איז אָרגאַניזירט געוואָרען און ווער עס זיינען געווען איהרע באַשעפער ווערט ניט אָנגעגעבען. מען קען בלויז פּראָבירען טרעפען, אַז זי איז אָרגאַניזירט געוואָרען צום סוף פון 1885 אָדער אָנפאַנג 1886.

פריהער האָט אין דער קלאָוק אינדוסטריע עקזיסטירט בלויז די קאַטערס יוניאָן אַלס א באַזונדערע קרעפט יוניאָן, די אַלע

אנדערע ארבייטער פון דער קלאָוק אינדוסטריע — די אָפּעריי־טאָרס, פּרעסערס און פינישערס זיינען אַלע מאָל אָרגאַניזירט גע־וואָרען אין איין יוניאָן אין אַלע פּאַרזוכען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען זיי צו אָרגאַניזירען. אין דעם גענעראַל סטרייק פון 1886 אָבער באַגעגענען מיר, צום ערשטען מאָל, אויסער די „דרעס ענד קלאָוקמייקערס יוניאָן", אין וועלכער עס זיינען געוועזען אָרגאַניזירט צוזאַמען ניט בלויז די קלאָוקמאַכער פון די פאַר־שידענע פאַכען (א חוץ די קאַטערס), נאָר אויך די דרעסמאַכער און וואָס האָט באַלאַנגט צו די „נאַיטס אָוו לייבאָר", אויך אַן אונאָפּהענגיגע יוניאָן פון קלאָוק אָפּערייטאָרס און אַן אונאָפּהענגיגע יוניאָן פון קלאָוק פּרעסערס.

לויט ב. וויינשטיין, אין זיין בוך „די אידישע יוניאָנס אין אמעריקא" (זייט 317) זיינען עס געווען די אינגערע קלאָוקס אָפּערייטאָרס, וואָס האָבען אָרגאַניזירט די אונאָפּהענגיגע יוניאָן, ווייל זיי האָבען ניט געוואָלט אריינגעהן אין די „נאַיטס אָוו לייד־באָר" צוליב די געהיימע צערעמאָניעס, וואָס פלעגט דאָרטען גע־פּראַקטיצירט ווערען ביים אריינעמען מיטגלידער.

וואַרשיינלאך זיינען געווען אויך אַנדערע אורזאַכען, אָבער מען ווייס היינט ניט וואָס.

א וואונדער איז, וואָס א. ראָזענבערג דערמאָנט עס ניט אין זיינע „עראינערונגען". אייגענטלאך איז אין זיינע „עראינערונ־גען" אין גאַנצען ניטאָ דער גענעראַל סטרייק פון די קלאָוקמאַכער אין פריהלינג פון 1886. נאָר דאָ קען אפשר זיין אַ טעות אין דאַטום. א. ראָזענבערג דערצעהלט וועגען אַ גענעראַל סטרייק פון קלאָוקמאַכער אין ניו־יאָרק אין פריהלינג פון 1885, וואָס האָבען געפאָדערט די אָפּשאַפונג פון קאָנטראַקטאָר שעפּער און אָט דער סטרייק, ווערט גראָד ניט דערמאָנט פון דר. ל. לעווין אין דער געשיכטע פון דער אינטערנעשאָנאַל. און אַזוי ווי די דאַטומס, וואָס דר. ל. לעווין גיט אָן, זיינען גענומען פון אָפיציעלע רעגי־רונגס ארבייטער סטאַטיסטיק, דאַרף מען דעריבער גלויבען, אַז דער טעות איז ביי א. ראָזענבערגען.

עס ווערט ניט אָנגעגעבען ווי לאַנג דער סטרייק האָט אָנגע־האַלטען, אָבער די סטרייקער האָבען איהם פאַרלאָרען. די מאַנו־פעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן האָט ערקלערט, אַז די קאָנטראַקטאָר

שעפּער קענען ניט אָפּגעשאַפט ווערען, ווייל די מאַנופעקטשורערס קענען ניט קריגען די נויטיגע געביידעס, וואו צו עפענען אַזעלכע גרויסע שעפּער אריינצונעמען אַלע ארבייטער פון די קאָנטראַקטאָר שעפּער. זיי זיינען בלויז ווילינג געווען צו פאַרשפּרעכען, אַז זיי וועלען געבען ארבייט נאָר צו אַזעלכע קאָנטראַקטאָרס, וואָס האָבען שעפּער מיט ווענטילאַציעס, וואו עס קען זיין אַ ריינערע לופט און ס'איז געזינטער צו ארבייטען. זיי האָבען אויך געראַטען די ארבייטער, אַז זיי זאָלען גרינדען קאָאָפּעראַטיווע שעפּער און זיי וועלען זיי געבען ארבייט. אָבער די סטרייקער האָבען עס צוריקגעוויזען און פאָרטגעזעצט דעם סטרייק.

דר. ל. לעווין גיט אָן אייניגע אורזאַכען פאַר וואָס דער סטרייק איז פאַרלאָרען געגאַנגען. ערשטענס האָבען די סטרייקער ניט געהאַט קיין געלט־מיטלען צו פירען לענגער דעם סטרייק. צווייטענס האָבען זיך די קאָנטראַקטאָרס פאַראייניגט מיט די מאַנופעקטשורערס אין קאַמף געגען די ארבייטער. דריטענס האָט די קאַטערס יוניאָן זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די מאַנופעקטשורערס און האָט איינגעשטימט מיט זיי, אַז מען קען די קאָנטראַקטאָר שעפּער ניט אָפּשאַפען. פערטענס האָבען די מאַנופעקטשורערס אימפּאָרטירט פאַרטיגע קלאָוקס פון דייטשלאַנד און האָבען אויף אַזאַ אופן געקענט אויסהונגערען די סטרייקער.

וואָס איז שייך די קאַטערס יוניאָן, איז עס דאָס ערשטע מאָל, וואָס זי ווערט דערמאָנט אין די סטרייקס פון די קלאָוקמאַכער. וואָס עס איז געווען די שטעלונג פון די קאַטערס אין די פריהערדיגע גרויסע קלאָוקמאַכער סטרייקס פון יאָהר 1885 איז ניט באַקאַנט. דזשיימס אָ'ניעל האָט פאַר זיין געשיכטע פון דער קאַטערס יוניאָן זיך באַמיהט צו זוכען וועלכע עס איז מאַטעריאַלען פאַר דער פראַגע, אָבער ער האָט גאָרנישט געפונען. ער זאָגט, אַז ער האָט ניט געקענט געפינען קיין שום דאָקומענטען וואָס פאַר אַ ראָלע די קאַטערס יוניאָן האָט געשפּילט אין יענע סטרייקס.

די אינדעפּענדענט קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן האָט ניט געהאַט קיין לאַנגע יאָהר, זי האָט אין גאַנצען געלעבט פון פריהלינג ביז זומער און אין סעפּטעמבער 1886 האָט מען שוין אָנגעפאַנגען אָרגאַניזירען אַ נייע יוניאָן אונטער דעם נאָמען „יונייטעד קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן".

אָט די נייע קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן איז אָרגאַניזירט געוואָרען דורך דער איניציאַטיווע פון דער סאָציאַליסטישער דייטשער „פאָלקס־צייטונג", וועלכע איז אַרויסגעקומען מיט אַן אויפרוף צו די קלאָוקמאַכער, אַז זיי זאָלען זיך אָרגאַניזירען אין אַ יוניאָן, וואָס זאָל האָבען אַ קיום, און אַז זיי זאָלען איין מאָל פאַר אַלע מאָל באַגרייפען, אַז זיי קענען זיך ניט אָרגאַניזירען בשותפות מיט די קאָנטראַקטאָרס און אַז זיי האָבען מיט זיי גאָר ניט געמיינשאַפטלאַכעס אין זייער קאַמף.

די „פאָלקס־צייטונג" אין איהר רוף צו די קלאָוקמאַכער זיך צו אָרגאַניזירען באַמערקט, אַז די קלאָוקמאַכער האַלטען זיך אין איין אָרגאַניזירען און עס קומט דאָך גאַרנישט אַרויס, כמעט יעדען יאָהר נעמען זיי זיך צונויף און אָרגאַניזירען אַ יוניאָן, אָבער באַלד פאַלט די יוניאָן פונאַנדער און עס בלייבט פון איהר גאָרנישט.

לויט דער מיינונג פון דער „פאָלקס־צייטונג" איז דאָס געווען דערפאַר, וואָס די פירונג פון דער יוניאָן איז איבערגעגעבען געוואָרען אין די הענט פון אייניגע, בעת פאַר דער מיטגלידערשאַפט איז איבערגעבליבען די איינציגע אַרבייט פון צאָלען דיוס.

אונטער דער ווירקונג פון אָט דעם אויפרוף פון דער „פאָלקס־צייטונג" איז געגרינדעט געוואָרען, ווי שוין דערמאָנט, די „יונייטעד קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן", אָבער אויך אָט די נייע יוניאָן האָט ניט לאַנג געלעבט. אין יאַנואַר 1887 האָבען די קלאָוקמאַכער אין ניו־יאָרק שוין אָרגאַניזירט אַ נייע יוניאָן, וועלכע איז באַלד פונאַנדערגעפאַלען און אין 1888 איז אָרגאַניזירט געוואָרען אַ יוניאָן אונטער דעם נאָמען „פּראָגרעסיוו קלאָוקמייקערס יוניאָן", אָבער אויך זי האָט ניט לאַנג געלעבט.

נאָר גאַנץ גלייך ווי לאַנג אָדער ווי קורץ די יוניאָנס, וואָס די קלאָוק אָפּערייטאָרס אָדער די קלאָוקמאַכער אין אַלגעמיין האָבען אָרגאַניזירט, האָבען געלעבט, זיינען סטרייקס אין דער קלאָוק אינדוסטריע געווען אַ שטענדיגע ערשיינונג. זיי זיינען, זינט דעם יאָהר 1886, געוואָרען אַ שטענדיגע אינסטיטוציע. אויב ניט קיין גענעראַל סטרייקס זיינען עס געווען סטרייקס אין איינצעלנע שעפּער אָדער אין עטלאַכע שעפּער מיט אַ מאָל. אין יאָהר 1887, למשל, זיינען פאָרגעקומען דרייסיג סטרייקס, לויט ווי עס גיט אַן

די ביוראָ פון אַרבייטער סטאַטיסטיק פון שטאַאַט ניו־יאָרק. אויך די יאָהרען 1888 און 1889 זיינען געווען רייך מיט קלאָוקמאַכער סטרייקס און אין אָפיציעלען באַריכט פון דער רעגירונג איז דע־מאָלט באַמערקט געוואָרען, אַז דער קלאָוק טרעיד איז געוואָרען באַרימט מיט זיינע סטרייקס.

נאָר דאָס איז אייגענטלאַך ניט געווען די שולד פון די „גריי־נע" קלאָוקמאַכער, וואָס האָבען כסדר געוואָלט סטרייקען און קיין מאָל ניט געוואָלט האָבען אַ יוניאָן. דער אמת איז, אַז זיי האָבען יאָ געוואָלט האָבען אַ יוניאָן און האָבען אָפּגעשאַצט דעם גרויסען ווערט פון אַ יוניאָן. דאָס באַווייזט אַמבעסטען דער פאַקט, וואָס זיי האָבען געמאַכט אַזוי פיל פאַרזוכען און אָנשטרענגונגען צו האָבען אַ יוניאָן און האָבען אָפט געבראַכט גאַנץ שווערע קרבנות צו אָרגאַניזירען זיך אין אַ יוניאָן. עס זיינען אָבער געווען די פאַרשאָלטענע צושטענדען און באַדינגונגען פון דעם קלאָוק טרעיד, וואָס האָבען אַזוי שווער געמאַכט פאַר די קלאָוקמאַכער אין יענער צייט זיך צו אָרגאַניזירען און אויפצוהאַלטען אַ יוניאָן. זיי האָבען מיט זייערע אָרימע, שוואַכע כוחות געדאַרפט קעמפען געגען דער פאַראייניגטער מאַכט פון די רייכע מאַנופעקטשורערס.

דערצו זיינען די רייהען פון די קלאָוקמאַכער געווען ניט פאַראייניגט. די אַרבייטער פון די אינוועניגסטע שעפּער האָבען זיך מייסטענס געהאַלטען אָפּגעזונדערט פון די אַרבייטער אין די קאָנטראַקטאָר שעפּער. די אַרבייטער הענט אין די אינוועניגסטע שעפּער אָדער ווערהייזער זיינען נאָך אַלץ געווען איירישע, דייטשע אָדער אַמעריקאַנער מיידלאַך. די קאַטערס, וועלכע זיינען געווען די איינציגע, וואָס האָבען געהאַט אַ גוט אָרגאַניזירטע יוניאָן, זיי־נען געשטאַנען פון ווייטען פון די קאַמפען פון די „גרינע" קלאָוק־מאַכער. אַ מאָל פלעגט עס אפילו טרעפען, אַז זיי פלעגען זיך שטעלען געגען זיי, ווי דאָס איז געווען דער פאַל אין דעם סטרייק פון 1886. די קאָנטראַקטאָרס זיינען, מיט ווייניג אויסנאַמען, שטענדיג געקומען צו הילף די מאַנופעקטשורערס, ווען עס האָט אויסגעבראָכען אַ סטרייק. און דערצו דאַרף מען אויך נעמען אין באַטראַכט, אַז די מייסטע קלאָוקמאַכער זיינען דעמאָלט גע־ווען ניט בלויז „גרינע" אין לאַנד נאָר אויך „גרינע" אין טרעיד. אַ סך פון זיי זיינען אין דער אַלטער היים בכלל קיין מאָל קיין

ארבייטער ניט געווען ווי, למשל, די מייסטע אפּערייטאָרס און פּרעסערס.

דער קאַמף פון די קלאָוקמאַכער האָט זיך דעריבער מייסטענס געפירט אויף דער ליניע, וואו דער ווידערשטאַנד איז ניט געווען אַזוי שטארק. ער האָט זיך צוברעקעלט אין די איינצעלנע קאָנ־טראַקטאָר שעפּער, וואו מען האָט לייכטער געקענט כאַפּן א ציימווייליגען זיג.

א. ראָזענבערג באשרייבט אין זיינע „ערא‏ינערונגען" ווי אַט די סטרייקס אין די איינצעלנע שעפּער פלעגען זיך פירען.

„ווען ארבייטער פון א געוויסען אויטסייד שאַפּ זיינען ניט צופרידען געווען מיט די פּרייזען, פלעגען זיי זיך צוזאַמענקומען נעבען זייער שאַפּ אין דער פריה, אָדער מיטאָג צייט, און איינער פלעגט מאַכען א פאָרשלאַג, אז היינט זאָל מען ניט ארבייטען. די איבעריגע האָבען אַזאַ פאָרשלאַג אונטערשטיצט, און מען איז גלייך אַוועקגעגאַנגען אויפ'ן מאַרקעט סטריט דאָק, וואו עס איז געווען די העדקוואָרטערס פון די סטרייקענדע קלאָוקמאַכער, אָדער מען איז גאָר אויסגעפאָרען אין „סעינדעלע" (סענטראַל) פּאַרק.

די באָסעס, ניט געפינענדיג זייערע ארבייטער אין שאַפּ, האָבען שוין געוואוסט וואו צו זוכען זייערע לייטע, און נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען האָט מען זיך פאַרגליכען. דער באָס פלעגט געוועהנליך רייזען פינף סענט אויף א גארמענט און „שטעלען א בארעל ביר", דערמיט פלעגען זיך ענדיגען כמעט אלע דאַמאָלסדיגע סטרייקס".

אָבער דער דראַנג פאר אָרגאַניזאַציע, פאר א יוניאָן אין קלאָוק טרעיד האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט. א באַזונדערס וויר־קענדע ראָלע האָבען אין דעם געשפּילט די אפּערייטאָרס, וועלכע זיינען פון אָנפאַנג אָן געווען, אַזוי צו זאָגען, דער זויער־טייג, דער אומרוהיגער עלעמענט אין קלאָוק טרייד און וואָס האָט מער ווי אַלע אנדערע געמאַכט פאַרשידענע פאַרזוכען צו אָרגאַניזירען א יוניאָן. און ווען עס איז געקומען א מער גינסטיגערער מאָמענט איז ענדלאַך א יוניאָן אָרגאַניזירט געוואָרען, וואָס האָט אויך גע־האַט א קיום.

## זיבעטער קאַפּיטעל

# אַפּערייטאָרס און קלאָוקמאַכער יוניאָן נומער 1

אָנשטרענגונגען צו אָרגאַניזירען די קלאָוקמאַכער און שאַפען פאַר זיי אַ פעסטע יוניאָן זיינען געמאַכט געוואָרען סאַי פון אינ־ווענינ, סאַי פון אויסווענינ. עס האָבען זיך באַמיהט אין דער ריכטונג די מער טעטיגע, מער באַוואוסטזיניגע קלאָוקמאַכער אין די שעפער און עס האָבען זיך אויך באַמיהט די אידישע סאָ־ציאַליסטען און אַנאַרכיסטען אויסער די שעפער. וואָס איז שייך צו די סאָציאַליסטען איז אייגענטליך דער גאַנצער פאַרטיי אַפּאַ־ראַט זייערער — די סאָציאַליסטישע אַרבייטער פאַרטיי (ס. ל. פּ.) געווען פאַרנומען מיט אָרגאַניזירען די אימיגראַנטישע אַרבייטער אין טרעיד יוניאָנס. די סאָציאַליסטען האָבען אין ניו־יאָרק אָר־גאַניזירט די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען. און די אַנאַרכיסטען, וועלכע זיינען דעמאָלט געווען גאַנץ שטאַרק טעטיג און האָבען געהאַט אַ באַדייטענדען איינפלוס צווישען די אידישע אַרבייטער, האָבען אויך געטאָן זייער טייל צו אָרגאַניזירען די קלאָוקמאַכער. און אָפט איז די קאָנקורענציע פאַר איינפלוס גע־ווען אַ גאַנץ שטאַרקע.

פאַר די מייסטע אידישע אַרבייטער זיינען דעמאָלטביידע אידעען — דער סאָציאַליזם און דער אַנאַרכיזם — געווען נאָך גאַנץ ניי און ווענינ פון זיי האָבען זיך ריכטיג געקענט פונאַנדער־קלייבען וועגען וואָס מען קריגט זיך. אַפּילו מאַנכע פון די פירער האָבען זיך געפּלאָנטערט צווישען סאָציאַליזם און אַנאַר־כיזם און עס איז געווען פאַר זיי שווער צו באַשטימען וואו זיי באַלאַנגען. אָבער אין איין זאַך זיינען געווען איינשטימיג די סאָציאַליסטען און די אַנאַרכיסטען, אַז די אַרבייטער דאַרפען אָרגאַ־ניזירט ווערען אין יוניאָנס און ביידע האָבען זיך באַמיהט צו העלפען די קלאָוקמאַכער זיך אָרגאַניזירען.

אין דעצעמבער פון 1889 איז, אונטער דער ווירקונג פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, ווידער אַ מאָל אָרגאַני־

זירט געוואָרען אַ דרעם און קלאָוקמאַכערס יוניאָן. אָבער די יוניאָן איז אַרויסגעוואַקסען ניט פון די אָפּערייטאָרס, נאָר פון די שניידערס, די סעמפּעל מאַכער פון די אינוועניגסטע שעפּער.

די אַנטוויקלונג פון דעם קלאָוק טרעיד האָט בּיסלעכווייז געפירט דערצו, אַז אויך אין די אינוועניגסטע שעפּער, וואו עס האָבען פריהער צום גרעסטען טייל געאַרבייט מיידלאַך, זיינען אַריינגעקומען אַלץ מער מענער אַרבייטער. מען האָט געמליך פאַר די סעמפּעלס, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אין די אינוועניגסטע שעפּער, אָנגעפאַנגען נויטיג האָבען ריכטיגע באַלמעלאָכעס, גוט אויסגעלערענטע שניידער. אָט די שניידער, די סעמפּעל מאַכער, האָבען פריהער אָרגאַניזירט אַ געגענזייטיגען אונטערשטיצונגס־פאַראיין און נאָכדעם זיינען זיי געפאַלען אויף אַ פּלאַן, אַז מען זאָל פון דעם פאַראיין מאַכען אַ יוניאָן און, מיט דער הילף פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, איז אין פעברואַר 1889 דאָס דורכגעפיהרט געוואָרען און ווידער אַ מאָל איז געשאַפען געוואָרען אַ דרעם און קלאָוקמאַכער יוניאָן. און דאָס איז פאָרגעקומען אין אַ גינסטיגען מאָמענט.

אין די שעפּער איז געווען אַ סך אַרבייט, אָבער די קלאָוקמאַכער האָבען קוים פאַרדינט אַ הונגער־לוין. אין די אָפּיציעלע באַריכטען פון דער רעגירונג, פון יענער צייט, ווערט דערצעהלט, אַז די קלאָוקמאַכער זיינען די ערגסט־באַצאָהלטע אַרבייטער אין דער באַקליידונגס אינדוסטריע פון ניו־יאָרק. 9 דאָלאַר אַ וואָך פאַר אַן אַרבייטער פאַר אַ פופצען־שטונדיגען אַרבייטס־טאָג, איז געווען דער דורכשניטלאַכער פאַרדינסט. און אויסער דעם הונגער־לוין און דעם לאַנגען אַרבייטס־טאָג זיינען די אַרבייטס־באַדינגונגען אין אַלגעמיין און די באַהאַנדלונג פון די אַרבייטער אין שאַפּ געווען שקלאַפיש. און דערצו האָבען די באָסעס נאָך באַרויבט די אַרבייטער דורך אַ סיסטעם פון פאַרשידענע געלט־שטראָפען. אין דיזעלבּיגע אָפּיציעלע באַריכטען פון דער רעגירונג ווערט איבערגעגעבען, אַז איידער עס פלעגט אויסגעטיילט ווערען צו די קלאָוקמאַכער אין שאַפּ נייע זייד־שפּולעס צום נייהען, פלעגען די לעדיגע אויסגעבויכטע שפּולעס מוזען אומגעקערט ווערען. אויב איינער האָט אַזאַ לעדיגע שפּולע פאַרלאָרען, האָט ער געמוזט צאָלען 50 סענט שטראָף, הגם די ליידיגע שפּולע איז גאָרנישט ווערט געווען. האָט איינער פאַרלאָרען אַ טיקעט (אַ צעטעל)

פון דער ארבייט, האָט ער געדארפט צאָלען 25 סענט שטראָף. אויב איינער האָט פארלאָרען א טיקעט פון צודאטען (טרימינגס), האָט ער געדארפט באצאָלען דעם פולען פּרייז פון די צודאטען, הגם ער האָט זיי נאָך גאָר ניט געקראָגען. דאָס האָט אמאָל גע־קענט אָנטרעפען צען דאָלאר. א חוץ דעם האָט ער נאָך געדארפט צאָלען 25 סענט שטראָף פאר דעם טיקעט גופא. ווען איינער האָט פארלאָרען א ספּעציעלען טיקעט האָט ער געדארפט צאָלען שטראָף פון 50 ביז 75 סענט. אין מאנכע שעפּער האָבען די ארבייטער ניט געטאָרט ברייננגען קיין געקאָכטע עסען פון דער היים, אין אנדערע האָבען זיי ניט געטאָרט טרינקען קיין ביר. פאר קומען פינף מינוטען שפּעט צו דער ארבייט פלעגען שטיק־ארבייטער ארויסגעוואָרפען ווערען פון שאפּ. וואָך־ארבייטער פלעגען באשטראָפט ווערען מיט דריי שטונדען ארבייט פאר קומען א האלבע שטונדע שפּעט.

און אָט וואָס א. ראָזענבערג דערצעהלט אין זיינע „ערינע־רונגען" וועגען יענער צייט:

„דער העכסטער פּרייז פאר וואָכען פּרעסערס איז געווען צעהן דאָלאר א וואָך. דערצו איז נאָך דער פּרעסער געווען א ריכטיגער שקלאָף אין שאפּ. יעדער פּרעסער האָט געמוזט ווארע־מען די אייזענס, ענטוועדער אויף פייער פּליטעס אָדער אויף אזעל־כע רונדע אויוועגס, וואו מען פלעגט ארומשטעלען אלע אייזענס.

יעדער פּרעסער האָט געמוזט אריינקומען א פּאָר שטונדען פריהער ווי די איבעריגע ארבייטער אין שאפּ: צו מאכען פייער אין די אויוועגס, ארונטערצוטראָגען די אשעס, אויסקעהרען דעם שאפּ און צוזאמענקלייבען די סטרייפּען סים־ביינדינג, וואָס די אפּערייטאָרס האָבען דעם פאָריגען טאָג פונאנדערגעוואָרפען אי־בער'ן שאפּ. דערצו נאָך, ווען דער באָס האָט געדארפט אוועק־טראָגען א באָנדעל ארבייט אין ווערהויז, אָדער עס האָט אויסגע־פעהלט טרימינג, האָט דער פּרעסער דאָס געדארפט טאָן. אחוץ דעם איז נאָך געווען אן עקסטרא צרה: די גרעסטע צאָל קלאָוק־שעפּער זיינען געווען אין טענעמענט הייזער, און די בעלי־בתים האָבען דאָרטען געוואוינט אויך. און גאנץ אָפט פלעגט טרעפען אז די מיסעס האָט געדארפט וואשען וועש, האָט זי אויפ'ן פייער־פּליים ארויפגעשטעלט א גרויסען קעסעל מיט וועש צום קאָכען,

און ניט זעלטען פלעגט זיך אויף דעם פּרעסער איבערקעהרען דער הייסען קעסעל מיט וועש און איהם אָפּבריהען אָדער פאַרברענען די הענט".

אין דער לעצטער וואָך פון יאַנואַר 1890 האָט אויסגעבראָכען א סטרייק, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט איבער א באַדייטענדע צאָל שעפּער, צווישען זיי אויך אייניגע אינוועגניסטע שעפּער. די צאָל פון די סטרייקערס איז שוין געווען איבער דריי טויזענד, אָבער קיין טאָלק איז נאָך ניט געווען. עס איז ניט געווען קיין אָרגאַ־ניזאַציע, וואָס זאָל פירען דעם סטרייק און האַלטען די סטרייקערס פאַראייניגט. די סטרייקער האָבען זיך דעריבער געווענדעט צו די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען פאַר פירערשאַפט. די געווערקשאַפטען האָבען גלייך ערוועהלט א קאָמיטע, וואָס איז באַשטאַנען פון יאָזעף באַראָנדעס, מ. שאָך און ב. וויינשטיין, דער דאַמאָלסדיגער סעקרעטער פון דער אָרגאַניזאַציע. די סטרייקער זיינען געווען פאַרזאַמעלט אין 92 העסטער סטריט און די קאָמיטע פון די געווערקשאַפטען האָט זיך גלייך גענומען צו אָרגאַניזירען זיי אין א יוניאָן. די ארבייט איז איבערגעגעבען געוואָרען צו באַראָנדעסען, וועלכער איז נאָך געווען ניט לאַנג אין לאַנד און האָט געאַרבייט אַלס אַן אַפּערייטאָר ביי קינדער־הויזען (ניפּענטס). ער האָט שוין אָבער דעמאָלט זיך אויסגעצייכענט אַלס א גוטער, טעמפּעראַמענטפולער רעדנער און ענערגישער אַגיטאַטאָר. ער האָט אויף די סטרייקענדע קלאָוקמאַכער געהאַט א באַזונדערס שטאַרקע ווירקונג און איהם האָט זיך איינגעגעבען צו אָרגאַניזירען זיי אין א יוניאָן פון וועלכער ער איז געוואָרען דער פיהרער.

דער סטרייק איז באַלד געוואונען געוואָרען. און צווישען די געוואונענע פאָדערונגען איז אויך געווען די אַנערקענונג פון דער יוניאָן. אפילו מייער דזשאַנאַסאָן אליין, וואָס איז דעמאָלט גע־ווען דער גרעסטער קלאָוקמאַנופעקטשורער, איז געקומען צו דער יוניאָן אין 92 העסטער סטריט און האָט אונטערגעשריבען אן אָפּמאַך מיט דער יוניאָן. צום סוף פון חודש פעברואַר איז שוין דער סטרייק געווען געענדיגט.

דער נאָמען פון דער ניי־אָרגאַניזירטער יוניאָן איז געווען „אפּערייטאָרס ענד קלאָוקמייקערס יוניאָן נאָמבער וואַן".

דער נאָמען באַווייזט, אז די אפּערייטאָרס האָבען געשפּילט



יוסף באַראָנדעס
אין דער צייט ווען ער איז געווען פארבונדען מיט דער קלאָוקמאַכער-יוניאָן

די הויפּט ראָלע אין דער ניי־אָרגאַניזירטער יוניאָן, וועלכע איז געווען גאַנץ־ערפאָלגרייך.

אין דעם באַריכט פון דער יוניאָן, דעם 14טען מערץ, 1890, ווערט דערצעהלט, אַז זי האָט צוויי טויזענד און אַכט הונדערט מיטגלידער.

איז אָבער געווען אַ פראַגע ווי אַזוי קאָנטראָלירט מען אַזאַ גרויסע צאָל מיטגלידער און ווי האַלט מען אָפּ מיט זיי פאַרזאַמ־לונגען צו פאַרהאַנדלען די אנגעלעגענהייטען פון דער יוניאָן. האָט מען צוערשט געמאַכט אַ פּלאַן, אַז מען זאָל איינטיילען די מיטגלידער פון דער יוניאָן אין 9 אָפּטיילונגען, לויט די גרעסערע קלאָוק פירמעס פון דער שטאָדט. אָבער די דאָזיגע איינטיילונג האָט זיך גלייך ארויסגעוויזען פאַר ניט קיין געראָטענע און מען האָט אויסגעטראַכט אַן אַנדער פּלאַן. מען האָט איינגעטיילט די מיטגלידער פון דער יוניאָן צו דריי הונדערט אין אַן אָפּטיילונג, לויט די נומערען פון זייערע יוניאָן־ביכלאַך. די מיטגלידער פון נומער 1 ביז נומער 300 האָבען באַלאַנגט צו דער ערשטער אָפּטיי־לונג, פון 300 ביז 600 האָבען באַלאַנגט צו דער צווייטער אָפּ־טיילונג א. אַז. וו. אין פאַרלויף פון זעקס וואָכען צייט האָט די יוניאָן שוין געהאַט עלף אָפּטיילונגען מיט איבער דריי טויזענט מיטגלידער.

דעם ערשטען מאַי האָט די יוניאָן אַנטייל גענומען אין דער דעמאָנסטראַציע, וואָס די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אָרגאַ־ניזירט, און די קלאָוקמאַכער האָבען זיך זעהר שטאַרק אָנגעזעהן. עס ווערט אָנגעגעבען, אַז ארום 7 טויזענט קלאָוקמאַכער האָבען אַנטייל גענומען אין דער ערשטער מאַי דעמאָנסטראַציע, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס עס האָט געגאָסען אַ שטאַרקער רעגען. די דעמאָנסטראַציע האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק אין שטאָדט און גאַנץ באַזונדערס אויף די קלאָוק מאַנופעקטשורערס.

די קלאָוק־מאַנופעקטשורערס האָבען צוריק אויפגעלעבט זייער אַסאָסיאיישאָן און האָבען זיך אָנגעפאַנגען גרייטען צו פאַרפירען אַ קאַמף מיט דער יוניאָן, ווען עס וועט זיך זיי נאָר מאַכען די פּאַ־סענדע געלעגענהייט. און זיי האָבען אויף דעם לאַנג ניט גע־דאַרפט וואַרטען. זיי האָבען די געלעגענהייט געקראָגען אין קנאַפּע דריי וואָכען נאָך דער גרויסער ערשטער מאַי דעמאָנ־סטראַציע.

## אכטער קאפיטעל

# דער סטרייק פון די אפערייטארס און דער לאקאוט

דעם 19טען מאי 1890, דערצעהלט די ביורא פון ארבייטער־סטאטיסטיק פון שטאאט ניו יארק, האבען צוויי פון די גרויסע קלאוק־מאנופעקטשורערס אויסגעשלאסען פון זייערע אינסאיד־שעפער אייניגע ארבייטער, וועלכע זיי האבען געהאלטען פאר זעהר אקטיווע מיטגלידער פון דער יוניאן. די אפערייטארס אין איינעם פון די צוויי שעפער זיינען גלייך ארויס אין סטרייק. אויף דעם האט די פירמע געענטפערט מיט א לאקאוט אויף די אפערייטארס פון אלע איהרע אוטסאיד שעפער. די יוניאן האט גלייך ערקלערט א סטרייק ביי דער פירמע און האט ארויסגענומען אלע איהרע ארבייטער אין סטרייק. און דא האט זיך אנגעפאנגען איינער פון די גרויסע קאמפען אין דער געשיכטע פון דער קלאוק־אינדוסטריע. אייניגע פון די גרויסע מאנופעקטשורערס זיינען נעמליך געקומען צו דער הילף פון דער געטראפענער פירמע אין איהר קאמף מיט דער יוניאן און האבען געמאכט א לאקאוט אויף זייערע ארבייטער. ווי די „ארבייטער צייטונג" פון יענער צייט גיט איבער, זיינען אין דער לעצטער וואך פון מאי שוין געוועזען ארום צוויי טויזענד קלאוקמאכער, וואס זיינען אויסגעשלאסען געווארען פון זייערע שעפער.

די לאגע האט אנפאנגס אויסגעקוקט ניט איבעריגנס גינסטיג פאר די סטרייקער, אבער דעם 9טען יוני האט זי זיך באדייטענד געענדערט צום בעסערען. די סטרייק־באוועגונג האט נעמליך אויך פארכאפט די קאטערס, וועלכע האבען זיך פריהער אין דעם קאמף ניט באטייליגט. די ערשטע קאטערס, וועלכע זיינען צו־געשטאנען צום סטרייק, זיינען געוועזען פון דער פירמע מייער דזשאנאסאן. אייניגע מיטגלידער פון דער מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן האבען אין אייניגע טעג ארום, דעם 14־טען יוני, געענטפערט מיט א לאקאוט אויף זייערע קאטערס. דער סטרייק האט זיך פאנאנדערגעוואקסען און די אפערייטארס מיט די קא־טערס איז געלונגען צו קריגען אויף זייער זייט די קאנטראקטארס,

וועלכע האָבען זיך אָרגאַניזירט אין אַ פאַראיין. די אַלע דריי אָרגאַניזאַציעס — די אָפּערייטאָרס און קלאָוקמאַכער יוניאָן נומער 1, די יונאַיטעד קלאָוק ענד סוט קאַטערס אַסאָסיאיישאָן און די קאָנטראַקטאָרס אַסאָסיאיישאָן האָבען צוזאַמען אָרגאַניזירט אַ קאָמיטע אונטער דעם נאָמען „אַמאַלגאַמייטעד באָארד אָוו דעלע־גייטס”, וואָס האָט איבערגענומען די אָנפירונג פון סטרייק.

דער סטרייק און דער לאָקאַוט איז אָבער נאָך ניט געווען קיין אַלגעמיינער, אין אַ געוויסער צאָל שעפּער האָט מען נאָך געאַרבייט. ערשט דעם 10־טען יולי איז ער געוואָרען אַלגעמיין. אַלע מיטגלידער פון דער קלאָוק־מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן האָבען נעמליך ערקלערט אַ לאַקאַוט אויף אַלע אַרבייטער אין זייערע שעפּער און האָבען זיי געלאָזט וויסען, אַז זיי קענען ביי זיי קיין אַרבייט צוריק ניט קריגען ווי לאַנג זיי וועלען ניט אַרויס־טרעטען פון די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס, צו וועלכע זיי באַ־לאַנגען. אויף דעם לאַקאַוט האָט די יוניאָן ערקלערט אַ סטרייק אין אַלע שעפּער וואָס האָבען געאַרבייט פאַר די מיטגלידער פון דער מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן.

דער דאָזיגער לאַקאַוט־סטרייק וועלכער האָט אַרומגענומען די גאַנצע קלאָוק־אינדוסטריע פון ניו יאָרק, האָט אַרויסגערופען גרויס אויפזעהן אין שטאָדט. די גרויסע צייטונגען פון ניו יאָרק האָבען וועגען איהם אַ סך געשריבען און אין אַ סימפּאַטישען טאָן צו די סטרייקער. די עפענטליכע מיינונג אין אַלגעמיין איז געווען פריינדליך צו די סטרייקער. מען פלעגט אַפילו פאַר זיי זאַמלען געלט אין מאַנכע קירכען. אַ באַזונדערס וויכטיגע ראָלע אין דעם קאַמף האָט געשפּילט איינער אַ טהאָמאַס גאַרסאַיד, וואָס די סטרייקער האָבען אַפילו ניט געוואוסט גענוי ווער ער איז. מען האָט געזאָגט, אַז ער איז אַ פּראָפעסאָר אין קאָלעדזש. אַנ־דערע האָבען געזאָגט, אַז ער איז אַ פּאַסטאָר פון אַ קירך, און נאָך אַנדערע האָבען געזאָגט, אַז ער איז אַ פאַרדעכטיגע פּערזענ־ליכקייט. אָבער ער איז געווען זעהר אַ גוטער רעדנער און פלעגט דערביי קריגען געלט פאַר די סטרייקער און ער איז אויף אַזאַ אופן געוואָרען איינער פון די הויפּט־פירער פון סטרייק. ער פלעגט האַלטען וועגען סטרייק רעדעס אין קירכען, שרייבען אין די צייטונגען און געוואונען אַ סך סימפּאַטיע פאַר די סטרייקער. דזשיימס אָניעל אין זיין געשיכטע פון קאַטערס לאָקאַל 10

גיט איבער די פאָלגענדע ידיעות, וואָס ער האָט געזאמעלט וועגן אָט דעם גארסאיד'ען :

ער איז געווען אַ יונגער מאַן מיט אַ שעהנעם אויסזעהן און אַן עקסצענטרישען כאראַקטער. ער איז געקומען אין אמעריקא פון שאָטלאַנד, ענגלאַנד. ער האָט אָנפאַנגס שטודירט צו ווערען אַ פּאַסטאָר, אָבער דורך אַ באַקאַנטשאַפט מיט די דייטשע סאָציאַליסטען איז ער געוואָרען אַ סאָציאַליסט און אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי. אין אַ געוויסער צייט ארום האָט איהם די סאָציאַליסטישע ארבייטער־פּארטיי (ס. ל. פּ.) אויסגעשלאָסען אויף דער באשולדיגונג, אַז ער איז אַ שווינדלער. שפּעטער איז ער געוואָרען טעטיג ביי די אנארכיסטען און דורך זיי איז ער עס אויך געקומען צו די סטרייקענדע קלאָוקמאכער.

ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס דער סטרייק האָט זיך לאַנג פארצויגען און וואָס די סטרייקער האָבען געליטען גרויס נויט זיינען זיי דאָך געשטאַנען פעסט אין קאמף און קיינער האָט ניט פארלאָזען די רייהען. די סטרייקערס פלעגען אָפט מאכען גרויסע דעמאָנסטראַציעס אין די גאַסען און פלעגען יעדען מאָל שווערען, אַז זיי וועלען שטעהן אין קאַמף ביז ער וועט געוואונען ווערען.

די אנטשלאָסענקייט פון די סטרייקער און זייער אייניגקייט האָט געהאַט אַ ווירקונג אויף די מאַנופעקטשורערס. זיי האָבען איינגעזעהן, אַז דער קאמף וועט זיי קאָסטען צו טייער און זיי האָבען אָנגעפאַנגען פירען אונטערהאנדלונגען וועגען אַן אויסגלייך מיט די סטרייקער. די ערשטע קאָנפערענץ צווישען פאַרטרעטער פון דער מאנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן און דער „אמאַלגאמייטעד באָארד" פון די סטרייקערס זיינען פאָרגעקומען דעם 12טען יולי. דאָס האָט ארויסגערופען גרויס פרייד ביי די אויסגעמאַטערטע און אויסגעהונגערטע סטרייקער. אַ מאַס־מיטינג איז גערופען געוואָרען אין קופּער יוניאָן אָבער ער האָט ווייט ניט געקענט ארייננעמען אַלע וואָס זיינען געקומען.

נאָך דריי טעג פארהאנדלונגען איז געשלאָסען געוואָרען אַן אָפּמאַך, וועלכער איז אונטערגעשריבען געוואָרען פון די פאַרטרעטער פון דער מאנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן און פון גאַרסאיד'ען און פון דעם פּרעזידענט פון דער קאַטערס יוניאָן פאַר די סטרייקער. לויט דעם אָפּמאַך האָבען די מאנופעקטשורערס זיך פארפליכטעט צו אָנערקענען די יוניאָן, אַז אַלע שטרייטיג־

קייטען צווישען זיי מיט די ארבייטער זאָלען ארביטרירט ווערען, אז אַלע סטרייקערס מוזען צוריק אָנגעשטעלט ווערען און אז די קאַטערס מוזען קריגען באצאָלט פאַר דער צייט, וואָס זיי האָבען געסטרייקט. עס זיינען אָבער די צוויי הויפּט-וויכטיגע פאָדע־רונגען פון די סטרייקער, וועגען פרייזען פון שטיק־ארבייט און אוועקשיקען די סטרייק־ברעכער, אין גאַנצען אויסגעלאָזען גע־וואָרען פון אָפּמאַך.

ווי נאָר עס איז באַקאַנט געוואָרען דער אינהאַלט פון דעם אָפּמאַך צווישען די סטרייקער האָבען זיך אָנגעפאַנגען שטארקע פּראָטעסטען. נאָר אזוי ווי דער אָפּמאַך איז געשריבען געוואָרען אין ענגליש, וואָס איז דעמאָלט פאַר די קלאָוקמאַכער געווען כמעט אין גאַנצען א פרעמדע שפּראַך, האָט מען איהם גענומען צו אב. קאַהאַן, אז ער זאָל פאַרטייטשען אויף אידיש, וואָס אין איהם שטעהט. קאַהאַן האָט ערקלערט, אז עס איז זעהר אַ שלעכ־טער אָפּמאַך פאַר די ארבייטער, דער ערגסטער אָפּמאַך וואָס האָט נאָר געקענט געמאַכט ווערען. די סטרייק־קאָמיטע האָט גלייך גערופען אַ מאַס־מיטינג, אויף וועלכען אב. קאַהאַן און באראָנדעס האָבען ערקלערט די פּונקטען פון אָפּמאַך און ביי דער אָפּשטימונג זיינען געווען טויזענד און 536 פאַר צוריקווייזען דעם אָפּמאַך און בלויז 20 פאַר איהם.

אב. ראָזענבערג דערצעהלט וועגען דעם מיטינג פאָלגענדעס:

„דער ענטוזיאזמוס איז געווען ניט צו באשרייבען. מענער און פרויען זיינען געשפּרונגען אויף די טישען. די געשרייען האָט מען געקענט הערען פאַר א צעהנדליג בלאָקס. ווען דער עולם האָט זיך אביסעל אָפּגעקילט, האָט דער טשערמאַן פון מיטינג ערקלערט, אז אָבוואָל אַלע האָבען געשטימט פאַר סטרייקען, אָבער אזוי ווי צו סטרייקען דאַרף מען האָבען געלט, און דאָס איז גראָד ניטאָ, ווייל אַלע קוועלען זיינען שוין אויסגעשעפּט, דאַרום וואָלט ער ראַטען מען זאָל נאָך אמאָל זיך איבערלעגען.

„אין דער זעלבער מינוט איז איינער פון דער מאַסע צוגע־קומען צום טשערמאַן, און ארונטערגעמענדיג א רינג פון פינגער האָט ער דעם טשערמאַן ערקלערט, ער זאָל דיזען רינג פארקויפען אָדער פאַר׳משכונ׳ען און דאָס געלט געבען צו די סטרייקערס. אין די נעקסטע פאָר מינוטען זיינען ביים טשערמאַן אויפ׳ן טישעל

געלעגען אנגעווארפען רינגען, וואטשעס, אוירינגלאך, בראשעס און אנדערע שטיקלאך דזשולערי.

„אלע האבען געשריען אז מען זאל דאס פארקויפען און ווייטער אנפירען דעם סטרייק.

„יעדער וואס האט בייגעוואוינט דיזע סצענע, וועט איהר געדענקען זיין גאנצען לעבען. אייניגע האבען געוויינט. אנדערע האבען געשריען און זיך געהיצט. דער גאנצער לאקאל מיט מענשען האט אויסגעזעהן ווי א גרויסער קאך־קעסעל. איך שטעל מיר פאר, אז אזוי האט געמוזט אויסזעהן אין דער מדבר, ווען מען האט געדארפט מאכען דעם עגל הזהב, ווען די פרויען האבען ארונטערגעריסען זייערע אוירינגלאך און אריינגעווארפען אין פייער, עס זאל ארויסקומען א וואס גרעסערע קאלב.”

דער סטרייק איז אויף אזא אופן פארטגעזעצט געווארען. און ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס די קאטערס זיינען געגאנגען צוריק צו דער ארבייט און די פריהערדיגע פריינדליכע באציהונג פון די צייטונגען צו די סטרייקער איז פארוואנדעלט געווארען אין א פיינדליכער און די פאליציי האט אנגעפאנגען שטארקער פארפאלגען די סטרייקער און עס האבען זיך געפונען ריכטער, וואס האבען זיי געסטראשעט, אז זיי וועלען זיי פארשיקען אין געפענגניש, זיינען דאך די סטרייקער געשטאנען פעסט אין זייער קאמף. ווען די מאנופעקטשורערס האבען דערזעהן, אז זיי וועלען פארלירען דעם סעזאן, ווען דער סטרייק וועט ניט באלד פארענדיגט ווערען, האבען זיי באשלאסען זיך צו בויגען און האבען אין א וואך ארום, דעם 23־טען יולי, געשיקט א שליח צו באראנדעס'ען, אז זיי ווילען מיט איהם האבען א קאנפערענץ. באראנדעס איז געקומען צו דער קאנפערענץ און האט פארגעלייגט די מאנופעקטשורערס די פאדערונגען פון די סטרייקער און ער האט זיי געזאגט, אז זיי מוזען זיי אננעמען אדער צוריקווייזען, ווייל זיי וועלען זיי גארנישט אפדינגען.

די מאנופעקטשורערס האבען נאכגעגעבען און דער סטרייק איז דעם 25טען יולי פארענדיגט געווארען מיט א פולען זיג

באראנדעס איז געווארען דער אונבאשטרייטבארער פולער פירער פון די קלאוקמאכער. די רעפארטערס אין די ענגלישע צייטונגען פלעגען שרייבען זיין נאמען „בארא́ן דע עס” און האבען איהם גערופען „דער צאר פון די קלאוקמאכער”.

## ניינטער קאַפּיטעל

# די ערשטע נייה־מאַשינען מיט דאַמף־קראַפט

די לאַגע פון די קלאָוקמאַכער איז זעהר פיל פאַרבעסערט געוואָרען דורכ'ן סטרייק. איינער פון די גרויסע געווינסען פון די קלאָוקמאַכער אין דעם סטרייק איז געווען וואָס עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרען די סיסטעם פון אינסאַיד קאָנטראַקטאָרס, אונטער וועלכער עס האָט עקזיסטירט אַ דאָפּעלטע עקספּלואַטאַציע פאַר די מייסטע ארבייטער אין שאַפּ. אונטער דער סיסטעם פלעגען די גרעסערע בריות און די שטאַרקערע יחסנים פון די ארבייטער אין שאַפּ עקספּלואַטירען די שוואַכערע ארבייטער אויף זייער אייגענעם חשבון. ער, דער יחסן, פלעגט אָפּמאַכען דעם פּרייז מיט'ן מאַנופעקטשורער און ער האָט געהאַט עטליכע ארבייטער אין שאַפּ וואָס פלעגען ארבייטען פאַר איהם. אזוי פלעגט זיך זיצען אין שאַפּ אַן אָפּערייטאָר ארומגערינגעלט פון עטליכע אָפּערייטאָרס, וואָס פלעגען ארבייטען פאַר איהם, און אזוי איז עס געווען מיט די פּרעסערס און מיט די פינישערס. דאָס האָט דער סטרייק אָפּגעשאַפט. דער ארבייטס־לוין איז באַדייטענד געהעכערט געוואָרען און די באַהאַנדלונג פון די ארבייטער און די ארבייטס־באַדינגונגען אין אַלגעמיין זיינען פיל פאַרבעסערט געוואָרען. די אָפּערייטאָרס, וואָס האָבען געאַרבייט פון שטיק, האָבען באַזונדערס גוט פאַרדינט. עס זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבען געמאַכט איבער 15 דאָלאַר אַ טאָג. אַ קלאָוקס־אָפּערייטאָר איז געוואָרען אַ גרויסער יחוס.

די יוניאָן איז נאָכ'ן סטרייק ניט נאָר ניט צופאַלען געוואָרען, ווי עס איז פריהער געווען דער מנהג, נאָר זי איז שטאַרקער געוואָרען און האָט געוואונען מיטגלידער. צום סוף פון יאָהר האָט די אָפּערייטאָרס און קלאָוקמאַכער יוניאָן נומער איינס געצעהלט איבער 7 טויזענד מיטגלידער און האָט געהאַט 24 אָפּ־

טיילונגען. אָבער עס האָבען זיך באַלד אָנגעפאַנגען צרות אין דער יוניאָן און אַ ביסעל שפּעטער אויסער דער יוניאָן.

עס איז געווען אַ גרויסע יוניאָן אָבער עס האָט איהר געפעלט ערפאַרענע פירער און פאַרוואַלטער און עס איז ניט געווען פון וואַנען זיי צו נעמען. די עקזעקוטיווע פון דער יוניאָן האָט זיך קיינמאָל ניט געקענט ספּראַווען מיט דער אַרבייט. זי האָט איינפאַך ניט געוואוסט ווי די אַרבייט צו טאָן, ווייל קיינער פון דער עקזעקוטיווען האָט ניט געהאַט די נויטיגע ערפאַרונג. אַ מיטינג פון דער עקזעקוטיווע פלעגט געוועהנליך דויערען אַ גאַנצע נאַכט און דאָך פלעגט אָפט קיין צייט ניט זיין אויפצונעמען די קאָמיטעס וואָס פלעגען קומען פון די שעפּער מיט פאַרשידענע פראַגען און קלאַגען.

א. ראָזענבערג אין זיינע „עראינערונגען" דערצעהלט:

„עס פלעגט אָפט פּאַסירען אַז די קאָמיטעס האָבען פאַרלאָרען זייער געדולד און האָבען איינגעבראָכען די טירען. מען קען זיך שוין פאָרשטעלען וואָס דאָרטען האָט זיך דאַן אָפּגעטאָן. טשערס און טישען זיינען געפלויגען אין די קעפּ, און די דעלעגאַטען זיינען אָפט געצוואונגען געווען אויסצולעשען די גאַז, איבערלאָזענדיג זייערע רעק און העטס און אַנטלויפען דורך די פייער־עסקייפּס, כדי זיי זאָלען ניט קריגען צובראָכען די ביינער.

„במעט נאָך יעדען עקזעקוטיוו מיטינג האָט מען געמוזט אָפּקויפען די דעלעגאַטען נייע העטס. ווייל זייערע אַלטע זיינען צובראָכען געוואָרען אין די פייטס מיט די אויפגערעגטע קאָמיטע לייט.

„אַם שטאַרקסטען האָבען זיך אין די פייטס אויסגעצייכענט איינציגע פּרעסערס. איינער אַ פּרעסער מיט'ן נאָמען פּיזועלע דער שכור, וועלכער האָט זיך גערופען פּייפּקע. צי ער האָט געדאַרפט האָבען צו דער עקזעקוטיווע צי ניט, במעט יעדע נאַכט איז ער געווען ביי דער טיר מיט אַ פלאַש שנאַפּס אין האַנט, איינגעבראָכען די טיר און זיך אוועקגעשטעלט אויפ'ן מיטען פלאָר און צו אַלע דעלעגאַטען געטרונקען „לחיים" און געהט טוט איהם עפּעס... ברענגען אַ פּאָליסמאַן און איהם ארויסוואַרפען האָט פאַר דער יוניאָן ניט געפּאַסט, און מען האָט איהם געמוזט דולדען.

א צווייטער איז געווען א געוויסער גאָטעסמאַן. ער פּלעגט עפענען די טיר, כאַפּען דעם ערשטען טשער וואָס איז איהם געקומען אין האַנט, און גלייך מכבד געווען מיט איהם דעם טשערמאַן אין קאָפּ.

„א דריטער איז געווען א געוויסער פּרעסער לאַנגער. דיזער לאַנגער איז געווען ארום זיבען פוס הויך. דאָר איז ער געווען ווי א שטעקען, האָט געהאַט א קליין, שיטער בערדעל, און האָט אימער געהאַלטען א שמעק טאַבאַק אין די פינגער. געהענדיג האָט ער אויסגעזעהן ווי א לולב. ווען דיזער לאַנגער האָט יעמאַנדען געגעבען א פּאַטש האָט מען זיך געקענט זעהן מיט דער עלטער־באָבען פון יענער וועלט...

„אונטער אזעלכע אומשטענדען איז די עקזעקוטיוו באָארד אָפט געצוואונגען געווען צו האַלטען איהרע מיטינגען אין ברוקלין אָדער ערגעץ אפּ־טאַון אין א קעלער, וואו קיינער זאָל ניט קענען אויסגעפינען, און דאָס האָט זעהר שווער געמאַכט די ארבייט פון מענעדזשען דעם אָפיס. חוץ אלעם דעם איז די עקזעקוטיוו באָארד צוטיילט געווען אין באַראָנדעסיסטען און גאַרסיידיסטען. ביידע פון זיי האָבען געהאַט חסידים, און דיזע חסידים האָבען איינע געגען די אַנדערע פאַרשפּרייט סלוכען פון אונעהרליכקייט און אונטרייהייט צו דער יוניאָן. עס האָט גענומען א שטיקעל צייט ביז מען האָט ענדליך אויסגעפונען, אז גאַרסייד איז ניט פּאַסענד צו זיין דער לידער פון דער יוניאָן, און מען האָט איהם געגעבען דעם דרך.“

אָבער מיט גאַרסאַיד׳ס אוועקגעהן איז נאָך אלץ ניט גע־שאַפען געוואָרען קיין שלום אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן. אין דער ווירקליכקייט האָט גאַרסייד שוין א רעכטע צייט פאַר זיין אוועקגעהן אויפגעהערט שפּילען א וויכטיגע ראָלע אין דער יוניאָן. די הויפּט־שטרייטיגקייטען וואָס האָבען זיך אַנטוויקעלט אין דער יוניאָן זיינען געווען פון אַן אידעאישען כאַראַקטער. עס האָט זיך אַנטוויקעלט א קאַמף צווישען די סאָציאַליסטען און אַנאַר־כיסטען.

אין דער יוניאָן איז קיינמאָל ניט אָפּגעטיילט געוואָרען דער טאָג־טעגליכער עקאָנאָמישער קאַמף פון סאָציאַליסטישען אָדער אַנאַרכיסטישער קאַמף. דאָס איז געווען גאַנץ נאַטירליך. די

גרינדער, די אָרגאַניזירער און די פירער פון דער יוניאָן זיינען געווען טעטיגע סאָציאַליסטען און אַנאַרכיסטען. די סאָציאַליס־טישע אידעען און די אַנאַרכיסטישע זיינען נאָך דעמאָלט געווען אַזוי פריש און אַזוי טייער ביי זייערע אָנהענגער.

פאַר'ן סטרייק האָבען די אַנאַרכיסטען געהאַט מער איינפלוס אין דער יוניאָן. אָבער נאָכ'ן סטרייק האָט זיך די לאַגע גע־ענדערט. די סאָציאַליסטען זיינען אין דעם סטרייק געווען שטאַרק טעטיג און זיי האָבען געוואונען אַ גרויסען איינפלוס צווישען די קלאָוקמאַכער.

דער גרויסער אַרבייטער־עולם האָט דעמאָלט אין אַלגעמיין ניט אַזוי קלאָר זיך פאַנאַנדערגעקליבען צווישען סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם. אפילו צווישען די פירער זיינען ניט אַלע געווען אַזוי קלאָר און פעסט אין דער פראַגע. באַראָנדעס גופא איז, איידער ער איז געוואָרען דער פירער פון די קלאָוקמאַכער, געווען מיט די סאָציאַליסטען, אָבער שפּעטער איז ער געוואָרען נעהנטער צו די אַנאַרכיסטען. ער האָט זיך, אמת, ניט ערקלערט פאַר אַן אַנאַרכיסט, אָבער ער איז דאָך אין דער יוניאָן געשטאַנען מעהר אויף זייער זייט און דאָס האָט דעם קאַמף צווישען די סאָציאַ־ליסטען און אַנאַרכיסטען אין דער יוניאָן נאָך שאַרפער געמאַכט. אויסער דעם פּרינציפּען קאַמף איז עס שוין אויך געוואָרען אַ באַראָנדעס קאַמף.

אָבער אָט דער שטענדיגער קאַמף צווישען די סאָציאַליסטען און די אַנאַרכיסטען האָט די יוניאָן ניט אָפּגעשוואַכט. מען האָט טאַקע אויף די יוניאָן־מיטינגען מער דעבאַטירט וועגען סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם ווי וועגען די טאָג־טעגליכע פראַגען פון דער יוניאָן, אָבער אין יענער צייט האָבען די פראַגען פון סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם גאַנץ שטאַרק אינטערעסירט דעם אידישען אַרבייטער־עולם. און אין דער צייט האָבען זיך די קלאָוקמאַכער ביסלאַכווייז אויך אויסגעלערענט ווי צו פירען אַ יוניאָן. די שעפער זיינען גאַנץ גוט קאָנטראָלירט געוואָרען און די יוניאָן האָט גאַנץ גוט אויפגעפּאַסט, אַז יוניאָן־באַדינגונגען זאָלען אָפּגעהיט ווערען.

די יוניאָן האָט אויף אַ גאַנץ איבערציינגענדען אופן אַרויס־געוויזען איהר מאַכט ווען זי איז אָנפאַנג 1891 געשטעלט גע־

וואָרען פון די קאָנטראַקטאָרס אויף פּראָבע, דורך דעם לאָקאוט, וואָס זיי האָבען געמאַכט אויף זייערע אַרבייטער.

די פריינדשאַפט וואָס איז געשלאָסען געוואָרען צווישען דער יוניאָן און די קאָנטראַקטאָרס אין דער צייט פון דעם גרויסען לאָקאוט-סטרייק, ווען זיי האָבען בשותפות געקעמפט געגען די מאַנופעקטשורערס, איז גאַנץ גיך אָפּגעקילט געוואָרען. דאָס איז געווען גאַנץ נאַטירליך. די קאָנטראַקטאָרס האָבען פון דעם געוואונענעם קאַמף געוואָלט קריגען וואָס מער אויף זייער חלק. אָבער די אַרבייטער האָבען פּונקט דאָסזעלביגע געוואָלט פאַר זיך. די קאָנטראַקטאָרס זיינען דעריבער ווידער אַמאָל געוואָרען שונאים פון דער יוניאָן.

דערצו האָט עפּעס פּאַסירט אין דער קלאָוק-אינדוסטריע, וואָס האָט אַרויסגערופען אַ שטאַרקען גערודער ביי די קאָנטראַקטאָרס.

מייער דזשאַנאַסאָן, דעמאָלט דער גרעסטער קלאָוק-מאַנופעקטשורער, האָט באַשלאָסען צו עפענען אַ גרויסע פאַבריק, וואו ער זאָל קענען מאַכען זיין גאַנצע אַרבייט און מער אין גאַנצען זיך ניט באַנוצען מיט קאָנטראַקטאָרס. און ער האָט נאָך אין דער פאַבריק איינגעפירט אַ וויכטיגע נייעס — נעה-מאַשינען וואָס ווערען באַטריבען מיט דאַמף-קראַפט. דאָס האָט אָנגעוואָרפען אַ גרויסע שרעק אויף די קאָנטראַקטאָרס. עס האָט געהייסען, אַז מען פּאַנגט אָן אָפּשאַפען די קאָנטראַקטאָרס. וואָרים אויב איין מאַנופעקטשורער, און נאָך דער גרעסטער דערצו, האָט עס געטאָן וועלען עס דאָך די אַנדערע איהם נאָכטאָן. די קאָנטראַקטאָרס האָבען אין דעם שולדיג געמאַכט די יוניאָן. האָט דאָך די יוניאָן כסדר געקעמפט אָפּצושאַפען די סיסטעם פון קאָנטראַקטאָרס.

עס האָט זיך דעריבער די קאָנטראַקטאָרס זעהר נעגלוסט צו פאַרפירען אַ קאַמף מיט דער יוניאָן. דערצו האָט זיי נאָך אויך ערמוטיגט דער פאַקט, וואָס מערערע אָפּערייטאָרס, באַזונדערס פון די עלטערע, זיינען גאָר ניט געווען צופרידען מיט דעם אויפטו פון מייער דזשאַנאַסאָן. ערשטענס האָבען זיי זיך געשראָקען פאַר די נייע מאַשינען, וואָס וועלען נייהען אַליין און מען וועט זיי ניט דאַרפען יאָגען מיט די פיס. דאָס איז געווען ביי זיי עפּעס שלא כדרך הטבע. צווייטענס האָבען די עלטערע אידען

עפּעס געפילט פּריקרע צו געהן ארבייטען אין דער פרעמד אין אַזאַ גרויסער פאַבריק, וואו עס איז אַלץ אַנדערש. אין די סוועט־שעפּער פון די קאָנטראַקטאָרס האָבען זיי זיך געפילט היימיש. דריטענס איז געווען די פראַגע פון ארבייטען שבת. ארום און ארום האָט די נייע איינפירונג ביי אַ באַדייטענדער צאָל אַפּערייטאָרס ארויסגערופען אַ שטאַרקע געגנערשאַפט און די קאָנטראַקטאָרס האָבען גערעכענט, אַז זיי וועלען עס קענען אויסנוצען אין זייער קאַמף געגען דער יוניאָן. סוף יאַנואר האָבען דריי הונדערט קלאָוק־קאָנטראַקטאָרס אויף דעם באַפעל פון זייער אַסאָסיאיישאָן ערקלערט אַ לאַקאַוט אין זייערע שעפּער און ארום צוויי טויזענד קלאָוקמאַכער זיינען אַפּגעזאָגט געוואָרען פון דער ארבייט.

די קאָנטראַקטאָרס האָבען זיך אָבער גאַנץ גיך איבערצייגט, אַז זיי האָבען פאַלש אָפּגעשאַצט די מאַכט פון דער יוניאָן און זיי האָבען איינציגווייז אָנגעפאַנגען אויפגעבען דעם לאַקאַוט. אָבער דאָס איז געווען נאָך ניט גענוג. יעדער פון זיי האָט געמוזט אונטערשרייבען דעם פאָלגענדען אָפּמאַך מיט דער יוניאָן:

„מיר, די אונטערצייכענטע קלאָוק־קאָנטראַקטאָרס פון ניו יאָרק, ערקלערען, אַז מיר האָבען אויסגעשלאָסען אונזערע אַר־בייטער אָהן אַן אורזאַך און מיר שטימען איין ניט צו באַלאַנגען צו דער קאָנטראַקטאָרס אַסאָסיאיישאָן".

די פירער פון דער קאָנטראַקטאָרס אַסאָסיאיישאָן זיינען באַשטראָפט געוואָרען פון דער יוניאָן צו באַצאָלען זייערע אַר־בייטער פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס זיי זיינען געווען אויסגע־שלאָסען פון דער ארבייט.

די פאָדערונג, אַז די באַלעבאַטים זאָלען באַצאָלען די אַר־בייטער פאַר דער צייט וואָס זיי זיינען געווען אויסגעשלאָסען פון דער ארבייט, אָדער פאַר דער צייט, וואָס זיי זיינען געווען געצוואונגען צו סטרייקען, איז ביסלאַכווייז געוואָרען אַ מנהג ביי דער יוניאָן. עס איז נאָך דעם לאַקאַוט פון די קאָנטראַקטאָרס פאָרגעקומען אַ סטרייק ביי אַ מאַנופעקטשורער מיט דעם נאָמען פּאַפּקין צוליב פּרייזען אויף ארבייט און ווען דער סטרייק איז געוואונען געוואָרען האָט די יוניאָן געפאָדערט אַז די פירער זאָלען באַצאָלען די סטרייקער פאַר דער צייט וואָס זיי האָבען געסטרייקט.

פאַפּקין האָט זיך געדונגען און די יוניאָן האָט איהם געמאַכט אַ הנחה, אַז ער זאָל באַצאָלען בלויז הונדערט דאָלאר און ער האָט צוגעשיקט אַ טשעק אויף באַראַנדעסעס נאָמען. שפּעטער האָט סאַי די יוניאָן סאַי באַראַנדעס געהאַט פון דעם טשעק אַ רעכט ביסעל צרות.

נאָר דער לאַקאַוט פון די קאָנטראַקטאָרס, וואָס האָט זיך אַזוי גוט געענדיגט פאַר דער יוניאָן, האָט הינטער זיך נאָכגע־לאָזען אַ ביסעל נאָכוועהענישען, וואָס האָבען שפּעטער פאַר־אורזאַכט די יוניאָן און באַראַנדעסען אַ סך צרות און ליידען.

אַ באַקאַנטע קלאָוקס־פירמע, בלומענטאַל בראָדערס, האָט פאַרבאָטען איהרע קאָנטראַקטאָרס אונטערצושרייבען אַן אָפּמאַך מיט דער יוניאָן און די קאָנטראַקטאָרס האָבען געפאָלגט. די יוניאָן האָט אויף דעם געענטפערט מיט ערקלערען אַ סטרייק געגען דער פירמע. אין דער זעלביגער צייט זיינען אויך ארויס אין סטרייק די ארבייטער פון דער פירמע בענדזשאַמין און קאָמ־פּאַני. צוזאַמען פון דיביידע פירמעס זיינען געווען ארום 800 סטרייקערס.

עס האָט זיך אנטוויקעלט אַ פאַרביטערטער קאַמף. די מאַנופעקטשורערס האָבען פּרובירט ברעכען דעם סטרייק דורך סקעבס, אָבער די סטרייקערס זיינען געווען אויף דער וואַך. די פּאָליציי איז געווען זעהר ברוטאַל צו די סטרייקערס און האָט געמאַכט אַ סך ארעסטען, אָבער עס האָט די מאַנופעקטשורערס גאָרניט געהאָלפען. די סטרייקערס זיינען געשטאַנען פעסט און פאַראייניגט און האָבען געהיט, אַז קיין סטרייק־ברעכער זאָלען ניט זיין. די יוניאָן האָט אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלע פּיקעט־קאָמיטע, וועלכע איז באַקאַנט געוואָרען אונטער דעם נאָמען „די קאָמיטע נומער איינס". די מיטגלידער פון אָט דער קאָמיטע האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט אַן אויסערגעוועהנליכער דיס־ציפּלין. זיי האָבען געטאָן דאָס וואָס דער טשערמאַן פון דער קאָמיטע האָט געהייסען און זיינען געגאַנגען וואוהין ער האָט זיי געשיקט, ניט פרעגענדיג קיין קשיות. די מאַנופעקטשורערס האָ־בען פון דער קאָמיטע זייערע סטרייק־ברעכער ניט געקענט באַ־האַלטען און די סטרייק־ברעכער האָבען מיט דער קאָמיטע זיך ניט געוואָלט באַגעגענען.

די מאַנופעקטשורערס האָבען פּרובירט עפּענען שעפּער מיט דער הילף פון קאָנטראַקטאָרס אויסער'ן שטאָדט, אָבער די „קאָמיטע נומער איינס" האָט זיי גיך אויסגעפונען און אָפּגע־שטעלט. צו איין שאַפּ אָבער איז געווען שווער פאַר דער קאָמיטע צוצוקומען.

א. ראָזענבערג דערצעהלט אין זיינע עראינערונגען וועגען דעם אזוי:

„א געוויסער גרינבערג, א געוועזענער יוניאָן־מאַן, האָט געעפענט א שאַפּ אין א וואלד נעבען דזשאמייקא, לאָנג איילאנד. צו דעם שאַפּ איז אונמעגליך געווען צוצוקומען, ווייל א צוויי מייל ארום איהם זיינען געווען אויף קייטען אָנגעבונדענע גרויסע הינט. אזוי שנעל ווי די הינט האָבען דערשמעקט, אז אימיצער קומט אָן, האָבען זיי גלייך אָנגעפאנגען בילען, און אלעס אין שאַפּ איז אויפגערוימט געוואָרען. עס האָט גענומען איינינע טעג, ביז מען האָט ביסלאכווייז די הינט אָפּגערוימט פון וועג, און דאן האָט מען ערשט אין מיטען נאכט ארויסגעשיקט א קאָמיטע אָפּצושטעלען די ארבייט.

„גאַנץ פריה, פאַרטאָג, זיינען אונזערע לייטע אָנגעקומען אין דזשאַמייקא, טרעפענדיג דעם שאַפּ ביי דער ארבייט. אלע סקעבס זיינען גלייך צוטריבען געוואָרען און די ארבייט איז אָפּ־געשטעלט געוואָרען.

„דער קאָנטראַקטאָר גרינבערג מיט זיין פרוי האָבען זיך אפילו געפּרואווט שטעלען געגען אונזערע לייטע, נאָר עס האָט זיי זעהר ווייניג געהאָלפען.

„נאָר אין דער צייט, ווען מען האָט די ארבייט אָפּגעשטעלט, האָט זיך דער אויוון, אויף וועלכען די פרעסערס האָבען געוואַ־רעמט די אייזענס, איבערגעקערט. די הייסע קוילען האָבען זיך אויסגעשאָטען אויפ'ן פלאָר און גרינבערג'ס א קליין מיידעלע, וועלכע איז געשטאַנען לעבען אויוון, האָט זיך פאַרברענט א פיסעל.

„מער ווי דאָס האָט דער קאָנטראַקטאָר ניט געדאַרפט. אונ־זערע לייטע זיינען, נאַטירליך, גלייך אוועק מיט דער טראָלי־קאַר, וועלכע איז געפאָרען קיין איסט ניו יאָרק. אין דער זעלבער צייט איז דער סקעב־קאָנטראַקטאָר אוועק אין דזשאַמייקא סיטי האָל

און האָט טעלעפאָנירט צום איסט ניו יאָרק פּאָליס סטיישאָן, אז א באנדע רויבער זיינען זיין פּלאַץ באפאלען, און דאָס מען זאָל זיי אין איסט ניו יאָרק פארהאַלטען.

„ווען אונזערע קאָמיטע-לייט זיינען ארונטער פון קאר, איז שוין געשטאנען אָנגעגרייט די איסט ניו יאָרקער פּאָליציי און האָט געוואַרט אויף זיי. זיי האָבען זיך אָבער אויסגעמישט מיט די אנדערע פּאַסאַזשירען, און יעדער איינציגער איז זיך געגאַנגען זיין וועג. בלויז איינער פון אונזערע לייטע, א געוויסער ריינגאָלד, איז דער פּאָליציי פאָרגעקומען פארדעכטיג, ווייל זיין ראָק איז אין איינינגע פּלעצער געווען צוריסען און אויסגעשמירט אין בלאָטע, און די פּאָליציי האָט איהם ארעסטירט.

„נאָכמיטאג זיינען אַלע ניו יאָרקער צייטונגען ארויס מיט גרויסע עקסטראַס, אַז די קלאָוקמאַכער האָבען אין דזשאמייקא פארברענט קינדער מיט וויטריאָל. מאנכע צייטונגען האָבען געדרוקט בילדער ווי צוויי בלוטדורשטיגע מענשען מיט צופּודעלטע האָר און פייער-שפּריצענדע אויגען האַלטען א קליין קינד פאר די פיסלאך און א דריטער שטעהט מיט א באָטעל וויטריאָל און גיסט אויפ'ן קינד.

„אין דעם זעלבען אָוונט זיינען זיך די עקזעקוטיוו דעלעגאַטען צוזאמענגעקומען צו א מיטינג אין 385 באוערי צו באשפּרעכען, וואָס מען קען טאָן פאר ריינגאָלד'ן, אויך ווי אָנצופירען ווייטער דעם סטרייק.

„אין מיטען מיטינג זיינען פּלוצלונג אָנגעפאלען פּאָליציי מיט דעטעקטיווס אין דעם האָל, וואו מיר האָבען געמיטעט, און אין האָל איז אריינגעקומען דער סקעב-קאָנטראַקטאָר גרינבערג מיט מערערע דעטעקטיווס, און אויף וועמען ער האָט אָנגעצייגט, יענעם האָט מען ארעסטירט.

„מערסטענטיילס האָט ער אויסגעקליבען אַלע הויכע און שטאַרקע מענשען, טראָצדעם וואָס קיינער פון די עקזעקוטיוו דעלעגאַטען זיינען קיינמאָל אויף זייער לעבען אין דזשאמייקא ניט געווען. זיי האָבען אזוי פארנומען צוועלף לייטע און זיי אוועקגעפירט אין די פּאָליס העדקוואָרטערס.

„ווען דער טומעל איז אביסעל אריבער, און די איבערגעבליבענע דעלעגאַטען האָבען אָנגעהויבען צו באטראַכטען ווי

צו אנגאזשירען לאָיערס די ארעסטירטע צו באפרייען, זיינען ווידער ערשינען צוויי דעטעקטיווס און ערקלערט, אז דער אינ־ספעקטאָר וויל זעהן באראַנדעס׳ן.

„זיי האָבען איהם פארזיכערט, אז זיי מיינען איהם ניט צו ארעסטירען. דער אינספעקטאָר וויל איהם בלויז שטעלען איניגע פראגען, און דאן וועט ער קענען צוריקקומען און פאָרט־זעצען דעם מיטינג.

„ברענגענדיג באראַנדעס׳ען אין די פאָלים העדקוואָרטערס, האָט דער אינספעקטאָר איהם געשטעלט פארשידענע פראגען: ערשטענס, צי ער ווייס פון דער קאָמיטע, וואָס איז געפאָרען נאָך דזשאמייקא, און צי ער האָט געהייסען גיסען וויטריאָל, ווען זיי וועלען געפינען סקעבס ביי דער ארבייט. באראַנדעס האָט, נאַטירליך, אַלעס אָפּגעלייקענט.

„אין מיטען פון די פראגע האָט אינספעקטאָר בוירנס אריינגערופען אַ מאַן פון אַ צווייטען צימער, און ווען באראַנ־דעס האָט דעם מאַן דערזעהן, איז איהם פינסטער געוואָרען אין די אויגען. דער מאַן איז געווען אַ פרעסער מיט׳ן נאָמען וויינשטיין, וועלכער האָט באַלאַנגט צו דער יוניאָן, און ער האָט פאַר׳ן אינספעקטאָר דערצעהלט, אין באראַנדעסעס געגענ־וואַרט, אז ער האָט אַליין געזעהן, ווי באראַנדעס האָט דער פיקעט־קאָמיטע געגעבען פלעשער מיט וויטריאָל און זיי אינ־סטרואירט, אז זיי זאָלען עס נוצען. ער האָט אויך דעם אינ־ספעקטאָר דערצעהלט, אז ער האָט איניגע מאָל געזעהן, ווי באראַנדעס האָט פּרובירט די וויטריאָל אויף שטיקלעך וואַרע, צו זעהן אויב עס ברענט גוט.

„אויף דעם צווייטען טאָג האָט מען אַלע פריזאָנערס גע־שלאָסען אין קייטען פּאָאַר־ווייז און זיי אָפּגעפירט נאָך דזשא־מייקא אין פריזאָן.

„פאַר דער צייט, ווען די ארעסטען זיינען געמאַכט געוואָ־רען, האָט די יוניאָן געוואָלט פאררופען אַ פּאָר מאַסמיטינגען צו ערקלערען דאָס פּובליקום, אז די גאַנצע געשיכטע איז אויפ־געבלאָזען געוואָרען פון דער ניו יאָרקער פּאָליציי, צוזאַמען מיט די מאַנופעקטשורערס, כדי זיי זאָלען קענען מיט געוואַלד ברעכען דעם סטרייק. נאָר וואו מיר זיינען געגאַנגען רענטען אַ האָל, האָט מען אונז ערקלערט, אז די פּאָליציי האָט זיי געגעבען

סטריקטע אָרדערס ניט צו פאַררענטען קיינע האָלס צו די קלאָוק־מאכער. אויך די עקזעקוטיוו באָארד האָט מער ניט געקענט אָפּהאַלטען קיינע זיצונגען, ווייל קיין האָל־קיפּער האָט זיי ניט געוואָלט אַריינלאָזען. מען האָט פּרובירט זיך צוזאַמענצוקומען פּריוואַט. איז אָבער גלייך די פּאָליציי דאָרטען געווען, און, זעלבסטפאַרשטענדליך, האָט מען דאָך ניט געקענט מיטען אין געגענוואַרט פון דער פּאָליציי.

„די סטרייקערס האָבען שוין מער ניט געקענט אָפּהאַלטען קיינע מיטינגען און האָבען מער ניט געקענט אָנגעהן מיט זייער אַרבייט. אויך פילע פון די סטרייקערס זיינען אין איילעניש געצוואונגען געווען צו פאַרלאָזען ניו יאָרק, כדי זיי זאָלען אויך ניט אַרעסטירט ווערען, און דער סטרייק איז פון זיך אַליין צופאַלען געוואָרען.

„ווען די אַרעסטירטע זיינען געבראַכט געוואָרען נאָך דזשאַמייקא, זיינען זיי געשטעלט געוואָרען אונטער צעהן טויזענט דאָלאַר בייל יעדערער. אונז איז אָבער בלויז געלונגען צו קריגען בייל פאַר באַראָנדעס'ען. די איבעריגע 15 לייטע זיינען געבליבען אין פּריזאָן ביז צום טרייעל, וועלכער איז פאָרגעקומען צען וואָכען שפּעטער.

„דורך דער צייט, וואָס אונזערע לייטע זיינען געזעסען אין פּריזאָן, האָבען כמעט יעדען אָוועגט שטאַטגעפונדען ספּעקטאַקעלס ארום פּריזאָן, וועלכע די פּאָליציי פלעגט געוועהנליך יעדען מאָל צושרייבען צו די סטרייקערס, אום צו מאַכען דעם איינדרוק אויף די פּאַרמערס ארום דזשאַמייקא, וועלכע וועלען דאַרפען זיין די דזשוראָרס אין דיזען טרייעל, אַז מיר זיינען אַנאַרכיסטען און רויבער.

„איינינע נעכט האָט מען אין דער נאָכבאַרשאַפט פון פּריזאָן געשאָסען מיט ביקסען. א' פּאָר מאָל האָט געטראָפען, אַז ארום דזשייל האָט עקספּלאָדירט דינאַמיט. דאָס איז נאַטירליך געטאָן געוואָרען פון פּאָליצייסקע שפּיאָנען, אום צו מאַכען דעם איינדרוק, אַז די סטרייקערס ווילען אויפרייסען דעם פּריזאָן, אום צו באַפרייען די פּריזאָנערס."

נאָר אַלע אַרעסטירטע זיינען באַפרייט געוואָרען, אויסער ריינגאָלד'ען, וועלכער איז שפּעטער פאַר'משפט געוואָרען צו פינף יאָהר און 9 חדשים געפענגניש.

ווען באַראָנדעס איז אַרויסגענומען געוואָרען אויף בעיל איז ער גלייך ווידער אַרעסטירט געוואָרען אויף אַ קלאַגע פון מאַנופעקטשורער פּאַפּקין, אַז ער האָט איהם געצוואונגען צו געבען געלט, ווען די אַרבייטער האָבען ביי איהם געסטרייקט. פאַר אַ באַווייז האָט ער צוגעשטעלט דעם אויסגעצאָלטען טשעק אויף הונדערט דאָלאַר, וואָס איז פריהער דערמאָנט געוואָרען. די קלאַגע איז געווען זעהר אַן ערנסטע און באַראָנדעס איז גע־שטעלט געוואָרען אונטער צוואַנציג טויזענט דאָלאַר בעיל. אָבער דער יוניאַן האָט זיך איינגעגעבען די בעיל צו קריגען.

די יוניאָן האָט אַנגעשטעלט באַקאַנטע לאָיערס צו פאַר־טיידיגען באַראָנדעס'ען און זי האָט אַרויפגעלעגט אַ שטייער פון פינף פּראָצענט אויף די פאַרדינסטען פון די קלאָוקמאַכער צו דעקען די אויסגאַבען. די פאַרטיידיגונג איז געווען זעהר אַ שטאַרקע. עס איז באַוויזען געוואָרען פון די יוניאָן־ביכער, אַז די הונדערט דאָלאַר האָט געקראָגען די יוניאָן פאַר די סטרייקערס צו וועמען דאָס געלט איז אויסגעצאָלט געוואָרען פאַר פאַר־לאָרענער צייט, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען. דעם 2טען מאַי 1891 האָט די דזשורי אַרויסגעגעבען איהר אַנטשיידונג, אַז באַראָנדעס איז שולדיג און דער ריכטער האָט איהם פאַראור־טיילט צו איין־און־צוואַנציג חדשים אין סינג סינג.

דער אורטייל געגען באַראָנדעסען האָט אַרויסגערופען אַ גרויסע אויפרעגונג ניט בלויז צווישען די אידישע אַרבייטער נאָר אויך צווישען די אַמעריקאַנער אָרגאַניזירטע אַרבייטער. די אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר פון ניו יאָרק האָט דעם 6טען מאַי גערופען אַ פּראָטעסט־מיטינג אין קופּער יוניאָן. דער האָל איז געווען געפּאַקט און טויזענטער וואָס האָבען ניט געקענט אַריינקומען אין זאַל זיינען געבליבען אין דרויסען. גאָמפּערס איז געווען דער פאָרזיצענדער פון דעם מיטינג און ער האָט געהאַלטען אַ שאַרפע פאַרדאַמונגס־רעדע געגען דעם אורטייל. ער האָט אין זיין רעדע אָנגעוויזען, אַז די מיטגלידער פון דער דזשורי, וואָס האָט באַראָנדעסען פאַראורטיילט, זיינען אַלע געווען פון קאַפּיטאַליסטישען קלאַס און אַז דער יוסטיץ־דעפּאַרטמענט פון ניו יאָרק האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו העלפען די שענדליכע סוועט־שאַפּ באַסעס.

די יוניאָן האָט באַשלאָסען צו אַפּעלירען צו אַ העכערען

געריכט און באראָנדעס איז געשטעלט געוואָרען אונטער 5 טויזענט דאָלאר בעיל, אָבער ביז די אנטשיידונג פון העכערען געריכט איז געקומען איז אין דער יוניאָן פאָרגעקומען וועגען באראָנדעסען גרויסע מחלוקות.

די סאָציאַליסטען אין דער יוניאָן זיינען מיט באראָנדעסעס פירערשאפט ניט געווען צופרידען און האָבען איהם אָפט שארף קריטיקירט. עס איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז באראָנדעס האָט רעזיגנירט און איז אוועק פון דער יוניאָן. ער האָט אָבער איבערגעלאָזען אין דער יוניאָן א גרויסע אָנהענגערשאפט און עס איז אין א קורצער צייט ארום געשאפען געוואָרען א שטארקע באוועגונג אין דער יוניאָן איהם צוריקצוברענגען. עס האָט זיך אָנגעפאנגען א נייע הייסע מחלוקה אין דער יוניאָן, עס איז געקומען צו געשלעגען און דער רעזולטאט איז געווען, אז באראָנדעס איז ווידער אמאָל אָנגעשטעלט געוואָרען פאר מענע־דזשער פון דער יוניאָן. אָבער דערמיט האָט זיך דער אינער־ליכער קאמף אין דער יוניאָן ניט געענדיגט. גראָד האָט זיך אין דער צייט דער קאמף צווישען די סאָציאַליסטען און אנאר־כיסטען פארשארפט וועגען א סטרייק פון די זעצער אין דער „פרייער ארבייטער שטימע”. דער סטרייק איז אינדאָרסירט געוואָרען פון די פאראייניגטע אידישע געווערקשאפטען. אויך איז אויף דער „פרייער ארבייטער שטימע” ארויפגעלעגט גע־וואָרען א באָיקאָט. דער קאמף האָט זיך נאטירליך גלייך אריבערגעטראָגען אין דער יוניאָן, און אזוי ווי באראָנדעס איז געווען מער גענייגט צו די אנארכיסטען איז אויך דער קאמף געגען איהם פארשארפט געוואָרען. דער סוף איז געווען, אז באראָנדעס האָט ווידער אמאָל רעזיגנירט פון דער יוניאָן.

אין א קורצער צייט ארום אָבער איז ווידער געוואָרען א גערודער ארום באראָנדעסעס נאָמען. עס איז פּלוצים באקאנט געוואָרען, אז באראָנדעס איז פארשוואונדען געוואָרען פון ניו יאָרק און מען ווייס ניט וואו ער איז. די וואָס האָבען געגעבען פאר איהם בעיל האָבען אויפגעהויבען א גרויסען געשריי, אָבער נאָך גרעסער איז געווען דער טומעל אין דער ארבייטער־באוועגונג. באראָנדעסעס פארשווינדען האָט געמאכט זעהר א שווערען איינ־דרוק אפילו אויף זיינע וואַרימסטע אָנהענגער. אין א קורצער צייט ארום איז געקומען א ידיעה, אז באראָנדעס איז אין

מאָנטרעאל, קענעדע, און אַז ער קליידט זיך פון דאָרטען אָפּ־צופאָרען אין ענגלאַנד. באַראַנדעס האָט זיין פאַרשווינדען פון ניו יאָרק ערקלערט דערמיט, וואָס ער האָט זיך דערוואוסט, אַז די וואָס האָבען געגעבען פאַר איהם בעיל ווילען דעם בעיל צוריקציהען און איהם וועט אויסקומען צו געהן אין געפענגניס ביז דאָס העכערע געריכט וועט ארויסגעבען זיין אנטשיידונג. באַראַנדעס איז באַלד צוריקגעבראַכט געוואָרען אין ניו יאָרק און ער איז פאַרהאַלטען געוואָרען אין געפענגניס (אין די טומס).

באַראַנדעס האָט פון געפענגניס געשריבען אַ בריף, וואָס איז געווען אַדרעסירט צו די אידישע ארבייטער, אין וועלכען ער האָט ערקלערט, אַז עס איז ניט געווען זיין אַבזיכט צו אַנט־לויפען, נאָר אַז ער האָט בלויז געוואָלט בלייבען אויסען ביז זיין פּראָצעס וועט דאַרפען פאָרקומען. אויף דעם בריף האָבען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען געגעבען דעם פאָל־גענדען אָפּענעם ענטפער:

די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען זיינען גאַנץ ווייט פון ערקלערען, אַז די האַנדלונג פון באַראַנדעסען איז געווען אַ ריכטיגע. אָבער מיר דאַרפען נעמען אין באַטראַכט, אַז באַ־ראַנדעס איז געווען זעהר פאַראָרימט און אין אַ שרעקליכער נויט מיט אַ פאַמיליע, וואָס ער האָט געדאַרפט אויסהאַלטען, ניט האָבענדיג קיין ארבייט און אָהן אויסזיכטען צו קריגען ארבייט. דערצו האָט ער געדאַרפט מורא האָבען, אַז ער זאָל ניט איינגעשפּאַרט ווערען אין געפענגניש, איידער זיין משפט וועט פאָרקומען. דאָס האָט איהם באַוואויגען, אַז ער זאָל אַנט־לויפען און מאַכען צו אַלץ אַ סוף. מיר וויסען, אַז אַזאַ האַנד־לונג פּאַסט ניט פאַר אַ פירער פון אַ גרויסער באַוועגונג; אָבער די דאָזיגע האַנדלונג קען ווערען אַנטשולדיגט אָדער וועניגסטענס ערקלערט מיט באַראַנדעסעס שוואַכען כאַראַקטער. די דינסטען, וואָס ער האָט געלייסטעט פאַר דער אידישער ארבייטער־באַוועג־גונג, דאַרף איצט וועניגסטענס ראַטעווען זיין נאָמען פון אריינ־געריכענט ווערען צווישען פאַררעטער.

באַראַנדעס איז אין געפענגניס ניט לאַנג פאַרבליבען. די יוניאָן האָט געקראָגען פאַר איהם בעיל און האָט איהם ארויס־גענומען ביז די אנטשיידונג פון העכערען געריכט, און אין מאַי 1892 איז די אַנטשיידונג געקומען: דאָס אַפּעלאַציאָנס־געריכט

האָט באשטעטיגט דעם אורטייל פון דעם נידעריגען געריכט און באראָנדעס האָט געדארפט געהן אָפזיצען די 21 חדשים צו וועלכע ער איז געווען פאראורטיילט. עס איז אָבער גלייך געשאפען געוואָרען א גרויסע באוועגונג צו שיקען א פעטיציע צום גאָווערנאָר פאר באגנאדיגונג. די פעטיציע איז געווען אין נאָמען פון דער סענטראל לייבאָר יוניאָן, פון די אידישע יוניאָנס און פון מערערע פארשידענע אָרגאניזאציעס. עס ווערט אָנגעגעבען, אז אויף דער פעטיציע זיינען געזאמעלט געוואָרען 60 טויזענט אונטערשריפטען. באראָנדעס האָט דערביי געשריבען א בריף צום גאָווערנאָר אין וועלכען ער האָט געבעטען באגנאדיגונג. דער גאָווערנאָר האָט די פעטיציע אָנגענומען און דעם 4טען יוני 1892 איז באראָנדעס באפרייט געוואָרען.

נאָך באראָנדעסעס באפרייאונג האָט מען זיך גענומען מיט מער ענערגיע צו ארבייטען פאר דער באפרייאונג פון ריינגאָלד'ן, וועלכער איז געזעסען אין סינג סינג.

ווען באראָנדעס איז באפרייט געוואָרען איז אָרגאניזירט געוואָרען א באוועגונג צו שיקען א פעטיציע צום גאָווערנאָר פאר ריינגאָלד'ס באפרייאונג און מען האָט גלייך אָנגעפאנגען זאמלען אונטערשריפטען.

וועגען דער פעטיציע איז אָבער ארויסגעקומען גרויסע שטרייטיגקייטען. די סאָציאליסטען אין דער יוניאָן זיינען געווען געגען בעטען באגנאדיגונג ביי קאפיטאליסטישע פאָליטישענס. אָבער די וואָס זיינען געווען פאר דער פעטיציע האָבען געוואונען. אין דעם האָט זעהר פיל מיטגעווירקט ריינגאָלד אליין, וועלכער האָט געבעטען, אז מען זאָל אָנווענדען אַלע מעגלכע מיטלען איהם צו באפרייען. און די פעטיציע האָט זיך געקרויינט מיט אַן ערפאָלג. עס זיינען געזאמעלט געוואָרען אונטער איהר א גרויסע צאָל אונטערשריפטען און נאָכדעם ווי ריינגאָלד איז אָפגעזעסען ארום א האלב יאָר אין געפענגניס האָט איהם דער גאָווערנאָר אין דעצעמבער 1892 באגנאדיגט.

## צענטער קאַפּיטעל

# אַ קלאָוקמאַכער יוניאָן פון גאַנץ אַמעריקא

די ערעסטען, די געריכטס־פּראָצעסען, די גרויסע געלט־קאָסטען וואָס זיינען געווען מיט זיי פאַרבונדען, די אינוועניגסטע שטרייטיגקייטען, דער קאַמף צווישען די סאָציאַליסטען און אנארכיסטען, און באַזונדערס דער קאַמף ארום בעראָנדעסען, געגען וועמען די סאָציאַליסטען זיינען נאָך שאַרפער ארויסגע־טראָטען נאָך זיין באַגנאַדיגונג, האָבען גאַנץ באַדייטענד אָפּ־געשוואַכט די יוניאָן. עס איז פאַקטיש פון דער פריהערדיגער גרויסער, שטאַרקער יוניאָן געבליבען בלויז אַ שאָטען. די קאַסע פון דער יוניאָן איז געבליבען אין גאַנצען אַן אויסגעטריקענטע און דער גרעסטער טייל פון די מיטגלידער איז אויסגערונען געוואָרען.

באַראָנדעסעס פּראָצעס און דער קאַמף ארום איהם אין דער יוניאָן האָבען אויך צושטערט די פּלענער פון שאַפען אַן אַלגעמיינע קלאָוקמאַכער יוניאָן איבער׳ן גאַנצען לאַנד, עס הייסט פאַראייניגען אַלע לאָקאַלע קלאָוקמאַכער יוניאָנס אין איין צענ־טראַלע לאַנדס־אָרגאַניזאַציע. שוין אין אָנפאַנג יאַנואַר, 1891, האָט די אַפּערייטאָרס און קלאָוקמאַכער יוניאָן נומער 1 פון ניו יאָרק אָנגענומען אַ רעזאָלוציע צו אָרגאַניזירען אַלע קלאָוק־מאַכער פון אַמעריקא אין איין קערפּערשאַפט. אַן אויפרוף פאַר דעם צוועק, אונטערגעשריבען פון מ. קונץ, סעקרעטאַר פון דער יוניאָן, איז ארויסגעשיקטע געוואָרען צו אַלע קלאָוקמאַכער יוניאָנס איבער׳ן לאַנד. עס האָבען זיך גלייך אָפּגערופען די קלאָוקמאַכער יוניאָן פון פילאַדעלפיא און פון שיקאַגאָ. אָבער עס איז פון דעם, ווי שוין באַמערקט, גאָרנישט געוואָרען, צוליב די צרות אין דער ניו יאָרקער קלאָוקמאַכער יוניאָן. דער פּלאַן איז אָבער באַנייט געוואָרען אין אָנפאַנג פון 1892. די אַפּעריי־טאָרס און קלאָוקמאַכער יוניאָן פון ניו יאָרק האָט ארויסגע־

שיקט אָן אויפרוף פאַר א קאָנווענשאָן פון אַלע קלאָוקמאַכער אין די פאַראייניגטע שטאַטען און קענעדע, וואָס זאָל אָפּגע־האַלטען ווערען דעם 15טען מאַרטש פאַר דעם צוועק צו באַ־שאַפען אַן אָרגאַניזאַציע פון גאַנצען לאַנד, אָנצונעמען א יוניאָן־לעיבעל און זיך אָנצושליסען אָן דער צענטראַלער ארבייטער־קערפּערשאַפט פון לאַנד. דער אויפרוף איז געווען אונטער־געשריבען פון באַראָנדעסען, וועלכער איז ווידער אמאָל געוואָרען דער מענעדזשער פון דער יוניאָן. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען ער איז ארויסגענומען געוואָרען אויף בעיל און ער האָט געוואַרט אויף דער אַנטשיידונג פון אַפּעליציאָנס-געריכט.

דער פּלאַן פון א פאַראייניגטער אָרגאַניזאַציע פון אַלע קלאָוקמאַכער יוניאָנס איבער'ן לאַנד איז ארויסגעוואַקסען פון א קאָנפערענץ פון אידישע יוניאָנס, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין אָקטאָבער 1890 צו שאַפען א פעדעראַציע פון „אידיש-שפּרעכענדע" ארבייטער אָרגאַניזאַציעס אין די פאַראיי־ניגטע שטאַטען און קענעדע. ער איז אויך געשטיצט געוואָרען פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר, וואָס האָט שוין אָנגעפאַנגען פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר" אַפילו צווישען די אידישע ארבייטער.

אויף דעם רוף האָבען געענטפערט שיקאַגאָ, באַלטימאָר, פילאַדעלפיא און באָסטאָן. די קאָנווענשאָן איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין ניו יאָרק, אין 125 ריווינגטאָן סטריט, דעם 1טען מאַי, 1892, און עס זיינען צוזאַמען מיט די ניו יאָרקער געווען 20 דעלעגאַטען. די ניו יאָרקער יוניאָן האָט אָנגעגעבען, אַז זי האָט טויזענט מיטגלידער. דער רעזולטאַט פון דער קאָנווענשאָן איז געווען, אַז עס איז געגרינדעט געוואָרען אַן „אינטערנעשאָ־נאַל קלאָוקמייקערס יוניאָן אָוו אַמעריקא" און עס איז דערביי באַשלאָסען געוואָרען זיך אָנצושליסען אָן דער אַמעריקען פעדע־ריישאָן אָוו לייבאָר.

פאַר הויפּט-באַאַמטע זיינען געוועהלט געוואָרען: מ. קונץ טשערמאַן, ל. קאַפּענהיים סעקרעטער און בענדזשאַמין שלעזינ־גער טרעזשורער.

נאָר איידער די ניי-געשאַפענע אָרגאַניזאַציע האָט נאָך צייט געהאַט עפּעס אָנצופאַנגען צו טאָן איז זי שוין פאַר'משפּט

געוואָרען צום אונטערגאַנג פון דעם אינערליכען קאַמף אין דער ניו יאָרקער קלאָוקמאַכער יוניאָן ארום באראַנדעסען און זי איז צובראָכען געוואָרען.

גראָד איז באראַנדעס ניט געווען אויף דער קאָנווענשאָן ווען די „אינטערנעשאָנאל קלאָוקמייקערס יוניאָן אָוו אמעריקא" איז געגרינדעט געוואָרען און ער האָט געגלויבט, אַז צוליב דעם וואָס ער איז ניט געווען אַנוועזענד האָבען זיינע געגנער, די סאָציאַליסטען, געוואונען דעם איינפלוס אויף דער קאָנווענשאָן און דעריבער זיינען די מייסטע בעאַמטע וואָס זיינען געוועהלט געוואָרען געווען „אַנטי־באראַנדעסיסטען" און עס פארשטעהט זיך, אַז עס האָט זיך שוין אָנגעפאַנגען אַ קאַמף ארום דער נייער אָרגאַניזאַציע. באראַנדעס מיט זיינע אָנהענגער האָבען דאָס מאָל אָנגעווענדעט אַ גאַנץ נייע טאַקטיק אין זייער קאַמף. ווען די עקזעקוטיווע פון דער „אינטערנעשאָנאל קלאָוקמייקערס יוניאָן אָוו אמעריקא" האָט אָפּגעהאַלטען דעם 9טען יולי, 1892, איהר ערשטע זיצונג, איז געקומען באראַנדעס מיט זיינע אָנהענגער און האָבען געמאַכט אַן איבערקערעניש און פארכאַפּט די מאַכט. זיי האָבען ערוועהלט אַ נייעם סעקרעטער און אַ נייעם טרעזשורער און האָבען באשלאָסען, אַז די נעקסטע זיצונג פון דער עקזעקוטיווע זאָל פאָרקומען דעם 6טען אויגוסט 1892.

די צווייטע זיצונג איז אָבער קיינמאָל ניט פאָרגעקומען. די „אינטערנעשאָנאל קלאָוקמייקערס יוניאָן אָוו אמעריקא" האָט גלייך אָנגעפאַנגען פאַנאַנדערפאַלען. באָסטאָן איז געווען די ערשטע שטאָדט זיך צוריקצוציהען. די ערקלערונג איז געווען, אַז די קלאָוקמאַכער יוניאָן פון באָסטאָן וויל ניט זיין אין אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס באראַנדעס איז מיט איהר פארבונדען. אַ ביסעל שפּעטער האָט זיך אויך צוריקגעצויגען שיקאַגאָ. אין איינציגע חדשים ארום, אָנפאַנג 1893, האָט די קלאָוקמאַכער יוניאָן פון פילאַדעלפיע פּרובירט צונויפרופען אַ צווייטע זיצונג פון דער עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאָנאל קלאָוקמאַכער יוניאָן, אָבער עס האָט זיך איהר ניט איינגעגעבען. זי האָט אין עטליכע וואָכען שפּעטער ארויסגעלאָזען אַן אויפרוף פאַר אַ נייער קאָנווענשאָן, אָבער ער האָט ניט געפונען קיין אָפּקלאַנג און דערמיט איז די עקזיסטענץ פון דער קלאָוקמאַכער אינטערנעשאָנאל געווען אַזוי גוט ווי פארענדיגט.

## עלפטער קאפיטעל

# די קלאָוקמאַכער יוניאָן אין דעם קאמף צווישען דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לײבאָר און די נאַיטס אָוו לײבאָר

אין דערזעלביגער צייט, וואָס די קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט דורכגעלעבט אַזאַ קריטישע צייט, איז אין דער אַלגעמיינער טרעיד יוניאָן באַוועגונג אין אַמעריקאַ פאָרגעקומען אַ שאַרפער קאמף. עס איז געווען דער קאמף צווישען די „נאַיטס אָוו לײבאָר" און די „אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לײבאָר", וואָס האָט זיך געצויגען מערערע יאָהר, און אין וועלכען אויך די קלאָוקמאַכער יוניאָן איז פאַרכאַפּט געוואָרען. און זי איז גראָד פאַרכאַפּט געוואָרען אין דעם סוף פון דעם קאמף, ווען ער איז געווען באַזונדערס שאַרף און ביטער. די נייע אָנגרייפענדע אָרגאַניזאַציע — „די אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לײבאָר" — איז געוואָרען אַלץ שטאַרקער און ממילא אַלץ אָנגרייפענדער און די „נאַיטס אָוו לײבאָר", וועלכע האָט אָנגעפאַנגען פילען איהר אונטערגאַנג, האָט פאַרביטערט געקעמפט פאַר יעדען שטיקעל באָדען, וואָס איז נאָך געווען אין איהר באַזיץ.

די אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לײבאָר האָט זיך אָנגעפאַנגען אָרגאַניזירען, ווען די „נאַיטס אָוו לײבאָר" איז נאָך געווען אין פולען גלאַנץ פון איהר גרויסקייט. פון אָנפאַנג האָט עס אויסגעוויזען, אַז עס איז ניט קיין דירעקטע אָפּאָזיציע צו די „נאַיטס אָוו לײבאָר", אָבער עס האָט ניט לאַנג געדויערט און די נייע ארבייטער־אָרגאַניזאַציע — די אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לײבאָר — איז געוואָרען אַן אויסגעשפּראָכענע און געפערליכע אָפּאָזיציע, וועלכע האָט אין אַ פאַרלויף פון עטליכע יאָהר אין גאַנצען באַזיגט די „נאַיטס אָוו לײבאָר".

די „נאַיטס אָוו לײבאָר", וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אין 1869 אַלס געהיימער אָרדען מיט דעם גאַנצען ריטואַל פון

די אַמעריקאנער געהיימע אָרדענס, האָט ערשט אָנגעפאַנגען וואקסען, ווען די פירער זיינע האָבען אין 1878 באשלאָסען, אז ער זאָל אראָפּוואַרפען פון זיך זיין געהיימען צודעק און אָנפאַנגען ארבייטען עפענטליך. אָבער אין גאנצען פון דעם אָרדען־כאראַקטער האָט זיך די אָרגאַניזאציע ניט באפרייט. עס איז געבליבען דער געהיימער ריטואַל ביים אויפנעמען נייע מיט־גלידער, ווי דאָס איז באַשריבען געוואָרען אין אַ פריהערדיגען קאַפּיטעל און עס איז אויך געבליבען די אָרגאַניזאַציאָנס־פאָרמע פון אַן אָרדען מיט דעם גרענד מאַסטער, נישט מער ווי ער האָט געהייסען „גרענד מאַסטער וואָירקמען".

אין 1886 האָט דער אָרדען פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר" דערגרייכט זיין העכסטע שטופע. ער האָט געהאַט אַ מיט־גלידערשאַפט פון ארום 800 טויזענט, אָבער גלייך נאָכדעם האָט עס אָנגעפאַנגען געהן בארג אראָפּ. אורזאַכען זיינען געווען איינינגע. ערשטענס די שווערע נידערלאַגעס, וואָס די ארבייטער־באוועגונג האָט דעמאָלט געליטען; צוויטענס די אָרגאַניזאַציאָנס־פאָרמע פון די נאַיטס אָוו לייבאָר, וואָס איז געווען ניט מער צוגעפּאַסט; דריטענס די פירערשאַפט, און פינפטענס דאָס אויפקומען פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר.

די אָרגאַניזאַציע פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר" איז געווען אַ זעהר צענטראַליזירטע. די ארבייטער זיינען געווען אָרגאַניזירט ניט לויט זייערע פאַכען און אינדוסטריען נאָר לויט די שטעדט און טעריטאָריעס. די אָרגאַניזאַציע איז געווען איינגעטיילט אין „לאָקאַלע אַסעמבלים", אין „דיסטריקט אַסעמבלים" און אין אַ „דזשענעראַל אַסעמבלי". די לעצטע איז געווען די העכסטע קערפּערשאַפט פון דער אָרגאַניזאַציע און האָט געהאַט דאָס רעכט זיך אריינצומישען אין אַלע אינערליכע אָנגעלעגענהייטען פון די לאָקאַלע און דיסטריקט אַסעמבלים. אָפט האָט זי אויסגענוצט איהר רעכט צופיל און דאָס האָט ארויסגערופען אונצופרידענהייט ביי די מיטגלידער און לאָקאַלע פירער. עס האָט אויך שפּעטער, ווען די אָרגאַניזאַציע איז אויסגעוואַקסען, זיך ארויסגעוויזען, אז דאָס צוזאַמענגעמען ארבייטער פון פארשידענע פאַכען אין איין יוניאָן אין אַזא צענטראַליזירטער פאָרם ווי פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר" איז ניט פּראַקטיש. דער פּרינציפּ

צו האָבען אַן אָרגאַניזאַציע פון אַלע אַרבייטער איז אַ גאַנץ פּראָגרעסיווער, אָבער די „נאַיטס אָוו לייבאָר" האָבען דעם פּרינציפּ צו ווייט געטריבען. זיי האָבען צונויפגענומען מוליאַ־רעס, מוזיקער, שניידער, שריפטזעצער און פאַרשידענע אַנדערע באַלמעלאָכעס אין איין יוניאָן. אַלע אַרבייטער אין אַ שטאָדט זיינען געווען פאַראייניגט אין איין „דיסטריקט אַסעמבלי", וואָס האָט געדאַרפט אַנטשיידען וועגען אַלע וויכטיגע פראַגען, ווי פאָדערונגען צו די באַלעבאַטים, סטרייקס א. אַז. וו. עס פלעגט אויף אַזאַ אופן אויסקומען, אַז די אַרבייטער פון איין אינ־דוסטריע פלעגען דאַרפען באַשטימען וועגען די פאָדערונגען און אַרבייטס־באַדינגונגען פון די אַרבייטער פון אַ צווייטער אינ־דוסטריע, וועגען וועלכער זיי וויסען ווייניג אָדער אין גאַנצען גאָרניט.

געוועהנליך פלעגט דאָס אויסגעמידען ווערען. עס פלעגט געוועהנליך אָנגענומען ווערען די מיינונג פון די אַרבייטער פון דער באַטרעפענדער אינדוסטריע וועגען זייערע פאָדערונגען און אַרבייטס־באַדינגונגען. אָבער עס פלעגען דאָך פאָרקומען אויס־נאַמען פון דעם כּלל און דאָס פלעגט אַרויסרופען גרויסע אונ־צופרידענהייטען. און ווען עס זיינען געווען מיינונגס־פאַרשי־דענהייטען צווישען די אַרבייטער אין וועלכער עס איז אינ־דוסטריע וועגען פאָדערונגען אָדער וועגען רופען אַ סטרייק האָבען דאָך די אַרבייטער פון די אַנדערע אינדוסטריען אין דער „דיסט־ריקט אַסעמבלי" געמוזט זאָגען אַ דעה ווי עס זאָל בלייבען.

דער „גרענד מאַסטער וואָירקמען" פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר" האָט געהאַט אַ גרויסע מאַכט, ווי דאָס איז מייסטענס דער פאַל אין שטאַרק צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציעס. דער ערשטער „גרענד מאַסטער וואָירקמען" פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר" איז געווען דער גרינדער פון דעם אָרדען, יוראַיאַ סטי־ווענס. ער איז געווען אַ ראַדיקאַלער מענש און איז גע־שטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון די סאָציאַליסטישע אידעען אין די זעכציגער יאָרען פון נייטצענטען יאָרהונדערט. עס איז קענטיג, אַז ער האָט געשריבען די קאָנסטיטוציע פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר" אונטער דעם איינפלוס פון מאַרקס' און ענגעלס' „קאָמוניסטישען מאַניפעסט". ווען דער אָרדען האָט זיך אָבער

אָנגעפאַנגען פאַנאַנדערוואַקסען איז דער „גרענד מאַסטער וואָירק־מען" געוואָרען איינער אַ טערענס פּאַודערלי, וועלכער איז שפּעטער געוואָרען גאַנץ פּראָמינענט. ער איז אריין אין זיין אַמט אין יאָר 1879, ווען ער איז נאָך ניט געווען קיין פולע דרייסיג יאָר אַלט. ער איז געווען ענערגיש, פעהיג און אַמביציעז. עס האָט זיך אָבער שפּעטער ארויסגעוויזען, אַז ער האָט מיט זיינע אַמביציעס געהאַט אין זינען מער זיך ווי די אָרגאַניזאַציע, וועלכע ער האָט געדאַרפט דינען.

אין די ערשטע יאָרען פון פּאַודערלי'ס אַדמיניסטראַציע האָט דער אָרדען אָנגעהאַלטען זיין שנעלען וואוקס און ער האָט דערגרייכט אַ מיטגלידער־צאָל פון 800 טויזענט. שפּעטער אָבער האָט די מיטגלידערשאַפט אָנגעפאַנגען שנעל פאַלען. פּאַודערלי האָט געהאַלטען פעסט די לייצעס פון דער אָרגאַניזאַציע אין זיינע הענט און איז געווען אַן איינגע'עקשנ'טער, קאָנסערוואַטיווער פירער, אָבער דאָס האָט בלויז געפירט דערצו, אַז די אָרגאַניזאַציע זאָל גיכער אונטערגעהן. אין 1891 האָבען די „נאַיטס אָוו לייבאָר" שוין בלויז געהאַט קנאַפּע 200 טויזענט מיטגלידער און ווען פּאַודערלי איז אין 1893 מיט דער הילף פון דער סאָציאַליסטישער ארבייטער פּאַרטיי (ס. ל. פּ.) ארויסגעשטויסען געוואָרען פון זיין אַמט, האָבען די „נאַיטס אָוו לייבאָר" געהאַט בלויז עטליכע צענדליג טויזענט מיטגלידער.

און אין דער צייט וואָס די „נאַיטס אָוו לייבאָר" זיינען געגאַנגען באַרג אַראָפּ איז די אַמעריקען פעדערייש אָן אָוו לייבאָר געגאַנגען באַרג ארויף.

אָפיציעל דאַרף די אַמעריקען פעדערייש אָן אָוו לייבאָר אָנפאַנגען צעהלען די יאָהרען פון איהר עקזיסטענץ פון 1886, ווייל אין דעם יאָהר האָט זי געקראָגען איהר נאָמען. באמת אָבער האָט זי זיך אָנגעפאַנגען אָרגאַניזירען מיט אייניגע יאָר פריהער. איהר עקזיסטענץ פאַנגט זיך פאַקטיש אָן אין 1881.

אַן אָפּאָזיציע, ווען ניט אפילו קיין אויסגעשפּראָכענע, צו די „נאַיטס אוו לייבאָר", האָט זיך שוין אָנגעפאַנגען אָרגאַניזירען אין 1878 דורך דער גרינדונג פון אַן ארבייטער אָרגאַניזאַציע אונטער דעם נאָמען „אַמאַלגאַמייטעד לייבאָר יוניאָן", וואָס האָט געהאַט דעם צוועק צו פאַראייניגען די יוניאָנס פון

איין פּאַך. אָבער ערשט אין נאָוועמבער, 1881, האָט זיך עס איינגעגעבען צונויפצורופען א קאָנווענשאָן, וואו עס זיינען גע־וועזן פאַרטראָטען אַן אָנגעזעהענע צאָל דעלעגאַטען פון פאַרשי־דענע יוניאָנס איבער'ן לאַנד. אויף דער קאָנווענשאָן זיינען אויך געווען דעלעגאַטען פון לאָקאַלס פון די „נאַיטס אָוו לייי־באָר". די דעלעגאַטען האָבען אָנגעגעבען, אַז זיי פאַרטרעטען 262 טויזענד אָרגאַניזירטע ארבייטער. אויף דער קאָנווענשאָן איז געגרינדעט געוואָרען די „פעדערײשאָן אָוו אָרגאַנייזד טרעידס ענד לעיבאָר יוניאָנס אָוו דהי יונייטעד סטייטס ענד קענעדע". דאָס איז געווען אַביסעל א צו לאַנגער נאָמען ארויסצוריידען אין איין אָטעם, פלעגט מען דעריבער עס מאַכען קירצער און רופען „פעדערײשאָן אָוו טרעיד ענד לעיבאָר יוניאָנס". איהר פּראָגראַם איז געווען א גאַנץ פּראָגרעסיווע. עס זיינען אין איהר ארויסגעשטעלט געוואָרען די פאָדערונג פון אָפּשאַפען קינדער־ארבייט, די איינפירונג פון אַן 8־שטונדיגען ארבייטס־טאָג און עס ווערט אין איהר געזאָגט, אַז עס איז נויטווענדיג פאַר די ארבייטער צו האָבען זייערע אייגענע פאַרטרעטער אין די געזעצ־געבענדע קערפּערשאַפטען פון לאַנד.

פאַר א קורצער צייט האָבען די צוויי ארבייטער אָרגאַ־ניזאַציעס — די „נאַיטס אָוו לייבאָר" און די „פעדערײשאָן אָוו טרעידס ענד לייבאָר יוניאָנס" קיין אָפענעם קאַמף צווישען זיך ניט געפירט, אָבער ביסלעכווייז זיינען זיי געוואָרען אָפענע שונאים און עס האָט זיך צופלאַקערט צווישען זיי א ביטערע מלחמה. א געוויסע צאָל יוניאָנס, וואָס האָבען זיך ניט גע־וואָלט מישען אין דעם קאַמף, האָבען זיך צונויפגערעדט צו גרינדען א נייע צענטראַלע אָרגאַניזאַציע און זייערע פאַרטרעטער זיינען אין אָנפאַנג דעצעמבער, 1886, זיך צונויפגעקומען אין קאָלומבוס, אָהייאָ, אויף א גרינדונגס קאָנווענשאָן. האָט אָבער די „פעדערײשאָן אָוו טרעידס ענד לייבאָר יוניאָנס" געמאַכט א קלוגע מאַנעוורע און האָט אויך אין דערזעלביגער צייט איינגערו־פען א קאָנווענשאָן אין קאָלומבוס. און ווען די פירער פון ביידע קאָנווענשאָנס האָבען זיך באַגעגענט, האָט מען אָנגעפאַנגען פי־רען פאַרהאַנדלונגען וועגען א פאַראייניגונג און מען האָט זיך צונויפגערעדט אַז פון די צוויי קאָנווענשאָנס זאָל ווערן איינע,

און אז די פאראייניגטע אָרגאַניזאציע זאָל טראָגען דעם נאָמען „אַמעריקען פעדערײשאָן אוו לייבאָר". סעמיועל גאָמפּערס איז געוועהלט געווארען פאר פּרעזידענט פון דער נייער פאראייניגטער אָרגאַניזאציע.

די אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר, וועלכע האָט אָנ־גענומען א גאַנץ אַנדער פאָרם פון אָרגאַניזאציע ווי די „נאַיטס אָוו לייבאָר", האָט מער צוגעצויגען די ארבייטער צו זיך.

די גרויסע אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג, וואָס האָט דעמאָלט זיך אָנגעפאַנגען אין אמעריקע, דער גרויסער וואוקס פון דער צאָל ארבייטער אין די אַמעריקאַנער אינדוסטריעס און די שטענדיג נייע פּראָבלעמען, וואָס זיינען ארויסגערופען געוואָרען, האָבען געמאכט פאר באזונדערס אונפּראַקטיש די שטארק צענטראַ־ליזירטע אָרגאַניזאציאָנס פאָרמען פון די „נאַיטס אוו לעיבאָר", לויט וועלכע ארבייטער פון פארשידענע אינדוסטריען פלעגען זיין אָרגאַניזירט אין איין „אַסעמבלי". און אויסער וואָס די אמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר האָט זיך בעסער צוגעפּאַסט צום מאָמענט און האָט אָנגעפאַנגען אָרגאַניזירען די ארבייטער לויט אינדוסטריעס און פּאַכען, האָט זי אויך געגעבען א גאַנץ גרויסע מאָס פון אויטאָנאָמיע צו די לאָקאַלע יוניאָנס און האָט זיך געפירט דעמאָקראַטיש.

די קלאוקמאַכער זיינען ניט געבליבען שטעהן פון ווייטען אין דעם קאמף וואָס האָט אויסגעבראָכן אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג.

די קלאָוקמאַכער אין ניו יאָרק זיינען צום ערשטען מאָל אָרגאַניזירט געוואָרען פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר" און אין די פארשידענע קאמפּען, וואָס די קלאוקמאַכער האָבען געפירט, האָבען זיי מייסטענס געהאַט די שטיצע פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר", אָבער עס האָט דאָך ניט עקזיסטירט קיין שטענדיגע אָרגאַניזאציאָנעלע פאַרבינדונג צווישען דער קלאָוקמאַכער און די „נאַיטס אָוו לייבאָר". דאָס איז געווים געווען מער צוליב דעם, וואָס די קלאוקמאַכער יוניאָן איז די מייסטע צייט ניט געווען קיין שטענדיגע. כמעט יעדען ארבייטס־סעזאָן פלעגט מען דארפען אָרגאַניזירען א נייע קלאוקמאַכער יוניאָן.

אין אָנפאַנג 1886 האָט זיך אָרגאַניזירט, ווי עס איז

שוין דערמאָנט געוואָרען אין א פריערדיקען קאַפּיטעל, אַז אונאָפּהענגיגע קלאוק אפּערייטאָרס יוניאָן, וואס האָט אויסדריק־לאך זיך אָפּגעזאָגט צו באַלאַנגען צו די „נאַיטס אוו לייבאָר". די קלאָוקמאכער יוניאָנס, וואָס האָבען זיך שפּעטער אָרגאַניזירט, זיינען אויך מייסטענס געווען אונאָפּהעניגע. אזוי איז אויך געווען די אפּערייטאָרס און קלאוקמאכער יוניאָן נומער איינס. אין דעם האָט געשפּילט א וויכטיגע ראָלע דער איינפלוס פון דער סאָציאַליסטישער ארבייטער פּארטיי.

די סאָציאַליסטישע ארבייטער פּארטיי האָט אין די ערשטע יאָהרען פון דעם קאמף צווישען די „נאַיטס אָוו לייבאָר" און דער „אמעריקען פעדערישאָן אוו לייבאָר" זיך געהאלטען נעהנ־טער צו דער לעצטער. זי האָט פּאַקטיש אין מערערע פאלען גע־האָלפען דער פעדערישאָן אין איהר קאמף געגען די „נאַיטס". אויף דער גריגדונגס קאָנווענשאָן פון דער אמעריקען פעדע־רישאָן אוו לייבאָר אין יאָהר 1886 זיינען די סאָציאַליסטען געווען גאַנץ שטאַרק פּארטראָטען. זיי האָט זיך איינגעגעבען דורכצופירען א רעזאָלוציע, אַז די מיטגלידער פון דער „פעדע־ריישאָן" ווערען פארפליכטעט צו „אונטערשטיצען די אונאָפּהענ־גיגע פּאָליטישע באוועגונג פון אַרבייטער קלאַס". אָבער אין 1890 האָט זיך די סאָציאַליסטישע ארבייטער פּארטיי צוקריגט מיט דער אמעריקען פעדעריישאָן אוו לייבאָר און עס האָט זיך צווישען זיי אָנגעפאנגען א קאמף. עס איז געקומען פון דעם, וואָס די פעדעריישאָן האָט אויף איהר קאָנווענשאָן אין דיטראָיט זיך אָפּגעזאָגט צו געבען א טשאַרטער צו דער סענ־טראַל לייבאָר פעדעריישאָן פון ניו יארק דערפאר, וואָס צווישען די ארבייטער אָרגאַניזאציעס, וואָס האָבען באַלאַנגט צו איהר, איז אויך געווען די ניו יאָרקער סעקציע פון דער סאָציאַליס־טישער ארבייטער פּארטיי. די פעדעריישאָן האָט באהויפּטעט, אַז א פּאָליטישע אָרגאַניזאציע דארף ניט אריינגענומען ווערען אין א טרייד יוניאָן קערפּערשאפט. די קאָנווענשאָן האָט אויף דעם גרונד אויך ניט צוגעלאָזען דעם דעלעגאַט פון דער סאָ־ציאַליסטישער ארבייטער פּארטיי, לוסיען סעניעל. די אָפּשטימונג איז געווען 1699 געגען צולאָזען און 525 פאר.

דאָס איז געווען א סיגנאל פאר קריג און דעניעל דעליאָן,

וועלכער איז דעמאָלט שוין געווען דער הויפּט־פירער פון דער סאָציאַליסטישער ארבייטער פּארטיי, האָט דעם קריג געמאַכט גאַנץ שארף.

אין דעם קריג מיט דער אַמעריקען פעדערייישאָן אָוו לייבאָר האָט די סאָציאַליסטישע ארבייטער פּארטיי אָנגעפאנגען שטי־צען די „נאַיטס אָוו לייבאָר". די דאָזיגע שטיצע איז פאַר די „נאַיטס" דעמאָלט געווען זעהר וויכטיג. זייער מיטגלידערשאַפט איז שוין געווען גאַנץ קליין און זייערע אָרגאַניזאַציעס זיינען איינע נאָך דער אַנדערער פּארנומען געוואָרען פון דער אַמע־ריקען פעדערייישאָן אָוו לייבאָר. דורך דער הילף פון דער סאָ־ציאַליסטישער ארבייטער פּאַרטיי זיינען די „נאַיטס" א רעכט ביסעל פארשטאַרקט געוואָרען, זיי האָבען אריינגעקראָגען נייע אָרגאַניזאַציעס און זייער פּאָזיציע, אין ניו יאָרק וויניגסטענס, איז באַדייטענד פארבעסערט געוואָרען. די סאָציאַליסטישע ארביי־טער פּארטיי האָט דערפאַר געוואונען א גרויסען איינפלוס אויף די „נאַיטס אָוו לייבאָר". זי האָט אין 1893 געוואונען די פול־שטענדיגע קאָנטראָל איבער דעם „דיסטריקט אַסעמבלי" נומער 49. דאָס איז געווען די גאַנצע אָרגאַניזאַציע פון דער שטאָט ניו יאָרק. די סאָציאַליסטישע ארבייטער פּארטיי האָט דע־מאָלט אָנגעפאנגען מאַכען אָנשטרענגונגען צו געווינען קאָנטראָל אויף דער „דזשענעראַל אַסעמבלי" פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר", ד. ה. די צענטראַלע קערפּערשאַפט.

די קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט ניט געקענט בלייבען אויסען פון דעם קאַמף. אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן איז ניט געווען קיין טיילונג צווישען דער טרעיד יוניאָן באַוועגונג און דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אין דער ווירקליכקייט פלעגען אין דער יוניאָן אָפּט פאָרנעמען מער פּלאַץ פראַגען פון דער סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג, שטרייטיגקייטען צווישען סאָציאַליס־טען און אַנאַרכיסטען, ווי די דירעקטע יוניאָן פראַגען. דאָס איז אויך געווען נאַטירליך. די קלאָוקמאַכער יוניאָן, פונקט ווי די אַנדערע אידישע יוניאָנס אין אמעריקע, זיינען אָרגאַ־ניזירט געוואָרען פון סאָציאַליסטען אָדער אַנאַרכיסטען. די אגי־טאַטאָרס, די פּראָפּאַגאַנדיסטען און די אָרגאַניזירער פון די אידישע יוניאָנס זיינען געווען די פירער פון דער סאָציאַליסטישער און

אנארכיסטישער באוועגונג — אב. קאהאן, לואי מילער, מ. זאַ־מעטקין, מאָריס ווינטשעווסקי, ב. פייגענבוים, ש. יאנאָווסקי, מאָריס הילקוויט, מאיר לאָנדאָן, און אזוי ווייטער. די יוניאָן איז פאקטיש געווען א טייל פון דער סאָציאַליסטישער אָדער אנאר־כיסטישער באוועגונג. די פאראייניגטע אידישע געווערקשאפטען זיינען געווען אן אויסגעשפּראָכענע סאָציאַליסטישע אָרגאניזא־ציע. און אזוי ווי אין דעם קאמף צווישען דער אמעריקען פעדערייזשאָן אָוו לייבאָר און די „נאיטס" האָט זיך אזוי שטארק אריינגעמישט די סאָציאַליסטישע ארבייטער פּארטיי, האָט שוין ממילא די קלאוקמאכער יוניאן ניט געקענט בלייבען שטעהן אין גאנצען אָן א זייט.

דאָך האָט די קלאוקמאכער יוניאָן אין דעם פאל זיך גע־קליגט, ווי מען קען זאָגען, צו געהן צווישען די טראָפּענס פון רעגען און ניט נאס ווערען. די קלאוקמאכער יוניאָן האָט אין 1892, למשל, באלאנגט צו דער ניו יאָרקער סענטראל פע־דערייזשאָן אוו לייבאָר און צו די פאראייניגטע אידישע געווערק־שאפטען, וועלכע האָבען דעמאָלט באקעמפט די אמעריקען פע־דערייזשאָן אוו לייבאָר, אָבער זי איז דאָך אין דערזעלביגער צייט געווען אין פריינדלאכע באציהונגען מיט דער אמעריקען פעדע־רייזשאָן אָוו לייבאָר.

## צוועלפטער קאפיטעל

# די קלאוקמאכער יוניאן און דער קאמף צווישען די סאציאליסטען און אנארכיסטען.

אויב די קלאוקמאכער יוניאן האט ניט פיל געליטען פון דעם קאמף צווישען די „נאיטס אוו לייבאר" און דער אמע־ריקען פעדערייזשאן אוו לייבאר, האט זי אבער גאר א סך גע־ליטען פון דעם פארביטערטען קאמף אין איהרע רייהען צווישען די סאציאליסטען און אנארכיסטען, וואס האט אלץ ווייטער אנ־גענומען שארפערע פארמען. די סאציאליסטען האבען געהאט די „ארבייטער צייטונג" און די אנארכיסטען האבען געהאט די „פרייע ארבייטער שטימע", און א גרויסער טייל פון דיביידע צייטונגען זיינען געווען פארנומען מיט אטאקעס איינע אויף די אנדערע, מיט באשולדיגונגען און געגען באשולדיגונגען און הארבע ווערטער האבען ניט אויסגעפעלט אויףביידע זייטען. מען האט זיך גערופען מיט די ערגסטע נעמען און קיינער איז ניט געשאנעוועט געווארען אין דעם קאמף. און די אידישע ארבייטער וועלט איז דעמאלט געווען א קליינע און אן ענגע, די געגנער האבען זיך כסדר געטראפען פנים אל פנים, זיי האבען זיך ניט געקענט אויסמיידען, ווען זיי וואלטען עס אפילו געוואלט, בפרט ווען זיי האבען עס ניט געוואלט. די אידעען זיינען נאך געווען פרישע און די מענשען נאך יונגע. עס איז געווען די באגייסטערונג פאר דער אידעע און עס איז געווען דאס פייער פון דער יוגענד.

און דער קאמף צווישען די סאציאליסטען און אנארכיסטען איז ניט געווען בלויז א לאקאלער, נאר אן אפקלאנג פון דעם קאמף, וואס האט זיך אין יענער צייט צופלאקערט אין דער ארבייטער באוועגונג אין אייראפא.

דער אינערליכער קאמף אין דער ניו יארקער קלאוקמאכער יוניאן איז געווארען אזוי ביטער, אז עס איז פארגעקומען א

פּאָרמאַלע שפּאַלטונג און אַן אָפּאָזיציאָנס יוניאָן איז געגרינדעט געוואָרען. עס האָט זיך אָנגעהויבען דערמיט, וואָס אין הערבסט פון 1891 האָט זיך געגרינדעט אַ „קאָלומבוס לייבאָר סוירקעל" פון קלאָוקמאַכער, וואָס זיינען געווען פריינדליך צו די „נאַיטס אָוו לייבאָר". היינט וואָלט מען עס זיכער אַ נאָמען געגעבען „קלוב" אָנשטאָט „סוירקל". די נייע אָרגאַניזאַציע האָט אין אַ קורצער צייט נאָך איהר געבורט זיך אָנגעפאַנגען לאָזען פילען. זי האָט אָנגעפאַנגען רופען פאַרזאַמלונגען פון קלאָוקמאַכער צו אָרגאַניזירען אַ נייע יוניאָן, אין אָפּאָזיציע צו דער אָפּעריי־טאָרס און קלאָוקמאַכער יוניאָן נומער איינס.

מיט עטליכע חדשים שפּעטער איז ווידער פאָרגעקומען עפּעס, וואָס האָט אויפגעטרייסעלט די קלאָוקמאַכער יוניאָן. דאָס איז געווען אין דער צייט פון דעם פּרעזידענט וואהל קאַמף אין 1892. די סאָציאַליסטישע ארבייטער פּאַרטיי האָט דעמאָלט צום ערשטען מאָל ארויסגעשטעלט אַן אייגענעם פּרעזידענט קאַנ־דידאַט אין די וואַהלען און די פאַראייניגטע אידישע געווערק־שאַפטען האָבען זיך אריינגעוואָרפען אין דעם וואהל־קאַמף מיט'ן גאַנצען אימפּעט. עס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען וואהל־קאַמף קלובען אין אַלע אידישע יוניאָנס און, פאַרשטעהט זיך, אויך אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן. אָבער אין דער קלאָוק־מאַכער יוניאָן האָבען געהאַט אַ שטאַרקען איינפלוס די אַנאַר־כיסטען. און ניט בלויז אַן איינפלוס, נאָר אויך אַ דעה. באַ־ראָנדעס, דער מענעדזשער פון דער יוניאָן איז געשטאַנען נעענטער צו די אַנאַרכיסטען און זיי האָבען געשטערט דעם וואהל־קאַמף פון די סאָציאַליסטען. די פאַראייניגטע אידישע געווערק־שאַפטען האָבען באַשולדיגט באַראָנדעסן, אַז ער פאַרשאַכערט די קלאָוקמאַכער יוניאָן צו די בורזשואזע פּאָליטישענס. דאָס האָט ענדליך געפירט דערצו, אַז די דעלעגאַטען פון דער קלאָוק־מאַכער יוניאָן האָבען פאַרלאָזען די פאַראייניגטע אידישע גע־ווערקשאַפטען. און טאָקע ווענען דעם גופא האָט זיך אָנגע־פאַנגען אַ נייער שטרייט. די דעלעגאַטען פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן האָבען געזאָגט, אַז מען האָט זיי אויסגעשלאָסען און די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָבען געזאָגט, אַז זיי זיינען אַליין אוועק. אָבער אַזוי צי אַזוי, דער רעזולטאַט איז

געווען א מלחמה צווישען דער קלאוקמאכער יוניאָן און די פאראייניגטע אידישע געווערקשאפטען.

נאָך די פּרעזידענט וואהלען, אין וועלכע די סאָציאַליסטען האָבען געקראָגען א באדייטענדע צאָל שטימען, האָט די קלאוק־מאכער יוניאָן באשלאָסען צוריק אריינצוטרעטען אין די פאר־אייניגטע אידישע געווערקשאפטען, אָבער איינער פון די גע־וועהלטע דעלעגאטען איז געווען באראָנדעס און די פאראייניג־טע אידישע געווערקשאפטען האָבען זיך אָפּגעזאָגט איהם צוצו־לאָזען מיט דער מאָטיווירונג, אז ער איז א שעדליכער מענש. האָט זיך דער קריג אָנגעפאנגען פון דאָס נייע און מיט מער פרישקייט.

אָנפאנג 1893 האָבען זיך צונויפגענומען א גרופּע קלאוק־מאכער, צווישען זיי איינינגע טעטיגע מיטגלידער פון דער סאָ־ציאַליסטישער ארבייטער פּארטיי, און האָבען באשלאָסען איבער־צובויען די קלאוקמאכער יוניאָן און איהר באפרייען פון באַ־ראָנדעסען. די הויפּט־פירער פון דער גרופּע זיינען געווען יאָזעף שלאָסבערג, דער איצטיגער גענעראל סעקרעטער פון דער אמאל־גאמייטעד; נייטען זווירין, וועלכער איז שפּעטער געוואָרען א באקאַנטער צייטונגס־שרייבער און נאָכדעם א לאָיער; סאנדאַק, א לאנג־יעהריקער טעטיגער מיטגליד פון דער קלאוקמאכער יוניאָן און איינינגע אנדערע. די עקזעקוטיווע פון דער יוניאָן איז שאַרף ארויסגעטראָטען געגען דער גרופּע, אָבער אַלס ענט־פער האָט די גרופּע זיך אָרגאניזירט אין א קאָמיטעט, וואָס האָט ארויסגעגעבען אַן ערקלערונג צו די מיטגלידער אין וועל־כער באראָנדעס איז זעהר ביטער אַטאַקירט געוואָרען, אז ער האָט מיט זיינע פירונגען רואינירט די יוניאָן; אז ער איז פאראנטוואָרטליך פאר אַלע אומגליקען וואָס זיינען געקומען אויף דער יוניאָן און אז מיט זיין בעטען גנאַדע ביים גאָ־ווערנאָר פון ניו יאָרק האָט ער פארראַטען די ארבייטער באַ־וועגונג.

עס פאַרשטעהט זיך, אז די דאָזיגע ערקלערונג האָט דעם קריג נאָך שארפער און ביטערער געמאכט. דערצו איז אין דערדאָזיגער צייט אָפּגעפרישט געוואָרען דער קאמף צווישען די סאָציאַליסטען און אַנאַרכיסטען, אין וועלכען די קלאוקמאכער האָבען שטענדיג גענומען אַן אַקטיווען אָנטייל. אין פרילינג,

1893, האָבען די אנארכיסטען פון דאָס ניי אָנגעפאנגען ארויס־געבען די „פרייע ארבייטער שטימע" און די פאראייניגטע אי־דישע געווערקשאפטען האָבען גלייך באַנייט דעם באָיקאָט, וואס זיי האָבען ערקלערט געגען דער צייטונג אין סעפטעמבער, 1891, צוליב דעם סטרייק פון די זעצער און צוליב דעם, וואָס די „פרייע ארבייטער שטימע" האָט אָרגאניזירט אַן אייגענע שריפט־זעצער יוניאָן. די עקזעקוטיווע פון דער קלאוקמאכער יוניאָן, וועלכע איז דעמאָלט געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון די אנאַרכיסטען, האָט זיך אָפּגעזאָגט דעם באָיקאָט צו פאָלגען. זי האָט געזאָגט, אז די פאראייניגטע אידישע געווערקשאפטען האָ־בען ערקלערט דעם באָיקאָט אין די אינטערעסען פון דער סאָ־ציאַליסטישער „ארבייטער צייטונג". די עקזעקוטיווע פון דער קלאוקמאכער יוניאָן איז נאָך געגאנגען ווייטער. זי האָט באָי־קאָטירט די „ארבייטער צייטונג". דאָס האָט נאַטירליך נאָך ביטערער געמאכט דעם אינערליכען קאמף אין דער יוניאָן.

די יוניאָן איז פאקטיש געווען געשפּאָלטען אויף צוויי פיינדליכע לאַגערן און ווען עס האָבען זיך דערנענטערט די וואהלען פאר א נייער עקזעקוטיווע און נייע באאמטע, איז דער קאמף נאַטירליך געוואָרען נאָך הייסער. א וואָך פאר די וואהלען, סוף יוני, 1893, האָט די עקזעקוטיווע פון דער יוניאָן געשטעלט אונטער א קלאַגע אַכצען מיטגלידער פון דער אָפּאָ־זיציע, וואָס האָט אָנגעפירט דעם קאמף געגען בּאַראָנדעסען און האָט זיי געלאָזט וויסען, אז פאר דער צייט וואָס זיי שטעהען אונטער דער קלאַגע האָבען זיי ניט קיין רעכט צו באזוכען קיין מיטינגען פון דער יוניאָן. דאָס האָט אַרויסגערופען אַ גוואַלדיגע אויפרעגונג אין די רייהען פון דער אָפּאָזיציע. עס האָט זיך אויפגעהויבען אַ געשריי, אז באַראָנדעס שליסט אויס מיטגלי־דער פון דער יוניאָן, וואָס זיינען געגען איהם, אז ער איז די גרעסטע געפאר פאר דער ארבייטער באוועגונג און אז אלע כוחות מוזען פאראייניגט ווערען איהם צו פארטרייבען פון דער יוניאָן. די שטימונג איז געווען אזא אויפגערייצטע, אז מען האָט מורא געהאט, אז די וואהלען פאר באאמטע אין דער יוניאָן וועלען גלאַט ניט אַראָפּגעהן און די עקזעקוטיווע האָט געדענקט, אז עס וועט זיין זיכערער, ווען ביי דעם האָל, וואו עס וועלען פאר־קומען די וואהלען, זאָל זיך געפינען פּאָליציי.

אין אויגוסט, 1893, איז עס געקומען צו אַן אָפענע שפּאַל־טונג. די געגנער פון באַראָנדעסען האָבען גערופען א מאסען פארזאמלונג אין דעם אידישען לייבאָר לייסיאום, 91 דילענסי סטריט, און האָבען אָרגאַניזירט אַן אָפּאָזיציאָנס יוניאָן, אונטער דעם נאָמען „אינטערנעשאָנאַל קלאוק מייקערס יוניאָן". פאר די הויפּט־באאמטע פון דער נייער יוניאָן זיינען געוועהלט גע־וואָרען נ. זווירין און יאָזעף שלאָסבערג.

איצט איז שוין געווען א קאַמף צווישען צוויי יוניאָנס און, עס פארשטייט זיך, אז קיין גרויסע כוחות האָבען זיי ביידע ניט געהאט. די נייע יוניאָן האָט באהויפּטעט, אז זי האָט פארשריבען 130 מיטגלידער וואָס האָבען איינגעצאָלט צו 25 סענט איינטריט געלד, אָבער די אַלטע יוניאָן האָט פארזי־כערט, אז די צאָל איז שטארק איבערטריבען. נאָר די אַלטע יוניאָן האָט זיך ניט געקענט בארימען, אז זי אַליין האָט פיל מער. דער קאַמף איז אָבער ניט לאָקאַליזירט געוואָרען אין די רייען פון די קלאָוקמאַכער, נאָר ער האָט פארכאַפּט די גאַנצע אי־דישע ארבייטער באוועגונג און האָט איר צוטיילט אין צוויי פיינדליכע לאַגערען.

אויף איין זייט זיינען געשטאַנען די פאראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, די „ארבייטער צייטונג", די סענטראַל פעדעריי־שאָן אָוו לייבאָר און איניגע יוניאַנס פון מענער־קליידער שניי־דער, וואָס האָבען זיך אָפּגעריסען פון דער יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס יוניאַן און האָבען צוזאַמען מיט דער אינטערנעשאָ־נאַל קלאָוקמאַכער יוניאָן געשאַפען אַן אָרגאַניזאַציע אונטער דעם נאָמען „יונייטעד גאַרמענט טריידס" פון ניו יאָרק און אומגע־גענד.

אויף דער אַנדערער זייט ווידער האָבען זיך צונויפגעקליבען די אַלטע קלאוקמאַכער יוניאַן, די „יונייטעד בראָדערהוד אָוו טעילאָרס", די ניי־געשאַפענע שריפטזעצערס יוניאַן, און עט־ליכע אַנדערע געשאַפענע אָפּאָזיציאָנס יוניאַנס, און האָבען גע־גרינדעט א נייע פאראייניגטע געווערקשאַפטען אונטער דעם נאָמען די „פאַראייניגטע טרייד יוניאַנס פון ניו יארק און אומ־געגענד". די דאָזיגע אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט די סימפּאַ־טיע פון די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס יוניאַן און אויך פון דער אַמעריקען פעדערײשאַן אָוו לייבאָר. אב. ראָזענבערג, וועל־

כער איז געווען א שטארקער אָנהענגער פון באראָנדעסען, איז געוועהלט געווארען פאר סעקרעטער פון דער אָרגאניזאציע. אין יאנואר, 1894, האָט די אָרגאניזאציע אָנגעפאנגען ארויסגעבען אַן אייגענע וועכענטליכע צייטונג אונטער דעם נאָמען „יוניאָן צייטונג", וועלכע איז מיט א פּאָר חדשים שפּעטער (דעם 25־טען מערץ, 1893) געוואָרען דאָס אייגענטום פון דער אפּערייטאָרס און קלאוקמאכערס יוניאן נומער איינס.

צוליב אָט דעם קאמף איז געוואָרען א גרויסע מזל ברכה אויף יוניאנס צווישען די אידישע ארבייטער. כמעט אין יעדען טרייד זיינען געווען צוויי יוניאָנס, וואס האָבען איינע די אַנ־דערע באַקעמפט. און יוניאָן טעטיגקייט איז געווים געווען א סך. די יוניאנס זיינען געווען פארנומען מיט אראָפּרייסען איי־נע ביי דער אַנדערער די מיטינגען, מיט ברעכען סטרייקס איינע ביי דער אַנדערער און מיט די אַלע אַנדערע זאַכען וואס זיי־נען דערמיט פארבונדען.

נאָר ווי האָבען אָט די יוניאנס זיך געקענט האלטען אונ־טער אזעלכע אומשטענדען? און פון וואנען האָבען זיי גענומען די כוחות אָנצופירען אזא העפטיגען קאמף איינע געגען די אַנ־דערע?

זיי האָבען געהאט „גליק", וואָס אין לאַנד איז דעמאָלט גע־ווען א גרויסער קריזיס, דער באַקאַנטער קריזיס פון 1893, און די מייסטע קלאוקמאַכער זיינען סאַי ווי סאַי ארומגעגאַנגען ליידיג און האָבען דעריבער געהאַט גענוג צייט זיך צו פארנעמען מיט „יוניאן טעטיגקייט". און די ביידע יוניאנס פון די קלאוקמאַ־כערס, וואָס האָבען געקעמפט איינע געגען דער אנדערער, האָבען טאַקע זייערע כוחות גענומען פון דעם קריזיס.

דאָס איז געווען אזוי: פארשידענע וואוילטעטיגע און פי־לאַנטראָפּישע פאראיינען האָבען געזוכט צו שאפען ארבייט פאר די ארבייטסלאָזע. זיי האָבען פאר דעם צוועק אָרגאניזירט שע־פּער, וואו די ארבייטסלאָזע פלעגען קריגען באַשעפטיגונג צוויי טעג א וואָך און פלעגען קריגען א דאָלאר א טאָג פאר 8 שטונדען ארבייט. ארבייטסלאָזע האָבען אויך געקראגען א דאָלאר א טאָג פאר ריייניגען די גאסען. די ארבייט פלעגט פארטיילט ווערען דורך די יוניאָנס. די פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטען פלעגען אריינ־שיקען א געוויסע צאָל ארבייטס בילעטען צו יעדער יוניאָן, אז

זי זאָל זיי פּארטיילען צווישען איהרע ארבייטסלאָזע. און אַזוי ווי די יוניאָנס פלעגען אָט די בילעטען געבען צו אַזעלכע, וואָס האָבען באַצאָלט זייערע דיוס, ממילא האָבען די יוניאָנס געהאַט מיט וואָס אויפצוהאַלטען זייער עקזיסטענץ.

נאָר ביסלאַכווייז האָבען ביידע קעמפענדע צדדים אָנגעפאַנגען מיד ווערען און עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען לאָזען הערען שטימען פון שלום.

פון אָנפאַנג איז עס צוגעאַנגען זעהר שווער. די ערשטע פרידענס־קאָנפערענצען האָבען זיך געענדיגט דערמיט, וואס מען האָט זיך נאָך מער צוקריגט און זיך נאָך שטאַרקער געזידעלט. די אינטערנעשאָנאַל קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט געשטעלט די ערשטע באַדינגונג, אַז באַראָנדעס מוז אַוועק. דאָס האָט אָבער די אָפּערייטאָרס און קלאָוקמאַכער יוניאָן נומער איינס בשום אופן ניט געוואָלט נאָכגעבען, ווייל דאָס וואָלט געהייסען, אַז זי איז איינגאַנצען באַזיגט געוואָרען. האָט מען דעריבער זיך געדונגען, געזוכט קאָמפּראָמיסען און זיך געקריגט און געזידעלט. ענדליך אָבער האָט באַראָנדעס אַליין איינגעזעהן, אַז עס וועט זיין בעסער פאַר די קלאָוקמאַכער און אויך פאַר איהם, ווען ער וועט אַוועקגעהן.

מיט באַראָנדעסעס צוריקציהען זיך פון דער יוניאָן זיינען די פאַרהאַנדלונגען וועגען אַ שלום צווישען די קעמפענדע צדדים אַ סך לייכטער געוואָרען און עס האָט אויסגעוויזען, אַז די מלחמה איז שוין צו ענד. אָבער איז אַ גאַנץ קורצער צייט אַרום האָט דעם קאַמף זיך אָנגעפאַנגען פון דאָס ניי. די אָפּערייטאָרס און קלאָוקמאַכער נומער איינס האָט נעמליך דעם 6־טען יולי, 1894, פון דאָס ניי ערוועהלט באַראָנדעסען פאַר איר מענעדזשער, און כמעט איינשטימיג — 304 פאַר און בלויז 7 געגען. באַראָנדעס איז אָבער געבליבען ביי זיין פריהערדיגען באַשלוס אַוועקצוגעהן פון דער יוניאָן און ער איז אפילו אַוועק פון ניו יאָרק. די שלום פאַרהאַנדלונגען האָבען זיך אָנגעפאַנגען פון דאָס ניי, און דעם 3־טען אויגוסט, 1894, האָבען זיך די קלאָוקמאַכער ענדליך ווידער פאַראייניגט אין דער אָפּערייטאָרס און קלאָוקמאַכער יוניאָן נומער איינס. אַ באַדינגונג פון דעם שלום איז געווען, אַז באַראָנדעס טאָר מער ניט זיין קיין מיטגליד פון דער יוניאָן.

## דרייצענטער קאַפּיטעל

# דער גענעראַל סטרייק פון 1894.

דער שלום צווישען די קעמפּענדע צדדים אין די רייהען פון די קלאָוקמאַכער האָט געשאַפען אַ מעגליכקייט צו אָנפאַנגען פון דאָס ניי אַ באַוועגונג צו אָרגאַניזירען דעם קלאָוק טרייד און צו פאַרבעסערען די לאַגע פון די קלאָוקמאַכער. די צייט איז פאַר דעם אויך געווען גינסטיג. דער קריזיס אין לאַנד איז געווען אַזוי גוט ווי פאַריבער און אין די קלאָוק שעפּער האָט זיך אָנגעפאַנגען באַוויזען אַ סך אַרבייט.

די אָפּערייטאָרס און קלאָוקמאַכער יוניאַן נומער איינס האָט אין דער צייט פון דעם קאַמף מיט דער אָפּאָזיציאָנס יוניאָן, די אינטערנעשאָנאַל קלאָוקמאַכער יוניאָן, זיך אָנגעשלאָסען אָן די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס. דאָס איז געטאָן געוואָרען, ערשטענס, כדי צו קענען ערפאָלגרייכער אָנפירען דעם קאַמף מיט דער אָפּאָזיציע, צווייטענס, איז אין יענער צייט אין אַלגעמיין געווען אַ באַוועגונג זיך צו פאַרבינדען מיט אַ צענטראַלער קערפּערשאַפט. און ווען עס האָט זיך זיי ניט איינגעגעבען צו באַשאַפען אַן אייגענע צענטראַלע קערפּערשאַפט, ווי דאָס איז דערצעהלט געוואָרען אין איינעם פון די פריהערדיגע קאַפּיטלען, האָבען זיי באַשלאָסען זיך אָנצושליסען אָן דער יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס, וואָס איז דעמאָלט געווען דער פאַרבאַנד פון די מענער-קליידער שניידער אין אַמעריקאַ. די ערשטע קלאָוקמאַכער יוניאָן וואָס האָט זיך פאַרבונדען מיט די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס, איז געווען פון באַלטימאָר. דאָס איז געווען אין מאַרטש, 1892. מיט אַ 15 חדשים שפּעטער האָט עס אויך געטאָן די קלאָוקמאַכער יוניאָן פון שיקאַגאָ. אין אָנפאַנג פון 1894 איז די קלאָוקמאַכער יוניאָן פון פילאַדעלפיע אַריינגעטראָטען אין די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס. אומגעפער אין דערזעלביגער צייט איז אויך די קאָטערס יוניאָן פון ניו יאָרק יונייטעד קלאָוק ענד סוט קאָטערס אַסאָ-

סיאיישאָן) אריין אין די יונייטעד גארמענט וואָירקערס, און טאָקע דעמאָלט האָט אויך די אפערייטאָרס און קלאָוקמאכער יוניאָן נר־מער איינס זיך פארבונדען מיט די יונייטעד גארמענט וואָירקערס און זי האָט געקראָגען דעם נאָמען לאָקאל 64.

OPERATORS & CLOAK MAKERS UNION

No. 1 of New York.

Affiliated with the

*Unit. Garment Workers of America.*




CARD OF MEMBERSHIP.




1894

"Union Zeitung" Printing, 82 Orchard st. N. Y.



א קלאָוק אפערייטאָרס יוניאָן ביכעל פון די
יונייטעד גארמענט וואָירקערס (1894)

נאָר ווי די קלאוקמאכער יוניאָן האָט אָנגעפאנגען קומען אביסעל צו זיך, איז זי ארייגעצויגען געוואָרען אין א קאמף פון וועלכען זי האָט גאנץ שלעכט אָפּגעשניטען.

עס האָט זיך אָנגעפאנגען מיט דעם, וואָס די „יונייטעד בראָדערהוד אָוו טיילאָרס", וואָס האָבען באלאנגט צו די יונייטעד גארמענט וואָירקערס, האָבען ערקלערט א גענעראל סטרייק אָפּ־צושאפען ציל־ארבייט און איינצופירען וואָך־ארבייט און א צען־שטונדיגען ארבייטס־טאָג. די קלאוקמאכער האָבען עס באטראכט פאר א גינסטיגען מאָמענט אויך ארויסצוגעהן אין א סטרייק. און עס האָט אויסגעוויזען, אז זיי האָבען געטראָפען. די מאנו־פעקטשורערס האָבען זיך פיל ניט געדונגען מיט זייערע סטריי־קערס און האָבען נאָכגעגעבען זייערע פאָדערונגען. די הויפּט־פאָדערונג איז באשטאנען וועגען פרייזען אָדער „פּרייז־ליסטען", ווי מען האָט עס גערופען. אָבער דריי גרעסערע פירמעס האָבען זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבען אן אָפּמאך מיט דער יוניאָן און די סטרייקער פון זייערע שעפּער האָבען געפאָדערט, אז עס זאָל ערקלערט ווערען א סימפּאטיע סטרייק אין דעם גאנצען טרייד. זיי האָבען נעמליך באהויפּטעט, אז די ארבייט פון די דריי פירמעס ווערען געמאכט אין די שעפּער פון מאנופעקטשור־ערס, וואָס האָבען אונטערגעשריבען אן אָפּמאך מיט דער יוניאָן. עס איז געשאפען געוואָרען זעהר אן אונאנגענעמע לאגע. עס האָט געמיינט רופען א גענעראל סטרייק צו וועלכען די יוניאָן איז ניט געווען צוגעגרייט.

אב. ראָזענבערג, אין זיינע „ערינערונגען", מאכט שולדיג די קאטערס אין דער אונאנגענעמער סיטואציע, וואָס איז דע־מאָלט געשאפען געוואָרען.

די קאטערס, דערצעהלט ראָזענבערג, פלעגען זיך געוועהנ־ליך גאנץ ווייניג קימערען וועגען די אנדערע ארבייטער אין קלאוק טרייד, אָבער ווען זיי האָבען דערזעהן, אז די קלאוק־מאכער יוניאָן ווערט שטארקער און פאנגט אָן קאָנטראָלירען די שעפּער, האָבען זיי זיך דערמאָנט, אז זיי האָבען מיט דער קלאוק־מאכער יוניאָן אן אָפּמאך, אז מען טאָר ניט נעהמען קיין קלאוקס, וואָס זיינען געשניטען געוואָרען פון ניט־יוניאָן קאטערס. נאָר דאָס וואָלט געווען רעכט, זאָגט אב. ראָזענבערג, „ווען זייערע

מעמבערס וואָלטען מיט אונז צוזאַמען ארונטערגעגאנגען סטריי־
קען. זיי האָבען אָבער אַנדערש געטאָן. ווען מיר האָבען
ארונטערגערופען אַ סטרייק, האָבען זיך די קאַטערס גאָר ניט
געוויזען און האָבען ווייטער געארבייט. און אין איינ־גע
פאַלען, ווען מיר האָבען די יוניאָן־באאמטע געפרעגט ווארום זיי
נעמען ניט ארונטער די קאַטערס, האָבען זיי אונז ערקלערט, אז
אין די שעפּער, וואו מיר סטרייקען, האָבען זיי קיין מעמבערס
ניט.

„דערפאר אָבער, ווען די מאַנופעקטשורערס פלעגען זיך מעל־
דען צום סעטלען, איז ערשינען אַ קאָמיטע פון דער קאַטערס
יוניאן און פארלאנגט, אז מיר זאָלען סטרייקען צו יוניאָניזירען
די קאַטערס. דערפון זיינען ארויסגעקומען פילע טראָבעלס. אין
פילע שעפּער, וואו סעטעלמענטס זיינען שוין געמאכט געווא־
רען איידער די קאַטערס זיינען ערשינען מיט זייער פארלאנג,
האָט מען די קלאוקמאכער געמוזט צוריקהאלטען פון צו געהן
ארבייטען, ביז די קאטער־פראגע וועט געסעטעלט ווערען.

„מיר זיינען אָבער אויך דיזע שוועריגקייטען איבערגעקומען,
און די מאַנופעקטשורערס האָבען געסעטעלט מיט די קאַטערס,
אויך, און די יוניאָן האָט פראָגרעסירט.

„מיט די פירמעס לואיס גראַנער און סמיטה, און מיט ראָ־
זענטאַל האָט אויך די קלאָוקמאכער יוניאָן געסעטעלט איידער
עס האָבען זיך געצייגט די קאַטערס. אויף מאָרגען, ווען אַלע
זיינען פאַרטיג געווען צו געהן ארבייטען, זיינען פּלוצלונג די קאַ־
טערס ערשינען און האָבען געסטאָפּט דעם סעטעלמענט. דיזע
האנדלונג האָט די צוויי פירמעס שטאַרק פארדראָסען, און זיי
האָבען חרטה געהאַט אויף דעם גאַנצען סעטעלמענט. דער
סטרייק האָט אַלזאָ ווייטער געדארפט פאָרטגעזעצט ווערען.

„אין דער זעלבער צייט זיינען אויך ארונטערגעגאנגען
סטרייקען די ארבייטער פון דער פירמע א. בעלער און קאָ.,
וועלכער איז נאָך ניט לאנג געווען אין ביזנעס. בעלער האָט
שוין אָבער געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ פארביסענעם געגנער פון
יוניאָנס, און דאָ האָט זיך שוין אָנגעפאנגען אַ קאַמף אויף אַן
אמת. ארום זעקס הונדערט ארבייטער זיינען פארוויקלעט געווען
אין די דריי סטרייקס".

און גאַנץ פּלוצלונג האָט פּאַסירט נאָך עפּעס: בּאַראָנדעס האָט זיך ווידעראמאָל באַוויזען אויף דער סצענע!

צווישען די סטרייקענדע קלאָוקמאַכער האָט זיך געשאפען אַ באַוועגונג צוריק צו מאַכען בּאַראָנדעסען פאַר דעם מענעדזשער פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן און זיי האָבען צו אים געשיקט אַ דעפּוטאַציע אין באַלטימאָר, וואו ער האָט אָנגעפאַנגען אַרויסגעבען אַ וועכענטליכע אידישע צייטונג אונטער דעם נאָמען „באַלטימאָרער פרייע פּרעסע”, אַז ער זאָל קומען צוריק אין ניו יאָרק.

משמעות, אַז דער ערפאָלג פון בּאַראָנדעס'עס „פרייע פּרעסע” אין באַלטימאָר איז ניט געווען קיין באַזונדערס גרויסער און די באַמיאונגען פון דער דעפּוטאַציע פון די קלאָוקמאַכער אים צו ברייגנען צוריק אין ניו יאָרק האָבען זיך דעריבער געקרוינט מיט אַן ערפאָלג.

דער קבלת פּנים, וואָס בּאַראָנדעס האָט באַקומען אויף דער ערשער פאַרזאַמלונג פון די קלאָוקמאַכער אין ניו יאָרק, איז ניט אַראָפּ גאַנץ גלאַט. פון איין זייט האָט מען איהם באַשאָטען מיט בלומען און פון דער אַנדערער זייט האָט מען איהם באַגעגענט מיט אַ פּייפעריי. עס האָט טאַקע דעריבּיי אויך אויסגעבראָכען אַ געשלעג אין וועלכען עס זיינען צובראָכען געוואָרען אַ סך שטולען און אויך אַ באַדייטענדע צאָל קעפּ. דאָס האָט פּאַסירט דעם 13טען סעפּטעמבער, 1894.

גלייך אויף מאָרגען איז אין דער „יוניאָן צייטונג”, דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן געווען געדרוקט אַ לייט־אַרטיקעל, וואָס האָט געהייסען „צו די וואפען”, ווייל אַ גענעראַל סטרייק איז די איינציגע זאַך, וואָס קען העלפען די קלאָוקמאַכער אין זייער שלעכטער לאַגע.

און די אַגיטאַציע פאַר אַ גענעראַל סטרייק האָט געהאַט איהר ווירקונג, ווייל די לאַגע פון די קלאָוקמאַכער איז געווען שלעכט גענוג, אַז יעדער רוף צו אַ קאַמף זאָל געפינען ביי זיי אַ וואַרימען אָפּקלאַנג. עס איז אמת, אַז זיי האָבען געהאַט אונטערגעשריבען אַן אָפּמאַך מיט זייערע באַלעבאַטים, אָבער די באַלעבאַטים האָבען זיי אָפּגענאַרט. שוין מיט פערציג יאָהר צוריק האָבען די קלאָוקמאַנופעקטשורערס געוואוסט פון דער „ערפינדונג” צו פאַרבייטען די נומערען פון די סעמפּעלס, פאַר וועלכע מען האָט גע־

סעטעלט פּרייזען. די איצטיגע באַלעבאַטים זיינען דעריבער אין דעם פּרט אין גאַנצען ניט אָריגינעל. און אַפילו אין די שעפּער, וואו מען האָט ניט באַשווינדעלט די ארבייטער מיט די אָפּגעמאַכטע פּרייזען, האָבען אויך די ארבייטער קיין לעבען ניט געקענט מאַכען, ווייל מען האָט זיי ניט געגעבען דאָרטען גענוג ארבייט. די באַלעבאַטים האָבען שוין דעמאָלט אויך גע־וואוסט פון דער ערפינדונג ארויסצופירען די ארבייט ערגעץ אין אַ דאָרף אָדער שטעדטעל ארום ניו יאָרק. וועגען דעם דערצעהלט די ניו יאָרקער סטייט באָארד אָוו ארביטריישאָן פון אַן אונטערזוכונג, וואס זי האָט געמאַכט.

אין דעם באַריכט פון דער אונטערזוכונג ווערט געזאָגט, אַז אויך אין די שעפּער, וואו די באַלעבאַטים היטען אָפּ דעם אָפּ־מאַך מיט דער יוניאַן, קריגען אָבער די ארבייטער אפילו ניט אַ העלפט פון דער ארבייט, וואס זיי האָבען געקענט מאַכען. די מאַנופעקטשורערס צאָלען, דאַכט זיך, אַ גוטען פּרייז פאַר דער ארבייט, וואָס ווערט געמאַכט, אָבער די ארבייטער הונגערען דאָך. דאָס איז דערפאַר, ווייל דער גרעסטער און בעסטער טייל פון דער ארבייט ווערט געמאַכט פון פרויען און מיידלאַך אין די קאַנטרי שטעדטלאַך, בעת די קלאָוקמאַכער אין ניו יאָרק האָבען קוים צוויי אָדער דריי טעג ארבייט אַ וואָך.

עס הייסט, אַז די קלאָוקמאַכער האָבען געהאַט גענוג אור־זאַכען פאַר אַ סטרייק.

דעם 6טען אָקטאָבער, 1894, איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין קופּער יוניאָן אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון קלאָוקמאַכער, אויף וועלכער עס האָט אויך גערעדט סעמיועל גאָמפּערס, און ער איז ארויסגעטראָטען געגען דעם געפּלאַנטען סימפּאַטיע סטרייק. זיין הויפּט־ארגומענט איז געוועזען, וואָס דורך דעם סימפּאַטיע סטרייק וועט מען דארפען ברעכען דעם אָפּמאַך וואָס די יוניאָן האָט אונטערגעשריבען מיט מערערע קלאָוק מאַנופעקטשורערס. דער ארגומענט האָט אָבער ניט אַפּעלירט צו די קלאָוקמאַכער, וואָס האָבען זיך געריסען אין סטרייק. אין צוויי טעג ארום, דעם 8טען אָקטאָבער, איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ צווייטע מאַסען־פאַרזאַמ־לונג, און דער סטרייק איז מיט אַ גרויסער מאַיאָריטעט פּראָקלאַמירט געוואָרען.

אב. ראָזענבערג אין זיינע „ערינערונגען” ווארפט די הויפּט שולד פון אָט דעם גענעראל סטרייק, וואס האָט זיך שפּעטער אזוי שלעכט אויסגעלאָזען פאר די קלאָוקמאכער, אויף בּאראָנדע־סען. ער דערצעהלט וועגען דעם אזוי:

„א פּאָר טעג שפּעטער, ווי בּאראָנדעס האָט איבערגענומען זיין אמט אלס מענעדזשער, איז ער געקומען צו דער עקזעקו־טיוו בּאארד מיט א קאָמיטע פון דער קאטערס יוניאָן, וועלכע האָבען פארלאנגט מיר זאָלען ארונטעררופען אין סטרייק די פיר הונדערט ארבייטער פון דזשוליוס שטיין. די דאָזיגע פירמע האָט שוין איין מאָל אונטערגעשריבען אַן אגרימענט מיט דער יוניאָן צו בּאַשעפטיגען נאָר אזעלכע קלאָוקמאכער און קאטערס, וואָס באלאנגען צו דער יוניאָן, און אזוי ווי זי האָט אויך בּאשעפטיגט ניט־יוניאָן־קאטערס, האָט די יוניאָן געדארפט ערקלערען זיין אגרי־מענט אלס געבראָכען.

„דזשוליוס שטיין האָט פון זיין זייט ערקלעהרט, אז ער איז צופרידען צו שיקען אלע זיינע 32 קאטערס אין דער יוניאָן, און ער וועט פאַר זיי אויסלייגען זייערע איינטריטס־געלט, וואס האָט בּאטראָפען אכט הונדערט דאָלאר, און צוויי הונדערט דאָ־לאר וועט ער בּאצאָהלען שטראָף פּאַר צוויי קאטערס, וועלכע זיינען אמאָל געוועזען סקעבּס. אָבער די אלע טענות האָבען ניט געהאָלפען. די קאטערס יוניאָן האָט זיך ענטזאגט די צוויי גע־וועזענע סקעבּס אריינצונעמען אין דער יוניאן אפילו פאר טויזענדער, און דזשוליוס שטיין האָט זיך ענטזאגט ארונטערצושיקען די צוויי קאטערס.

„אונזער עקזעקוטיוו בּאָארד, אויסהערענדיג דעם בּאריכט פון די קאָמיטעס, וועלכע האָבען אונטערהאנדעלט מיט דזשור־ליוס שטיין, האָט זיך אויסדריקליך ענטזאגט ארויסצורופען דיזען סטרייק, און נאָך א צייט פון ארגומענטען, האָט ענדליך דער דאמאלסדיגער טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו בּאָארד, א געוויסער פרענקעל, געשלאָסען דעם מיטינג, און א גרויסע צאָל דעלעגאטען זיינען אוועק. גלייך ווי דער טשערמאַן פרענקעל האָט פארלאָזען דעם האָל, איז בּאראָנדעס ארויף אויפ׳ן טשער און האָט ווידער געעפענט דעם מיטינג, און ביי דיזען מיטינג

איז באַשלאָסען געוואָרען דזשוליוס שטיין׳ס אַרבייטער אַרויסצו־רופען אין סטרייק.

„דזשוליוס שטיין און זיין סופּעראינטענדענט זיינען איינינגע מאָל געקומען אין אָפיס פון אונזער יוניאָן און האָבען געזוכט צו פאַרמיידען דעם סטרייק. נאָר די קאַטערס יוניאָן האָט זיך געהאַלטען פעסט ביי איהר באַשלוס, אַז זי וועט די צוויי קאַ־טערס פאַר טויזענדער ניט אריינגעמען אין דער יוניאַן און אַז זיי וועלען זיי פון שטאָדט פאַרטרייבען.

„אין אַ פּאָר טעג אַרום זיינען איבער פיר הונדערט אַר־בייטער פון דזשוליוס שטיין׳ס פירמע אַרונטערגענומען געוואָ־רען אין סטרייק.

„יעצט האָבען אַלע פיר מאַנופעקטשורערס אָנגעפאַנגען פי־רען דעם סטרייק געמיינשאַפטליך, און דער סטרייק האָט שוין אָנגענומען אַן ערנסטען כאַראַקטער.

„די איבעריגע קלאָוק־מאַנופעקטשורערס פון שטאָדט, מורא האָבענדיג פאַר זייער אייגענע פעל, ווען די יוניאָן וועט צו־שטאַרק ווערען, האָבען געגרינדעט אַן אַסאָסיאיישאָן, און דורכ׳ן טאָג פלעגען די מאַנופעקטשורערס זיך צוזאַמענקומען פאַר באַראַטונגען. דערפון איז צווישען די קלאָוקמאַכער פאַרשפּרייט געוואָרען דער פאַרדאַכט, אַז די מאַנופעקטשורערס מאַכען אויף די סטרייק־אַרבייט אין זייערע שעפּער. און אין אַזעלכע פאַלען געפינען זיך אימער אַרבייטער, וועלכע וועלען אייך מיט זיכער־הייט זאָגען, אַז זיי האָבען אַליין געזעהן, ווי דער אָדער יענער פאַרמאַן פון די סטרייקענדע שעפּער האָט צו זיי געבראַכט באַנד־לעך אַרבייט צום מאַכען.

„עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַן אונצופרידענהייט צווישען די אַרבייטער פון די געסעטעלטע שעפּער. פילע מאַנופעקטשורערס האָבען פאַרביטען די נומערען פון די געסעטעלטע גאַרמענטס און האָבען געגעבען די אַרבייטער זיי צו מאַכען פאַר קלענערע פּרייזען. אין אַנדרע שעפּער האָט זיך בלויז די אַרבייטער געדאַכט, אַז מען פאַרבייט זיי די נומערען, נאָר ווי די זאַך זאָל ניט זיין, עס איז געוואָרען אַ גאַנצע סומאַטאָכע, פון אַלע שעפּער האָט מען שטאַרק געפאָדערט, אַז מען זאָל איבערסעטלען די פּרייזען.

„דיזע און נאָך אנדערע אומשטענדען האָבען געבראכט דעם געדאנק פון א גענעראל סטרייק אין די מוחות פון די קלאָוקמאכער.

„אם שטארקסטען האָבען זיך באטייליגט אין דער פּראָפּאַגאנדע פאר א גענעראל סטרייק די ארבייטער פון די פיר סטרייקענדע שעפּער. זיי האָבען גערעכענט, אז זייער סטרייק איז יעדענפאלס פארלאָרען, דארום וועט זיי פרעהליכער זיין, ווען אלע וועלען מיטסטרייקען; אויב הונגערען, זאָלען אלע הונגערען!

„אין דער זעלבער צייט האָט זיך אויך נאָר וואָס געענדיגט דער זיגרייכער גענעראל־סטרייק פון די בראָדערהוד אָוו טיילאָרס און דער זיג האָט שטארק באגייסטערט אונזערע לייטע אויך ארויסצוגעהן סטרייקען.

„ביי דער עקזעקוטיוו באארד איז באשלאָסען געווארען צו רופען א גרויסע מאסען־פארזאמלונג, וואו די פראגע וועגען גענעראל סטרייק זאָל באשפּראָכען ווערען, און אין א טאָג צייט איז דער מאסמיטינג אראנזשירט געווארען.

„קיינע פריערדיגע פאָרבערייטונגען זיינען דערצו ניט געמאכט געוואָרען. ניט די סטרייק־קאָמיטע, ניט די עקזעקוטיווע האָבען געהאט די מינדעסטע אהנונג, ווי אזא סטרייק אָנצופירען. קיינע האָלס זיינען ניט באשטעלט געוואָרען, וואו די ארבייטער זאָלען זיך צוזאמענקומען, אין פאל א סטרייק זאָל באשלאָסען ווערען. אין דער טרעזשורי פון דער יוניאָן איז דאמאָלס געווען א גענויע טויזענד דאָלער. נאָר וועמען האָט עס געארט? געלד? — צו וואָס דארף מען געלד? מען וועט סטרייקען און געווינען!

באראָנדעס האָט ניט פארשטאנען די ערנסטקייט פון דער דאָזיגער אונטערנעמונג, און האָט זיך פון אָנפאנג ניט געשטעלט שטארק דאגעגען.

„אין אָוונד, ווען דער מאסמיטינג האָט שטאטגעפונדען, האָבען איבער א טויזענד ארבייטער פון די פיר סטרייקענדע פירמעס פארנומען די פאָדערשטע פּלעצער פון ניו אוירווינג האָל, און יעדערער וואָס האָט געוואגט אויפ'ן פּלאטפאָרמע צו רעדען נעגען דעם גענעראל סטרייק, איז גאנץ איינפאך פאר די פיס ארונטערגעשלעפּט געוואָרען פון דער פּלאטפאָרמע.

„בּראַנדעס איז געווען דער איינציגער, וואָס האָט געקענט דעם סטרייק פאַרמיידען, נאָר ער האָט קיין שטעלונג ניט גע־נומען. ער האָט עס איבערגעלאָזען צו דער מאַסע צו ענטשיי־דען. ווי עס ווייזט אויס, איז ער ענטוועדער געווען פאַר׳ן סטרייק, אָדער ער האָט ניט געוואָלט פאַרלירען זיין פּאָפּולאַ־ריטעט צווישען די גרויסע מאַסען.

„דער סטרייק איז ביי דער מאַסען־פאַרזאַמלונג באַשלאָסען געוואָרען.

„אַזוי שנעל ווי די טויזענד־קעפּיגע מאַסע, וואָס האָט אין האָל ניט געקענט אריינקומען, האָבען דערהערט דעם רעזולטאַט פון דער אָבשטימונג אין האָל, האָבען זיי גלייך צווישען זיך ער־וועהלט קאָמיטעס און זיינען אין מיטען נאַכט אַוועק אָפּשטע־לען אַלע אויטסייד־שעפּער, וואו מען האָט געאַרבייט.

„אין די אַמאָליגע צייטען איז געווען אַ מאָדע, אַז ערב יום־טוב פלעגען די אַרבייטער אַרבייטען אַ גאַנצע נאַכט, און אַזוי ווי דאַמאַלס איז געווען די נאַכט פון ערב יום־כּיפּור, האָט מען אין פילע איסט סיידער שעפּער געאַרבייט. די שעפּער האָט מען גלייך אָפּגעשטעלט.״

עס זעט אָבער דאָך אויס פון אב. ראָזענבערג׳ס אייגענע ווערטער, אַז דער פאַרלאַנג צום סטרייקען איז געווען ביי די קלאָוקמאַכער גאַנץ שטאַרק. ער דערצעהלט, אַז שוין דעם ערשטען טאָג, ערב יום כּיפּור אין דער פריה, זיינען אַרום צוואַנ־ציג טויזענד קלאָוקמאַכער געווען אין סטרייק. און גראָד די אַרבייטער פון די שעפּער, אויף וועלכע מען האָט ניט גע־רעכענט, אַז זיי וועלען פאָלגען דעם סטרייק־רוף, זיינען געווען פון די ערשטע אָפּצושטעלען די אַרבייט. פּאַקטיש זיינען אַלע קלאָוקמאַכער אַרוים אין סטרייק. בּלויז די קאַטערס האָבען זיך ניט גערירט פון אָרט, דערצעהלט ראָזענבערג. ערשט אין אַ פּאָר טעג שפּעטער, ווען די מאַנופעקטשורערס האָבען געזעהן, אַז עס האָט ניט קיין זין צו שניידען קלאָוקס, ווען עס איז ניטאָ ווער עס זאָל אויפנעהען, זיינען אויך די קאַטערס געוואָרען סטרייקערס.

## פערצענטער קאַפּיטעל

# די פאָדערונג איינצופירען וואָך־אַרבייט.

נאָכדעם ווי דער סימפּאַטיע־סטרייק איז אַזוי ערפאָלגרייך ארויסגערופען געוואָרען, האָט זיך געשטעלט א פראגע, ווי אַזוי האַלט מען איהם אָן. פאר „סימפּאַטיע" אַליין קען מען לאַנג א גענעראַל סטרייק ניט אָנהאַלטען. מען דאַרף דעריבער איהם אויסנוצען צו שטעלען פאָדערונגען צו די באַלעבאַטים. עס פארשטעהט זיך, אז קיין פאָדערונגען האָט מען ניט געדארפט זוכען, עס איז אַלע מאָל געווען וואס צו פאָדערען. נאָר ווען די עקזעקוטיווע פון דער יוניאַן האָט זיך אוועקגעזעצט אויס־ארבייטען די פאָדערונגען איז זי געקומען צום באַשלוס, אז די הויפּט־פאָדערונג אין דעם סטרייק דאַרף זיין בייטען די סיסטעם פון שטיק ארבייט אויף וואָך־ארבייט.

די פאָדערונג פון וואָך־ארבייט אנשטאָט שטיק־ארבייט איז אין דער צייט געווען זעהר א פּאָפּולערע. פאר דער פאָדערונג האָבען, ווי פריהער דערמאָנט, געסטרייקט די שניידער פון מענער קליידער און זיי האָבען זייער קאַמף געוואונען. און אויב וואָך־ארבייט איז בעסער ווי שטיק־ארבייט פאר די שניידער פון מע־נער קליידער, טאָ פאר וואָס זאָל עס אויך ניט זיין בעסער פאר די שניידער פון פרויען־קליידער? באַלאַנגען דאָך ביידע צו איין אָרגאַניזאַציע — צו די יונייטעד גארמענט וואָירקערס.

די יוניאָן, צוזאַמען מיט איהר מענעדזשער, יאָזעף באַראָנ־דעס, האָבען אויסגעארבייט א צעטעל פון צען פאָדערונגען, וועלכע האָבען ביי די סטרייקער געקראָגען דעם נאָמען די „צען געבאָט" אָדער „עשרת הדברות".

זיי זיינען:

1. וואָך־ארבייט אנשטאָט שטיק ארבייט.

2. א 9־שטונדיגער ארבייטס־טאָג פאר די ארבייטער פון אינוועניגסטע שעפּער און א צען־שטונדיגער ארבייטס־טאָג פאר די ארבייטער פון די אויסען־שעפּער.

3. היים־ארבייט און נאכט־ארבייט מוז אָפּגעשאפט ווערען.

4. שכירות זאָל געצאָלט ווערען וועכענטליך — שבת צו די ארבייטער פון די אינוועניגסטע שעפּער און מאָנטאָג צו די ארבייטער פון די אויסען־שעפּער.

5. אַלע קלאָוקס וואָס ווערען געמאכט פון קאָנטראקטאָרס מוזען געשניטען ווערען ביי די קלאָוק־פירמעס.

6. בלויז יוניאָן לייט דארפען באשעפטיגט ווערען.

7. די יוניאָן זאָל האָבען דאָס רעכט צו קאָנטראָלירען איהרע מיטגלידער אין די שעפּער צו יעדער צייט.

8. קיין ארבייטער זאָל ניט אָפּגעזאָגט ווערען אָהן א גע־ניגענדער אורזאך, וואס דארף איבערגעגעבען ווערען צו דער יוניאָן.

9. בלויז איין העלפּער קען געהאלטען ווערען פאר יעדע צען אפּערייטאָרס.

10. אַלע מאנופעקטשורערס זאָלע אונטערשרייבען אן אָפּ־מאך וואָס זאָל זיין גילטיג ביז דעם 15טען אוגוסט, 1895, און זיי זאָלען געבען זיכערהייט, אז זיי וועלען דעם אָפּמאך האלטען. די מאנופעקטשורערס דארפען זיין פאראנטוואָרטליך פאר זייערע קאָנטראקטאָרס, אז זיי זאָלען אָפּהיטען די באדינ־גונגען פון אָפּמאך.

דערביי האָט די יוניאָן צונויפגעשטעלט א ליסט פון א מי־נימום ארבייטס־לוין: פאר קאטערס 24 דאָלאר א וואָך; פאר אפּערייטאָרס 15 ביז 18 און 20 דאָלאר א וואָך; פאר פיני־שערס 9 ביז 12 און 15 דאָלאר; פאר פינישערינס פון 6 ביז 9 און 12 דאָלאר א וואָך; פאר פּרעסערס פון אינווייניגסטע שעפּער 16 דאָלאר און פון אויסען־שעפּער 14 ביז 18 דאָ־לאר א וואָך; העלפּערס פון אפּערייטאָרס 9 ביז 12 דאָלאר; העלפּערס פון פּרעסערס 9 ביז 12 דאָלאר א וואָך. דערביי האָט די יוניאָן פארלאנגט אז די מאנופעקטשורערס זאָלען ערלויבען אָנצונעהען צו יעדער שטיק־ארבייט א יוניאָן־לייבל. די קאַ־טערס האָבען ארויסגעשטעלט א ספּעציעלע פאָדערונג אז זיי זאָלען קריגען באצאָלט פאר געזעצליכע ימים טובים.

א געוויסע צאָל מאנופעקטשורערס, פון די קלענערע, האָ־בען אָנגענומען די באדינגונגען פון דער יוניאָן. אָבער דאָס איז

געוועז וועניג אויף צו פאַרענדיגען דעם סטרייק. די גרויסע מאַנופעקטשורערס, וואָס זיינען געוועז פאַראייניגט אין דער „קלאָוק ענד סוט מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן”, האָבען ניט בלויז צוריקגעוויזען די פאָדערונגען פון דער יוניאָן, נאָר זיי האָבען זיך שריפטליך פאַרפליכטעט איבערהויפּט ניט צו פאַר־האַנדלען מיט דער יוניאָן.

די סטרייקערס האָבען זיך געהאַלטען פעסט און האָבען אַרויסגעוויזען אַ סך קאַמפּסמוט. עס זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען גרויסע מאַסען פאַרזאַמלונגען אויף וועלכע עס פלעגען ריידען די פּאָפּולערסטע פירער פון דער ארבייטער באַוועגונג און צוגע־בען מוט די סטרייקער אָנצופירען זייער קאַמף ביז אַ זיג. איי־נער פון די רעדנער איז געוועז דעבס, וועלכער פלעגט מיט זיינע פייערדיגע רעדעס גאַנץ באַזונדערס באַגייסטערען די סטריי־קער. אָבער וואָס ווייטער דער סטרייק האָט זיך פאַרצויגען, אַלץ שוואַכער זיינען געוואָרען די אויסזיכטען איהם צו געווינען. ערשטענס, האָבען געפעלט די פינאַנציעלע מיטלען פאַר דער ווייטערדיגער אָנפירונג פון סטרייק. צווייטענס, האָט די פירער־שאַפט אָנגעפאַנגען פאַרלירען דעם קאָנטראָל איבער דעם סטרייק. דריטענס, האָבען צוריק אָנגעפאַנגען זיך אַרויסרוקען אין פאָדער־גרונט די פּאַרטיי־שטרייטיגקייטען אין דער יוניאָן, וועלכע זיי־נען אין אָנפאַנג פון סטרייק אַוועקגעשטעלט געוואָרען אין הינטער־גרונט. די געגנער פון באַראָנדעסען זיינען געוואָרען שטאַרקער, באַראָנדעס האָט אין דעם סטרייק ניט אַרויסגעוויזען זיין פריער־דיגע ענערגיע, רירעוודיגקייט און איינפלוס . דער סטרייק האָט איהם עפּעס ווי צוטומעלט און ער האָט פאַרלוירען דעם קאָנטראָל איבער די סטרייקער. ער האָט אויפגעהערט צו זיין דער פירער. ביסלעכווייז האָט זיך אויך אָנגעפאַנגען אָפּקילען ביי די סטריי־קער זייער באַגייסטערונג פאַר דער פאָדערונג פון וואָך־ארבייט — די הויפּט־פאָדערונג פון סטרייק. אויף דעם האָט פיל געווירקט די איינטיילונג פון אפּערייטאָרס און פינישערס אין דריי קלאַסען. יעדער פון זיי האָט געוואָלט זיין אין דעם ערשטען קלאַס און קריגען די העכסטע וועכענטליכע געצאָלט. די באַלעבאַטים ווידער, די וועלכע האָבען אָנגענומען די באַדינגונגען פון דער יוניאָן, האָבען יעדען אפּערייטאָר און פינישער, וואָס איז געקומען צוריק

צו דער אַרבייט, אוועקגעשטעלט אין דריטען קלאַס. ערשטע קלאַס האָט פאַר זיי ניט עקזיסטירט. און זיי האָבען זיך עס געקענט ערלויבען. זיי האָבען געקענט קריגען אַרבייטער גע־נוג, ווייל עס האָבען זיך געפונען צווישען די סטרייקער א סך, וואָס זיינען געווען גרייט צו געהן אַרבייטען פאַר יעדען פּרייז און זיי זיינען אויך געגאַנגען. דער סטרייק האָט פון אָנפאַנג אָן זיך ניט אויסגעצייכענט מיט קיין צו גרויסע אָרדנונג, ווייל מען האָט איהם ניט צוגעגרייט ווי געהעריג, און וואָס ווייטער איז די אָרדנונג געוואָרען אַלץ ערגער. די סטרייק קאָמיטע וואָס האָט אָנפאַנגס געאַרבייט באַזונדערס ווירקזאַם און האָט גע־האַט איהר אויג אויף יעדען קלאָוק שאָפּ, האָט שפּעטער מאַנ־כעס מאָל אפילו ניט געוואוסט, ווען די אַרבייטער פון א גאַנ־צען שאָפּ פלעגען אויף זייער אייגענעם חשבון פאַרענדיגען דעם סטרייק און זיך צוריקקערען צו דער אַרבייט.

אויף ווי ווייט עס האָט געפעלט אָרדנונג אין דעם סטרייק קען מען זעהן פון דעם, וואָס אב. ראָזענבערג דערצעהלט אין זיינע ערְאינערונגען.

אָט וואָס ער דערצעהלט, למשל, וועגען דער אויסצאָלונג פון סטרייק־בענעפיט:

„גלייך אין אָנפאַנג פון סטרייק האָט מען יעדען איינעם אריינגענומען אין דער יוניאָן, וועלכער האָט נאָר באַצאָלט 50 סענט, זאָגאַר ניט פרעגענדיג, אויב ער האָט אמאָל געאַרבייט ביי קלאָוקס. א מאַסע פּושקאַרט־פּעדלערס, עקספּרעס־לייטע און די וואָס פּעדלען אין די שעפּער מיט שנאַפּס האָבען איינגעצאָלט די 50 סענטיגע, ארויסגענומען יוניאָן־ביכלאַך און יעצט ביים סטרייק זיינען די חברה געקומען נאָך סטרייק־בענעפיט. דערביי זיינען פאָרגעקומען גרויסע סקאַנדאַלען. מאַנכע פון זיי האָבען גענומען צו צוויי און דריי מאָל א וואָך בענעפיט; קיין סיסטעם ווי זיי צו קאָנטראָלירען איז ניט געווען. מען האָט געצאָלט די, וואָס זיינען געשטאַנען אין ליין. און דיזע חברה זיינען יעדען טאָג געשטאַנען אין ליין.

„די אמת'ע סטרייקער האָבען זיך קיינמאָל ניט געקענט דער־שטופּען צום אויבען־אָן, און זיי האָבען טאַקע ניט געקראָגען, ווייל ביז וואַנען זיי האָבען זיך צוגעשטופּט צום ליין, איז שוין

קיין געלט ניט געווען און, זייענדיג הונגעריג און ענטוישט, זיינען זיי מאַסענווייז צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבייט".

און אָט וואָס עס האָט געטראָפען מיט די איטאַליענער:

„די איטאַליענישע קלאָוקמאַכער, וועלכע זיינען געווען אַרום צוויי טויזענט אין צאָל, האָבען געהאַט זייערע סטרייק־העדקוואָר־טערס אין פּרינס סטריט, נאָר אַזוי ווי קיינער פון די סטרייק־פירער האָט זיי ניט באַזוכט, האָט מען ניט געוואוסט וואָס זיי טוען. זייער פּרעזידענט האָט אויסגענוצט די געלעגענהייט און האָט זיי אַלעמען פאַרקויפט צו די מאַנופעקטשורערס פאַר פינף דאָלאַר אַ קאָפּ, און ער האָט זיי אַליין ארויפגעפירט אַרבייטען אין די פאַרשידענע שעפּער.

„און אין אַ שעהנעם פרימאָרגען, ווען אונזערע אַ קאָמיטע איז געקומען געוואָר ווערען, וואָס די איטאַליענער טוען, האָט מען שוין קיינעם ניט געפונען אין האָל. דער אייגענטימער פון האָל האָט ערקלערט, אַז עס איז שוין אַ פּאָר טעג זייט זיי זיינען אַוועק אַרבייטען.

„די איינציגע, וואָס האָבען קיין סקעבס ניט געהאַט, — דערצעהלט ראָזענבערג, — זיינען געווען די בראָנזווילער קלאָוק־מאַכער. אַלע זייערע שעפּער זיינען געשלאָסען געווען און די גאַנצע שטעדטעל, וועלכע איז דאַמאָלס בלויז געווען אַ דאָרף, איז געשטאַנען אונטער באַלאַגערונגס־צושטאַנד; קיינער האָט פון שטעדטעל ניט געקענט אַרויסגעהן, אויסער ווען ער אָדער זי האָט געהאַט אַ פּאַס פון דער סטרייק־קאָמיטע.

„איינינע בראָנזווילער, וועלכע זיינען אַוועק נאָך ניו יאָרק סקעבען, האָט מען אין מיטען נאַכט איינגעפּאַקט אין זעק און אַוועקגעפירט אויף אַ בוטשער־עקספּרעס.

„אַ פּאָר סקעבס האָבען איינמאָל דורכ'ן סטרייק געוואַגט צו קומען נאָך בראָנזוויל צו באַזוכען זייערע פאַמיליען, האָט מען זיי געמאַכט אַזאַ לויה, אַז זיי האָבען עס אין זייער לעבען ניט פאַרגעסען. געבראַכט האָט מען זיי אין אַ פּאַטרול־וואָגען, און צו האַלבע דוצענד פּאָליסלייט אויף פערד זיינען געפאָרען פון פאָרענט און פון הינטען. אַלע מענער, פרויען און קינדער פון גאַנץ בראָנזוויל זיינען זיי נאָכגעגאַנגען מיט שוואַרצע ליכט און האָבען געשריען „צדקה תציל ממות!" און ווען זיי זיינען

שוין לעבעדיגע אריין אין זייערע הייזער, האָבען זיי דעם גאנצען זונטאָגדיגען טאָג ניט געוואגט דעם נאָז ארויסצושטעקען פון הויז".

אָבער ניט אומעטום איז געווען בראָנזוויל. אין די אַנדערע טיילען פון ניו יאָרק האָט די סטרייק-קאָמיטע, ווי שוין פריהער באמערקט, ווייט ניט געהאט די נויטיגע קאָנטראָל.

אייגענטליך איז די סטרייק-קאָמיטע שוין לאנג ניט געווען די זעלביגע, וואָס אין אָנפאנג פון סטרייק. זי איז מערערע מאָל געביטען געוואָרען. אזוי איז עס אויך געווען מיט דער עקזעקוטיווע פון דער יוניאָן, וועלכע איז אין דער צייט פון סטרייק מערערע מאָל געביטען געוואָרען. די סטרייקערס, וועלרענדיג אנטוישט און פארביטערט וואָס לעננער דער סטרייק האָט זיך פארצויגען, האָבען אָנגעפאנגען וואַרפען די גאנצע שולד אויף דער פירערשאפט, און דער רעזולטאַט איז געווען אָפטע נייע עקזעקוטיווס און נייע סטרייק-קאָמיטעס און דאָס האָט פאראורזאכט נאָך מער אונאָרדנונג אין דער פירונג פון סטרייק. די פאראייניגטע מאנופעקטשורערס אָבער האָבען זיך וואָס ווייטער אַלץ פעסטער געהאַלטען. ווען איינע פון די גרעסערע קלאָוקפירמעס, פאפקין און מארקס, האָבען אונטערגעשריבען אַן אָפּמאַך מיט דער יוניאָן, האָבען די אַנדערע מאנופעקטשורערס ערקלערט געגען איהר אַ באָיקאָט.

עס האָט אויסגעוויזען, אַז דער סטרייק איז פארלאָרען און אַז מען וועט איהם דארפען אויפגעבען, אָבער באראָנדעס איז געווען געגען. ער האָט געפאָדערט, אַז דער סטרייק זאָל אָנגעהאַלטען ווערען ביז מען דארף אָנפאנגען ארבייטען פאר'ן פרילינג-סעזאָן און די מאנופעקטשורערס וועלען זיין געצוואונגען נאָכצוגעבען דער יוניאָן. און באראָנדעס האָט אויסגעפירט. אויף דער פארזאמלונג פון די סטרייקערס פון 11טען נאָוועמבער איז באשלאָסען געוואָרען דעם סטרייק פאָרטצוזעצען. אין דער זעלביגער צייט האָט אָבער די עקזעקוטיווע פון דער יוניאָן אויך באשלאָסען, אַז מען זאָל פּרובירען פארענדיגען דעם סטרייק דורך ארביטריישאָן. די ניו יאָרקער „סטייט באָארד אָוו מידיעיישאָן און קאָנסיליאיישאָן" האָט פאר דעם צוועק באשטימט אַ קאָמיטע פון דריי — סעטה לאָו, דער פרעזידענט פון קאָ-

לאָמביא אוניווערזיטעט; דזשיימס סטראָנג, פּרעזידענט פון דער עלעקטריקעל קאָנטראַקטאָרס אַסאָסיאיישאָן, און דזשאָן באָגערט, פון דער טיפּאָגראַפיקעל יוניאָן. אָבער די קלאָוק־מאַנופעקטשו־רערס אַסאָסיאיישאָן האָט דעם אָנבאָט פון ארביטריישאָן צוריק־געוויזען.

דעם באשלוס צו פאָרטזעצען דעם סטרייק איז אָבער געווען גאַנץ שווער דורכצופירען. עס איז איינפאַך ניט געווען מיט וואָס צו פירען דעם סטרייק ווייטער. די סטרייקערס זיינען געווען אויסגעהונגערט און די הויפּט־הכנסה פון דער סטרייק־קאָמיטע איז געקומען פון די שעפּער, וואָס האָבען אָנגענומען די באַדינגונגען פון דער יוניאָן און די סטרייקערס האָבען זיך אין זיי צוריקגעקערט צו דער ארבייט. די ארבייטער פון אָט די שעפּער האָבען אויף זיך גענומען צו צאָלען צוואַנציג פּראָ־צענט פון זייערע פאַרדינסטען צו שטיצען דעם סטרייק. דאָס פלעגט אריינברענגען אַ פּאָר טויזענט דאָלאַר אַ וואָך. דערצו פלעגט אויך אריינקומען שטיצע פון אַנדערע יוניאָנס און אר־בייטער־אָרגאַניזאַציעס. אָבער ווען דער סטרייק האָט זיך פאַר־צויגען איז געוואָרען די פינאַנציעלע לאַגע ערגער. ערשטענס איז די נויט פון די סטרייקערס געוואָרען גרעסער און צווייטענס זיינען די הכנסות געוואָרען קלענער. דער צוואַנציג פּראָצענ־טיגער שטייער, וואָס איז ארויפגעלעגט געוואָרען אויף די סטריי־קער, וואָס האָבען זיך צוריקגעקערט צו דער ארבייט, האָט אָנ־געפאַנגען איינטריקענען און די שטיצע פון די אַנדערע יוניאָנס איז אויך געוואָרען ווייניגער. אמת, די עפענטליכע מיינונג איז געווען גאַנץ סימפּאַטיש צו די סטרייקער. אין דער גרויסער ניו יאָרקער צייטונג „די ניו יאָרק וואָירלד" האָבען זיך געדרוקט ניט בלויז פריינדליכע ארטיקלען פאַר די סטרייקער נאָר גאַנץ רירענדע. אָבער די שטיצע וואָס איז אריינגעקומען פון דעם סימפּאַטיזירענדען עולם איז דאָך ניט געווען גענוג צו שטילען דעם הונגער פון די סטרייקער און זייערע פאַמיליען.

אַ האָפנונג האָט אויפגעשיינט פאַר די סטרייקער פון דער קאָנווענשאָן פון די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין יענער צייט און אויף וועלכער עס איז אויך געווען פאַרטראָטען די קלאָוקמאַכער יוניאָן פון ניו יאָרק. די

קאָנווענשאָן האָט גלייך דעם ערשטען טאָג באשלאָסען ארויפ־צולעגען אַ שטייער פון אַ האַלבען דאָלאר אויף אַלע איהרע מיטגלידער צו שטיצען דעם קלאָוקמאַכער סטרייק. דאָס וואָלט אריינגעטראָגען ארום צען טויזענט דאָלאר — אַ גאנץ באדייטענדע סומע פאַר יענער צייט — און די סטרייקענדע קלאָוקמאַכער האָבען געקראָגען מער מוט אָנצופירען ווייטער זייער קאַמף. אָבער אין עטליכע טעג ארום איז אויך אָט די לעצטע האָפנונג אויף הילף אויסגעלאָשען געוואָרען. מיט אַ טאָג פריהער איידער די קאָנווענשאָן פון די יונייטעד גאַרמענט וואָרקערס האָט זיך געשלאָסען האָט נייטהען זווירין, איינער פון די דעלעגאַטען פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן, וועלכער איז געוועז איינער פון די אָנפירער פון דער אָפּאָזיציע געגען באַראָנדעסען, פאַרלאַנגט, אַז די קאָנווענשאָן זאָל אָפּהאַלטען אַ געשלאָסענע זיצונג, ווייל ער האָט זעהר וויכטיגעס מיטצוטיילען וועגען דעם קלאָוקמאַכער־סטרייק. אויף דער זיצונג האָט זווירין ערקלערט, אַז דער סטרייק איז אַ פאַרלאָרענער און עס איז אַ שאָדען יעדער דאָלאר, וואָס מען וועט אויף איהם ווייטער אויסגעבען. עס וועט דעריבער זיין בעסער ווען מען וועט דעם סטרייק גלייך אויפגעבען און דערמיט פאַרמיידען ווייטערדיגע אומזיסטע ליידען פאַר די קלאָוקמאכער. און זווירינ'ס ערקלערונג האָט געווירקט. דער פריהערדיגער באשלוס וועגען סטרייק־שטייער איז צוריק־גערופען געוואָרען און דאָס איז געווען דער לעצטער שווערער קלאַפּ, וואָס האָט געמאַכט אַ סוף צום סטרייק. מען האָט איהם, אמת, אָפיציעל ניט אויפגעגעבען, אָבער די סטרייקער האָבען ניט געוואַרט ביז ער וועט אָפיציעל צוריקגערופען ווערען. זיי זיינען געגאַנגען זוכען אַרבייט וואו זיי האָבען נאָר געקענט געפינען. דעם 14טען נאָוועמבער זיינען מער שוין אַפילו קיין פּיקעטס ניט געוועזן ביי די שעפּער.

איינינע הונדערט פארהאַרטעוועטע, אונקאָמפּראָמיסליכע סטרייקער האָבען פּרובירט אָנפירען דעם קאַמף ווייטער און האָבען דעם סטרייק ניט אויפגעגעבען. אַ סך פון זיי האָבען געסטרייקט דעם גאנצען ווינטער און ווען באַראָנדעס האָט שפּעטער באהויפּטעט, אַז דער סטרייק האָט אָנגעהאַלטען פינף חדשים האָט ער וואַרשיינליך געהאַט אין זינען אָט די סטרייקער.

## פופצענטער קאפיטעל

# די נאָכוועהעענישען פון דעם פארלאָרענעם גענעראל סטרייק

דער דורכפאל פון דעם גענעראל סטרייק האט געמאכט א חורבן פון דער יוניאָן. די קאטערס יוניאָן איז אין גאנצען אונטערגעגאנגען און די קאטערס זיינען א לענגערע צייט, איבער פינף יאָר, געבליבען אָהן אַן אָרגאניזאציע. די אפערייטאָרס און קלאָוקמאכער יוניאָן איז נאָך ווי עס איז געבליבען לעבען, אָבער אויך ניט אויף לאנג. אויסער, וואָס זי איז געבליבען ביי א קליינער צאל מיטגלידער, האט זי זיך נאָך אָנגעפאנגען שפאלטען. צוערשט האבען זיך פון איהר אָפגעשפאָלטען די פריהערדיגע מיטגלידער פון דער אינטערנעשאָנאל קלאָוקמאכער יוניאָן, וועלכע זיינען געוועזען געגען באראָנדעסעס צוריקקומען אין דער יוניאָן. זיי האָבען זיך צוריק אָרגאניזירט אין א יוניאָן אונטער זייער פריהערדיגען נאָמען און האָבען זיך א ביסעל שפעטער, אין יאנואר 1895, אָנגעשלאָסען אַן די „נאַיטס אָוו לייבאָר”. אין אייניגע חדשים ארום, אין אפריל, איז פאָרגעקומען א צווייטע שפאלטונג. די יונייטעד גארמענט וואָירקערס, צו וועלכע די קלאָוקמאכער יוניאָן האט בעלאנגט, האָבען פארלאנגט די ביכער פון דער יוניאָן, כדי נאָכצוקוקען די חשבונות פון דעם גענעראל סטרייק, אָבער די יוניאָן האָט דעם פארלאנג ניט געקענט דערפילען, ווייל זי האָט קיין ביכער ניט געהאט. די קלאָוקמאכער יוניאָן אליין האט שוין פריהער פרובירט אויסגעפינען דעם חשבון, אָבער זי האָט בלויז אויסגעפונען, אַז איהר סעקרעטער האט קיין ביכער ניט געפירט און אַז ער ווייס ניט פון קיין חשבון. דאָס איז אָבער פאר די יונייטעד גארמענט וואָירקערס ניט געוועזען קיין תירוץ און זיי האָבען אוועקגענומען פון דער יוניאָן דעם טשארטער און איהם אוועקגעגעבען צו א גרופע קלאָוקמאכער, וואָס זיינען געוועזען אין דער אָפּאָזיציע. אויף אַזא אופן זיינען געוועזען דריי קלאָוקמאכער יוניאָנס און אַלע צוזאַמען האָבען געהאַט עטליכע הונדערט מיטגלידער.

נאָר גלייך נאָך׳ן דורכפאַל פון גענעראַל סטרייק האָט די יוניאָן געהאַט אַן אנדער צרה. איינער אַ מאָריס קאָהען, וועלכער איז אַמאָל געווען אַ באַצאָלטער באַאמטער פון דער יוניאָן און איז אַרויסגעוואָרפען געוואָרען, ווען מען האָט אויסגעפונען, אַז ער איז אַ שווינדלער און אַ פאַררעטער, האָט זיך נאָך דעם דורכפאַל פון דעם גענעראַל סטרייק ווידער אַמאָל באַוויזען צווישען די קלאָוקמאַכער און האָט אויסגענוצט זייער אומגליק צו מאַכען פּראָפיטען. ער האָט מיט דער שטיצע פון די מאַנופעקטשורערס אָרגאַניזירט אַ יוניאָן אונטער דעם נאָמען „קלאָוקמייקערס פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן״ און ווען אַ קלאָוקמאַכער, וואָס האָט אָנטייל גענומען אין סטרייק, האָט געוואָלט קריגען אַ שאַפּ צו אַרבייטען, האָט ער געמוזט קריגען פון מאָריס קאָהען אַ קוויטעל. אַז ניט, האָט דער מאַנופעקטשורער איהם ניט אָנגענומען. קאָהען פלעגט דערפאַר נעמען אַ דאָלאַר איינטריטס־געלט אין זיין יוניאָן און פינף סענט אַ וואָך דיוס, וואָס ער אַליין פלעגט קומען אין די שעפּער אויפמאָנען.

קאָהנ׳ס יוניאָן איז באַקאַנט געווען ביי די קלאָוקמאַכער אונטער דעם נאָמען „סקעב יוניאָן״. דער אָפיס פון דער דאָזיגער „יוניאָן״ האָט זיך געפונען אין אַ קעלער אויף דעלענסי סטריט. נאָר עס איז פאַקטיש געווען אַ געמבלינג פּלאַץ. ערשט נאָך אַן איבערפאַל פון דער פּאָליציי, וואָס איז געווען ניט קיין צופאַל און וואָס האָט געפונען אַ גאַנץ שטאַרקען אָפּקלאַנג אין די צייטונגען, איז קאָהנ׳ס „יוניאָן״ פאַנאַנדערגעפאַלען. די מער אָנגעזעהענע מאַנופעקטשורערס האָבען זיך דערשראָקען, אַז זייער נאָמען זאָל ניט אַריינגעצויגען ווערען אין אַן עפענטליכען סקאַנדאַל און זיי האָבען אָפּגעבראָכען זייערע באַציהונגען מיט קאָהנ׳ס סקעב־אַגענטור.

נאָר די לאַגע איז דורך דעם ווייניג בעסער געוואָרען. די צאָל פון אָרגאַניזירטע קלאָוקמאַכער, ווי שוין באַמערקט, איז געווען זעהר אַ קליינע און דאָס ביסעל איז אויך געווען צושפּאָלטען אין דריי טיילען. אמת, אין אַ קורצער צייט אַרום איז אין פעלד ווידער געווען ניט מער ווי איין קלאָוקמאַכער יוניאָן. דער נייער קלאָוקמאַכער לאָקאַל פון די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס האָט זיך געהאַלטען בלויז עטליכע וואָכען און

איז אונטערגעגאַנגען. די אינטערנעשאָנאַל קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט זיך געהאַלטען אַ ביסעל לענגער, ביז סעפּטעמבער 1895. זי האָט מער קיין גרונט ניט געהאַט צו עקזיסטירען אַלס אָפּאָזי־ציאָנס־יוניאָן נאָכדעם ווי באַראָנדעס האָט רעזיגנירט פון דער אפּערייטאָרס און קלאָוקמאַכער יוניאָן נומער איינס. באַראָנדעס האָט אייגענטליך אויפגעהערט צו זיין אַקטיוו אין דער יוניאָן שוין מיט מערערע חדשים פריהער. נאָך דעם ווי דער גענעראַל סטרייק איז דורכגעפאַלען איז פּאַר באַראָנדעסען ווייניג געבליבען וואָס צו טאָן אין דער יוניאָן. אַ קורצע צייט האָט ער זיך פאַרנומען מיט רעדאַגירען דעם אָפיציעלען אָרגאַן פון דער יוניאָן, די „יוניאָן צייטונג", וואָס פלעגט ארויסגעגעבען ווערען וועכענט־ליך, אָבער אין מאַי 1895 האָט ער רעזיגנירט און איז אין גאַנצען אַוועק פון דער יוניאָן. אמת, ניט אָפיציעל האָט ער געהאַט פאַרבינדונגען מיט דער יוניאָן אויך שפּעטער. מען פלעגט איהם קומען אָפט פרעגען אַן עצה און מיט זיין מיינונג האָט מען זיך שטאַרק גערעכענט, אָבער אָפיציעל איז ער געווען געשיידט פון דער יוניאָן און דערמיט האָט זיך אויך געענדיגט דער לעצטער אַקט פון דער שטורמדיגער באַראָנדעס פּעריאָדע אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן. און דאָס איז אויך געווען דער לעצטער קאַפּיטעל פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן, וואָס ער האָט געהאָלפען אויפבויען, ווייל אין אַ קנאַפּען יאָר ארום האָט די אפּערייטאָרס און קלאָוקמאַכערס יוניאָן אויפגעגעבען איהר עקזיסטענץ.

אין דער ווירקליכקייט איז דער לעצטער יאָר לעבען פון דער יוניאָן געווען מער געמאַטערט ווי געלעבט. בלויז אויף אַ קורצער צייט האָט זיך דערוועקט אַ האָפנונג, אַז מען וועט קענען אויפהאַלטען די יוניאָן ביים לעבען. דאָס איז געווען ווען מען האָט אָנגעפאַנגען זיך גרייטען צום ווינטער אַרבייטס־סעזאָן. די קלאָוקמאַכער האָבען באַגריפען, אַז ווען עס וועט ניט זיין קיין יוניאָן וועלען די מאַנופעקטשורערס שניידען די פּרייזען פון אַרבייט ביז'ן ביין, ווייל זיי וועלען זוכען אָפּצומאַכען זייערע גרויסע פאַרלוסטען, וואָס זיי האָבען געהאַט דורכ'ן סטרייק. עס האָבען זיך ווידעראַמאָל אָנגעפאַנגען ווייזען קלאָוקמאַכער אין אָפיס פון דער יוניאָן און עס האָט אויסגעוויזען, אַז עס

וועט זיך דער יוניאָן איינגעבען ווידער אמאָל אויפגעבויט צו ווערען פון איהרע חורבות. אָבער באַלד זיינען די האָפנונגען פאַרשוואונדען. ערשטענס איז עס געווען אַ שלעכטער ווינטער־סעזאָן. דער גענעראַל־סטרייק האָט ניט בלויז רואינירט די קלאָוקמאַכער, נאָר אויך אַ סך פון די קלאָוק־מאַנופעקטשורערס. מערערע פון זיי האָבען באַנקראָטירט און זייערע שעפּער זיינען פאַרמאַכט געוואָרען. דורכדעם האָבען אַ סך מיטגלידער פון דער יוניאָן פאַרלאָרען זייערע ארבייטס־פּלעצער. צווייטענס זיינען פון סטרייק איבערגעבליבען אַ סך חובות פאַר דער יוניאָן און ווי נאָר די יוניאָן האָט אָנגעפאַנגען ארויסווייזען סימנים פון לעבען האָבען זיך אָנגעפאַנגען באַווייזען בעלי חובות פון אַלע זייטען און מען האָט איהר איינפאַך ניט געלאָזט רוהען. די פירער פון דער יוניאָן זיינען געפאַלען אויף אַ פּלאַן, אַז מען זאָל אויפגעבען דעם נאָמען „אָפּערייטאָרס און קלאָוקמאַכער יוניאָן נומער איינס" און מען זאָל אָננעמען אַ נייעם נאָמען „די יונייטעד בראָדערהוד אָוו טעילאָרס". עס וועט הייסען, אַז די אַלטע יוניאָן, וועלכע האָט אויף זיך די חובות, עקזיסטירט ניט מער און ביי דער נייער יוניאָן קען מען ניט פאָדערען קיין חובות, וואָס זי האָט ניט געמאַכט. דאָס האָט געדאַרפט זיין אַ סוד ביז מען וועט קריגען אַ נייעם טשאַרטער, אָבער דער סוד האָט אויסגערונען, ווייל ניט אַלעמען איז דער פּלאַן געפעלען געוואָרען. געווען אַזעלכע, וואָס האָבען זיך ניט געוואָלט שיידען מיט דעם אַלטען נאָמען פון דער יוניאָן, מיט וועלכער עס איז געווען פאַרבונדען אַ שטיק פון זייער לעבען, לייד און פרייד. די יוניאָן האָט זיך דעריבער געמאַטערט אונטער איהר אַלטען נאָמען נאָך עטליכע חדשים, ביז אַפּריל 1896, און זי איז אונטערגעגאַנגען. דאָס ביסעל געלט, וואָס מען האָט ארויסגענומען פון פאַרקויפען די מעבעל פון אָפיס און די איבעריגע זאַכען וואָס די יוניאָן האָט פאַרמאָגט, האָבען די עטליכע איבער־געבליבענע לעצטע מיטגלידער באַשלאָסען אוועקצוגעבען פאַר אַ רעוואָלוציאָנערען צוועק און עס איז אויסגעקליבען געוואָרען די רעוואָלוציע אין קובאַ, וואָס איז דעמאָלט געפירט געוואָרען געגען שפּאַניע.

## זעכצענטער קאַפּיטעל

# אַ נייע קלאָוקמאַכער יוניאָן — די „יונייטעד בראָדערהוד אָוו קלאָוקמייקערס"

נאָר לאַנג זיינען די קלאָוקמאַכער אָהן אַ יוניאָן ניט געבליבען. אין יולי 1896 איז אָרגאַניזירט געוואָרען אַ נייע קלאָוקמאַכער יוניאָן אונטער דעם נאָמען „פּראָגרעסיוו קלאָוקמייקערס יוניאָן". די באַשאַפער פון דער נייער יוניאָן זיינען צום גרעסטען טייל געווען פון די אַמאָליגע מיטגלידער פון דער אינטערנעשאָנאַל קלאָוקמאַכער יוניאָן און די מייסטע פון זיי זיינען געווען טעטיגע מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער פּאַרטיי (ס. ל. פּ.). יאָזעף שלאָסבערג איז געוועהלט געוואָרען פאַר פינאַנס־סעקרעטער פון דער יוניאָן און פאַר 25 סענט איינטריטס־געלט האָט יעדער קלאָוקמאַכער געקענט ווערען אַ מיטגליד. אָבער ניט פיל פון זיי זיינען עס געוואָרען. נאָר אין דער קלאָוקמאַכער געשיכטע איז עס געווען אַן אָנפאַנג פון אַ נייעם קאַפּיטעל פון ברודער־קאַמף.

די „פּראָגרעסיווע קלאָוקמאַכער יוניאָן" איז געשאַפען געוואָרען אין דער צייט, ווען די סאָציאַליסטישע אַרבייטער־פּאַרטיי אונטער דעליאָנ׳ס פירערשאַפט האָט נאָכדעם, ווי זי האָט אָפּגעבראָכען איהרע פאַרבינדונגען מיט די „נאַיטס אָוו לייבאָר" אָנגעפאַנגען אָרגאַניזירען אייגענע יוניאָנס אונטער דעם נאָמען „סאָשעליסט טרעיד ענד לעיבאָר עלאַיענס". די ערשטע יוניאָנס, וואָס זיינען צוגעשטאַנען צו דער נייער אָרגאַניזאַציע, זיינען געווען די סענטראַל לייבאָר פעדעריישאָן פון ניו יאָרק און די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען. די נייע קלאָוקמאַכער יוניאָן, וואָס האָט באַלאַנגט צו די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, איז ממילא געוואָרען אַ טייל פון דער „סאָושעליסט טרעיד ענד לעיבאָר עלאַיענס".

די ערשטע סימנים פון נייעם ברודער־קאַמף ביי די קלאָוק־מאַכער האָבען זיך געוויזען, ווען אין עטליכע וואָכען ארום, ווי די „פּראָגרעסיווע קלאָוקמאכער יוניאָן" האָט זיך געגרינדעט, זיינען צו איהר געקומען איניגע פון די פריהערדיגע באאַמטע און מיטגלידער פון דער אויפגעגעבענער „אָפּעריישאָרס און קלאָוקמאַכערס יוניאָן נומער איינס" און האָבען פאַרלאַנגט, אַז א קאָנפערענץ זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען וועגען א פאַראייניגונג. די פירער פון דער נייער יוניאָן האָבען עס אָבער זיי אָפּגעזאָגט מיט דער מאָטיווירונג, אַז די וואָס זיינען געקומען פאָדערען א קאָנפערענץ פאַר א פאַראייניגונג זיינען בלויז אויסען צו צו־ברעכען די נייע יוניאָן.

די צוריקגעוויזענע האָבען דעמאָלט זיך גענומען צו דער ארבייט צו אָרגאַניזירען אַן אייגענע יוניאָן. אין מיטען אויגוסט 1896 איז אַזאַ יוניאָן אָרגאַניזירט געוואָרען און דעם 15טען סעפּטעמבער פון יענעם יאָר איז די נייע יוניאָן אינקאָרפּאָרירט געוואָרען אונטער דעם נאָמען „דהי יונאַיטעד בראָדערהוד אָוו קלאָוקמייקערס יוניאָן נאָמבער וואַן".

עס זיינען אויף אַזאַ אופן געווען צוויי קלאָוקמאַכער יוני־יאָנס און עס פארשטעהט זיך, אַז צווישען צוויי האָט קיין פרידען ניט געהערשט. אָבער עס איז ניט געווען פיל איבער וואָס זיך צו שלאָגען, וויילביידע יוניאָנס האָבען געהאַט זעהר ווייניג מיטגלידער.

פון אָנפאַנג האָט עס אויסגעזעהן, אַז די „בראָדערהוד" וועט זיין גאַנץ ערפאָלגרייך, ווייל אין די ערשטע פאָר וואָכען פון איהר גרינדונג האָט זי ארייגענומען א באדייטענדע צאָל מיטגלידער, אָבער אַזוי גיך ווי זיי זיינען אריינגעקומען אַזוי גיך זיינען זיי אויסגערונען. אין אָקטאָבער, עס הייסט אין א פּאָר חדשים ארום נאָך איהר גרינדונג, האָט די „בראָדערהוד אָוו קלאָוקמייקערס יוניאָן" געהאַט בלויז 28 מיטגלידער.

די איבערגעבליבענע 28 מיטגלידער האָבען אָבער באַ־שלאָסען די יוניאָן ניט אויפצוגעבען. זיי פּלענען זיך אָפּט צונויפקומען און זיך באַראַטען וועגען מיטלען ווי אַזוי אריינ־צוקריגען מער מיטגלידער און עס זאָל זיין אַן אמת'ע יוניאָן. אָבער די ערשטע זאַך פון אַלע מיטלען איז געלט. אַז עס וועט

זיין אַ ביסעל געלט וועט מען קענען אָנפאַנגען פירען אַן אַגיטאַציע צווישען די קלאָוקמאַכער, אַז זיי זאָלען אריינקומען אין דער יוניאָן.

נאָר וואו נעמט מען דאָס ביסעל געלט? איז מען געפאַלען אויף אַ פּלאַן צו נעמען אַ טעאַטער־בענעפיט און עס האָט אָפּגעגליקט. די אונטערנעמונג איז געווען אַן ערפאָלג און האָט אריינגעבראַכט עטליכע הונדערט דאָלאַר. אַ ביסעל שפּעטער האָט מען געמאַכט אַ צווייטע אונטערנעמונג און אויך זי האָט אריינגעבראַכט עטליכע הונדערט דאָלאַר. איצט האָט מען שוין עפּעס געקענט אָנפאַנגען טאָן.

אב. ראָזענבערג, וועלכער איז געווען איינער פון די 28, דערצעהלט וועגען דעם אַזוי:

„גלייך נאָכדעם איז אַ גרויסע מאַסען־פאַרזאַמלונג צוזאַמענגערופען געוואָרען און מיר האָבען ערקלערט די קלאָוקמאַכער פאָלגענדעס: מיר זיינען בלויז 28 מעמבערס אין דער יוניאָן און מיט האָבען אַכט הונדערט דאָלאַר. ווילט איהר זיין פּאַרטנערס צום געלט, זאָלט איהר גלייך ווערען מעמבערס פון דער יוניאָן. נאָר אויב איהר וועט אונז ווייטער לאָזען שטעהן מיט די 28 מיטגלידער, וועלען מיר געצוואונגען זיין די יוניאָן אויפצולעזען און מיר וועלען זיך צוטיילען מיט'ן געלט.

„ווי עס ווייזט אויס, האָט דיזער מיטעל אויף די פאַרזאַמעלטע שטאַרק געווירקט. גלייך נאָך אונזער ערקלערונג איז אין האָל געוואָרען אַ גרויסער טומעל און פון אַלע זייטען האָט מען אָנגעפאַנגען שרייען: „אהא! איהר ווילט שוין ווידער געלט? קריינק וועט איהר נעמען! גיט די אַכט הונדערט דאָלאַר! דאָס געלט באַלאַנגט צו אַלע אַרבייטער, ניט צו אייך אליין!” „נו, — האָבען מיר זיי געענטפערט, — עס איז אמת, אַז דאָס געלט באַלאַנגט צו אַלעמען. נאָר אויב איהר ווילט זאָגען אַ דעה וואָס מען זאָל טאָן מיט'ן געלט, מוזט איהר ווערען יוניאָן־לייטע; דאַן וועט איהר קענען טאָן מיט'ן געלט וואָס איהר ווילט!”

קורץ און גוט, די „בראָדערהוד” האָט אָנגעפאַנגען ווערען אַווירקליכע יוניאָן פון די קלאָוקמאַכער. אָבער עס דאַרף דאָך געזאָגט ווערען, אַז דאָס איז געשעהן ניט בלויז צוליב דעם

קלוגען איינפאַל פון די עטליכע הונדערט דאָלאר. אין דער ווירקליכקייט האָבען אויך א פּאָר אנדערע פּאַסירונגען מיטגע־ווירקט, אז די „בראָדערהוד" זאָל אָנפאַנגען וואַקסען. ערשטענס איז די עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד אין יענער צייט געוואָרען בעסער און צווייטענס איז אין יענער צייט פאָרגעקומען א שפּאַלטונג אין דער סאָציאַליסטישער ארבייטער פּאַרטיי (ס. ל. פּ.) און דער אָפּגעשפּאָלטענער טייל האָט גענומען א גאַנץ אַנדער שטעלונג צו די יוניאָנס ווי דעליאָן. און באַזונדערס וויכטיג פאַר דער „בראָדערהוד" איז געווען, וואָס דורך דער שפּאַלטונג איז געגרינדעט געוואָרען דער „פאָרווערטס", וועלכער האָט גע־שטיצט די „יונאַיטעד בראָדערהוד אָוו קלאָוקמייקערס יוניאָן נאָמבער וואַן" און האָט אַגיטירט פאַר איהר.

עס איז געווען דעם 7טען יאַנואר 1897, ווען מערערע פון די פירער פון דער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און צוזאַמען מיט זיי א באַדייטענדע צאָל פון די געפירטע האָבען זיך אָפּגעשפּאָלטען פון דער סאָציאַליסטישער ארבייטער־פּאַרטיי, ווייל זיי זיינען געווען געגען דעליאָנ'ס טאַקטיק אין דער פּאַרטיי אין אַלגעמיין און זיין טרייד יוניאָן פּאָליטיק באַזונדערס. די אָנפירער פון דער שפּאַלטונג זיינען געווען מאָריס ווינטשעווסקי, אב. קאַהאַן, לואי מילער און מ. זאַמעטקין. דעם 22טען אפּריל פון דעם זעלביגען יאָר איז געגרינדעט געוואָרען דער „פאָר־ווערטס" אַלס אָפּאָזיציע צו דעם „אבענד בלאַט", וואָס די ס.ל.פּ. האָט ארויסגעגעבען. דעם 18טען יוני 1897 האָט יודזשין וו. דעבס אָרגאַניזירט א נייע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אונטער דעם נאָמען „סאָושעל דעמאָקראַטיק פּאַרטי אָוו אַמעריקא". אין א משך פון עטליכע וואָכן זיינען די מייסטע, וואָס האָבען זיך אָפּגעשפּאָלטען פון דער ס. ל. פּ., צוגעשטאַנען צו דער נייער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. צווישען זיי אויך פּראָפעסאָר יצחק אייזיק הורוויטש, מאיר לאָנדאָן און יאָזעף באַראָנדעס. זיי האָבען שפּעטער געווירקט, אז אויך דער „פאָרווערטס" און די גרופּע וואָס האָט איהם ארויסגעגעבען זאָל צושטעהן צו דער נייער פּאַרטיי.

די נייע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט זיך אין גאַנצען אָפּ־געזאָגט פון איהר טאַקטיק צו גרינדען אייגענע סאָציאַליסטישע

יוניאָנס אין אָפּאָזיציע צו די עקזיסטירענדע. זי האָט אזא טאַקטיק געהאלטען פאר א יוניאָן-ברעכערישע. אמת, אויך זי איז געשטאנען אויף דעם שטאנדפּונקט, אז עס דאַרף זיין די אויפגאבע פון דער סאָציאַליסטישער באוועגונג צו מאכען די יוניאָנס פאר סאָציאַליסטישע, אָבער די טאַקטיק דאַרף זיין אַן אנדערע. אָנשטאָט ארויפצוצווינגען אויף זיי דעם סאָציאַליזם פון אויסוועניג, דאַרף מען זיי מאכען סאָציאַליסטיש פון אינ־וועניג. מען דאַרף אין זיי פירען א סאָציאַליסטישע אגיטאציע און איינפלאנצען אין זיי די סאָציאַליסטשע אידעען. מען האָט עס דעמאָלט א נאָמען געגעבען די טאַקטיק פון „בויערען פון אינווענינג". די נייע סאָציאַליסטישע פּארטיי האָט געהאָלפען די „יונאיטעד בראָדערהוד אָוו קלאָוקמייקערס יוניאָן" אין איהר אגיטאציע צווישען די קלאָוקמאכער און צו פארשטארקען איהר פּאָזיציע. באזונדערס וויכטיג פאר דער „בראָדערהוד" איז גע־ווען דער „פאָרווערטס", דורך וועלכען זי האָט געקענט טאָג־איין, טאָג־אויס זיך ווענדען צו די קלאָוקמאכער און זיי ערקלערען, אז זיי דארפען אריינטרעטען אין דער יוניאָן.

נאָר מער ווי אלץ האָט געהאָלפען וואָס די עקאָנאָמישע לאגע איז אין יאָהר 1897 געוואָרען פיל בעסער און אין קלאָוק־טרייד איז געווען א סך ארבייט. די קלאָוקמאכער האָבען דער־זעהן א מעגליכקייט צו פארבעסערען זייער לאגע און זיי האָבען פארשטאנען, אז פאר דעם מוזען זיי האָבען א יוניאָן.

די „יונאיטעד בראָדערהוד" האָט אָנגעפאנגען וואקסען פון טאָג ביז זי האָט ווידער אמאָל אָנגעפאנגען קאָנטראָלירען דעם קלאָוק-טרעיד. אין איין צייט האָט די צאָל פון איהר מיטגלי־דערשאַפט דערגרייכט ביז צען טויזענט און זי האָט באשעפטיגט זיבען ביזנעס איידזשענטס אָדער „וואָקינג דעלעגאטען", ווי מען האָט זיי דעמאָלט גערופען.

די „יונאיטעד בראָדערהוד" האָט געהאט א געמישטע פאָרם פון אָרגאניזאציע. זי איז געווען אָרגאניזירט לויט פאכען, נאַ־ציאָנאַליטעטען, געשלעכט און טעריטאָריעס. לאָקאל 1 איז געווען פון אפּערייטאָרס; לאָקאל 2 פון שניידער; לאָקאל 3 פון פרעסערס; לאָקאל 4 פון די קלאָוקמאכער אין בראָנזוויל; לאָקאל 5 פון די קלאָוקמאכער אין ברוקלין; לאָקאל 6 פון

פרויען; איין איטאַליענישע סעקציע און איין פּוילישע. יעדער לאָקאַל האָט אויסער זיינע אייגענע באַאַמטע אויך געקענט אויס־קלייבען זייערע אייגענע „וואָקינג דעלעגאַטען" און האָט געהאַט אויטאָנאָמיע אין זיין פאַרוואַלטונג און זיינע פינאַנסען. יעדער

# קאָנסטיטוציאָן

פון דער

## יונייטעד בראדערהוד

אָף

## קלאוק־מייקערס יוניאן נומ. 1

אָף ניו יאָרק אונד אומגעגענד.




## CONSTITUTION

OF THE

## UNITED

## Brotherhood of Cloakmakers' Union No. 1

OF NEW YORK AND VICINITY.

דרוק פון י. ליפשיץ,  173 א. בראָדוויי, נ.

לאָקאַל האָט אָבער געמוזט צאָלען אַ געוויסען שטייער פון יעדען מיטגליד צו דער צענטראַלער קערפּערשאַפט פון דער „יונאַיטעד בראָדערהוד", וועלכע איז באַשטאַנען פון אַ סעקרעטאַר, אַ טרעזשורער, דריי טראַסטים און פון אַ גענעראַל עקזעקוטיווע אין

וועלכער יעדער לאָקאל איז געווען פארטראַטען מיט דריי דעלע־גאטען. קיין לאָקאל האָט ניט געקענט רופען קיין סטרייק אָהן דער צושטימונג פון דער גענעראל עקזעקוטיווע און בלויז די גענעראל עקזעקוטיווע האָט געהאט דאָס רעכט אונטערצושרייבען אַן אָפּמאַך מיט אַן ארבייטס־געבער. דיוס איז אין אַלע לאָקאלס געווען 5 סענט אַ וואָך. איינטריטס־געלט איז ניט אַלע מאָל געווען די זעלביגע. אין איין צייט האָט מען עס געמאַכט אַזוי ביליג ווי 30 סענט, נאָר שפּעטער איז געוואָרען טייערער. אין 1897 איז עס געווען אַ דאָלאר, אין 1898 איז עס געווען 3 דאָלאר און אין 1899 איז עס געהעכערט געוואָרען ביז צו 5 דאָלאר.

דאָ איז די פּרינציפּען־ערקלערונג פון דער „יונאַיטעד בראָ־דערהוד אָוו קלאָוקמייקערס יוניאָן":

פּרינציפּען־ערקלערונג.

„מיר, די קלאָוקמאַכער פון דער שטאָדט ניו יאָרק אונד אומגעגענד, איינזעהענדיג די נויטווענדיגקייט פון איין פעסטע אָרגאַניזאַציאָן פון דעם קלאָוקס־טרייד, אונד פיהלענדיג, דאָס מיר מוזען זיך פעראייניגען אונד בילדען איין פעסטען אונד שטאַרקען ברודער־בונד, וועלכער זאָל האָבען דעם הייליגען צוועק די פערבעסערונג ניט נור אונזער אייגענע עקאָנאָמישע אונד מאָראַלישע לאַגע, זאָנדערן די לאַגע פון אַלע ארבייטער אין לאַנד אונד זאָל ברייגנען נוצען דעם אַמעריקאַנישען פאָלק.

„מיר אנערקענען ווייטער, אַז אונטער דעם יעצטיגען סיסטעם פון געזעלשאַפטליכען לעבען זיינען די ארבייטער נאָר שקלאַפען פון קאַפּיטאל, וויל די ארבייטער, וואָס שאַפען אַלע רייכטימער דער וועלט און האָבען צום מאָל ניט זייער לעבענס־מיטעל, אום צו קענען עקזיסטירען, אונד די, וואָס שאַפען גאָר ניט, לעבען אין לוקסוס אונד קימערן זיך ניט וועגען זייערע מיט־מענשען. זאָ ערקלערען מיר, דאָס די ארבייטער קענען זיך נור דאַן בע־פרייען פון דעם יאָך דעם קאַפּיטאל'ס, ווען זיי זאָלען זיך האַלטען פעסט צוזאַמען און וועלען האָבען אין זייערע הענד אַלע מיטעל צום פּראָדוצירען, אונד אנשטאַט דאָס יעצטיגע סיסטעם פון אונ־גערעכטיגקייט אין פּראָדוקציאָן ווערט איינגעפיהרט ווערען דאָס

גערעכטע סיסטעם פון קאָרפּאָראַציאָן אונד גענאָסענשאַפטליכען לעבען.

„אום דאָס זאָל איינגעפיהרט ווערען, דאַרפען מיר שטרעבען דורך אַגיטאַציאָן אונד אַנדערע געזעצליכע מיטלען צו ערקלערען אונזערע מיט־ארבייטער דעם קלאַסען־קאַמף אונד די אונגערעכ־טיגקייט, וואָס מען בעגעהט געגען אונז; אונד מאָמענטאַל דורך דיזער אָרגאַניזאַציאָן צו שטרעבען אָבצושאַפען דאָס סוועטינגס־סיסטעם, מיר מוזען איינפיהרען איין 8־שטונדיגען ארבייטס־טאָג. מיר מוזען זעהן אָבצושאַפען די טענעמענט־הויז־ארבייט. יעדע ארבייט זאָל געמאַכט ווערען אין ריינע און געזונדע שעפּער; אונד טרייען איין לייבעל איינצופיהרען, דאָס זאָל דינען אַלס בעוויז, דאָס אַ יעדער קלאָוק איז געמאַכט אין געזונדע און לופ־טיגע שעפּער אונטער יוניאָן בעדינגונגען, אונד דערמיט וועלען מיר אויפהייבען דעם קלאָוקס טרייד, אונד דערמיט וועלען מיר פערבעסערען אונזער לאַגע".

פּראָפעסאָר יצחק אייזיק הורוויטש איז געוועזן דער לאָיער פון דער „יונאַיטעד בראָדערהוד" און ער האָט צונויפגעשטעלט און פאָרמולירט די אָפּמאַכען צווישען דער יוניאָן און די מאַנו־פעקטשורערס. זיי זיינען באשטאַנען פון די פאָלגענדע פּונקטען: בלויז יוניאָן־לייט מוזען באשעפטיגט ווערען; ארבייטס פּרייזען מוזען באשטימט ווערען פון דעם אונטערנעמער צוזאַמען מיט אַ קאָמיטע פון די ארבייטער אין שאַפּ; ארבייטס־לוין מוז גע־צאָלט ווערען וועכענטליך; אין סלעק צייט מוז די ארבייט גע־טיילט ווערען גלייך צווישען די ארבייטער אין שאַפּ און די ארבייטס־צייט מוז באגרענעצט ווערען; יעדער ארבייטס־געבער מוז איינלעגען זיכערהייט, אז ער וועט אָפּהיטען דעם אָפּמאַך.

די „יונאַיטעד בראָדערהוד" האָט איינגעפירט שאַפּ־מיטינגען און שאַפּ־דעלעגאַטען.

די צוויי יאָר צווישען 1897 און 1899 זיינען פאַר די „יונאַיטעד בראָדערהוד" געוועזן די בעסטע. די יוניאָן איז געוועזן שטאַרק און איינפלוסרייך. שפּעטער אָבער האָט זי אָנ־געפאַנגען געהן בארג אַראָפּ. דערצו האָבען געפירט אינערליכע אורזאַכען און אויסערליכע.

דער קאַמף אין דער סאָציאַליסטישער באוועגונג האָט

שטענדיג געהאט א ווירקונג אויף דער קלאָוקמאַכער יוניאָן. יעדער נייער קאמף וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין דער סאָציאַליסטישען באוועגונג האָט געפונען זיין אָפּקלאַנג אין דער קלאָוק־מאַכער יוניאָן.

די שפּאַלטונג אין דער ס. ל. פּ. האָט שפּעטער געפירט צו נייע שפּאַלטונגען און אין דעם אידישען טייל פון דער באוועגונג איז געווען בעזונדערס לעבעדיג. די „יונאַיטעד בראָדערהוד" האָט פון איהר זייט געהאָלפען אָרגאַניזירען א נייע אידישע געווערקשאַפטען אונטער דעם נאָמען „פעדעריייטעד היברו טרעידס אָוו גרעיטער ניו יאָרק", ווייל די פּאַראייניגטע אידישע געווערק־שאַפטען זיינען, ווי פריהער באמערקט, צוגעשטאַנען צו דער „סאָושעליסט טרעיד ענד לעיבאָר עלאַיענס", וואָס איז אָרגאַ־ניזירט געוואָרען פון דער ס. ל. פּ. אונטער דעליאָנ'ס פירער־שאַפט. יאָזעף באראָנדעס און מ. זאמעטקין האָבען אָרגאַני־זירט סאָציאַל־דעמאָקראַטישע קלובען פון קלאָוקמאַכער. דער „אַבענד בלאַט", די אידישע טעגליכע צייטונג פון דער ס. ל. פּ., האָט, פארשטעהט זיך, שטענדיג אָנגעגריפען די „יונאַיטעד בראָ־דערהוד". און באזונדערס שטאַרק זיינען געוואָרען די אָנגריפען פון „אַבענד בלאַט", ווען די גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער „יונאַיטעד בראָדערהוד" האָט באשלאָסען צו שטיצען דעם „פאָר־ווערטס" מיט געלט.

נאָר אָט דאָס אַלץ וואָלט ניט געהאט אזא ווירקונג אָפּצו־שוואַכען די יוניאָן, ווען ניט די אינערליכע צרות, וואָס האָבען זיך אָנגעפאַנגען אין דער יוניאָן. עס האָט אָנפאַנגס אויסגע־וויזען צו זיין קלייניגקייטען, אָבער דער סוף איז געווען, אז אָט די פאַרשידענע קלייניגקייטען האָבען צושטערט די דיסציפּלין און די מאָראַל פון דער יוניאָן און האָבען פון איהר א תל געמאַכט.

עס איז פאַר זיך אַליין, למשל, ניט געווען קיין באזונדערס געפערליכע ערשיינונג, וואָס עס האָבען זיך געפונען א סך בעלנים צו ווערען „וואָקינג דעלעגאַטען" און ווען עס פלעגט קומען צו וואהלען פלעגט זיין א גאַנצע אַרמעע קאַנדידאַטען. אָבער אזוי ווי עס פלעגען קענען ערוועהלט ווערען בלויז עטליכע פלעגט די גרויסע צאָל דורכגעפאַלענע איינפאַך ווערען א דעמאָראַליזירענ־

דער עלעמענט. יעדער דורכגעפאַלענער קאַנדידאַט האָט זיך באַטראַכט פאַר אַ געקריוודעטען פון דער יוניאָן און האָט פאַר־שפּרייט אַרום זיך אומצופרידענהייט און אַ דעמאָראַליזירענדען גייסט.

דערביי איז די געגענזייטיגע באַציהונג צווישען די „וואָקינג דעלעגאַטען" און פאָלק, ווי מען רופט עס, געווען אין אַלגעמיין ניט קיין פריינדליכע. דאָס פאָלק האָט באַטראַכט די „וואָקינג דעלעגאַטען" פאַר פּאַראַזיטען, וואָס לעבען אויף זיין פּראַצע, און די „וואָקינג דעלעגאַטען" פון זייער זייט האָבען אָפט אַרויס־געוויזען גאַנץ וועניג אַכטונג צום פאָלק. און עס האָט זיך גראָד געטראָפען, אַז דער אויסוואַל פון די „וואָקינג דעלעגאַטען" איז איין מאָל געווען גאָר ניט קיין געראָטענער און עס איז אַרויסגעקומען אַ סקאַנדאַל, וואָס האָט געקראָגען דעם נאָמען „די וועלוועט דעלעגאַטען". דאָס האָט פּאַסירט אין פרילינג 1899. פיר „וואָקינג דעלעגאַטען" האָבען אָנגעפאַנגען אויס־מיידען דעם אָפיס פון דער יוניאָן און פלעגען זיך צונויפקומען אין אַ קאַפע אויף האוסטאָן סטריט, וואו זיי פלעגען פאַרברענגען זייער צייט מיט שפּילען קאָרטען. דער אייגענטימער פון דער קאַפע האָט געהייסען סאַמעט. האָבען די „וואָקינג דעלעגאַטען" אָפּגעמאַכט צווישען זיך, אַז זייער פּאַסיר־וואָרט זאָל זיין „וועל־וועט". עס הייסט, אַז ווען איינער פון זיי וועט דאַרפען דעם צווייטען דורך אימיצען לאָזען וויסען אַז ער געפינט זיך אין דער קאַפע, זאָל דאָס וואָרט „וועלוועט" זיין דער צייכען.

עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט און דער סוד איז אויס־געפּונען געוואָרען. צי עס איז איינעם איינגעפאַלען, אַז „וועל־וועט" אויף ענגליש איז דאָס זעלביגע וואָס „סאַמעט" אויף אידיש, אָדער אימיצער האָט די „וואָקינג דעלעגאַטען" איינפאַך באַמערקט אין קאַפע — דאָס בלייבט נאָך ביז איצט אַ סוד פאַר דער געשיכטע. דער עיקר איז, אַז מען איז געקומען פון דער יוניאָן אין דער סאַמעט־קאַפע און מען האָט דאָרטען געפּונען די פיר „וואָקינג דעלעגאַטען" שפּילענדיג אין קאָרטען און מען האָט זיי טאַקע גלייך געקרוינט מיט דעם נאָמען „וועלוועט דעלע־גאַטען". דער מיטינג פון דער עקזעקוטיווע פון דער יוניאָן אויף וועלכען עס איז אויפגענומען געוואָרען די קלאַגען געגען

די „וועלוועט דעלעגאַטען" איז געווען זעהר אַ שטורמדיגער, אָבער דער סוף איז געווען, אַז די „וואָקינג דעלעגאַטען" האָבען דערקלערט אַ „באָיקאָט" געגען דער עקזעקוטיווע. זיי האָבען נעמליך באַשלאָסען, אַז קיינער פון זיי זאָל ניט קומען צו די מיטינגען פון דער עקזעקוטיווע אָפּגעבען באַריכטען פון זייער טעטיגקייט. די „וואָקינג דעלעגאַטען" האָבען שוין פריהער ערקלערט, אַז די עקזעקוטיווע פון דער יוניאָן האָט אויף זיי קיין דעה ניט, ווייל זיי זיינען געווהעלט געוואָרען פון די לאָקאַלס.

פאַר'ן „אבענד בלאַט", וואָס האָט באַקעמפט די „יונאַיטעד בראָדערהוד" אַלס אַ „פּאָרוועררטס"-יוניאָן, איז די מעשה „וועל־וועט דעלעגאַטען" געווען אַן אמת'ער אוצר, ווייל די מעשה האָט זיך אַזוי גיך ניט געענדיגט. די עקזעקוטיווע פון דער יוניאָן האָט אויף דעם „באָיקאָט" פון די „וואָקינג דעלעגאַטען" זיי געלאָזט וויסען, אַז זיי ווערען אָפּגעזאָגט פון זייער אמט. האָבען אָבער אויף דעם געענטפערט די „וועלוועט דעלעגאַטען", אַז זיי זיינען געווהעלט געוואָרען פון זייערע לאָקאַלס אויף זעקס חדשים און אויב מען וויל, אַז זיי זאָלען אַוועקגעהן, מוז מען זיי באַ־צאָלען ביז צום סוף פון זייער טערמין. און ענדליך האָבען זיי עס אויך אויסגעפירט. אָט די מעשה „וועלוועט דעלעגאַטען" האָט געבראַכט זעהר פיל שאָדען פאַר דעם פּרעסטיזש פון דער יוניאָן. דערצו זיינען די „וועלוועט דעלעגאַטען" נאָך שפּעטער געוואָרען סטרייק-ברעכער און האָבען געהאָלפען ברעכען אַ סטרייק פון דער יוניאָן אין אַ שאַפּ פון אַ גרויסער קלאָוק־פירמע.

נאָך איין קלייניגקייט וואָס האָט געבראַכט דעמאָראַליזאַציע אין דער יוניאָן איז געווען אַ פינאַנס־סעקרעטער, וואָס איז געווען אַ גרויסער שיכור און פלעגט פאַרברייגען מער פון זיין צייט אין אַ דערבייאיגען סאַלון איידער אין דעם אָפיס פון דער יוניאָן. ביסלאַכווייז איז דער אָפיס פון דער יוניאָן פאַרוואַנ־דעלט געוואָרען אין אַן אָפענער קרעטשמע. עס איז דאָרטען געקומען ווער עס האָט געוואָלט און האָט דאָרטען געטאָן וואָס ער האָט געוואָלט. צווישען די ניט־איינגעלאַדענע געסט זיינען גע־ווען גאַנץ פאַרדעכטיגע עלעמענטען. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז מען פלעגט דאַרפען גאַנץ שטאַרק אַכטונג געבען אויף די קעשענעס, ווען מען פלעגט אַריינקומען אין אָפיס פון דער יוניאָן.

אַלס אַ צוגאַב האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז דער פינאַנס־סעקרעטער פון לאָקאַל 2, פון די שניידער, האָט קלעפּיגע פינגער. און נאָך ערגער איז געווען, וואָס איהם האָט זיך איינגעגעבען צו געווינען די פירער פון לאָקאַל 2, אַז זיי זאָלען זיך פאַר איהם אָננעמען און עס האָט זיך אַ סך געטומעלט אין דער יוניאָן ביז עס האָט זיך דעם דזשאָינט באָארד פון דער „יונאַיטעד בראָ־דערהוד" איינגעגעבען איהם ארויסצואוואַרפען.

די אַלע פּאַסירונגען האָבען אונטערגעגראָבען די מאָראַל פון דער יוניאָן. זי האָט אָנגעפאַנגען פאַרלירען איהר פּרעס־טיזש און איהר איינפלוס. און אין אָט דעם אָפּגעשוואַכטען צושטאַנד איז די יוניאָן נאָך פאַרוויקעלט געוואָרען אין מערערע שאַפּ־סטרייקס, ווייל ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די מאַנו־פעקטשורערס האָבען אונטערגעשריבען אַן אָפּמאַך מיט דער יוניאָן האָבען זיי איהם אָבער גאַנץ ווענינ אָפּגעהיט און עס איז אויך געווען די שטענדיגע צרה, וואָס די מאַנופעקטשורערס פלעגען ארויסשיקען זייער ארבייט ערגעץ וואו אין ניט־יוניאָן שעפּער.

מיט אָט דער צרה האָט די „יונאַיטעד בראָדערהוד" געהאַט צו טאָן פון דעם טאָג אָן וואָס זי האָט זיך געגרינדעט.

עס איז געווען אברהם ביזנאָ, וועמען די „יונאַיטעד בראָ־דערהוד" האָט אראָפּגעבראַכט אין הערבסט 1897 פון שיקאַגאָ צו זיין דער מענעדזשער פון דער יוניאָן, וועלכער האָט אויפ־געדעקט אָט דעם שווינדעל פון די מאַנופעקטשורערס אָפּצונאַרען דער יוניאָן און האָט אָנגעפאַנגען פירען אַ קאַמף געגען דעם. שוין דעמאָלט איז ביזנאָ ארויסגעקומען מיט זיין פּראָגראַם, אַז דער עיקר פאַר דער קלאָוקמאַכער יוניאָן איז צו געפינען מיטלען ווי אַזוי צו קאָנטראָלירען די „באָנדלעך", אַז זיי זאָלען זיך ניט ארויסקייקלען פון די יוניאָן־שעפּער און זיך אַוועקקייקלען אין די סוועט־שעפּער. נאָר ביזנאָ'ס פּראָגראַם האָט ניט געפונען דעם נויטיגען אָפּקלאַנג ביי די פירער פון דער יוניאָן און מען האָט איהם געגעבען אויף הוצאות צוריקצופאָרען אין שיקאַגאָ. אָבער די פּראָבלעם, וואָס ביזנאָ האָט אַוועקגעשטעלט פאַר דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן, איז געבליבען אין ניו יאָרק אויך נאָכדעם ווי ביזנאָ איז צוריק אַוועק אין שיקאַגאָ און עס איז דעריבער

געווען שטענדיגע צרות מיט די „באַנדלעך", וואָס האָט געפירט צו שטענדיגע סטרייקס און צו אַנטווישונג פון די אַרבייטער אין דער יוניאָן.

אין הערבסט פון 1899 האָט די יוניאָן געהאַט צוויי סטרייקס ביי גרעסערע קלאָוק-פירמעס — ביי אינדיג און בערג און ביי באַנוויט און ליוואַי (אין דער ערשטער פירמע האָבען געסקעבט די „וועלוועט דעלעגאַטען").ביידע פירמעס האָבען זיך צוזאַמען געווענדעט פאַר אַן אינדזשאַנקשאַן געגען דער יוניאָן און האָבען איהם אויך געקראָגען. דאָס איז געווען דער ערשטער אינדזשאַנקשאַן, וואָס מאַנופעקטשורערס אין דער פרויען-קליידער אינדוסטריע פון אַמעריקא האָבען אַרויסגענומען געגען סטרייקענדע אַרבייטער.

מאיר לאָנדאָן איז אָנגעשטעלט געוואָרען פון דער „יונאַיטעד בראָדערהוד" צו קעמפען אין געריכט געגען דעם אינדזשאַנקשאַן און ער האָט דעם קאַמף אויך געוואונען, דער אינדזשאַנקשאַן איז אַראָפּגענומען געוואָרען. אָבער פאַר די פּאָר וואָכען, וואָס ער איז געווען אין קראַפט, האָט ער געהאָלפען ניט בלויז די דערמאָנטע צוויי פירמעס צו ברעכען דעם סטרייק, נאָר ער האָט אין אַלגעמיין אָנגעוואָרפען אַ שרעק אויף די קלאָוקמאַכער צו זיין אַקטיוו אין דער יוניאָן.

דאָס האָט די „יונאַיטעד בראָדערהוד" נאָך מער אָפּגעשוואַכט און עס איז פון איהר ענדליך בלויז געבליבען אַ שאָטען פון איהר פריהערדיגער גרויסקייט.

## זיבעצענטער קאַפּיטעל

# די געבורט פון דער אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט װאָרקערס יוניאָן

די קלאָוקמאַכער האָבען שוין מיט יאָרען צוריק זיך אַרומ־געטראָגען מיט דעם געדאַנק צו שאַפען אַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע איבער'ן לאַנד. שוין אין יאַנואַר 1891 האָט די אַפּרייטאָרס און קלאָוקמאַכער יוניאָן נומער איינס פון ניו־יאָרק אָנגענומען אַ רעזאָלוציע צו אָרגאַניזירען אַלע קלאָוקמאַכער פון אַמעריקא אין אַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע און אַן אויפרוף פאַר דעם צוועק איז אַרויסגעשיקט געוואָרען צו אַלע קלאָוקמאַכער יוניאָנס איבער'ן לאַנד. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז דעם ערשטען מאַי 1892 איז אין ניו־יאָרק אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ קאָנווענשאָן און עס איז געגרינדעט געוואָרען אַן „אינטערנעשאָנאַל קלאָוקמאַכערס יוניאָן אוו אַמעריקא". נישט מער זי האָט ניט לאַנג געלעבט (זעה קאַפּיטעל „אַ קלאָוקמאַכער יוניאָן פון גאַנץ אַמעריקא"). די קלאָוק־מאַכער האָבען שטענדיג געפילט אַז זייערע אינטערעסען פאָדערען, אַז זיי זאָלען זיין פאַראייניגט אין אַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע איבער'ן גאַנצען לאַנד. געוועהנליך פלעגען זיי זיך אָבער פאַר־טראַכטען וועגען דעם, ווען זיי פלעגען זיך געפינען אין אַ שלעכ־טער לאַגע, נאָך אַ פאַרלאָרענעם קאַמף און ווען זייערע יוניאָנס פלעגען צונויפברעכען און זיי פלעגען זיך פילען הילפלאָז. נאָר דעמאָלט פלעגט עס גראָד זיין שווער צו שאַפען אַ צענטראַלע אָר־גאַניזאַציע איבער גאַנץ אַמעריקא.

נאָך דעם צוזאַמענברוך פון דער „יונאַיטעד בראָדערהוד" פון די ניו־יאָרקער קלאָוקמאַכער איז ווידער אַמאָל אויפגעלעבט גע־וואָרען דער געדאַנק פון שאַפען אַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער עס זאָלען זיין פאַראייניגט אַלע קלאָוקמאַכער פון לאַנד. און דאָס מאָל איז דער געדאַנק געקומען צו אַ שטאַרקערען אויס־דרוק ווי פריהער. די אָפטע גרויסע סטרייקס וואָס די קלאָוקמאַכער

האָבען געהאט אין דעם לעצטען האַלבען צענדליג יאָר האָט ביי זיי
אַלץ רייפער געמאַכט דעם געדאַנק, אַז זייער קאַמף וואָלט געקענט
האָבען מער ערפאָלג, ווען זיי וואָלטען געהאט אַ פאַראייניגטע
אָרגאַניזאַציע איבער׳ן גאַנצען לאַנד. די קלאָוקמאַכער פון איין
שטאָדט האָבען אין זייער קאַמף שטענדיג נויטיג געהאט די הילף
פון די קלאָוקמאַכער אין דער צווייטער שטאָדט. און ניט בלויז
פינאַנציעלע הילף, נאָר פיל מער, אַז די באַלעבאַטים ביי וועלכע
מען סטרייקט אין איין שטאָדט זאָלען ניט קענען אַריבערפירען
זייערע שעפּער אָדער לאָזען מאַכען זייער אַרבייט אין אַן אַנדער
שטאָדט.

און עס זיינען ניט געווען בלויז די ניו־יאָרקער קלאָוקמאַכער,
וואָס האָבען דערפילט די נויטווענדיגקייט פון אַ פאַראייניגטער
קלאָוקמאַכער אָרגאַניזאַציע פון גאַנצען לאַנד, נאָר אַזוי האָבען
אויך געפילט די קלאָוקמאַכער אין פילאַדעלפיא, אין באַלטימאָר
און אין באָסטאָן. די קלאָוקמאַכער יוניאָן אין פילאַדעלפיא האָט
אין הערבסט פון יאָר 1897 זיך געווענדעט צו דער „יונאַיטעד
בראָדערהוד״ — די קלאָוקמאַכער יוניאָן פון ניו־יאָרק, וועגען
שאַפען אַ פאַראייניגטע אָרגאַניזאַציע איבער׳ן לאַנד. די „יונאַיטעד
בראָדערהוד״ האָט דעם פאָרשלאַג וואַרעם אויפגענומען און האָט
באַלד אַרויסגעשיקט אַן אויפרוף צו „אַלע קלאָוקמאַכער פון אַמע־
ריקא״, אַז זיי זאָלען שיקען דעלעגאַטען צו אַ קאָנווענשאָן פון
גאַנצען לאַנד, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אין ניו־יאָרק דעם
16־טען און 17־טען יאַנואַר 1898 אין ניו־יאָרק.

די געפּלאַנטע קאָנווענשאָן איז אָבער ניט אָפּגעהאַלטען גע־
וואָרען. ערשטענס איז אַרויסגעקומען אַ שטרייט מיט פילאַדעלפיא
וועגען דעם פּלאַץ וואו די קאָנווענשאָן זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען.
די פילאַדעלפיער האָבען געוואָלט, אַז די קאָנווענשאָן זאָל גע־
האַלטען ווערען אין זייער שטאָדט. צווייטענס איז די קלאָוק־
מאַכער יוניאָן פון שיקאַגאָ וועלכע האָט באַלאַנגט צו דער „סאָר־
שעליסט טרעיד און לעיבאָר אַלאַיענס״, געווען אין ניט קיין פריינד־
ליכע באַציהונגען מיט דער ניו־יאָרקער קלאָוקמאַכער יוניאָן —
די „יונאַיטעד בראָדערהוד״, וועלכע האָט באַקעמפט די „סאָר־
שעליסט טרעיד און לעיבאָר אַלאַיענס״. נאָר דער פאָרמעלער
ענטפער פון שיקאַגאָ איז געווען, אַז אַזוי לאַנג ווי עס זיינען
נאָך ניט פאַראַן קיין גוט אָרגאַניזירטע לאָקאַלע יוניאָנס איז

נוצלאָז די ארבייט צו שאַפען א צענטראַלע אָרגאַניזאַציע איבער'ן לאַנד. אָבער די באַוועגונג פאַר א צענטראַלער אָרגאַניזאַציע איבער'ן לאַנד איז ביי די קלאָוקמאַכער דאָך ניט שוואַכער געוואָרען דורך דער אונגעלונגענער פּראָבע. אין געגענטייל, זי איז געוואָרען שטאַרקער. אונטער דער צייט האָבען די שיקאַגאָר קלאָוקמאַכער פאַרלאָרען א וויכטיגען סטרייק און עס איז געווען נאַטירליך, אַז זיי זאָלען זיך פאַרטראַכטען וועגען דעם, אַז ווען זיי וואָלטען געקראָגען פינאַנציעלע הילף פון די קלאָוקמאַכער פון אנדערע שטעדט וואָלטען זיי אפשר זייער קאַמף געוואונען.

דערצו איז אויך מיט דער צייט דער פּאַרטיי־קאַמף, וואָס האָט געשטערט די קלאָוקמאַכער יוניאָנס פון די פאַרשידענע שטעדט צו א פאַראייניגונג אין איין אָרגאַניזאַציע, באַדייטענד אָפּגעשוואַכט געוואָרען. די „סאָושעליסט טרעיד ענד לעיבאָר אַלאַיענס" האָט אָנגעפאַנגען פונאַנדערפאַלען און דער וועג פאַר א מער פאַראייניגטער טרעיד יוניאָן באַוועגונג איז פרייער גע־וואָרען.

און ווידער אַמאָל האָבען די קלאָוקמאַכער פון ניו־יאָרק גע־נומען אויף זיך צוניפצורופען א קאָנווענשאָן פון אַלע קלאָוק־מאַכער איבער'ן לאַנד צו גרינדען א צענטראַלע אָרגאַניזאַציע. דעם 11־טען מאַרטש 1900 האָט די „יונאַיטעד בראָדערהוד" פון די קלאָוקמאַכער יוניאָן נומער איינס פון ניו־יאָרק אָפּגעדרוקט אין דער אַרבייטער־פּרעסע אַן אויפרוף צו אַלע קלאָוקמאַכער, לעידיס טעילאָרס און סקוירט מאַכער אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען פון אַמעריקא און קענעדע צו גרינדען א צענטראַלע אָרגאַניזאַציע און אַז פאַר דעם צוועק זאָל דעם 3־טען יוני 1900 אָפּגעהאַלטען ווערען אין ניו־יאָרק א גרינדונגס קאָנווענשאָן.

דאָס מאָל האָט דער אויפרוף געהאַט אַן ערפאָלג. די קאָנ־ווענשאָן איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין דעם טאָג פאַר וועלכען זי איז גערופען געוואָרען. עס זיינען געקומען צו איר צוועלף דע־לעגאַטען — צוויי פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן (יונאַיטעד בראָ־דערהוד) פון ניו־יאָרק, צוויי פון די סקוירט מאַכער נומער איינס פון ניו־יאָרק, איינער פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן פון בראָנזוויל, איינער פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן פון נואַרק, צוויי פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן פון פילאַדעלפיא (קלאָוקמייקערס פּראָטעק־טיוו יוניאָן) צוויי פון דער קלאָוק פּרעסערס יוניאָן פון פילאַ־

דעלפיא און צוויי פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן פון באַלטימאָר. אַלע צוזאַמען האָבען זיי פאַרטראָטען אַרום צוויי טויזענד מיטגלידער. די קאָנווענשאָן איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין לעיבאָר לאַיסעאום, 64 איסט פערטע סטריט, און יאָזעף באַראָנדעס מיט הערמאַן ראבינסאָן, דער אָרגאַנייזער פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אוו לעיבאָר אין ניו־יאָרק, זיינען איינגעלאַדען געוואָרען צו עפענען די קאָנווענשאָן.

די קאָנווענשאָן איז געגאַנגען ווייטער ווי די, וואָס האָבען איר צונויפגערופען. די קאָנווענשאָן האָט נעמליך באַשלאָסען, אַז עס זאָל געשאַפען ווערען אַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אַרומנעמען ניט בלויז קלאָוקמאַכער, סקוירט מאַכער און לעידיס טעילאָרס, נאָר די גאַנצע פרויען קליידער אינדוסטריע. און די אָרגאַניזאַציע זאָל גערופען ווערען „אינטערנעשאָנאַל לעידיס גארמענט וואָירקערס יוניאָן". דאָס איז געוועזן גאַנץ נאַטירליך. די ערשטע יוניאָנס וואָס די קלאָוקמאַכער האָבן דאָ אָנגעפאַנגען אָרגאַניזירען זיינען געוועזן בשותפות מיט די דרעסמאַכער און זיי פלעגען טראָגען דעם נאָמען „קלאָוק און דרעס מאַכער יוניאָן". ערשט שפּעטער, ווען די קלאָוק־אינדוסטריע האָט אָנגעפאַנגען שנעל וואַקסען און מיט איר די צאָל פון קלאָוקמאַכער איז דאָס וואָרט „דרעסמאַכער" פאַרפאַלען געוואָרען פון דעם נאָמען פון די קלאָוקמאַכער יוניאָנס. די קלאָוקמאַכער האָבען אָבער אַלע מאָל געוואוסט, אַז עס איז פאַראַן אַ פאַרבינדונג צווישען איין טייל פון דער פרויען קליידער אינדוסטריע און דעם אַנדערען און אַז אָפט איז די פאַרבינדונג אַ גאַנץ נאָהענטע, באַזונדערס ווען עס קומט צו אַ סטרייק.

פאַר פּרעזידענט פון דער געשאַפענער אָרגאַניזאַציע איז געוועהלט געוואָרען הערמאַן גראָסמאַן, אַ קלאָוקס אָפּערייטאָר פון ניו־יאָרק, און פאַר סעקרעטאַר־טרעזשורער איז געוועהלט געוואָרען בערנאַרד בראַף אַ קלאָוקס פּרעסער פון ניו־יאָרק. צוואַנציג טעג נאָך דער קאָנווענשאָן (זי האָט געדויערט בלויז איין טאָג) האָט די אַמעריקען פעדעריישאָן אוו לעיבאָר ארויסגעגעבען דער ניי־געשאַפענער אינטערנעשאָנאַל אַ טשאַרטער — ער טראָגט דעם דאַטום פון 23־טען יוני 1900.

עס איז איבריג צו זאָגען אין וואָס פאַר אַ גרויסער אָרעמקייט



הערמאַן גראָסמאַן
ווען ער איז געוועהלט געוואָרען פאַר פרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאל

די אינטערנעשאָנאַל איז געבאָרען געוואָרען. עס קען בלויז באַ־מערקט ווערען, אַז אפילו דעם באַשלום פון דער קאָנווענשאָן, אַז יעדער לאָקאַל וואָס איז פאַרטראָטען זאָל בייטראָגען 10 דאָלאַר פאַר די ערשטע הוצאות פון דער אָרגאַניזאַציע האָט אויך ניט געקענט דורכגעפירט ווערען. בלויז צוויי לאָקאַלס — די קלאָוק־מאַכער יוניאָן פון ניו־יאָרק, וועלכע האָט געקראָגען דעם נומער 1 אין דער ניי־געשאַפענער אָרגאַניזאַציע, און די קלאָוקמאַכער יוניאָן פון באַלטימאָר, וואָס האָט געקראָגען דעם נומער 4, האָבען גלייך באַצאָלט די געפאָדערטע 10 דאָלאַר. די אַנדערע לאָקאַלס האָט מען געמוזט וואַרטען. אַרום און אַרום האָט די אינטערנעשאָנאַל אָנגעפאַנגען איר עקזיסטענץ מיט אַ פאַרמעגען פון 30 דאָלאַר. נאָר אַזוי ווי די ניו־יאָרקער קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט איר גע־געבען אַ פריי שטיקעל פּלאַץ אין איר אָפיס וואו אַוועקצושטעלען אַ דעסק און אַזוי ווי אירע גרויס־באַאַמטע — דער פרעזידענט און דער סעקרעטאַר האָבען ניט געקראָגען קיין שכירות, איז די סומע פון 30 דאָלאַר אויף אָנצופאַנגען די אַרבייט געווען אַ גאַנץ אָנגעזעהענע. דער סעקרעטאַר־טרעזשורער האָט ביי דעם ערשטען מיטינג פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דעם 2־טען יולי 1900 אין פילאַדעלפיא, אָפּגעגעבען אַ באַריכט, אַז אין דער קאַסע פון דער אינטערנעשאָנאַל געפינט זיך 26 דאָלאַר מיט 50 סענט. אויף דעם מיטינג איז באַשלאָסען געוואָרען אַרויסצוגעבען אַ זשורנאַל, איינצופירען אַ לעיבעל און אונטערצונעמען געוויסע אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט.

נאָר אויב די אינטערנעשאָנאַל איז געבאָרען געוואָרען אין גרויס אָרעמקייט, איז אָבער די צייט פון איר געבורט געווען אַ גינסטיגע. עס איז געווען אַ צייט פון עקאָנאָמישען אויפשוואונג אין לאַנד. די אַלטע אינדוסטריען האָבען זיך גרעסער פונאַנדער־געוואַקסען און נייע אינדוסטריען זיינען אויפגעקומען. עס האָבען זיך אָרגאַניזירט גרויסע קאָמפּאַניעס און טראָסטס אין פאַרשיי־דענע אינדוסטריען און האַנדעל און פינאַנס איז ריזיג גע־וואַקסען. און מיט דעם אויפשוואונג פון אינדוסטריע און האַנדעל אין לאַנד איז אויך געוואַקסען די אַרבייטער־באַוועגונג. עס זיינען גרעסער געוואָרען די אַלטע יוניאָנס און עס זיינען געשאַפען גע־וואָרען נייע. די אַמעריקען פעדערייש־אָן אָוו לעיבאָר האָט אין אַ פּאָר יאָר צייט צוגעקראָגען אַרום 400 טויזענד נייע מיט־

גלידער. און ווען עס איז געווען א גוטער צושטאנד אין אלע אנדערע אינדוסטריען פון לאנד איז עס אויך געווען בעסער אין דער פרויען קליידער אינדוסטריע. די אינטערנעשאנאל האט דע־ריבער גלייך אנגעפאנגען וואקסען. עס זיינען באלד צו איר צו־געשטאנען די קלאוקמאכער פון שיקאגא און פון סאן פראנציסקא און די סקוירט מאכער פון פילאדעלפיא און אביסעל שפעטער איייניגע אנדערע יוניאנס. צו איר צווייטער קאנווענשאן, וואס איז אפגעהאלטען געווארען אין פילאדעלפיא אנפאנג יוני 1901, איז די אינטערנעשאנאל שוין געקומען מיט 18 לאקאלס וואס האבען פארמאגט נאהנט צו פיר טויזענד מיטגלידער און זי האט שוין אפילו געקענט צאלען איר סעקרעטאר 15 דאלאר א וואך.

אויף דער דריטער קאנווענשאן, וואס איז אפגעהאלטען גע־ווארען אין יוני 1902 אין ניו־יארק, זיינען שוין געווען דעלע־גאטען פון שיקאגא, פון קליוולאנד, סינסינעטי און אפילו פון סאן פראנציסקא. פון שיקאגא איז דער דעלעגאט געווען בענ־דזשאמין שלעזינגער, וואס איז דעמאלט געווען אן אפערייטאר.

ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס די אינטערנעשאנאל איז באשאפען געווארען הויפטזעכליך דורך די באמיהונגען פון די ניו־יארקער קלאוקמאכער, האבען דאך אין די ערשטע יארען פון דער אינטערנעשאנאל די דאמינירענדע ראלע אין איר געשפילט די קלאוקמאכער לאקאלס פון די אנדערע שטעדט, באזונדערס פון דער מיטעל־וועסט. די ניו־יארקער קלאוקמאכער יוניאן, די „יונאיטעד בראדערהוד“, איז געבליבען שוואך אויך נאכדעם ווי די אינטערנעשאנאל איז געגרינדעט געווארען. בלויז א קליינע צאל קלאוקמאכער אין ניו־יארק זיינען געווען ארגאניזירט און די יוניאן האט געהאט א גאנץ שוואכען קאנטראל איבער דער אינדוסטריע. די קלאוקמאכער פון די אנדערע שטעדט האבען דעריבער זיך געהאלטען אין איין באקלאגען אויף די ניו־יארקער, אז צוליב זייער אונארגאניזירטקייט ליידט די קלאוק אינדוסטריע איבער'ן גאנצען לאנד. זיי האבען זיך אויך באקלאגט, אז ניו־יארקער קלאוקמאכער ווערען אראפגעבראכט צו ברעכען סטרייקס אין אנדערע שטעדט, ווייל די ניו־יארקער קלאוקמאכער זיינען ניט ארגאניזירט. באזונדערס שטארק איז די אונצופרידענהייט אויסגעדריקט געווארען אויף דער פערטער קאנווענשאן פון דער אינטערנעשאנאל, וואס איז אפגעהאלטען געווארען אין יוני 1903

אין קליוולאַנד. אויף דער קאָנוועגשאָן איז בענדזשאמין שלעזינגער, וואָס איז געווען אַ דעלעגאַט פון שיקאַגאַ, געוועהלט געוואָרען פּרעזידענט געגען הערמאַן גראָסמאַן. דאָס איז אויך באַטראַכט געוואָרען אַלס אַ רעזולטאַט פון אונצופרידענהייט פון דער „קאָנטרי“ מיט ניו־יאָרק.

די ניו־יאָרקער קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט ווירקליך פאַרדינט געטאַדעלט צו ווערען. צו איר פערטער קאָנווענשאָן אין 1903 איז די אינטערנעשאָנאַל געקומען מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 8 טויזענד און 865, און דערפון האָט ניו־יאָרק געהאַט בלויז 3 טויזענד 868, און פון דעם האָט די ניו־יאָרקער קלאָוקמאַכער יוניאָן, די „יונאַיטעד בראָדערהוד“ קוים געהאַט אַ פּאָר טויזענד. אויסער די „יונאַיטעד בראָדערהוד“ האָט די אינטערנעשאָנאַל געהאַט אין ניו־יאָרק יוניאָנס פון די קאַטערס, פון די ווייסטמאַכער און פון די ראַפּער מאַכער. די לעצטע יוניאָן אַליין האָט געהאַט 9 הונדערט מיטגלידער.

אין ניו־יאָרק זיינען אין יענער צייט שוין געווען אַרום 30 טויזענד קלאָוקמאַכער. שוין אין 1900, ווען די אינטערנעשאָנאַל האָט זיך געגרינדעט, איז, לויט די ציפערען פון דער רעגירונג, געווען אין ניו־יאָרק 24 טויזענד קלאָוקמאַכער. די צאָל אָרגאַניזירטע איז דעריבער פּראָפּאָרציאָנעל געווען אַ צו קליינע.

## אכצענטער קאַפּיטעל

# די גרינדונג פון אַ באַזונדערען קלאָוק אָפּערייטאָרס לאָקאַל אין ניו-יאָרק

די קלאָוקמאַכער יוניאָן אין ניו־יאָרק האָט געמאַכט פאַר־שידענע אָנשטרענגונגען צו אָרגאַניזירען די קלאָוק אינדוסטריע, אָבער דער ערפאָלג איז געווען זעהר אַ שוואַכער. האָט עס זיך איינגעגעבען צו אָרגאַניזירען עטליכע נייע שעפּער האָט מען אויף זייער פּלאַץ פארלאָרען עטליכע אַלטע שעפּער. מען האָט געפירט סטרייקס און אָפט האָט מען אויך געוואונען, נאָר מער מאָל האָט מען פארלאָרען. מען האָט געמאַכט אָנשטרענגונגען איינצופירען אין די קלאָוק שעפּער דעם יוניאָן לעיבעל וואָס די אינטערנע־שאָנאַל האָט אָנגענומען, און מען האָט געהאָפט, אַז דאָס וועט העלפען אויפבויען די קלאָוקמאַכער יוניאָן אין ניו־יאָרק, אָבער אויך דאָס האָט ווייניג געהאָלפען. מען האָט אפילו פּראָבירט גרינדען אַ קאָאָפּעראַטיווע סטאָר, וואו קלאָוקס זיינען פארקויפט געוואָרען בלויז מיט'ן יוניאָן לעיבעל, אָבער דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די פּאָר צענדליג קלאָוקמאַכער, וואָס האָבען צונויפ־געלעגט דאָס געלד, וואָס איז געווען נויטיג פאַר דער אונטערנע־מונג, האָבען נאָך אַ האַלבען יאָר עקזיסטענץ פון זייער קאָאָפּע־ראַטיוו אַרויסגעראַטעוועט קוים אַ העלפט פון דעם וואָס זיי האָבען אַריינגעלעגט.

און ווען קיין זאַך האָט ניט געהאָלפען האָבען די אָפּעריי־טאָרס, וועלכע זיינען אַלע מאָל געווען דער טעטיגסטער עלעמענט אין דער יוניאָן, אָנגעפאַנגען זוכען די אורזאַכען פון זייער מיס־ערפאָלג אין דער פאָרם פון דער אָרגאַניזאַציע פון דער ניו־יאָרקער קלאָוקמאַכער יוניאָן.

אין דער „יונאַיטעד בראָדערהוד“ זיינען אַלע קלאָוקמאַכער— אָפּערייטאָרס, שניידער, פינישער און פּרעסער פאַקטיש געווען אָר־גאַניזירט אין איין יוניאָן. און ווען די אָפּערייטאָרס האָבען אין אַ

שאָפּ ארויסגעשטעלט פאָדערונגען וועגען ארבייטס-לוין און ארבייטס-צייט האָבען זיי אויך געמוזט האָבען אין זינען די פינישער און די פּרעסער, אָבער עס איז אַלע מאָל געוועזן לייכטער צו אָרגאַניזירען די אפּערייטאָרס, איידער די אַנדערע ארבייטער אין שאָפּ. די אפּערייטאָרס האָבען דעריבער יעדעס מאָל, ווען זיי פלעגען זיך אָנפאַנגען אָרגאַניזירען פאַר אַ קאַמף, געוואוסט, אַז זיי דאַרפען אויך זיך אויך נעמען די ארבייט צו אָרגאַניזירען די פינישער און די פּרעסער און קעמפען פאַר זייערע פאָדערונגען, און דאָס, האָבען זיי געזאָגט, מאַכט שווער די אָרגאַניזאַציאָנס-ארבייט אין אַלגעמיין און עס ליידען דערפון די אפּערייטאָרס, און עס איז שווער אויפצוהאַלטען די יוניאָן.

די אפּערייטאָרס האָבען דעריבער אויף דער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל אין 1903 געפאָדערט, אַז די יונאַיטעד בראָדערהוד זאָל רעאָרגאַניזירט ווערען און אַז די אפּערייטאָרס זאָלען אָרגאַניזירט ווערען אין אַ באַזונדערען לאָקאַל. די אפּערייטאָרס האָבען פריהער געוואוסט, אַז דאָס וועט זיך זיי אַזוי לייכט ניט איינגעבען און זיי האָבען דעריבער געשיקט צו דער קאָנווענשאָן אין קליוולאַנד אַ באַזונדערס גוט-געקליבענע דעלעגאַציע. איינער פון די דעלעגאַטען איז געווען יאָזעף באַראָנדעס, וועלכער איז געווען אַן ערען-מיטגליד ביי די אפּערייטאָרס. די פאָדערונג איז געווען, אַז די אינטערנעשאָנאַל זאָל געבען די אפּערייטאָרס אַ באַזונדער טשאַרטער אויף אַ באַזונדערען לאָקאַל, וואָס זאָל האָבען דאָס רעכט זעלבסטשטענדיג אָנצופירען אָרגאַניזאַציאָנס-ארבייט צווישען די קלאָוק אפּערייטאָרס, ארויסשטעלען פאָדערונגען צו די באַלעבאַטים און אַליין רופען סטרייקס, ווען די פינישער און די פּרעסער וועלען זיך ניט וועלען אָרגאַניזירען.

די דעלעגאַטען פון די אפּערייטאָרס האָבען באַגרינדעט זייער פאָדערונג מיט דעם, ווי עס איז שוין פריהער דערמאָנט געוואָרען, וואָס די אפּערייטאָרס דאַרפען שטענדיג קעמפען ניט בלויז פאַר זיך אַליין, נאָר אויך פאַר די פינישער און די פּרעסער וואָס ווילען זיך ניט אָרגאַניזירען. עס הייסט, אַז די פינישער און די פּרעסער טיילען זיך מיט די אַלע געווינסען וואָס די אפּערייטאָרס קעמפען אויס, אָבער באַלאַנגען צו דער יוניאָן און העלפען קעמפען ווילען זיי ניט.

די קאָנווענשאָן האָט אָבער ניט געוואָלט געבען די אפּעריי-

טאָרס אַליץ, וואָס זיי האָבען פאַרלאַנגט. זי האָט באַווילִיגט זייער פאָדערונג צו רעאָרגאַניזירען די ניו־יאָרקער קלאָוקמאַכער יוניאָן— די „יונאַיטעד בראָדערהוד“, און זיי אַרויסגעבען אַ באַזונדערען טשאַרטער אָבער זי האָט זיי ניט געגעבען קיין רעכט צו רופען אַליין סטרייקס און צו שליסען אָפּמאַכען.

די אָפּערייטאָרס האָבען געקראָגען זייער טשאַרטער אַלס לאָקאַל 1. אין דער זעלביגער צייט האָבען די פינישער געקראָגען אַ טשאַרטער אויף אַ באַזונדערען לאָקאַל מיט דעם נומער 9, די סקוירט מאַכער אַלס לאָקאַל 23 און די פּרעסער אַלס לאָקאַל 35. דערמיט האָט אויך די „יונאַיטעד בראָדערהוד“ פאַרענדיגט איר עקזיסטענץ.

עס איז פאַרשטאַנען געוואָרען פון דער קאָנווענשאָן, אַז ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די פאַרשידענע טיילען פון דעם קלאָוק טרעיד אין ניו־יאָרק האָבען געקראָגען באַזונדערע טשאַרטערס זיך צו אָרגאַניזירען אין באַזונדערע לאָקאַלס דאַרפען זיי אָבער דאָך בלייבען צוזאַמען אין איין אָפיס און זיך האַלטען צוזאַמען. אָבער די אָפּערייטאָרס האָבען עס געוואָלט אַנדערש פאַרשטעהן. זיי האָבען געוואָלט זיין מער זעלבסטשטענדיג און עס האָבען זיך דעריבער גלייך אָנגעפאַנגען רייבונגען צווישען זייער לאָקאַל און דעם לאָקאַל פון די פינישער. לאָקאַל 1 האָט געפאָדערט, אַז לאָקאַל 9 זאָל ניט בלויז זיין אַ גלייכער שותף אין פאַרנעמען פּלאַץ אין דעם אָפיס פון דער יוניאָן, נאָר אויך אין צאָלען רענט. דאָס איז אָבער משמעות פאַר די פינישער געווען אַ שווערע פאָדערונג. די אָפּערייטאָרס האָבען אויך געפאָדערט, אַז יעדער לאָקאַל זאָל זיך וועהלען זיינע אייגענע ביזנעס אַגענטען און זיי צאָלען. דאָס איז געווען נאָך אַ פיל שווערערע פאָדערונג. האָט זיך ממילא אָנגעפאַנגען צווישען די אָפּערייטאָרס און די פינישער אַ מחלוקה. און מען האָט זיך אַזוי לאַנג געקריגט, דערצעהלט אַב ראָזענבערג אין זיינע „ערינערונגען“, ביז לאָקאַל 1 האָט אָנגעזאָגט זיין פינאַנס סעקרעטאַר, אַז ער זאָל ניט צאָלען מער ווי אַ העלפט די רענט פון אָפיס און דעם ביזנעס אַגענט זאָל ער אינגאַנצען ניט צאָלען. נאָר ווען דער ביזנעס אַגענט האָט זיך וועגען דעם באַשלוס דערוואוסט האָט ער געהייסען די אָפּע־רייטאָרס זיך אַרויסקלייבען פון אָפיס. אַב. ראָזענבערג דערצעהלט, אַז ער האָט זיי איינפאַך אַרויסגעוואָרפען.

זיינען די אפּערייטאָרס, אנשטאָט צו קלאָגען זיך, גאָר צו־פרידען געווען דערמיט, וואָס מען האָט זיי ארויסגעוואָרפען פון אָפיס. זיי זיינען אוועק אויף קלינטאָן סטריט און האָבען דאָרט געדונגען אַן אָפיס, געוועהלט אַן אייגענעם ביזנעס אגענט און האָבען זיך פארנומען אויף אַ זעלבסטשטענדיגען לעבען און ווייזען וואָס זיי קענען. און עס איז אָנפאנגס אוועק גאָר ניש־קשה. דער לאָקאל האָט צוגעקראָגען עטליכע הונדערט מיטגלידער און האָט אויך פארבעסערט אביסעל זיין פינאנציעלען צושטאנד. אָבער די האָפנונג, אַז די רעאָרגאַניזירונג פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן און איר צוטיילונג אין באזונדערע לאָקאלס וועט זיין די ריכטיגע רפואה צו אָרגאַניזירען די גרויסע קלאָוקמאַכער מאַסען אין ניו־יאָרק איז ניט פארווירקליכט געוואָרען.

נאָר די אפּערייטאָרס זיינען סאַי ווי סאַי לאַנג ניט געבליבען אָפּגעזונדערט אין זייער אָפיס אויף קלינטאָן סטריט. די פינישער האָבען זיי פארקלאָגט פאר דער אינטערנעשאָנאל, אַז זיי האַנדלען ניט אין איינקלאַנג מיט די באשלוסען פון דער קאָנווענשאָן, און ב. שלעזינגער אליין, דער פּרעזידענט, האָט געמוזט קומען פון שיקאַגאַ צו מאַכען אַ טאָלק, ווייל די אָרטיגע ניו־יאָרקער פירער האָבען גאָרנישט געקענט אויפטאָן. עס איז אָבער אויך שלעזינ־גער'ן ניט אזוי לייכט אָנגעקומען צו מאַכען אַ שלום. ער האָט ענדליך געמוזט באַשטימען אַ קאָמיטע פון דריי אנגעזעהענע טרעיד יוניאָן פירער — הערמאַן ראָבינסאָן, דער אָרגאַנייזער פון דער אמעריקען פעדערייששאָן אוו לעיבאָר אין ניו־יאָרק, מאָרים בראַון פון דער סיגאַר־מאַכער יוניאָן און טיפּאָגראַף פון די קאַפּען־מאַכער יוניאָן, און זיי האָבען ענדליך צוריקגעבראַכט דעם שלום צווישען די אפּערייטאָרס און די פינישער. די אפּערייטאָרס האָבען אויפגעגעבען זייער אָפיס אין קלינטאָן סטריט און האָבען זיך צוריק אריינגעקליבען אין דעם פריהערדיגען אָפיס פון דער קלאָוק־מאַכער יוניאָן.

און ווען שלום איז צוריקגעקומען אין דער ניו־יאָרקער יוניאָן האָבען זיך די פירער ווידער אַמאָל צונויפגענומען צו באַטראַכטען מיטלען ווי אזוי צו אָרגאַניזירען די קלאָוקמאַכער. מען האָט גע־רופען קאָנפערענצען, דיסקוטירט און געזוכט די אורזאַכען פאר־וואָס גראַד ניו יאָרק, וואו עס זיינען פאראַן אזוי פיל קלאָוק־מאַכער קען מען ניט האָבען קיין שטאַרקע קלאָוקמאַכער יוניאָן.

עס זיינען געווען מיינונגען, אַז די צוטיילונג פון די קלאָוקמאַכער אין פאַרשידענע לאָקאַלס האָט נאָך שווערער געמאַכט אויפצו־האַלטען אַ יוניאָן. ענדליך האָט מען זיך צונויפגערעדט, אַז מען מוז אָנשטעלען אַ פעהיגען מענשען פאַר אַ מענעדזשער פון דער יוניאָן. איז אָבער געווען די פראַגע וואו קריגט מען אַזעלכען? האָט מען באַשלאָסען, אַז דער פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל, ב. שלעזינגער, זאָל אָנגעשטעלט ווערען פאַר דעם אַמט און ער זאָל זיך אריבערקלייבען פון שיקאַגאַ אין ניו־יאָרק. די גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאָנאַל איז ניט נאָר געווען איינ־שטימיג מיט דעם, נאָר זי האָט אפילו באַשלאָסען בייצושטייערען אַ פערטעל פון די געצאָלט וואָס שלעזינגער וועט דאַרפען קריגען. אָבער דעם באַשלוס פון דער ניו־יאָרקער קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט מען ניט געקענט דורכפירען, ווייל שלעזינגער האָט ערקלערט, אַז ער קען דעם אַמט ניט אָננעמען, ווייל ער איז פאַרנומען אלס מענעדזשער פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן פון שיקאַגאָ און זיין טערמין וועט זיך ענדיגען אין צען חדשים אַרום.

נאָר ענדליך האָט זיך עס דער ניו־יאָרקער קלאָוקמאַכער יוניאָן דאָך איינגעגעבען צו קריגען שלעזינגער'ן פאַר איר מע־נעדזשער. אין דעם האָט מיטגעהאָלפען די קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין באָסטאָן אין יוני 1904. די קאָנווענשאָן האָט אויסגעדריקט איר וואונש, אַז שלעזינגער זאָל אָננעמען דעם אַמט פון אָרגאַנייזער אין ניו־יאָרק פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן. דערצו איז די קלאָוקמאַכער יוניאָן אין שיקאַגאַ דורך אַ פאַרלאָרענעם סטרייק געווען כמעט איינגאַנצען רואינירט.

אויף דערזעלביגער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל אין באָסטאָן איז פאָרגעקומען אַ שטיקעל איבערקערעניש. די פריהערדיגע באַאַמטע, שלעזינגער און בראָף, פּרעזידענט און סעקרעטאַר־טרעזשורער, זיינען דורכגעפאַלען אין די וואַהלען און עס איז געוועהלט געוואָרען דזשיימס מעקאָלי פון דער ניו־יאָרקער קאַטערס יוניאָן פאַר פּרעזידענט און איינער אַ ברוינשטיין פון באָסטאָן פאַר סעקרעטאַר־טרעזשורער.

די אינטערנעשאָנאַל איז צו דער באָסטאָנער קאָנווענשאָן געקומען אין אַלגעמיין אַן אָפּגעשוואַכטע. דער באַריכט פון פּרעזידענט איז געווען גאָר ניט קיין פרעהליכער. ער האָט מער

דערצעהלט פון פארלוסטען ווי פון געווינסען. די יוניאָנס פון דער וועסט, וועלכע זיינען אויף דער פערטער קאָנווענשאָן געווען שטארק פארטראָטען און וועמענס דעלעגאטען עס האָבען דאָרט געהאט די הויפּט־דעה, זיינען אויף דער פינפטער קאָנווענשאָן אין באָסטאָן געווען גאנץ שוואך פארטראָטען. און דאָס איז אויך געווען די אורזאך, וואָס עס האָט זיך דער ניו־יאָרקער קאטערס יוניאָן דורך אַן אָפּמאך מיט די דעלעגאטען פון דער באָסטאָנער קלאָוקמאכער יוניאָן איינגעגעבען צו געווינען די וואהלען.

דער געשלאָגענער צד האָט אָבער געגען דעם אויסגאנג פון די וואהלען שטארק פּראָטעסטירט, באזונדערס געגען דער וואהל פון נייעם סעקרעטאר־טרעזשורער אויף וועלכען מען האָט גע־זאָגט, אז ער האָט א צווייפעלהאפטע רעפּוטאציע. עס זיינען אפילו געגעבען געוואָרען אָנצוהערענישען וועגען א שפּאלטונג. אָבער סעמיועל גאָמפּערס איז געקומען צו הילף און האָט אויף א ספּעציעלער צונויפגערופענער קאָנפערענץ געמאכט א פּשרה: מעקאָלי זאָל בלייבען פּרעזידענט, אָבער ברוינשטיין זאָל זיך צוריקציהען. אויף ברוינשטיין׳ס פּלאַץ איז באשטימט געוואָרען דזשאהן דייטש, וועלכער איז דעמאָלט געווען איינער פון די פירער פון לאָקאל 23 סקוירט־מאכער יוניאָן.

ב. שלעזינגער איז געקומען אין ניו־יאָרק אין מיטען יאנואר 1905 און ער האָט זיך גלייך גענומען מיט זיין גאנצער ענערגיע אויפבויען די קלאָוקמאכער יוניאָן אין ניו־יאָרק. אָבער עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז די אורזאכען פארוואָס עס איז געווען אזוי שווער צו אָרגאניזירען די ניו־יאָרקער קלאָוק־אינ־דוסטריע זיינען געווען טיפערע ווי דער מאנגעל אין א פעהיגען יוניאָן מענעדזשער אָדער אָרגאנייזער. די קלאָוקמאכער יוניאָן אין ניו־יאָרק איז געבליבען שוואך ווי פריהער. עס איז געקומען אזוי ווייט, אז לאָקאל 1 פון די אפּערייטאָרס האָט פארמאָגט אינגאנצען 300 מיטגלידער, ניט קומענדיג אויף דעם וואָס נייע מיטגלידער האָבען געקענט אריינקומען מיט 1 דאָלאר איינטריט־געלד. לאָקאל 35 פון די פּרעסער האָט געהאט 95 מיטגלידער און לאָקאל 23 פון די סקוירט־מאכער איז געבליבען בלויז ביי עטליכע מיטגלידער, וואָס האָבען ביי זיך ניט געקענט פועל׳ן אויפצוגעבען דעם טשארטער, און האָבען געטאָן אלץ אין זייערע כוחות אים אויפצוהאלטען.

## ניינצענטער קאַפּיטעל

# פאַרוואָס עס איז געווען אַזוי שווער צו אָרגאַניזירען די קלאָוקמאַכער

פאַרוואָס האָט מען ניט געקענט אָרגאַניזירען די קלאָוק־מאכער אין ניו־יאָרק? האָט מען דאָך מיט עטליכע יאָר צוריק זיי יאָ געקענט אָרגאַניזירען און מען האָט געהאט אויפגעבויט א גרויסע יוניאָן.

מען קען זאָגען, אז די צייט, ביי וועלכער מיר האַלטען, איז אין אַלגעמיין ניט געווען קיין גינסטיגע פאַר די יוניאָנס אין אמעריקא. דער קריזיס, וואָס האָט אויסגעבראָכען אין הערבסט פון 1903, הגם ער איז געווען א קורצער האָט ער אָבער דאָך אין דער קורצער צייט, וואָס ער האָט עקזיסטירט, געווירקט, אז די באַלעבאַטים פון די אמעריקאַנער אינדוסטריען זאָלען זיך שטאַרקער צונויפנעמען אין א קאַמף געגען אָרגאַניזירטער אַר־בייט. די יוניאָנס אנשטאַט צו געהן באַרג אַרויף, ווי דאָס איז געווען אין דער צייט פון 1900, האָבען אָנגעפאַנגען געהן באַרג אַראָפּ. די אמעריקען פעדעריישאָן אוו לעיבאָר האָט אָנגעפאַנגען פאַרלירען מיטגלידער און עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אז אין יאָר 1905 האָט זי פאַרלאָרען אַזוי פיל ווי 200 טויזענד פון אירע מיטגלידער. און מיר האָבען שוין פריהער באַמערקט, אז דאָס וואַקסען און פאַלען פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן איז שטענדיג געווען פאַרבונדען מיט דעם וואַקסען און פאַלען פון דער אַלגע־מיינער אַרבייטער־באַוועגונג אין אמעריקא.

אָבער דאָס קען בלויז זיין א טיילווייזער ענטפער אויף דער פראַגע און ניט קיין גאַנצער ענטפער. נאָך די אַלע באַמיהונגען, וואָס עס זיינען געמאַכט געוואָרען צו אָרגאַניזירען די קלאָוקמאַ־כער אין ניו־יאָרק האָבען זיי דאָך געדאַרפט האָבען א גרעסערע און שטאַרקערע יוניאָן לויט זייער צאָל, ווען מען נעמט אפילו אין באַטראַכט די אַלגעמיינע שווערע באַדינגונגען פאַר דער טרעיד

יוניאָן באַוועגונג אין יענער צייט. עס דאַרף באַמערקט ווערען, אַז אין סעפּטעמבער 1904 האָט עס געהאַלטען דערביי, אַז די אינטערנעשאָנאַל זאָל איבערגעבען איר אָפיס אין די הענד פון הערמאַן ראָבינסאָן, אָרגאַנייזער פון דער אמעריקען פעדערייישאַן און לעיבאָר אין ניו־יאָרק, ווייל זי האָט ניט געהאַט די נויטיגע הוצאות ווי קליין זיי זיינען ניט געוועזן. נאָר מען האָט ענדליך ווי עס איז דערשלעפּט ביז צו דער קאָנווענשאָן פון 1905 און אויף איר איז אָנגענומען געוואָרען אַ באַשלוס צו פאַראייניגען זיך מיט דער „יונאַיטעד גאַרמענט וואָירקערס", און מעקאָלי, שלעזינגער און דייטש זיינען באַשטימט געוואָרען דעם באַשלוס דורכצופירען.

די הויפּט־אורזאַכען דאַרף מען דאַכט זיך זוכען אין דעם גרויסען אימיגראַציאָנס־שטראָם אין יענער צייט און אין די ענ־דערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער קלאָוק־אינדוסטריע. די צאָל אימיגראַנטען וואָס זיינען אָנגעקומען אין דער קלאָוק־אינדוסטריע אין די לעצטע עטליכע יאָר פון דעם לעצטען צענדליג פון 19־טען יאָרהונדערט איז געווען אַ זעהר גרויסע. אין 1890 זיינען אין דער קלאָוק און סוט אינדוסטריע פון ניו־יאָרק געווען באַשעפטיגט אַרום 10 טויזענד אַרבייטער און אין 1900 האָט זייער צאָל שוין באַטראָפען 24 טויזענט. און נאָך שנעלער איז זייער צאָל געוואַקסען אין דעם אָנפאַנג פון צוואַנציגסטען יאָר־הונדערט. אין 1910 זיינען שוין אין דער קלאָוק און סוט אינ־דוסטריע פון ניו־יאָרק געווען אַרום 50 טויזענט אַרבייטער. די מייסטע אימיגראַנטען, וואָס זיינען אַריין אין דער קלאָוק־אינ־דוסטריע אין אַזעלכע גרויסע צאָלען, זיינען געקומען פון רוס־לאַנד (ליטע, פּוילען, אוקראַינע, בעסאַראַביע), פון גאַליציע און פון איטאַליע. דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען געווען אַ גאַנץ רויהער מאַטעריאַל פון אַ יוניאָן שטאַנדפּונקט. אַ סך פון זיי האָבען אפילו ניט געוואוסט וואָס אַ יוניאָן איז. פאַר אַ גאַנץ באַדייטענדער צאָל פון זיי איז די אַרבייט ביי קלאָוקס געווען אַ גאַנץ נייע זאַך. זיי האָבען זיך די מלאכה ערשט דאָ אויס־געלערענט, ווי אָפּערייטאָרס און פּרעסער. עס האָט געדאַרפט געדויערען אַ געוויסע צייט ביז זיי זאָלען זיך איינלעבען אין דער אינדוסטריע, אַז זיי זאָלען זיך פילען אַלס קלאָוקמאַכער און קענען פאַראינטערעסירט ווערען אין די פּראָבלעמען פון דעם

קלאָוקמאַכער טרעיד. אַ צווייטער קלענערער טייל פון די אימי־גראַנטען האָט טאַקע פון אָנפאַנג אָן געקענט זיין אַ גוטער מאַ־טעריאַל צו אָרגאַניזירען. דאָס זיינען געווען די, וואָס האָבען געהאַט אַ פאַרבינדונג מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד און האָבען געוואוסט וואָס עס איז אַ יוניאָן און אַז אַרבייטער דאַרפען זיין אָרגאַניזירט אין יוניאָנס. איז אָבער פאַר זיי דער אַמעריקאַנער טרעיד־יוניאָניזם געווען אַן אַנטוישונג; ער איז געווען פאַר זיי צו וואָכעדיג. ער איז געווען גאַנץ אַנדערש ווי די געהיימע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען צו וועלכע זיי האָבען באַלאַנגט אין רוסלאַנד אָדער פון וועלכע זיי האָבען געהערט. זיי זיינען דעריבער די ערשטע צייט געבליבען קאַלט און גלייכ־גילטיג צו די יוניאָנס, וואָס זיי האָבען דאָ געפונען. אויך אויף זיי האָט מען געדאַרפט וואַרטען ביז זיי וועלען זיך איינלעבען אַביסעל אין דער קלאָוק־אינדוסטריע.

און די קלאָוק־אינדוסטריע גופא האָט זיך שטאַרק געענדערט אין דעם משך פון דער צייט. אַ באַריכט פון אַ פעדעראַלער רעגירונגס־קאָמיסיע וועגען אינדוסטריעלע באַציהונגען (יונאַיטעד סטייטס קאָמישאָן אָן אינדאָסטריעל רילײשאָנס) דערצעהלט אין 1900, אַז מיט צען יאָר פריהער, עס הייסט אין 1890, פלעגען 90 פּראָצענט פון די קלאָוקס און סוטס אין ניו־יאָרק געמאַכט ווערען פון קאָנטראַקטאָרס, וועלכע האָבען געאַרבייט פאַר אַ קליינער צאָל גרויסע מאַנופעקטשורערס. איצט אָבער, אין יאָר 1900, ווערען בלויז 25 פּראָצענט פון די קלאָוקס און סוטס גע־מאַכט אין שעפּער פון קאָנטראַקטאָרס. דעם פּלאַץ פון די קאָנ־טראַקטאָרס האָבען פאַרנומען קליינע מאַנופעקטשורערס.

די קליינע מאַנופעקטשורערס האָבען אויסגענוצט אַלע מיט־לען צו קאָנקורירען מיט די גרויסע, און עס פאַרשטעהט זיך, אַז ביליגע אַרבייט און לאַנגע אַרבייטס־שטונדען איז דער בעסטער מיטעל פאַר דעם צוועק. פאַר דער יוניאָן אָבער איז אָט געגען די קליינע מאַנופעקטשורערס, וואָס זייער צאָל איז געוואָרען אַזאַ גרויסע, געווען שווערער צו קעמפען ווי געגען די פריהערדיגע קאָנטראַקטאָרס. ווארום דער קאַמף אין די שעפּער פון די קאָנ־טראַקטאָרס איז דאָך אין דער אמת געווען אַ קאַמף געגען דעם גרויסען מאַנופעקטשורער. און עס פלעגט טאַקע אויך טרעפען, אַז די קלאָוקמאַכער פלעגען אַמאָל קריגען אין זייער קאַמף די

קאָנטראַקטאָרס אויף זייער זייט. דער קאַמף פון דער יוניאָן איז אָבער געוואָרען זעהר שווער, ווען עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען פאַרמערען אין אַזאַ גרויסער מאָס די קליינע מאַנופעקשורערס וועלכע האָבען ביסלעכווייז אַרויסקאָנקורירט מאַנכע פון די גרויסע.

די יוניאָן האָט געטאָן אַלץ וואָס איז מעגליך צו אָרגאַניזירען די קלאָוקמאַכער. זי האָט אויספּראָבירט אַלע מעטאָדען און אַלע מיטלען. זי האָט אפילו זיך אָפּגעזאָגט צו רופען סטרייקס ביז זי וועט ווערען גרויס און שטאַרק. אָבער אַ יוניאָן קען אויף זיך ניט נעמען קיין נדר, אַז זי וועט ניט רופען קיין סטרייקס, ווייל זי קען אַריינגעצווינגען ווערען אין אַ סטרייק געגען איר ווילען. אַזאַ פּאַל איז, למשל, געוועזען צום סוף פון יאָר 1904, ווען די קלאָוקס-פירמע ברידי האָט אָפּגעזאָגט פון דער אַרבייט זעקס און צוואַנציג אָפּערייטאָרס און האָט זיי אפילו ניט אַרויפ־געלאָזען צוריק אין שאָפּ צו נעמען זייערע געצייג, אויס מורא, אַז מיט זייערע געצייג וועלען זיי אויך מיטנעמען די געבליבענע אַרבייטער אין שאָפּ. די יוניאָן האָט דאָ ניט געקענט זיך האַלטען ביי איר באַשלוס ניט צו רופען קיין סטרייק. דאָס איינציגע, וואָס זי האָט געקענט טאָן איז געווען רופען אַ סטרייק, און די אַרבייטער האָבען געפאָלגט, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס זיי זיינען ניט געווען קיין מיטגלידער פון דער יוניאָן. זיי זיינען אַלע, אַחוץ די פּרעסער און די קאַטערס, אַראָפּ אין סטרייק. און אַביסעל שפּעטער, ווען שלעזינגער איז געקומען אין ניו־יאָרק און האָט איבערגענומען זיין אַמט אַלס מענעדזשער פון דער יוניאָן האָט זיך אים אויך איינגעגעבען אַראָפּצונעמען די קאַטערס פון דער פירמע אין סטרייק. דאָס איז געווען אַ וויכ־טיגע פּאַסירונג, אַז די קאַטערס יוניאָן זאָל אַרויסרופען אירע מיטגלידער אין אַ סימפּאַטיע סטרייק צו העלפען די אָפּערייטאָרס.

עס איז געווען אַ לאַנגער סטרייק און ער האָט אָפּגעקאָסט אַ סך געלד, אָבער מען האָט אים דאָך פאַרלאָרען. אין יענעם סטרייק האָט די יוניאָן אויך פאַרלאָרען איינעם פון אירע איבער־געבענסטע מיטגלידער, פּרץ גאָלדשטיין. ער האָט זיך פאַרקילט ביים פּיקעטען די שעפּער און ער האָט געקראָגען אַ לונגען־ענט־צינדונג, פון וועלכער ער איז געשטאָרבען. און אָט אַזוי זיינען

געווען אַנדערע פּאַלען וואו די יוניאָן איז אַריינגעצויגען גע־וואָרען אין סטרייקס געגען איר אייגענעם ווילען.

די פירער פון דער יוניאָן האָבען אויסגעצייכענט פאַרשטאַ־נען, אַז כדי צו קענען אָרגאַניזירען די קלאָוק־אינדוסטריע מוז מען פריהער אָנפירען אַן ערציהונגס־ארבייט צווישען די קלאָוק־מאַכער; זיי אַגיטירען, אויפקלערען, באַשאַפען צווישען זיי אַ יוניאָן־סענטימענט און אַנטוויקלען אין זיי אַן אָרגאַניזאַציאָנס־געפיל. די יוניאָן האָט עס מיט אירע באַשרענקטע מיטלען אויך געטאָן, אָבער עס האָט געדאַרפט דויערען ביז די אַרבייט וועט ברייגגען די געווינשטע רעזולטאַטען.

נאָר עס איז געווען שווער צו וואַרטען אויף די רעזולטאַטען. די געפאַר איז געווען, אַז ביז מען וועט דערלעבען די נחמה וועט אַרויס די נשמה.

די קלאָוקמאַכער יוניאָן אַליין האָט זיך נאָך ווי עס איז געקענט האַלטען, אָבער די אינטערנעשאָנאַל האָט גע׳גוסס׳ט. עס איז געווען צו זאָגען, אַז אין דעם יאָר צווישען דער קאָנווענ־שאָן פון 1905 און 1906 האָט די אינטערנעשאָנאַל אַריינגענומען בלויז זיבעצען הונדערט מיט 49 דאָלאַר פער קעפּיטאַ שטייער. נאָר ניט קוקענדיג אויף דעם האָבען די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאָנאַל דורך אַ רעפערענדום אָפּשטימונג אָפּגעוואָרפען דעם באַשלוס פון דער קאָנווענשאָן פון 1905 זיך צו פאַראייניגען מיט דער יונאַיטעד גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן. זיי האָבען באַ־שלאָסען, אַז די אינטערנעשאָנאַל טאָר ניט שטאַרבען, אָבער זיי האָבען איר ניט געגעבען מיט וואָס צו לעבען.

## צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

# די געבורט פון דער ריפּער מאַכער יוניאָן

אין דעם זומער פון 1905 האָט זיך באוויזען א גוטע האָפ־נונג אז עס וועט זיך ענדליך דאָך איינגעבען צו אָרגאַניזירען די ניו־יאָרקער קלאָוקמאַכער. די האָפנונג איז געקומען פון דעם ערפאָלגרייכען סטרייק פון די ריפּער־מאַכער און דורך וועלכען עס האָט זיך איינגעגעבען זיי צו אָרגאַניזירען אין א שטאַרקער יוניאָן.

די ריפּער־מאַכער זיינען דעמאָלט כמעט אַלע באַשטאַנען פון א פרישען אימיגראַנטישען עלעמענט, פון גאַנץ „גרינע", און אויב זיי האָבען געקענט דורכפירען אַן ערפאָלגרייכען סטרייק און זיך אָרגאַניזירען, דאַרף מען האָפען, אז די קלאָוקמאַכער וועלען זיך פון זיי לערנען און זיי נאָכטאָן. איז דאָך אויך דער ריפּער־מאַכער אַן אָפּערייטאָר, נישט מער ער אַרבייט ביי קליינע מאַנטעלעך אנשטאָט ביי גרויסע, אָבער עס איז דאָך דיזעלביגע נייה־מאַשין, דיזעלביגע עקספּלואַטאַציע און דיזעלביגע אַלגעמיינע אַרבייטער־צרות.

דער סטרייק פון די ריפּער־מאַכער האָט אויסגעבראָכען אין יוני 1905. ער האָט זיך אָנגעפאַנגען פון דער גרעסטער פירמע אין יענער צייט, ווינשטיין בראָדהערס. די קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט דעם סטרייק ניט גערופען, נאָר די אַרבייטער אַליין, וועלכע האָבען ניט באַלאַנגט צו קיין יוניאָן, האָבען זיך צונויפגערעדט און זיינען אַרויס אין סטרייק. זייער צאָל איז געווען אַרום א פּאָר הונדערט.

די אַרבייטס־באַדינגונגען אין די ריפּער שעפּער זיינען גע־ווען שרעקליכע. דער אַרבייטס־טאָג פלעגט זיך געוועהנליך אָנ־פאַנגען זעקס א זייגער אין דער פריה און פלעגט זיך ענדיגען 9 אזייגער אין דער נאַכט, אמאָל נאָך שפּעטער. די אָפּעריי־טאָרס האָבען געמוזט האָבען זייערע אייגענע מאַשינען און זיי־

ערע פאַרדינסטען פלעגען העכסטענס דערגרייכען צוועלף דאָלאַר אַ וואָך און אָפט דאָס אויך ניט. אַפּזאָגען אַן ארבייטער האָט דער באַלעבאָס געקענט ווען ער האָט געוואָלט. די ריפער־מאַכער האָבען ענדליך איינמאָל רעוואָלטירט אָט געגען דער שענדליכער עקספּלואַטאַציע און הפקר צושטאַנד.

די פאַרדינסטען פון די ריפער־מאַכער זיינען געווען אַזוי קליין און זייערע ארבייטס־באַדינגונגען זיינען געווען אַזוי שווער, אַז ווען זיי זיינען אַרויס אין סטרייק ביי דער דערמאָנטער פירמע האָט זי ניט געקענט קריגען קיין סטרייק־ברעכער. עס האָט זיך פּשוט פאַר סטרייק־ברעכער ניט געלוינט צו געהן ארבייטען אויף אַזעלכע קלעגליכע באַדינגונגען. די פירמע האָט דעריבער נאָך אַ פּאָר וואָכען פון סטרייק זיך געפילט געצוואונגען אָנצופאַנגען פאַרהאַנדלונגען מיט די סטרייקער און נאָכצוגעבען זייערע פאָ־דערונגען, אָבער זי האָט געשטעלט אַ באַדינגונג, אַז אַלע אַנדערע שעפּער, וואו עס ווערען געמאַכט דיזעלביגע ארבייט, וואָס ביי איר, זאָלען אַרויסגערופען ווערען אין אַ סטרייק און זיי זאָלען נאָכגעבען דיזעלביגע ארבייטס־באַדינגונגען.

די סטרייקערס האָבען די באַדינגונג אָנגענומען און עס האָט זיך זיי איינגעגעבען אַרויסצורופען אַן אַלגעמיינעם סטרייק פון די ריפער־מאַכער. אין אַ קורצער צייט האָבען זעכציג מאַ־נופעקטשורערס אונטערגעשריבען אַן אָפּמאַך מיט זייערע אַר־בייטער.

ווען דער סטרייק איז געוואָרען אַן אַלגעמיינער האָבען די ריפער־מאַכער זיך געווענדעט צו דער קלאָוקמאַכער יוניאָן, אַז זי זאָל זיי העלפען אין זייער קאַמף און זאָל זיי אַריינגעמען אַלס מיטגלידער. האָט זיך אָבער פאַר דעם דזשאָינט באָארד פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן געשטעלט די פראַגע אויף וועלכען אופן די ריפער־מאַכער זאָלען אָרגאַניזירט ווערען. די קלאָוקמאַכער יוניאָן איז שוין דעמאָלט באַשטאַנען פון באַזונדערע פאַך־לאָקאַלס — אָפּערייטאָרס, פינישערס, פרעסערס, און סקוירט־מאַכער. ביי די ריפער־מאַכער אָבער זיינען די אָפּערייטאָרס, די פינישערס און פרעסערס געווען אין איין אָרגאַניזאַציע, ווייל זייער אָרגאַניזאַ־ציע איז געשאַפען געוואָרען דורכ'ן סטרייק אין וועלכען זיי אַלע האָבען געקעמפט צוזאַמען. דער דזשאָינט באָארד פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן איז דעריבער נאָך אַ לענגערער איבערלייגונג

געקומען צו דעם באשלוס, אז עס וועט זיין בעסער פאר די ריפער־מאכער ווען מען וועט זיי האלטען צוזאמען און ניט זיי צוטיילען צווישען די עקזיסטירענדע קלאָוקמאכער לאָקאלס. דער דזשאָינט באָארד האָט דעריבער געראטען דער אינטערנעשאָנאל, אז די ריפער־מאכער זאָלען אָרגאניזירט ווערען אין אן אינ־דוסטריעלער יוניאָן, עס הייסט אלע פאכען צוזאמען, און די נייע אָרגאניזאציע זאָל ווערען א טייל פון קלאָוק דזשאָינט באָארד. די אינטערנעשאָנאל האָט איינגעשטימט און האָט דער נייער יוניאָן געגעבען א טשארטער אלס לאָקאל 17.

אָט די ניי־געגרינדעטע ריפער־מאכער יוניאָן איז אין די שפּעטערדיגע יאָרען געוואָרען א קוואל פון שטרייטיגקייטען, יוריסדיקציע פראגען און בייז בלוט אין דער אינטערנעשאָנאל און באזונדערס וואָס איז שייך צו לאָקאל 1. עס האָט זיך אנט־וויקעלט די באקאנטע פראגע פון לאָקאל 1 און לאָקאל 17, וואָס האָט געשפּילט א באזונדערס וויכטיגע ראָלע אין דער געשיכטע פון דער קלאָוקמאכער יוניאָן און אין דעם לעבען פון לאָקאל 1. נאָר ווענען דעם אין א באזונדערען קאפּיטעל.

דער גרויסער ערפאָלג פון די ריפער־מאכער האָט, ווי שוין פריהער באמערקט, ארייננגעגעבען האָפנונג ביי די פירער פון דער קלאָוקמאכער יוניאָן, אז די קלאָוקמאכער וועלען זיך נעמען א גוטען ביישפּיל און וועלען אויך טאָן דאָסזעלביגע, און עס האָט אויך אָנפאנגס אויסגעוויזען, אז די האָפנונג האלט ביים פאר־ווירקליכט ווערען. עס האָט זיך עפּעס יאָ אָנגעפאנגען רודערען ביי די קלאָוקמאכער און עס זיינען אָרגאניזירט געוואָרען א גע־וויסע צאָל שעפער, אָבער עס האָט ניט לאנג געדויערט און די האָפנונג איז אויסגערונען געוואָרען.

אב. ראָזענבערג אין זיינע „עראינערונגען" דענקט, אז די באאמטע פון דזשאָינט באָארד האָבען פארנאכלעסיגט אויסצו־נוצען די געלעגענהייט. דער מענעדזשער שלעזינגער און די דריי ביזנעס אגענטען פון דער קלאָוקמאכער יוניאָן זיינען געווען אינ־גאנצען פארנומען מיט די ריפער־מאכער און מיט די קלאָוקמאכער האָבען זיי זיך ווייניג אָפּגעגעבען. די ריפער־מאכער זיינען ביי שלעזינגער'ן געווען א לעבעדיגער פאקט, בעת די קלאָוקמאכער זיינען געווען בלויז א ספּעקולאציע. די ריפער־מאכער האָבען געהאט א גוט־אָרגאניזירטע יוניאָן, וואָס האָט קאָנטראָלירט דעם

טרעיד, בעת די קלאוקמאכער האט מען ערשט געדארפט ארגא־ניזירען און דערביי שטארק צווייפלען, אויב עס וועט זיך איינ־געבען. דעריבער דארף מען בעסער קאנצענטרירען די כוחות אויפצוהאלטען דאס וואס עס איז פאראן, וואס עקזיסטירט.

נאר ווי די זאך זאל ניט זיין, די גרויסע מאסען קלאוק־מאכער זיינען געבליבען ווי פריהער ניט ארגאניזירט.

דער ערפאלג פון די ריפער־מאכער האט יא געהאט א שטיקעל ווירקונג אויף די סקוירט־מאכער, וועמענס לאקאל איז געווען דער שוואכסטער, און דעם קלאוקמאכער דזשאינט באארד. עס פלעגט אפט פארקומען ווען די גאנצע יוניאן פלעגט באשטעהן קוים פון א מנין מיטגלידער. דער ערפאלג פון די ריפער־מאכער האט אבער געווירקט, אז אין דער סקוירט־מאכער יוניאן האבען אנגעפאנגען אריינקומען נייע מיטגלידער. נאר באלד איז די יוניאן אריינגעצויגען געווארען אין א סטרייק ביי דער פירמע באנוויט, וואס האט אפגעקאסט דער יוניאן א סך געלד, אבער נאכדעם ווי דער סטרייק איז טיילווייז געוואונען געווארען און די ארבייטער האבען זיך צוריקגעקערט צו דער ארבייט האט זיך מער קיינער פון זיי ניט געוויזען אין דער יוניאן.

### איין־און־צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

## די באַוועגונג פאַר אינדוסטריאַל יוניאָניזם און די קלאָוקמאַכער

צו די אַלע שוועריגקייטען צו פאַרגרעסערען און פאַרשטאַרקערען די קלאָוקמאַכער יוניאָן איז צוגעקומען אַ גאַנץ נייע שוועריגקייט — די באַוועגונג פון די „אינדאָסטריאַל וואָירקערס אָוו דהי וואָירלד“, אָדער ווי מען האָט זיי גערופען קורץ: „אַי דאָבל־יו דאָבל־יו“, די באַוועגונג וואָס איז אַרויסגעטראָטען פאַר אָרגאַניזירען די אַרבייטער אין אינדוסטריעלע יוניאָנס און געגען פאַך־יוניאָנס.

די באַוועגונג איז געוועזן אַן אויפשטאַנד געגען דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לעיבאָר, וועלכע די אַי דאָבליו, אָדער ריכטיגער, דעניעל דע ליאָן, האָט אַ נאָמען געגעבען „אַמעריקען פייקערײשאָן אָוו לעיבאָר“.

אייגענטליך איז עס ניט געוועזן קיין נייע באַוועגונג, נאָר אַ באַנייטע. דע־ליאָן און אונטער זיין ווירקונג די סאָציאַליסטישע אַרבייטער־פּאַרטיי (ס. ל. פּ.) האָבען שוין לאַנג אַגיטירט פאַר אינדוסטריעלע יוניאָנס און אויך זיי פּראָבירט אָרגאַניזירען. אָבער זיי האָבען געהאַט וועניג ערפאָלג. די באַוועגונג אין אַ ביסעל געענדערטער פאָרם האָט געקראָגען אימפּעט ערשט אין 1905, ווען פאַרטרעטער פון פאַרשידענע אינדוסטריעלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבען אויסגעדריקט פאַרשידענע ריכטונגען, זיינען זיך צונויפגעקומען און האָבען זיך געאייניגט אויף אַ געמיינשאַפטליכע פּראָגראַם, וואָס איר יסוד איז געוועזן די אָפּשאַפונג פון קאַפּיטאַליזם דורך קלאַסען־קאַמף מיט דער הילף פון אינדוסטריעלע יוניאָנס.

די אידעע אַז די אַרבייטער זאָלען אָרגאַניזירט ווערען אין אינדוסטריעלע יוניאָנס און ניט אין פאַך־יוניאָנס האָט געפונען אין יענער צייט אַ סך אָנהענגער צווישען די קלאָוקמאַכער. דער

אידישער אימיגראַנטען־שטראָם, וואָס האָט זיך דעמאָלט געגאָסען פון רוסלאַנד, האָט שוין אין זיך געהאַט אַ סך בונדיסטען און אויך מיטגלידער פון אַנדערע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, וועלכע האָבען פון קיין אַנדער יוניאָניזם ווי דעם אינדוסטריעלען ניט געוואוסט. פאַר זיי איז אָנפאַנגס גאָר געווען שווער צו באַגרייפען, אַז אין איין אינדוסטריע זאָלען די אַרבייטער זיין צוטיילט אין פאַרשידענע יוניאָנס. און באַזונדערס האָבען זיי ניט געקענט פאַרשטעהן ווי אַזוי דאָס קען דערלאָזט ווערען, אַז ווען די אַרבייטער פון איין טייל פון דער אינדוסטריע סטרייקט זאָלען די אַנדערע אַרבייטען. און אויך די אַרבייטער־אימיגראַנטען וואָס זיינען געקומען פון איטאַליען האָבען ניט געוואוסט פון קיין אַנדערע יוניאָנס ווי אינדוסטריעלע.

באַזונדערס האָט דער אינדוסטריעלער יוניאָניזם שטאַרק אַפּעלירט מיט דעם, וואָס ער האָט אונטערגעשטראָכען שאַרפער דעם קלאַסען־קאַמף און איז געווען מער אין איינקלאַנג מיט סאָציאַליזם.

דער אינדוסטריעלער יוניאָניזם איז צווישען די אידישע אַרבייטער שטאַרק אַגיטירט געוואָרען פון דער וועכענטליכער צייטונג „אַרבייטער“, וואָס איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אין ניו־יאָרק פון דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער־פּאַרטיי (ס. ל. פּ.) אונטער דער רעדאַקציע פון י. שלאָסבערג און דוד פּינסקי. דער „אַרבייטער“ האָט אין אַ שאַרפער שפּראַך אָנגעפירט אַ קאַמף געגען דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (ס. פּ.), געגען דעם „פאָרווערטס“ און געגען די יוניאָנס, וואָס זיינען געשטאַנען אונטער זייער איינפלוס. די קלאָוקמאַכער יוניאָן איז געווען איינע פון זיי. נאָר אַנשטאָט וואָס פריהער האָט דער „אַרבייטער“ אַגיטירט פאַר אָפּאָזיציע יוניאָנס פון דער „סאָושעליסט טרעיד און לעיבאָר אַלאַיענס“ האָט ער שפּעטער, ווען אָט די אָרגאַניזאַציע האָט זיך אין 1905 פאַראייניגט מיט דער אַי דאָבל־יו דאָבל־יו געפירט אַן אַגיטאַציע פאַר אָפּאָזיציע יוניאָנס פון דער אַי דאָבל־יו דאָבל־יו.

די באַוועגונג פון די אינדאָסטריעל וואָירקערס אָוו דהי וואָירלד, וואָס האָט אין אירע רייהען אויך געהאַט אַ סך טעטיגע און פירענדע מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, איז אָנפאַנגס געווען גאַנץ ערפאָלגרייך. זי האָט געפונען אָנהענגער איבער׳ן גאַנצען לאַנד און ניט בלויז צווישען די אַמעריקאַנער

ארבייטער. דער רוף פון דער אי דאָבל־יו דאָבל־יו „איין גרויסע יוניאָן" האָט געהאט א שטארקע צוציהונגס־קראפט און זי האָט געהאט א סך באגייסטערטע, ענערגישע און איבערגעגעבענע טוער.

צווישען די ניו־יאָרקער קלאָוקמאכער האָט די אי דאָבל־יו דאָבל־יו געהאט איר גרעסטען ערפאָלג ביי די פינישער און שניי־דער, צווישען וועלכע ס. לעפקאָוויץ איז געווען שטארק טעטיג. ער איז געווען דער פּרעזידענט פון דער גארמענט וואָירקערס יוניאָן לאָקאל 61 פון דער אי דאָבל־יו דאָבל־יו. זי איז אויך געווען ערפאָלגרייך צווישען די פרעסערס, וואו מאָריס זיגמאן איז געווען טעטיג. ער האָט אָנפאנגס 1903 געהאט אָרגאניזירט אן אונאָפּהענגיגע פרעסערס יוניאָן. שפּעטער, אין 1904, איז זיין יוניאָן צוגעשטאנען צו דער „סאָושעליסט טרעיד און לעיבאָר אלאיענס" און אין 1905 צו די „אינדאָסטריעל וואָירקערס אוו דהי וואָירלד".

ווייניג ערפאָלג האָט די אי דאָבל־יו דאָבל־יו געהאט ביי די אָפּערייטאָרס.

די אָפּערייטאָרס האָבען גראד ניט לאנג צוריק געפירט א קאמף, אז זייער אָרגאניזאציע זאָל האָבען מער זעלבסטשטענ־דיגקייט. די קלאָוקמאכער יוניאָן איז אָנפאנגס געווען א פול־שטענדיגע אינדוסטריעלע יוניאָן. זי איז עס נאָך אזוי געווען ביז דער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאל אין 1903, ווען די קלאָוקמאכער זיינען געווען אָרגאניזירט אין דער „יונאיטעד בראָדערהוד". די אָפּערייטאָרס האָבען אָבער געגלויבט, אז זיי ליידען פון דער אינדוסטריעלער פאָרם פון אָרגאניזאציע, וועלכע האָט עקזיסטירט אין דער „יונאיטעד בראָדערהוד". זיי האָבען געזאָגט, אז די פינישער און די פּרעסער איז שווערער צו אָרגא־ניזירען און דעריבער פאלט ניט נאָר די הויפּט לאסט פון דער יוניאָן אויף די פּלייצעס פון די אָפּערייטאָרס, נאָר עס איז פאר זיי אויך שווערער אויסצוקעמפען פארבעסערונגען, ווייל ניט קו־קענדיג אויף דעם, וואָס די פינישער און די פּרעסער ווילען ניט באלאנגען צו דער יוניאָן, קומען זיי אָבער דאָך יעדעס מאָל פאָ־דערען א חלק, ווען די אָפּערייטאָרס פירען דורך אן ערפאָלגרייכען קאמף. די אָפּערייטאָרס האָבען פון דער קאָנווענשאָן געפאָדערט ניט בלויז א טשארטער פון א באזונדערען לאָקאל, נאָר אויך דאָס רעכט צו רופען סטרייקס און צו שליסען אָפּמאכען. און זיי זיינען

אוועק פון דער קאָנווענשאָן שטאַרק אונצופרידען, ווען זיי האָבען געקראָגען בלויז זייער פאָדערונג פאַר אַ טשאַרטער פון אַ באַזונדערען לאָקאַל, אָבער ניט זייערע איבעריגע פאָדערונגען, וועגען רופען און שליכטען סטרייקס. און עס איז נאָך געווען פריש אין דעם זכרון פון די אפּערייטאָרס דער קאַמף, וואָס זיי האָבען געפירט נאָך דער קאָנווענשאָן פאַר מער זעלבסטשטענדיגקייט. עס איז דעריבער געווען נאַטירלאַך, אַז די אַי דאַבל־יו דאַבל־יו זאָל ניט האָבען קיין גרויסען ערפאָלג צווישען די אפּערייטאָרס.

די גרונד־פּרינציפּען פון די אַי דאַבל־יו דאַבל־יו זיינען צום גרעסטען טייל אייגענטליך געווען אנערקענט פון דער ניו־יאָרקער קלאָוקמאַכער יוניאָן און פון דער אינטערנעשאָנאַל אין אַלגעמיין. איר פּרינציפּ פון קלאַסען־קאַמף, דורך וועלכען עס דאַרף אָפּגעשאַפט ווערען די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט, איז געווען פולשטענדיג אנערקענט. די אינטערנעשאָנאַל איז אויף אירע קאָנווענשאָנס קלאָר און אָפען אַרויסגעטראָטען פאַר סאָציאַליזם און פאַר דעם זעלבסטשטענדיגען פּאָליטישען קאַמף פון די אַרבייטער. אויף דער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל פון 1902 האָבען די דעלעגאַטען ניט דערלאָזען, אַז אַן אַסעמבלימאַן, וואָס איז ניט געווען קיין סאָציאַליסט, זאָל האַלטען אַ רעדע, און עס איז אויף דערזעלביגער קאָנווענשאָן אָנגענומען געוואָרען אַן אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטוציע פון דער אינטערנעשאָנאַל, אַז קיינער וואָס האָט אַ פּאָליטישען אַמט אין אַ קאַפּיטאַליסטישער פּאַרטיי זאָל ניט ערלויבט ווערען צו האַלטען באַגריסונגס־רעדעס אויף די קאָנווענשאָנס פון דער אינטערנעשאָנאַל, סאַידען צוויי־דריטעל שטימען פון דער קאָנווענשאָן וועט זיין דערפאַר. אויף דער קאָנווענשאָן פון 1903 איז אָנגענומען געוואָרען אַ רעזאָלוציע פון ב. שלעזינגער צו באַגריסען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און צו רעקאָמענדירען צו די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאָנאַל, אַז זיי זאָלען שטודירען די סאָציאַליסטישע באַוועגונג. אויף דער קאָנווענשאָן פון 1904 איז אָנגענומען געוואָרען אַן אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטוציע, וואָס ערלויבט צו דיסקוטירען די פראַגע פון סאָציאַליזם אויף די קאָנווענשאָנס פון דער אינטערנעשאָנאַל. אמת, ניט אַלע מאָל זיינען די הויפּט־באַאמטע פון דער אינטערנעשאָנאַל געווען סאָציאַליסטען. די אַדמיניסטראַציע פון מעקאָלי און דייטש און שפּעטער פון גראָסמאַן און דייטש

איז ניט געווען קיין סאָציאַליסטישע, אָבער דאָס האָט דעמאָלט ניט געענדערט דעם סאָציאַליסטישען כאַראַקטער פון דער אינ־טערנעשאָנאַל. איר קאָנסטיטוציע איז ניט געענדערט געוואָרען און די לאָקאַלס, פון וועלכע זי איז באַשטאַנען, זיינען מייסטענס געווען אויסגעשפּראָכען סאָציאַליסטיש. די אינטערנעשאָנאַל איז אויך ניט געווען אויסגעשפּראָכען געגען אינדוסטריעלען יוניאָניזם. זי איז אָבער ניט געווען געגען פאַך־יוניאָנס און איר אָרגאַניזאַציע איז אַלע מאָל געווען אַ מין קאָמפּראָמיס צווישען אינדוסטריעלען יוניאָניזם און פאַך־יוניאָניזם.

אָבער די אַי דאָבל־יו דאָבל־יו האָט פון קיין קאָמפּראָמיסען ניט געוואָלט וויסען. און דערצו האָט די אינטערנעשאָנאַל באַלאַנגט צו דער אַמעריקען פעדעריישאָן אוו לעיבאָר, געגען וועלכער דער הויפּט־קאַמף פון די אַי דאָבל־יו דאָבל־יו איז געפירט געוואָרען. און אין אָט דעם קאַמף איז די אינטערנעשאָנאַל גאַנץ באַזונדערס שווער געטראָפען געוואָרען.

אַז די קלאָוקמאַכער יוניאָן אין ניו־יאָרק האָט אין דער צייט, וואָס די אַי דאָבל־יו דאָבל־יו איז געווען אַקטיוו, ניט געקענט פּראָגרעסירען איז איבעריג צו זאָגען. אנשטאָט צו קעמפען מיט די באַלעבאַטים האָט מען געקעמפט צווישען זיך. די באַלעבאַטים האָבען אויסגעצייכענט פאַרשטאַנען אויסצונוצען דעם ברודער־קאַמף פאַר זייערע אייגענע נוצען. זיי האָבען ביי יעדער געלעגענהייט געסטראַשעט איין יוניאָן מיט דער צווייטער און האָבען אויף אַזאַ אופן די אַרבייטס־באַדינגונגען און די פאַרדינסטען פון זייערע אַרבייטער נאָך ערגער געמאַכט, ווי פריהער.

די ווירקונג פון די אינדאָסטריעל וואָירקערס אוו דהי וואָירלד איז שפּעטער אָפּגעשוואַכט געוואָרען; עס האָבען זיך אָנגע־פאַנגען שטרייטיגקייטען אין זייערע רייהען און זיי האָבען זיך צושפּאָלטען אין דריי פראַקציעס, וועלכע האָבען איינע די אַנדערע באַקעמפט.

אָבער די אַי דאָבל־יו דאָבל־יו באַוועגונג האָט דאָך אין ענד־רעזולטאַט געבראַכט געוויסע נוצען פאַר דער טרעיד יוניאָן באַ־וועגונג אין אַמעריקאַ און באַזונדערס צווישען די אימיגראַנטישע אַרבייטער. זי האָט אין אַ גרויסער מאָס אויפגעוועקט אינטערעס צו אָרגאַניזאַציע אין פאַרשידענע טיילען פון די אַרבייטער, וואָס זיינען פריהער געווען גאַנץ גלייכגילטיג צו דער אַרבייטער־באַ־

װעגונג. אין דעם פּרט האָט די אַי דאַבל־יו דאַבל־יו באַוועגונג אין ענד־רעזולטאַט אויך געבראַכט געוויסע נוצען פאַר די קלאָוק־מאַכער. דער סטרייק וואָס די אַי דאַבל־יו דאַבל־יו, אָדער „אינ־דאַסטריאַלניקעס", ווי מען פלעגט זיי רופען, האָבען אָנגעפירט ביי דער פירמע בעלער און קאָמפּאַניע איז געבליבען היסטאָריש ביי די קלאָוקמאַכער. ער האָט זיך אָנגעפאַנגען דעם 26־טען דע־צעמבער 1906 און האָט אָנגעהאַלטען עטליכע חדשים. ער איז געפירט געוואָרען מיט אַזוי פיל אויפאָפּפערונג, אַז ער האָט אַרויס־גערופען די גרעסטע באַוואונדערונג. דער סטרייק איז אויפגע־געבען געוואָרען בלויז נאָכדעם ווי די פירמע האָט געקראָגען אַן אינדזשאָנקשאָן געגען די סטרייקערס. די פירער פון סטרייק זיינען געווען לעפקאָוויץ און זיגמאַן. דער ערשטער איז געווען דער פּרעזידענט פון דער אינדוסטריעלער יוניאָן לאָקאַל 61 און זיגמאַן איז געווען דער טשערמאַן פון דער פּיקעט קאָמיטע. די „אינדאַסטריאַלניקעס" האָבען אויך אין פרילינג פון 1907 אַרויס־גערופען אַ סטרייק פון די ווהאַיט גודס אַרבייטער, וואָס האָט געדויערט צוועלף וואָכען.

די אַי דאַבל־יו דאַבל־יו באַוועגונג האָט פון איין זייט צו־שטערט אַ סך וואָס איז פריהער מיט אַ סך מיה אויפגעבויט גע־וואָרען, אָבער פון דער אַנדערער זייט האָט זי אויפגערודערט אַ גרויסען טייל פון די גלייכגילטיגע און אָפּהענטיגע אַרבייטער און האָט זיי געמאַכט מער קאַמפּסמוטיג און קאַמפּספעהיג און צוגע־גרייט אַ קעמפענדען עלעמענט, וואָס איז שפּעטער געוואָרען זעהר ניצליך אין דעם אויפבוי און אין דעם קאַמף פון דער קלאָוקמאַ־כער יוניאָן.

צוויי־און־צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

# אויפגעוואַכטע און צוריק פאַרלאָרענע האָפנונגען

ווען די אָפּאָזיציאָנס יוניאָן, וואָס די „אינדאָסטריעל וואָרקערס אוו דהי וואָירלד" האָבען באַשאַפען צווישען די קלאָוק־מאַכער, איז אַזוי גוט ווי אָפּגעשטאָרבען, האָבען זיך באַוויזען נייע האָפנונגען צו אָרגאַניזירען די קלאָוק־אינדוסטריע. מערערע פון די אַנטוישטע „אינדאָסטריאַלניקעס" האָבען זיך אומגעקערט צוריק צו זייער פריהערדיגער יוניאָן. עס זיינען אויך צוגעקומען אַביסעל נייע מיטגלידער. לאָקאַל 1, וועלכער איז ווייניג אָנגע־רירט געוואָרען פון דער אי דאָבל־יו דאָבל־יו, האָט גאַנץ באַ־דייטענד פאַרגרעסערט זיין צאָל מיטגלידער, און די אָפּערייטאָרס זיינען געווען די גאַנצע צייט דער רוקענביין פון דער קלאָוק־מאַכער יוניאָן.

דערביי איז אויך דורכגעפירט געוואָרען פון דעם דזשאָינט באָארד פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן אַן ערפאָלגרייכער סטרייק פון די ריפער־מאַכער.

די יוניאָן האָט געפאָדערט, אַז עס זאָל אָפּגעשאַפט ווערען סעקשאָן אַרבייט ביי די אָפּערייטאָרס, און די קאָנטראַקט סיס־טעם ביי די פּרעסערס; אַז די באַלעבאַטים זאָלען געבען די אָפּערייטאָרס מאַשינען, און אַלץ וואָס עס באַלאַנגט צו די מאַ־שינען, און אַז נאָר מיטגלידער פון דער יוניאָן זאָלען באַשעפטיגט ווערען.

די ריפער מאַנופעקטשורערס זיינען אָבער געווען אָרגאַני־זירט אין אַן אַסאָסיאיישאָן, אין וועלכער יעדער מיטגליד האָט געמוזט געבען טויזענד דאָלאַר זיכערהייט, און אָט די אָרגאַני־זירטע מאַנופעקטשורערס האָבען אויף די פאָדערונגען פון דער יוניאָן געענטפערט מיט אַן ערקלערונג, אַז זיי ווילען ניט קיין יוניאָן אין ריפער טרעיד, און אין די ריפער שעפער איז באַלד

אונטער דער אונטערשריפט פון דער מאַנופעקטשורערס אַסאָסי־איישאָן אויסגעהאַנגען געוואָרען באַקאַנטמאַכונגען, אַז פון ערשטען אַפּריל 1907 אָן, ווערט איינגעפירט „אָופּען־שאַפּ".

די יוניאָן האָט גלייך געהייסען די אַרבייטער אַרויסגעהן אין סטרייק, און שוין אין ערשטען טאָג, דעם 22־טען מאַרטש, האָבען אַרום 12 הונדערט ריפער־מאַכער געוואָרפען די אַרבייט. זיי זיינען אַראָפּ אין סטרייק מיט באַגייסטערונג, זינגענדיג די מאַרסעליעזע און אַנדערע רעוואָלוציאָנערע לידער.

עס איז געווען אַ שווערער און אַ לאַנגער סטרייק. די מאַ־נופעקטשורערס האָבען אויסער די הילף פון דער פּאָליציי געהאַט אַ גאַנצע אַרמעע פון געדונגענע פּראָפעסיאָנעלע שלעגער און עס פלעגען פאָרקומען בלוטיגע שלאַכטען אַרום די שעפּער. יעדער טאָג פלעגט ברענגען נייע פאַרוואונדעטע פון שלאַכטפעלד, און אַ פאַרזאַמלונגס־לאָקאַל פון די סטרייקער פלעגט אָפט אויסקוקען ווי אַ האָספּיטאַל. אָבער די סטרייקער זיינען געשטאַנען פעסט און האָבען אָנגעפירט זייער קאַמף מיט דער גרעסטער אַנטשלאָ־סענהייט.

דער סטרייק פון די ריפער־מאַכער האָט ניט בלויז געקראָגען די פולע שטיצע פון די קלאָוקמאַכער, נאָר אויך פון דער גאַנצער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג. דער „פאָרווערטס" האָט געזאַמעלט געלד פאַר די סטרייקערס און פלעגט יעדען טאָג אָפּגעבען אַ סך פּלאַץ צו ערמוטיגען די סטרייקערס אין זייער קאַמף און צו וועקען די עפענטליכע מיינונג פאַר זיי.

דער סטרייק האָט ענדליך מיד געמאַכט ביידע צדדים און ביידע וואָלטען געווען צופרידען, ווען אַ וועג וואָלט געפונען גע־וואָרען ווי דעם קאַמף צו פאַרענדיגען. ב. שלעזינגער, וואָס איז געווען איינער פון די הויפּט־פירער פון סטרייק, אַלס דער מענע־דזשער פון דזשאָינט באָארד פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן, האָט דעם וועג געפונען. ער האָט געווירקט אויף דעם רעדאַקטאָר פון דער אידישער אָרטאָדאָקסישער צייטונג „טאַגעבלאַט", אַז ער זאָל אין אַ לייט־אַרטיקעל זיך ווענדען צו ביידע קעמפענדע צדדים, אַז זיי זאָלען זעהן דורכצוקומען צווישען זיך און מאַכען שלום. ווען דער „פאָרווערטס" וואָלט געבראַכט אַזאַ פאָרשלאַג וואָלט עס באַטראַכט געוואָרען, אַז די סטרייקער בעטען שלום, ווען

דאָס איז אָבער געקומען פון באַלעבאַטישען „טאגעבלאַט" האָט מען עס געקענט באַטראַכטען ווי אַ שטים פון דער אידישער עפענטליכער מיינונג. דער לייט־אַרטיקעל פון „טאגעבלאַט" האָט געהאַט די געווינשטע ווירקונג. מען האָט אָנגעפאַנגען ריידען ביי די מאַנופעקטשורערס וועגען דער מעגליכקייט פון אַ שלום. אין דערזעלביגער צייט האָט הערמאַן גראָסמאַן, דער פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל, געשריבען אַ בריף צו סעמויעל גאָמ־פּערס, אַז ער זאָל ווערען דער פאַרמיטלער צו פאַרענדיגען דעם סטרייק. גאָמפּערס האָט גלייך וועגען דעם אָנגעשריבען אַ בריף צו דעם פּרעזידענט פון דער ריפער מאַנופעקטשורערס אַסאָסי־איישאָן און ער האָט געקראָגען אַ גינסטיגען ענטפער. הערמאַן ראָבינסאָן, דער אָרגאַנייזער פון דער אַמעריקען פעדערייישאָן אוו לעיבאָר אין ניו־יאָרק, האָט צונויפגעבראַכט די פאַרטרעטער פון דער יוניאָן און די פאַרטרעטער פון דער מאַנופעקטשורערס אַסאָ־סיאיישאָן אויף אַ קאָנפערענץ און נאָך אַ לענגערען דינגען זיך האָבען די מאַנופעקטשורערס ענדליך נאָכגעגעבען די הויפּט־פאָ־דערונגען פון דער יוניאָן, צווישען זיי אויך, אַז בלויז יוניאָן־מיטגלידער זאָלען באַשעפטיגט ווערען אין די שעפער.

דער זיג פון די ריפער־מאַכער איז געווען אַ גוטער מיטעל צו אַגיטירען צווישען די קלאָוקמאַכער, אַז אויך זיי זאָלען ענדליך אויפבויען אַ גרויסע, שטאַרקע יוניאָן. און עס האָט אויך געהאַט אַ געוויסע ווירקונג. דער באַריכט פון סעקרעטאַר־טרעזשורער דזשאָן דייטש צו דער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל פון 1907, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין באַלטימאָר, האָט געקלונגען גאַנץ אָפּטימיסטיש און האָפנונגספול. אָבער באַלד איז געקומען דער שווערער פינאַנציעלער און אינדוסטריעלער קריזיס אין לאַנד און האָט צושטערט אַלע גוטע האָפנונגען. דער קריזיס האָט דער פרויען קליידער אינדוסטריע זעהר שטאַרק געטראָפען. אַ סך פירמעס האָבען באַנקראָטירט און די וואָס זיינען געבליבען לעבען האָבען באַשעפטיגט בלויז אַ טייל פון זייערע אַרבייטער און האָבען זיי געצאָלט אַ הונגער־לוין. אין ניו־יאָרק זיינען טויזענדער קלאָוקמאַכער אַרומגעגאַנגען אָהן אַר־בייט און די לאָקאַלס פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן האָבען קוים אויפגעהאַלטען זייער עקזיסטענץ. אפילו לאָקאַל 17, וואָס איז געוואָרען אַזוי שטאַרק נאָכ'ן זיגרייכען ריפער־מאַכער סטרייק,

איז אָפּגעשוואַכט געוואָרען און האָט פאַרלאָרען דעם קאָנטראָל איבער די מייסטע שעפּער, וואָס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען דורכ'ן סטרייק.

וועגען דעם צושטאַנד פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן אין ניו־יאָרק קען מען אורטיילען פון דעם פינאַנץ־באַריכט פון דער אינטערנעשאָנאַל צו דער קאָנווענשאָן פון יאָר 1908. דער באַריכט נעמט אַרום די צייט פון ערשטען מאַי 1907 ביז'ן ערשטען מאַי 1908.

די הכנסה פון דער אינטערנעשאָנאַל פון אַלע אירע לאָקאַלס איבער'ן גאַנצען לאַנד איז געווען 3 טויזענד 446 דאָלאַר מיט 28 סענט.

די קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט צו דער שוואַכקייט נאָך פיל געליטען פון איר שטענדיגען שטרייט מיט דער קאַטערס יוניאָן. דער שטרייט איז אייגענטליך געווען ניט בלויז מיט דער קלאָוקמאַכער יוניאָן, נאָר מיט דער גאַנצער אינטערנעשאָנאַל, אָבער געליטען האָט הויפּטזעכליך די קלאָוקמאַכער יוניאָן.

די קאַטערס האָבען זיך שטענדיג געהאַלטען ניט בלויז פאַר זעלבסטשטענדיגע, נאָר אויך פאַר אַן אָפּגעזונדערטע יוניאָן, וואָס האָט אַ קנאַפּע שייכות מיט די אַנדערע אַרבייטער פון דעם קלאָוקמאַכער טרעיד. און ווען עס פלעגען גערופען ווערען סטרייקס אין די קלאָוק שעפּער פלעגען מייסטענס די קאַטערס בלייבען אַרבייטען, ווען די אַנדערע אַרבייטער אין שאַפּ פלעגען סטרייקען. דאָס איז געווען ניט בלויז איידער די אינטערנעשאָנאַל איז געגרינדעט געוואָרען, נאָר אויך נאָכדעם ווען די קאַטערס יוניאָן איז געוואָרען אַ טייל פון דער אינטערנעשאָנאַל. און פאַר דעם, וואָס די קאַטערס האָבען ניט געוואָלט סטרייקען, ווען די אָפּערייטאָרס, פינישערס און פרעסערס האָבען געסטרייקט, האָבען זיך ביי אַ געלעגענהייט, ווען די קאַטערס זיינען אַרויס אין סטרייק, די אַנדערע קלאָוקס אַרבייטער מיט זיי אָפּגערעכענט און זיינען ניט אַרויס סטרייקען.

די הויפּט־אורזאַך פון אַט דער פרעמדקייט און אָפּגעזונדערטקייט צווישען די קאַטערס און די אַנדערע קלאָוק־אַרבייטער, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס זיי האָבען שטענדיג געאַרבייט אונטער איין דאַך און איין שאַפּ און זייערע אינטערעסען זיינען

געווען דיזעלביגע, איז געווען, וואָס דער מענשען־מאַטעריאַל איז געווען אַ גאַנץ פאַרשידענער. פאַרשידען אין שפּראַך, אין נאַ־ציאָנאַליטעט און ערציהונג. די קאַטערס זיינען געווען אַמערי־קאַנער, אירלענדער און אַמעריקאַניזירטע דייטשען. די אָפּעריי־טאָרס, פּרעסערס און פינישערס זיינען מייסטענס געווען אידישע אימיגראַנטען פון רוסיש־פּוילען, ליטע, גאַליציע, בעסאַראַביע און רומעניע מיט אַ צוגאָב פון אַ באַדייטענדער צאָל איטאַליענער. און אַ חוץ וואָס די קאַטערס האָבען געקוקט פון אויבען אַראָפּ אויף די אַנדערע קלאָוקס־ארבייטער, ווי אויף אימיגראַנטען און אַ נידעריגערען קלאַס מענשען, זיינען די קאַטערס אויך געווען ביי זיך געהויבען, וואָס זיי זיינען קוואַליפיצירטע ארבייטער און קריגען בעסער באַצאָלט.

לויט דער קאָנסטיטוציע, וואָס די אינטערנעשאָנאַל האָט געהאַט, האָט זי ניט געקענט צווינגען די קאַטערס צו סטרייקען. לויט דער קאָנסטיטוציע האָט די קאַטערס יוניאָן געהאַט פולע אויטאָנאָמיע. שפּעטער האָט מען זיך ארומגעזעהן, אַז עס איז אַ צו ברייטע אויטאָנאָמיע און מען האָט פּראָבירט די קאָנסטי־טוציע אויסבעסערען, אָבער די קאַטערס יוניאָן האָט עס ניט דערלאָזען. די קאָנווענשאָנס פון דער אינטערנעשאָנאַל האָבען זיך נאַטירליך געפירט אויף ענגליש, אָבער די מייסטע דעלעגאַטען האָבען קיין ענגליש ניט געקענט ריידען און אַ סך האָבען אפילו ניט פאַרשטאַנען קיין ענגליש. און קיין געניטע פּאַרלאַמענטאַ־ריער זיינען זיי געווים ניט געווען, פלעגען אויף אַזאַ אופן שטענ־דיג די ענגליש־רעדענדע קאַטערס פאַרנעמען דעם אויבען־אָן אויף די קאָנווענשאָנס און מיט זייער „פּאַרלאַמענטאַרישער לומדות“ פלעגען זיי איינפאַך צוטומלען די אַנדערע דעלעגאַטען און עס פלעגט שטענדיג בלייבען ווי די קאַטערס ווילען.

אַן אַנדער שטרייט איז אַרויסגעקומען מיט דער קאַטערס יוניאָן, וואָס זי האָט ניט געוואָלט אריינעמען פאַר מיטגלידער די קאַטערס פון די ריפער־מאַכער שעפּער, וואָס די קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט אָרגאַניזירט. די טענה פון דער קאַטערס יוניאָן איז געווען, אַז די ריפער־קאַטערס קריגען אַ קלענערען ארבייטס־לוין ווי די רעגולערע קלאָוק־קאַטערס. מען האָט דעריבער געמוזט אָרגאַ־זירען די ריפער־קאַטערס אין אַ באַזונדערען לאָקאַל. אָבער דאָס

האָט די קאַטערס יוניאָן ניט געוואָלט און זיי האָבן פּאַרקלאָגט די אינטערנעשאָנאַל פאַר דער אַמעריקען פעדערײשאָן און לעיבאָר.

דער שטרייט איז ענדליך אויסגעגליכען געוואָרען מיט דער הילף פון סעמיועל גאָמפּערס. עס איז נעמליך באַשאַפען גע־וואָרען אַ דיסטריקט קאַונסיל פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן צו־זאַמען מיט דער קאַטערס יוניאָן. יעדער סטרייק האָט געדאַרפט קריגען די צושטימונג פון דיסטריקט קאַונסיל, און ווען די צו־שטימונג איז געגעבען געוואָרען האָבען אַלע ארבייטער פון שאַפּ געמוזט אַראָפּגעהן אין סטרייק. פון אָנפאַנג האָט עס אויסגע־וויזען, אַז אַלץ וועט שוין זיין אין דער בעסטער אָרדנונג, אָבער עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזען, אַז עס טויג נאָך אַלץ ניט. עס האָבען ניט שטענדיג געפאָלגט די קאַטערס און עס האָבען אויך ניט שטענדיג געפאָלגט די אַנדערע לאָקאַלס, און גראָד האָט עס פּאַסירט, אַז דאָס מאָל זיינען עס געווען די קאַטערס צו קריגען אַ שטאַרקע טענה. די קאַטערס האָבען נעמליך אַרויסגערופען אַ סטרייק אין אַ פירמע מיט דער צושטימונג פון דעם דיסטריקט קאַונסיל, אָבער לאָקאַל 9 האָט ניט געקענט אַראָפּנעמען די שניי־דער אין סטרייק. די קאַטערס האָבען שטאַרק פּראָטעסטירט. עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען נייע רייבונגען צווישען די קאַטערס און די אַנדערע קלאָוקמאַכער לאָקאַלס און דער סוף איז געווען, אַז דער דיסטריקט קאַונסיל האָט אויפגעהערט עקזיסטירען און עס האָט זיך ווידער אָנגעפאַנגען די אַלטע געשיכטע און די אַלטע טענות וועגען סטרייק־ברעכעריי.

אין 1907 האָט זיך עס איינגעגעבען דעם דיסטריקט קאַונסיל ווידער אויפצולעבען, אָבער ער האָט אויך ווייטער ניט געאַרבייט ווי געהעריג. דער הויפּט־פעלער איז געווען, וואָס די אַנדערע טיילען פון דעם קלאָוקמאַכער טרעיד זיינען געווען שוואַך אָרגאַ־ניזירט און די לאָקאַלס האָבען קוים אויפגעהאַלטען זייער עק־זיסטענץ, בעת די קאַטערס האָבען געהאַט אַ גוט־אָרגאַניזירטע יוניאָן.

די פּאָזיציע פון די קאַטערס איז נאָך שטאַרקער געוואָרען, ווען אויף דער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל פון 1907 אין באַלטימאָר איז אַ מיטגליד פון דער קאַטערס יוניאָן, מאָר־טימער דזשוליאַן, געוועהלט געוואָרען פאַר פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל.

דער פריהערדיגער פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנאל, הערמאן גראסמאן, האט אויף דער קאנווענשאן מיט עטליכע שטונדען פריהער, ווי עס האבען געדארפט פארקומען די וואהלען פאר באאמטע, אריינגעשיקט זיין רעזיגנאציע, און אזוי ווי מען האט איר גלייך אנגענומען איז ער מער ניט געווען קיין קאנדידאט פאר א נייעם טערמין. גראסמאן'ס רעזיגנאציע איז געווען א רע־זולטאט פון זיין באריכט צו דער קאנווענשאן. דער וויכטיגסטער טייל פון זיין באריכט איז געווען וועגען דעם גרויסען ערפאלג־רייכען סטרייק פון די ריפער־מאכער. אבער ער האט דעם הויפט־קרעדיט פאר געווינען דעם סטרייק געגעבען גאמפערס'ן. דאס האט פארדראסען די פירער פון סטרייק, וועלכע האבען געפילט, אז ער נעמט אוועק דעם קרעדיט פון זיי און גיט אוועק אן אנ־דערען. דערצו האט ער ביים אויסדריקען אנערקענונג פאר די צייטונגען, וואס זיינען געווען פריינדליך צו די סטרייקער, ניט אויסגעטיילט דעם „פארווערטס" באזונדער, נאר ער האט אריינ־גערעכענט אים גלייך מיט אלע אנדערע. און דאס איז שוין באַ־טראכט געווארען אויף דער קאנווענשאן פאר א באזונדערס גרויסע עוולה, ווייל דער „פארווערטס" האט אומגעהויער פיל געטאן פאר דעם סטרייק, ניט בלויז וואס ער האט טאג־טעגליך אפגעגעבען א סך פלאץ פאר אים, נאר ער האט אויך געזאמעלט א גרויסע סומע געלד צו שטיצען די סטרייקער. אב. ראזענבערג, וואס איז געווען איינער פון די דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן, האט געמאכט א פארשלאג, אז דער באריכט פון פרעזידענט זאל צוריקגעוויזען ווערען. א צווייטער פארשלאג איז געמאכט גע־ווארען, אז דעם פרעזידענטס באריכט זאל איבערגעגעבען ווערען צו דער גענעראל עקזעקוטיווע, וואס וועט געוועהלט ווערען. גראסמאן האט גערעדט וועגען דעם פארשלאג, און ווען די קאנ־ווענשאן האט דעם פארשלאג דאך אנגענומען, האט ער אריינגע־שיקט זיין רעזיגנאציע.

נאר ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס די קאטערס האבען אויף דער קאנווענשאן געוועהלט זייערען א מיטגליד פאר פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנאל, האבען זיי דאך אויף דערזעלביגער קאנווענשאן געדארפט אויסשטעהן גאנץ שטארקע אטאקעס פון די קלאוקמאכער דעלעגאטען פאר זייערע ניט־יוניאן־מעסיגע האנד־לונגען. דעם אנגריף אויף די קאטערס האט געפירט אב. ראזענ־

בערג, דעלעגאַט פון לאָקאַל 1, און זיינע פאַקטען, וואָס ער האָט אָנגעגעבען, זיינען געווען אַזוי שטאַרק איבערצייגענד, אַז די קאַטערס האָבען געהאַט אַ שווערע אויפגאַבע זיך צו פאַרטיידיגען. ראָזענבערג האָט אויסגעדריקט זיין צופרידענהייט, וואָס די קאַטערס זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרען אויף דער קאָנווענשאָן אין דער לאַגע פון באַשולדיגטע, וואָס דאַרפען זיך פאַרטיידיגען. אָבער די לאַגע האָט זיך דערפון ניט געענדערט. גלייך נאָך דער קאָנווענשאָן איז פאָרגעקומען, מיט דער צושטימונג פון דיסטריקט קאַונסיל, אַ סטרייק אין אַ שאַפ און די קאַטערס זיינען געבליבען אַרבייטען. דער סטרייק איז גערופען געוואָרען פון סקוירט מאַכער לאָקאַל 23 און ער האָט אַריינגעבראַכט אַ קלאַגע אויף דער קאַטערס יוניאָן לאָקאַל 10 אין דער אינטערנעשאָנאַל. די פאַרטרעטער פון לאָקאַל 10 האָבען אין דער פאַרטיידיגונג פון זייער יוניאָן ערקלערט, אַז דאָס רעכט פון דעם דיסטריקט קאַונסיל צו רופען סטרייקס איז אין ווידערשפרוך מיט דער קאָנסטיטוציע פון דער אינטערנעשאָנאַל און דעריבער ניט געזעציך. דער פרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל, מאָרטימער דזשוליאַן, האָט געגעבען די קאַטערס גערעכט. די אָפערייטאָרס און די אַנדערע קלאָוקמאַכער לאָקאַלס האָבען די קאַטערס גלייך אָפגעצאָלט, ווען עס זיינען גערופען געוואָרען סטרייקס אין אַ פּאָר קלאָוק־שעפער. זיי האָבען זיך מיט לאָקאַל 10 מער ניט באַראַטען, און ווען מען האָט די סטרייקס געשליכטעט האָט דער דזשאָינט באָארד פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן אַרויפגעשיקט קאַטערס פון לאָקאַל 53, וועלכער איז ערקלערט געוואָרען, לויט דעם באַשלוס פון דער לעצטער קאָנווענשאָן אין באַלטימאָר פאַר אַ סאָב־לאָקאַל פון לאָקאַל 10. די קאַטערס פון דעם סאָב־לאָקאַל האָבען געקראָגען קלענערע שכירות ווי די מיטגלידער פון לאָקאַל 10. דאָס האָט שטאַרק אויפגעבראַכט לאָקאַל 10 און ער האָט אַריינגעבראַכט צו דער גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאָנאַל אַ קלאַגע אויף דזשאַן דייטש, דער סעקרעטאַר־טרעזשורער פון דער אינטערנעשאָנאַל, באַשולדיגענדיג אים, אַז ער פירט עס אָן דעם קאַמף געגען די קאַטערס. אָבער די גענעראַל עקזעקוטיווע האָט די קלאַגע צוריקגעוויזען. זיינען די קאַטערס געגאַנגען ווייטער און האָבען געווירקט אויף דעם פרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל, מאָרטימער דזשוליאַן, אַז ער זאָל אויף

דער קאָנוועגשאָן פון דער אמעריקען פעדערײשאָן אוו לעיבאָר שטעלען די אינטערנעשאָנאל אונטער קלאגען און פארלאנגען, אז זי זאָל רעאָרגאניזירט ווערען. און ווי די קלאגע איז אריינ־געבראכט געוואָרען האָט לאָקאל 10 זיך אָפּגעזאָגט צו פאָלגען די אינטערנעשאָנאל. עס האָט געהייסען, אז ביז די אמעריקען פעד־דערײשאָן אוו לעיבאָר וועט ניט ארויסגעבען איר אנטשיידונג איז לאָקאל 10 ניט מחויב צו פאָלגען די אינטערנעשאָנאל. לאָקאל 10 האָט זיך אָפּגעזאָגט אראָפּצונעמען די קאטערס פון דער ארבייט, ווען סטרייקס זיינען גערופען געוואָרען מיט דער צושטימונג פון דער אינטערנעשאָנאל. עס איז געגאנגען אזוי ווייט ביז די אינטערנעשאָנאל האָט באשלאָסען צוריקצוציהען דעם טשארטער פון לאָקאל 10. דאָס איז געווען דעם 30־טען נאָוועמבער 1907, און באלד נאָכדעם האָט זי ארויסגעגעבען א טשארטער צו דער „קלאָוק, סוט ענד ריפער קאטערס יוניאָן“, לאָקאל 53.

אויף דער קאָנווענשאָן פון 1908, וואָס איז אָפּגעהאלטען געוואָרען אין פילאדעלפיא, איז דער שטרייט מיט לאָקאל 10 נאטירליך געווען די וויכטיגסטע פראגע. די אמעריקען פעדע־ריישאָן אוו לעיבאָר האָט וועגען דעם געשיקט צו דער קאָנ־ווענשאָן א ספּעציעלען פארטרעטער, אז ער זאָל זעהן דעם שטרייט אויסצוגלייכען. אָבער עס האָט זיך אים ניט איינגע־געבען.ביידע שטרייטענדע צדדים זיינען געשטאנען פעסט אויף זייערע פּאָזיציעס. דאָס מאָל האָבען די דעלעגאטען פון די ניו־יאָרקער קלאָוקמאכער לאָקאלס זיך צוגעגרייט צו דער קאָנווענשאָן. די קלאָוקמאכער דעלעגאטען פון ניו־יאָרק האָבען אויף א מיטינג אויסגעארבייט א גענויען פלאן ווי צו האנדלען אויף דער קאָנ־ווענשאָן. ערשטענס האָבען זיי אויסגעארבייט אן ענדערונג אין דער קאָנסטיטוציע, וואָס זאָל פארפליכטען די קאטערס יוניאָן צו ווערען א טייל פון קלאָוקמאכער דזשאָינט באָארד און אז אין אלע סטרייקס, וואָס דער דזשאָינט באָארד וועט רופען, זאָלען די קאטערס מוזען ווארפען די ארבייט צוגלייך מיט אלע אנדערע ארבייטער. דערביי זיינען אויף דעם מיטינג אויסגעקליבען גע־וואָרען פון די דעלעגאטען צוויי וואָס קענען רעדען ענגליש, אז זיי זאָלען זיין די פירער, און ווען מען וועט דארפען שטימען איבער א פראגע זאָלען די, וואָס פארשטעהען ניט ווענען וואָס

עס האַנדעלט זיך, אבטונג געבען ווי אזוי די צוויי פירער שטימען און זיי נאָכטאָן. דאָס איז געווען זיך צו באוואָרענען, אז די קאַטערס, וואָס האָבען שטענדיג דורך פאַרלאַמענטאַרישע מאַ־נעווערס בעסער פאַרשטאַנען ווי צו געווינען זייערע פונקטען אויף דער קאָנווענשאָן דורך דעם וואָס מערער פון די דעלע־גאַטען האָבען ניט פאַרשטאַנען קיין ענגליש און פלעגען צו־טומעלט ווערען ביים שטימען, זאָלען דאָס מאָל עס ניט קענען טאָן. און אויף אַזאַ אופן איז די פאַרגעשלאָגענע ענדערונג אין דער קאָנסטיטוציע פון דער אינטערנעשאָנאַל אָנגענומען גע־וואָרען פון דער קאָנווענשאָן. אַלע דעלעגאַטען פון לאָקאַל 10, צוזאַמען מיט מאָרטימער דזשוליאַן, וועלכער האָט רעזיגנירט פון זיין פּרעזידענט־אַמט נאָך פאַר דער קאָנווענשאָן, האָבען זיך נאָך דער אָפּשטימונג צוריקגעצויגען פון דער קאָנווענשאָן.

אין אַלגעמיין איז די קאָנווענשאָן פון 1908 אין פילאַדעל־פיא, די 9־טע קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל, געווען גאָר ניט קיין פרעהליכע. עס זיינען געקומען אינגאַנצען 38 דעלע־גאַטען. פיר פון זיי זיינען געווען פון באָסטאָן און צוויי פון פיקסקיל. די אַלע איבריגע זיינען געווען פון ניו־יאָרק און פון פילאַדעלפיא. די אַנדערע שטעדט, ווי שיקאַגאָ, קליוולאַנד, באַל־טימאָר א. אז. וו., זיינען אינגאַנצען ניט געווען פאַרטראָטען. וועגען דעם צושטאַנד פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן אין ניו־יאָרק איז גענוג צו זאָגען, אז אייניגע דעלעגאַטען פון ניו־יאָרק האָבען אפילו ניט געהאַט מיט וואָס צו קויפען אַ באַהן־בילעט קיין פי־לאַדעלפיא און זיי האָבען זיך דערקליבען צו דער קאָנווענשאָן געהענדיג טיילווייז צו־פוס און טיילווייז אונטערפאָרענדיג מיט די עלעקטרישע טראַמוואַיען (טראָלי קארס), וואו מען האָט עס געקענט. די באַריכטען צו דער קאָנווענשאָן האָבען געקלונגען ווי קינות. יעדער באַריכט האָט דערצעהלט וועגען מאַכטלאָזיגקייט און אונטערגאַנג. די שטימונג איז געווען אַזאַ געדריקטע און אַזאַ האָפנונגסלאָזע, אז עס איז אָנגענומען געוואָרען אַ רעזאָ־לוציע, אז די אינטערנעשאָנאַל זאָל זיך ווענדען צו דער יונאַיטעד גאַרמענט וואָירקערס וועגען אַ פאַראייניגונג. אָבער די קאָנווענ־שאָן פון פילאַדעלפיא האָט אויך אָנגענומען אַ באַשלוס, וואָס האָט נאָך היינט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער אינטערנעשאָנאַל, ווייל עס האָט איר איינגעשפּאָרט אַ זעהר גרויסע סומע געלד.

דאָס איז דער באַשלוס צו האַלטען קאָנווענשאָנס איין מאָל אין צוויי יאָר אנשטאָט אַלע יאָר.

אויף דער פילאַדעלפיער קאָנווענשאָן איז אב. ראָזענבערג ערוועהלט געוואָרען פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל.

די לאַגע איז ניט געוואָרען בעסער נאָך דער קאָנווענשאָן. פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן אין ניו־יאָרק איז קוים געבליבען אַ שאָטען. לאָקאַל 1 האָט נאָך געהאַט אביסעל מיטגלידער. ווען מען פלעגט קומען צו אַ מיטינג פלעגט מען כאָטש נאָך געפינען אַ פּאָר מנינים אפּערייטאָרס; ביי די אַנדערע לאָקאַלס אָבער איז דאָס אויך ניט געווען. לאָקאַל 9 איז געבליבען אינגאַנצען ליידיג. מער ווי דער סעקרעטאַר גייער און פּאַליאַקאָף און נאָך אַ פּאָר פלעגען אויף אַ מיטינג ניט קומען.

דער דזשאָינט באָארד פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט אין זיין גרויסער פּאַרצווייפלונג צונויפגערופען אַ קאָנפערענץ פון פאַרטרעטער פון דער ארבייטער־באַוועגונג און פון דער אַר־בייטער־פּרעסע זיך צו באַראַטען וועגען דער לאַגע, אָבער זי האָט געבראַכט ווענינ הילף. ב. שלעזינגער, וועלכער איז געוואָרען דער מענעדזשער פון „פאָרווערטס“, האָט אויסגעדריקט דעם גרעסטען פּעסימיזם אויף דער קאָנפערענץ. זיין מיינונג איז געווען, אַז מען זאָל אויפגעבען אַלע ווייטערע באַמיהונגען, ווען מען קען קיין פאַרשריט ניט מאַכען. דער איינציגער וואָס האָט פּראָבירט טרייסטען און צוגעבען מוט איז געווען מאיר לאָנדאָן, און ניט בלויז מיט ווערטער, נאָר אויך מיט עטליכע דאָלאַר. ער האָט געגעבען 25 דאָלאַר, אַז די יוניאָן זאָל האָבען מיט וואָס זיך אַריבערצוקלייבען אין אַן אַנדער אָפיס, ווייל אין דעם אַלטען האָט זי מער ניט געקענט בלייבען.

די אייניגע עלטערע טוער, וואָס זיינען נאָך איבערגעבליבען ביי דער יוניאָן, האָבען געהאַט איין עצה: מען דאַרף אָרגאַני־זירען אַ גענעראַל סטרייק. נאָר ווי אָרגאַניזירט מען אַ גענעראַל סטרייק, ווען עס איז אפילו ניטאָ מיט וואָס צו צאָלען רענט פאַר'ן אָפיס פון דער יוניאָן?

נאָר אָט האָט אַ נס פּאַסירט. די יוניאָן האָט פּלוצים גע־קראָגען אַ פּאָר הונדערט נייע מיטגלידער און אויך אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר.

אב. ראָזענבערג דערצעהלט אין זיינע „ערינערונגען“ אַזוי:

„אין אַ שעהנעם טאָג לאָזט מען אונז אין אָפּיס וויסען, אַז די אַרבייטער פון שליוועק און סאָן האָבען פּלוצים געסטאָפּט פון דער אַרבייט. גלייך זיינען אַהין אַוועק די ברידער פּאָליאַקאָף און גייער, און נאָך אַביסעל דורכריידען זיך מיט זיי, האָבען זיך אַרום צוויי הונדערט אַרבייטער אָנגעשלאָסען אָן דער יוניאָן, און מיר האָבען שוין ווידער געהאַט געלד.

עס האָט זיך אָבער דאָ אַריינגעמישט אַ גאַנץ נייע צרה. עס איז שטענדיג געווען אַ כלל, אַז נייע פאַרגעשלאָגענע מיט־גלידער פלעגען מוזען פאַרגעפירט ווערען פאַר אַ יוניאָן־מיטינג, אום אינסטאָלירט צו ווערען. איז נאָך מיט די אָפּערייטאָרס געווען אַ האַלבע צרה. דאָרטען פלעגט מען נאָך טרעפען ביי אַ מיטינג אַ צוואַנציג אַלטע מיטגלידער, זיי זאָלען אויפנעמען די נייע. אָבער ביי די שניידער איז געווען שלעכט; דער גאַנצער לאָקאַל איז בלויז באַשטאַנען פון גייער'ן און פּאָליאַקאָוו'ן, טאָ ווער וועט איינפירען די נייע מיטגלידער?

מען האָט זיך אָבער אַן עצה געגעבען. איידער דער מיטינג האָט זיך אָנגעפאַנגען האָט מען אויסגעבאָרגט אַ צענדליג אָפּע־רייטאָרס, וואָס האָבען זיך פאַרזאַמעלט אין אַן אַנדער האָל אין דער זעלבער געביידע, און אייניגע סקוירט־מאַכער און מען האָט זיי פאַר דעם אָוונד געמאַכט פאַר שניידערס. ברודער דזשאָן דייטש איז פאַר דעם אָוונד געוואָרען דער טשערמאַן פון שניי־דער־לאָקאַל, און זיי האָבען עס איינגעפירט שליוועק'ס שניידער אַלס מיטגלידער פון דער יוניאָן.

שפּעטער אַ ביסעל האָבען זיך אויך אָרגאַניזירט ווייטס שניידער, און אַזוי האָט לאָקאַל 9, די קלאָוק־שניידער יוניאָן, ווידער אָנגעפאַנגען צו עקזיסטירען. זייט דאַן האָבען צו ביסלעך אָנגעפאַנגען אַריינקומען מיטגלידער און געלד אין דער יוניאָן."

די אַגיטאַציע פאַר אַ גענעראַל סטרייק האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט מער ערנסט. די יוניאָן האָט אַראָפּגעבראַכט ה. וויינבערג'ן פון פילאַדעלפיא און איהם אָנגעשטעלט פאַר אַן אָרגאַנייזער. ה. וויינבערג איז אין יענער צייט געווען זעהר אַ פּאָפּולערער אַגיטאַטאָר און פּאָלקס־רעדנער. דער באַשלוס איז אָבער געווען, אַז קיין איינצעלנע שאַפּ־סטרייקס זאָל מען פאַר דער צייט ניט רופען, נאָר מען זאָל קאָנצענטרירען אַלע כוחות פאַר דעם גרויסען קאַמף.

די לאַגע פון דער יוניאָן האָט זיך אין אַלגעמיין אָנגע־פאַנגען באַדייטענד פאַרבעסערען. ערשטענס האָבען זיך די צו־שטענדען אין קלאָוק־טרעיד אָנגעפאַנגען פאַרבעסערען מיט דער אַלגעמיינער עקאָנאָמישער פאַרבעסערונג אין לאַנד. צווייטענס האָט אַ סך מיטגעהאָלפען די ליקווידירונג פון די דואַל יוניאָנס פון די אינדאָסטריעל וואָירקערס און דהי וואָירלד. סוף דעצעמ־בער 1908 האָט זיך די קלאָוק פרעסערס יוניאָן פון דער אי דאָבל־יו דאָבליו פאַראייניגט מיט לאָקאַל 35 פון דער אינטערנעשאָנאַל און אין פאַרלויף פון יאָר 1909 האָבען זיך די אַנדערע קלאָוק־מאַכער אָרגאַניזאַציעס פון דער אי דאָבל־יו דאָבל־יו פאַראייניגט מיט די לאָקאַלס פון דער אינטערנעשאָנאַל. און צום סוף פון 1909 איז אויך געשליכטעט געוואָרען דער שטרייט מיט לאָקאַל 10 און די קאַטערס זיינען צוריק אריין אין דער אינטערנעשאָנאַל.

אַ דערמוטיגענדע פּראָבע וועגען דער מעגליכקייט פון אַ גענעראַל סטרייק איז דורכגעפירט געוואָרען אין דעצעמבער 1909. די יוניאָן האָט באַשלאָסען ארויסצושיקען אויף אַ רעפערענדום־אָפּשטימונג, אויב די מיטגלידער זיינען וויליג זיך צו באַשטייערען מיט צוויי דאָלאר פאַר אַ סטרייק־פאָנד. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז ניינציג פּראָצענט פון די מיטגלידער האָבען געשטימט פאַר דעם שטייער און אַ סך האָבען גלייך אריינגעשיקט אין דער יוניאָן די צוויי דאָלאַר. דאָס איז געווען אַ גוטער סימן, אָבער עס איז געווען איין גרויסער חסרון — די צאָל מיטגלידער אין דער יוניאָן איז נאָך אַלץ געווען אַ קליינע אין פאַרגלייך מיט דער צאָל קלאָוק־מאַכער אין די שעפּער. מען האָט דעריבער געמוזט מאַכען אַלע אָנשטרענגונגען צו פאַרגרעסערען די צאָל אָרגאַניזירטע. מען האָט פאַר דעם צוועק געוועהלט אַ קאָמיטע פון הונדערט — יעדער פון די פיר קלאָוקמאַכער לאָקאַלס צו 25 — וואָס זאָל העלפען די באַאַמטע פון דער יוניאָן אין דער אָרגאַניזאַציאָנס־ארבייט. די הונדערטער קאָמיטע האָט זיך צוטיילט אין קליינע קאָמיטעס פון צוויי אָדער דריי, וועלכע האָבען גענומען אויף זיך צו באַזוכען די קלאָוק־שעפּער און זיך דורכריידען מיט די אַרבייטער דאָרטען, און נאָכדעם האָט מען זיי גערופען צו שאַפּ־מיטינגען, אויף וועלכע מען האָט גערעדט בלויז וועגען דער איינציגער פראַגע, ווי נויטיג עס איז צו רופען אַ גענעראַל סטרייק, און אַז יעדער קלאָוקמאַכער מוז דעריבער ווערען אַ מיטגליד פון דער יוניאָן.

דער פּלאַן האָט זעהר גוט געארבייט, אָבער מען האָט זיך באַלד געכאפּט, אז עס וועט דויערן צופיל צייט ביז מען וועט מיט דעם פּלאַן קענען אָרגאניזירען אַלע קלאָוק־שעפּער, ווייל זייער צאָל איז געווען א צו גרויסע. מען האָט דעריבער דעם פּלאַן געענדערט. אנשטאָט צו רופען באזונדערע מיטינגען, האָט מען אָנגעפאנגען רופען מיטינגען פון די אַלע שעפּער וואָס געפינען זיך אין איין געביידע. די אָרגאַניזאציאָנס־ארבייט איז אויף אזא אופן אוועק פיל שנעלער און די צאָל מיטגלידער פון דער יוניאָן האָט אָנגעפאנגען גיך וואקסען.

די צוגרייטונגען צו א קלאָוקמאכער גענעראַל סטרייק זיינען געוואָרען ענערגישער. אין דעם האָט אויך געהאָט א גרויסע ווירקונג דער גרויסער ווייסט־מאכער סטרייק, וואָס האָט אויסגעבראָכען דעם 22־טען נאָוועמבער 1909. עס איז געווען א סטרייק, וואָס האָט געצויגען אויף זיך די גרעסטע אויפמערקזאמקייט און איז אין דער אמעריקאנער פּרעסע אויפגענומען געוואָרען ווי א גרויסע סענסאציע. דאָס איז געווען דער גרעסטער סטרייק פון פרויען־ארבייטערינס אין דער געשיכטע פון אמעריקא. אייגענטליך האָט זיך אין דעם סטרייק אויך באטייליגט א באדייטענדע צאָל מענער־ארבייטער. לויט די סטאטיסטיק פון לעיבאָר דעפּארטמענט פון שטאאט ניו־יאָרק האָבען זיך אין דעם סטרייק באטייליגט 15 טויזענד, פון זיי 11 טויזענד פרויען און 4 טויזענד מענער. (די צאָלען פון דער יוניאָן זיינען געוועל פיל גרעסער — ארום 20 טויזענד.) אָבער אין די צייטונגען און אין דער עפענטליכקייט אין אַלגעמיין האָט מען בלויז גערעדט וועגען דעם סטרייק פון די מיידלעך. לויט דער סטאטיסטיק זיינען די מייסטע פון די סטרייקער, ארום 75 פּראָצענט, געווען גאנץ יונגע — פון 16 ביז 25 יאָר אַלט. אין דעם סטרייק האָבען זיך פאראינטערעסירט די פרויען פון דער ניו־יאָרקער הויכער געזעלשאפט און מערערע פון זיי זיינען געוואָרען גאנץ אקטיוו אין אים און דאָס האָט דעם סטרייק נאָך מער פּראָמינענט געמאכט. אָבער מער פאר אַלץ איז מאקע געווען דער סטרייק גופא, וואָס איז געפירט געוואָרען מיט א וואונדערליכער קאמפּסלוסטיגקייט און העלדישקייט. דאָס האָט געמוזט האָבען א געוויסע ווירקונג אויף די קלאָוקמאכער. און ווען דער סטרייק האָט זיך געענדיגט מיט א זיג, ווען אפילו בלויז א טיילווייזען, ווייל ניט אַלע פאָדערונגען פון סטרייק

זיינען געוואונען געוואָרען, האָט דאָס פיל דערמוטיגט די קלאָוק־מאַכער, אַז אויך זיי זאָלען פראָבירען זייערע כוחות אין קאַמף.

אייגענטליך האָט די יוניאָן שוין מער קיין אָנשטרענגונגען ניט געדאַרפט מאַכען פּאָפּולער צו מאַכען ביי די קלאָוקמאַכער די אידעע פון אַ גענעראַל סטרייק. די אַגיטאַציע, וואָס איז גע־פירט געוואָרען פאַר אַ גענעראַל סטרייק, איז געפירט געוואָרען מינדליך און שריפטליך מיט אַ גאַנץ באַזונדערער גרינדליכקייט האָט געהאַט איר ווירקונג. אַ חוץ דער אַגיטאַציע, וואָס איז געפירט געוואָרען אין „פאָרווערטס", האָט די יוניאָן אָנגעפאַנגען אַרויסגעבען אַן אייגענע קליינע צייטונגעל אונטער דעם נאָמען די „נייע פּאָסט", פריהער איינמאָל אַ וואָך און נאָכדעם צוויי מאָל אַ וואָך. שפּעטער, נאָכ׳ן סטרייק, איז די „נייע פּאָסט" געוואָרען אַ גרויסע וועכענטליכע צייטונג, וועלכע האָט געקראָגען אַ נאָמען ווייט אויסער די קרייזען פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן. און אָט די קליינע צייטונגעל „נייע פּאָסט", וועלכע איז אָנפאַנגס געווען ניט מער ווי אַ פלוג־בלעטעל, האָט געהאַט אַ געוואַלדיגע ווירקונג צו אָרגאַניזירען די קלאָוקמאַכער און זיי צוגרייטען צום סטרייק.

די אַרבייטס־באַדינגונגען אין די קלאָוק־שעפּער זיינען געווען שרעקליכע. פאַר דער לאַנגער צייט, וואָס די קלאָוקמאַכער יוניאָן איז געווען שוואַך און האָט פאַרלאָרען איר קאָנטראָל איבער דער אינדוסטריע האָבען די באַלעבאַטים געהאַט די געלעגענהייט גאַנץ פריי פונאַנדערצונעמען זייערע שקלאַפען־טרייבערישע הענד און אָפּשאַפען אַלע גרענעצען פאַר זייערע רויבערישע עקספּלואַטאַציע־אַפּעטיטען. שטאַרקער פון אַלעמען האָבען געליטען די אָפּעריי־טאָרס, ווייל אויסער אַלע אַנדערע צרות האָבען זיי נאָך געליטען פון אַ ספּעציעלער צרה — די אייגענע מאַשין.

אין די מייסטע קלאָוק־שעפּער האָבען די אָפּערייטאָרס געמוזט האָבען זייערע אייגענע מאַשינען. די מאָדע איז איינגעפירט גע־וואָרען, ווען די זינגער קאָמפּאַניע האָט אַרום 1895 אָנגעפאַנגען פּראָדוצירען אַ נייע, אויסגעבעסערטע מאַשין, און נאָך מער, ווען עס איז שפּעטער איינגעפירט געוואָרען די פוס־שוואונג־מאַשין, וואָס איז געווען באַקאַנט אונטער׳ן נאָמען „שאַרער־מאַשין", וואָס האָט געאַרבייט פיל שנעלער ווי די פריהערדיגע פוס־טרעט־מאַשין, די אַזוי גערופענע „האוסהאָלד" מאַשין, און האָט מער פּראָדוצירט. דאָס וואָרט „האוסהאָלד", ווי מען האָט גערופען די פריהערדיגע

מאשין, פלעגען די אפּערייטאָרס ארויסריידען פארשידען. אנדערע פלעגען עס רופען „האָסעל“ מאשין.

אין א סאָוועניר־ביכעל, וואָס איז ארויסגעגעבען געוואָרען צו דער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאל אין 1902, געפינט זיך אן אדווערטייזמענט פון א פירמע, אז די קלאָוקמאכער זאָלען קויפען די „שארער“ מאשין, וואָס לייענט זיך אזוי: „קלאָוקמעי־קערס! אייער סיזאָן איז קורץ, איר דארפט ארבייטען שווער, אום אין א קורצער צייט ארייננכאפּען גענוג צו מאכען אייער לעבען אין סלעק טאים. דער שארער פּאטענט סטענד וועט אייך העלפען מאכען דעם טאָג ארבייט אין העלפט און וועט אייך פאר־היטען אייער געזונד און די פיס.“

מען האט די מאשין אָנגעבאָטען די „קלאָוקמעיקערס“, ווייל זיי זיינען געווען די געוועהנליכע קויפער. די באַלעבאַטים האָבען ניט געוואָלט אויסגעבען קיין געלד צו קויפען די נייע מאשינען פאר זייערע ארבייטער. זיי זיינען אָבער געווען אזוי גוט צו ערלויבען די ארבייטער זייערע אליין צו קויפען די נייע מאשינען. און ווען איין אפּערייטאָר האט געקויפט אזא מאשין און די אנ־דערע האָבען געזעהן, אז ער ארבייט אוים מיט איר א סך מער, האָבען זיי אויך געקויפט. און אויף אזא אופן איז כמעט יעדער אפּערייטאָר געוואָרען א מאשין־אייגענטימער. און ווען ער האט געדארפט זוכען אן אנדער פּלאַץ צו ארבייטען האט ער געהאט אן עסק פון „קרויסקענען“ זיך, ווי די ליטווישע אידען זאָגען, אָדער „מופען“, ווי מען זאָגט אויף אמעריקאנער אידיש. אָפט פלעגט אן אפּערייטאָר האָבען אויך אן אייגענעם ביינקעל אין שאפּ צו זיין מאשין. דער באַלעבאָס האט איינפאך זיך געפוילט צו קויפען א ביינקעל, ווען עס האט אויסגעפעלט, פלעגט דעריבער דער אפּערייטאָר, פאר ווען דער ביינקעל האט אויסגעפעלט, ברייננגען אן אייגענעם. „מופען“ די מאשין האט געקאָסט א האלבען דאָלאר, און אָפט פלעגט טרעפען, אז אן אפּערייטאָר פלעגט דארפען „מופען“ עטליכע מאָל אין וואָך. דאָס פלעגט געוועהנליך טרעפען אין אָנפאנג פון ארבייטס־סעזאָן, איידער איינער פלעגט זיך קענען צוקלייבען א שטענדיגען פּלאַץ צו אר־בייטען. מאנכעס מאָל האט דער אפּערייטאָר ניט פארדינט אין דער וואָך אזוי פיל וויפיל עס האט אים געקאָסט דאָס „מופען“.

## דריי־און־צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

# די צוגרייטונגען צום גרויסען קלאָוקמאַכער סטרייק פון 1910

מען רעכענט, אַז איבער פופציג פּראָצענט פון די אָפּערייטאָרס האָבען דעמאָלט געהאַט זייערע אייגענע מאַשינען. נאָר אויך אין די שעפּער, וואו די אָפּערייטאָרס האָבען געקראָגען מאַשינען פון באַלעבאָס, האָבען זיי געהאַט אַ ספּעציעלען פּעקעל צו טראָגען. זיי האָבען געדאַרפט צאָלען פאַר'ן פאַרריכטען די מאַשינען, פאַר די מאַשין־נאָדלען, מאַשין־אויל, פאַר באַוועל און פאַר זייד. און אין די שעפּער וואו די מאַשינען זיינען געטריבען געוואָרען מיט עלעקטרישער קראַפט האָבען די אָפּערייטאָרס געדאַרפט צאָלען פאַר עלעקטריציטעט. מען האָט דעמאָלט געשאַצט, אַז אַרום 10 טויזענד אָפּערייטאָרס האָבען געצאָלט פאַר עלעקטרישער קראַפט, און דאָס פלעגט אויסמאַכען אַרום דריי און אַ האַלב פּראָצענט פון זייערע פאַרדינסטען. אַחוץ דעם פלעגען זיי מוזען איינלעגען ביים באַלעבאָס אַ דאָלאַר און מער פאַר געוויסע טיילען פון דער מאַשין. און עס זיינען געווען גענוג באַלעבאַטים, וואָס האָבען געהאַט אַ גאַנץ פיינע הכנסה פון די פּראָפיטען וואָס זיי פלעגען מאַכען פון די חשבונות, וואָס זיי פלעגען צושטעלען צו די אָפּערייטאָרס פאַר עלעקטריציטעט, נאָדלען, פאָדים א. אז. וו. זיי פלעגען בלויז רעכענען אַ „ביסעלע" טייערער ווי עס פלעגט זיי קאָסטען, למשל, רעכענען 6 סענט פאַר אַ קליינע שפּולקע זייד וואָס האָט זיי געקאָסט 4 סענט און אַזוי די אַנדערע זאַכען.

מען דאַרף אָננעמען, אַז די געשאַצטע צאָל אָפּערייטאָרס, וואָס האָבען דעמאָלט געאַרבייט אויף מאַשינען מיט עלעקטרישער קראַפט, איז שטאַרק איבערטריבען.

די פאַרדינסטען פון אַן אָפּערייטאָר, ווען עס איז געווען אַ סך אַרבייט, זיינען געווען צווישען 15 און 18 דאָלאַר אַ וואָך. ער האָט זיך אָבער געקענט טרייסטען, אַז פּרעסערס און פינישערס

פלעגען פאַרדינען נאָך ווייניגער. די פאַרדינסטען זיינען אויף אַזאַ אופן נאָך געווען קלענער ווי מיט צעהן יאָר פריהער, אין 1900. אין דעם באַריכט פון דער קאָמיסיע פאַר אינדוסטריעלע באַצי־הונגען (אינדאָסטריעל רילעישאָנס קאָמישאָן) פון 1900 ווערט אָנגעגעבען, אַז אפּערייטאָרס פלעגען פאַרדינען צווישען 15 און 20 דאָלאַר אַ וואָך און באַזונדערס גוטע און שנעלע בעלי־מלאכות האָבען אין ארבייטס־סעזאָן געקענט פאַרדינען ביז 40 דאָלאַר אַ וואָך. עס זיינען, אמת, אויך אין 1910 געווען אפּערייטאָרס וואָס פלעגען פאַרדינען פון 30 ביז 40 דאָלאַר אַ וואָך, אָבער דאָס זיינען געווען באַזונדערס פּריווילעגירטע. לויט די ציפער וואָס דזשאָן דייטש האָט דעמאָלט אָנגעגעבען האָט די מאַיאָריטעט פון די קלאָוקמאַכער פאַרדינט ניט מער ווי צווישען 10 און 12 דאָלאַר אַ וואָך, הגם אין יעדען שאָפּ האָט מען געקענט געפינען אַזעלכע, וואָס האָבען פאַרדינט פון 30 ביז 40 דאָלאַר אַ וואָך. און אַלס צוגאָב פלעגען די אפּערייטאָרס דאַרפען וואַרטען אויף זייערע שכירות ביז די פּרעסערס און די פינישערס פלעגען פאַר־ענדיגען די אַרבייט.

און דאָך ווי שלעכט דעם אפּערייטאָר איז געווען זיינען נאָך געווען אַזעלכע, וואָס האָבען אים מקנא געווען. דאָס זיינען געווען די פּרעסערס און די פינישערס. זייער צרה איז געווען די סיסטעם פון אינוועניגסטע קאָנטראַקטאָרס אין די שעפּער, וואָס איז פּראַק־טיצירט געוואָרען אין דעם גרעסטען טייל פון טרעיד. צווישען די אפּערייטאָרס איז די סיסטעם געווען ווייניג פאַרשפּרייט, אָבער ביי די פּרעסערס איז דאָס געווען כמעט אין אַלע שעפּער. דער מאַנופעקטשורער פלעגט אָפּמאַכען מיט צוויי, דריי אָדער פיר פּרעסער, אַז זיי זאָלען פאַר אים טאָן די גאַנצע אַרבייט פאַר אַ געוויסען פּרייז און זיי פלעגען דינגען „העלפּער" אָדער „אַסיס־טענטס". אָט די קאָנטראַקטאָר־פּרעסערס, אָדער סוב־קאָנטראַק־טאָרס, ווי מען האָט זיי גערופען, פלעגען פאַרדינען ביז 150 דאָלאַר אַ וואָך, אָבער זייערע העלפּער פלעגען זיך מוזען באַגנוגען מיט 6 אָדער 8 דאָלאַר אַ וואָך. די פּרעסערס זיינען געווען קנעכט ביי קנעכט. טיילווייז איז דאָס אויך געווען אַזוי ביי די פינישער, אָבער די הויפּט צרה פון סוב־קאָנטראַקטאָרס איז געווען ביי די פּרעסער.

און פאַר די צרה׳דיגע הונגער־פאַרדינסטען האָט מען גע־

דארפט ארבייטען פון 14 ביז 16 שטונדען א טאָג און אָפט נאָך מער. בלויז אין א קליינער צאָל שעפּער איז דער ארבייטס־טאָג געווען ארום 9 און א האלב שטונדען. אין די איבריגע האָט אין אלגעמיין ניט עקזיסטירט קיין גרענעץ פאר דער ארבייטס־צייט. מען האָט געארבייט אזוי לאַנג ווי די כוחות האָבען געסטאָיעט. און ווען מען האָט פארענדיגט די ארבייט אין שאָפּ האָט מען מיטגענומען א „באַנדעל" אין דער היים אויף נאָך ווערשערע, ווען מען האָט זיך אביסעל אָפּגערוט. אַן אָפּערייטאָר פלעגט האָבען, אויסער זיין מאַשין אין שאָפּ, אויך א מאַשין אין דער היים, וואו מען פלעגט אויך קענען ארייננכאפּען אַן איבריגען טאָג ארבייט — זונטאָג אָדער שבת — ווען דער שאָפּ איז גע־שלאָסען. דערביי פלעגט טאָקע די ווייב און די קינדער אונ־טערהעלפען.

די שעפּער אין וועלכע די יוניאָן פלעגט פון צייט צו צייט אויסקעמפען בעסערע באַדינגונגען האָבען אָדער ניט געקענט עק־זיסטירען אָדער זיי האָבען ניט געהאלטען זייער אָפּמאַך. די קאָנקורענץ האָט ניט געהאַט קיין שום גרענעץ. דער צושטאַנד פון טרעיד איז אזוי דעגענערירט געוואָרען, אַז איינער, וואָס האָט געהאַט גאַנץ ווייניג קאַפּיטאַל און נאָך ווייניגער געוויסען, האָט געקענט ווערען א קלאָוק־מאַנופעקטשורער. מאַשינען האָט ער ניט גערדאַרפט קויפען, דאָס האָבען די אָפּערייטאָרס אַליין געמוזט האָבען און קיין פיל רענט פאַר א שאָפּ האָט ער אויך ניט גע־דאַרפט צאָלען, ווייל עס איז געווען רעכט צו קריגען אַן אָרט ערגעץ איבער א שטאָל, אָדער אין א קעלער, און צו עפענען דאָרטען א קלאָוק־שאָפּ. דער באַריכט פון דער אונטערזוכונג פון די קלאָוק־שעפּער, וואָס איז שפּעטער נאָכ'ן סטרייק דורכגעפירט געוואָרען פון דעם „דזשאָינט באָארד אוו סאַניטאַרי קאָנטראָל", האָט ניט בלויז דערצעהלט וועגען די שלעכטע סאַניטאַרע צושטענדען פון די שעפּער, נאָר אויך וועגען זייער גרויסער אונזיכערקייט אין פאַל פון א פייער. א סך פון זיי זיינען געווען פולשטענדיגע פייער־פאַסטקעס.

קורץ און גוט, די צושטענדען און די באַדינגונגען אין דער קלאָוק־אינדוסטריע פון ניו־יאָרק זיינען געווען פולשטענדיג רייף פאַר א רעוואָלוציע. און א רעוואָלוציאָנערע ארמעע דורכצופירען די רעוואָלוציע איז אויך געווען. מען האָט איר נאָר גערדאַרפט

גוט אָרגאַניזירען. צווישען די קלאָוקמאַכער האָבען זיך געפונען טויזענטער, וואָס זיינען דורכגעגאַנגען דעם חדר פון „בונד" פון רוסלאַנד, ליטע און פוילען. עס זיינען געווען אַ סך, וואָס האָבען געקראָגען זייער ערציהונג אין אַנדערע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען. זיי זיינען אַלע געווען יונגע, קאַמפּס־לוסטיגע, נאָר מען האָט זיי געדאַרפט אָרגאַניזירען און פירען אין קאַמף. אין אָנפאַנג איז דאָס געווען שווער, ווייל זיי האָבען זיך באַצויגען קריטיש צו די אַמעריקאַנער יוניאָנס. זיי זיינען זיי ניט געפעלען געוואָרען. אגב האָבען אַ סך פון זיי זיך דאָ באַטראַכט בלויז פאַר געסט, וואָס זיינען געקומען אויף אַ ווײַלע. מען האָט געוואַרט אויף דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און מען וועט פאָרען צוריק. אַמעריקא איז פאַר זיי געווען ווייט ניט אַזוי אַנציהענד. זיי האָבען דאָ קיין האָניג ניט געלעקט. די מייסטע אָפּערייטאָרס האָבען זיך די מלאכה פון שטעפּען און מאַכען קלאָוקס אויסגעלערנט אין קאָ־לומבוסעס מדינה. אין דער אַלטער היים האָבען זיי פון דעם ניט געוואוסט און אפילו ניט גע׳חלומ׳ט. זאָל מען דעריבער דאָרטען נאָר מאַכען אַ סוף צו דער זעלבסטהערשאַפט פון צאַר, וועט דאָך רוסלאַנד זיין אַ טייער לאַנד. ווער וועט עס דעמאָלט דאָ בלייבען אין אַמעריקא און דרעהען די „קאַטערינקע" טאָג און נאַכט? איז אָבער געקומען די רעוואָלוציע (1905) און איז דורכגעפאַלען. פון אָנפאַנג האָט זיך נאָך ניט געגלויבט, אַז זי איז דורכגעפאַלען, מען האָט נאָך געהאָפט. ווען עס איז אָבער אריבער אַ יאָר און צוויי און די רעאַקציע האָט זיך אַלץ מער באַפעסטיגט, איז מען שוין געווען זיכער, אַז פּאָרלויפיג איז עס אַ דורכפאַל. און די בונדיסטען, די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, די אַנאַרכיסטען און די אַנדערע צווישען די קלאָוקמאַכער, וואָס האָבען זיך דאָ פריהער באַטראַכט פאַר געסט אויף אַ ווײַלע און האָבען זיך דעריבער ווייניג אינטערעסירט מיט דעם וואָס ס׳קומט דאָ פאָר, האָבען זיך אָנגעפאַנגען ביסלעכווייז צו באַטראַכטען פאַר היגע תושבים. זיי האָבען אָנגעפאַנגען פילען, אַז זיי בלייבען אין אַמעריקא און אַז זיי וועלען אויך בלייבען אָפּערייטאָרס, פּרעסערס א. אז. וו. זיי זיינען אויף אַזאַ אופן געוואָרען גוטע קאַנ־דידאַטען פאַר דער יוניאָן, און ווען זיי זיינען אָרגאַניזירט גע־וואָרען האָבען זיי מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אויסגעצייכענטע רעוואָלוציאָנערע אַרמעע.

די נייע, יונגע מיטגלידער פון דער יוניאָן האָבען זיך אריינ־געוואָרפען אין דער ארבייט צו אגיטירען פאר דעם גענעראל סטרייק און צו ווערבירען וואָס מער מיטגלידער פאר דער יוניאָן. אין אפריל (1910) האָט די יוניאָן שוין געהאט צעהן טויזענד מיטגלידער, און די פאָדערונג, אז דער גענעראל סטרייק זאָל באלד גערופען ווערען, איז געוואָרען אלץ שטארקער. עס איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז עס האָבען זיך אנגעפאנגען הערען שטימען, אז די באאמטע פון דער יוניאָן נארען אָפּ און אז באמת ווילען זיי גאָר קיין סטרייק ניט רופען. אָבער מען האָט זיי באַ־רוהיגט. מען האָט זיי געזאָגט, אז פאר אזא סטרייק מוז מען האָבען די צושטימונג פון דער קאָנווענשאָן פון דער אינטער־נעשאָנאל, און אזוי ווי די קאָנווענשאָן דארף פאָרקומען אין חודש יוני, איינגאנצען בלויז אין עטליכע וואָכען ארום, מוז מען ווארטען.

די קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאל איז אָפּגעהאלטען געוואָרען אין באָסטאָן. דאָס איז געווען די גרעסטע קאָנווענשאָן, וואָס די אינטערנעשאָנאל האָט געהאט זינט איר גרינדונג. עס זיינען געקומען זיבעציג דעלעגאטען.

לאָקאל 1 האָט צוגעשטעלט דעם פאָלגענדען באריכט צו דער קאָנווענשאָן:

„ברודער פרעזידענט און ווערטע דעלעגאטען:

מיט א מערקווירדיגער צופרידענהייט קומען מיר צו דער דאָזיגער קאָנווענשאָן באריכטען דעם פראָגרעס פון אונזער לאָקאל. ביי דער לעצטער קאָנווענשאָן אין פילאדעלפיע האָבען אונזערע דעלעגאטען באריכטעט, אז דער קריזיס אין לאנד האָט אונזער לאָקאל געטראָפען אמשטארקסטען. אויסהערענדיג די באריכטען פון יעדען לאָקאל באזונדער, האָבען מיר געהערט דאָס מיר זיינען ניט געווען די איינציגע יוניאָן צו ליידען פון דעם קריזיס. זעלבסט־פארשטענדליך, אז אונטער אזעלכע אומשטענדען און בלייבענדיג מיט אזא קליינער צאָל מיטגלידער (בלויז 200, איז געווען אונ־מעגליך פאר דער יוניאָן עפּעס צו טאָן צו פארבעסערען די לאגע פון טרעיד. עס איז ניט געווען די פראגע צו פארבעסערען דעם טרעיד, אז מען זאָל קענען אָן אנשטענדיגען לעבען מאכען, נאָר א פראגע צי זאָלען מיר אנהאלטען דעם לאָקאל. א דאנק פּופּצעהן איבערגעגעבענע מיטגלידער, וועלכע האָבען צווישען זיך באשלאָסען דאָס דער לאָקאל זאָל אויפגעהאלטען ווערען, מעג עס קאָסטען וואָס

עס וויל, האָבען מיר זיך גענומען צו דער ארבייט, פול מיט האָפ־נונגען און דערלעבט די גינסטיגע צייט. איצט קענען מיר אייך, ווערטע דעלעגאַטען, באַריכטען מיט גרויס פאַרגעניגען, אַז אונזער לאָקאַל איז געוואַקסען און וואַקסט נאָך איצט פון טאָג צו טאָג, אַזוי וויט, אַז מיר זיינען געווען געצוואונגען אונזער יוניאָן צו צוטיילען אין צוויי סעקשאָנס, וועלכע פאַרזאַמלען זיך דאַון־טאַון און אין האַרלעם. ביידע סעקשאָנס זיינען פאַרבונדען דורך איין עקזעקוטיוו באָארד. אין באַצוג צו דער געשעפטס־זייט פון אונזער לאָקאַל, אָבוואָהל פילעס ווערט געטאָן פון דער דזשאָינט באָארד, זיינען מיר דאָך פאַרוואָרפען מיט א סך ארבייט. אונזער סעק־רעטאר, וועלכער פלעגט פריהער טאָן זיין ארבייט אין די אָווענדען, איז זינט דעם לעצטען יאָר געצוואונגען עס צו טאָן א גאַנצען טאָג. סטרייקס האָבען מיר די לעצטע צוויי יאָר געפירט זעהר וועניג, אונגעפעהר אכט, פון וועלכע דריי זיינען געווען די וויכטיגסטע, נעמליך ר. סיימאָנס, בארינשטיין און מייערס ענד קאשאוויץ. עס איז ווערט צו באַמערקען, אַז דער סטרייק פון ר. סיימאָן האָט צוגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון די איבריגע ארבייטער אין דעם טרעיד, און ביי פינף הונדערט ארבייטער אין דער זעלבער געביידע האָבען פאַרלאָזען די שעפּער אין סימפּאַטיע־סטרייק מיט די ארבייטער פון ר. סיימאָן. אָט דער סימפּאַטיע־סטרייק האָט אונז געבראַכט צו דער איבערצייגונג, אַז סינגעל סטרייקס זיינען א רואינע פאַר אונזער יוניאָן, און מיר האָבען גלייך אָנגעפאַנגען ארבייטען אין די אינטערעסען פון א גענעראַל סטרייק. זעלבסט־פאַרשטענדליך, איז אונזער ארבייט געקרוינט מיט ערפאָלג און מיר זיינען איצט אין אַזא פּאָזיציע אויפצונעמען דעם גענעראַל סטרייק.

אונזער לאָקאַל צעהלט איצט איבער צוויי טויזענד מיטגלידער. אונזערע אויסגאַבען זיינען 60 דאָלאַר א וואָך, אויסער פער קעפּי־טא, וועלכע מיר צאָלען צו דער דזשאָינט באָארד. עס איז ווערט צו באַמערקען, אַז אין פאַרלויף פון די לעצטע דריי מאָנאַטען האָבען מיר אָוועקגעצאָלט פער קעפּעטא צו דער דזשאָינט באָארד איבער 21 הונדערט דאָלאַר. אין אַלגעמיין איז אונזער לאָקאַל אין א גאַנץ גוטען צושטאַנד, און איצט, צו דער 10־טער קאָנווענשאָן, זיינען מיר פאַרטראָטען דורך זעקס דעלעגאַטען. דערפון קען מען זעהן, אַז מיר געהען פאָרווערטס.

מיר האָפען אז צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן וועלען מיר שיקען דעלעגאַטען פון א מעכטיגער אָרגאַניזאַציע, וועלכע וועלען פאַרטרעטען אַלע ארבייטער פון אונזער פאַך.

מיט ברידערליכען גרוס,

דזש. וואולף, א. אקסעלראַד, י. שעף,

ב. פריעד, פ. זיידענבערג."

אַלע דעלעגאַטען פון די ניו־יאָרקער קלאָוקמאַכער לאָקאַלס האָבען געהאַט אינסטרוקציעס צו פאָדערען פון דער קאָנווענשאָן איר צושטימונג צו אַ גענעראַל סטרייק אין דער קלאָוק־אינדוסטריע פון ניו־יאָרק, און זיי איז ניט אָנגעקומען שווער זייער פאָדערונג צו קריגען. זיי האָבען בלויז געדאַרפט וואַרטען ביז די רעזאָלוציאָנס קאָמיטע וועט אָריינברענגען איר באַריכט. און עס איז געווען טאַקע אַביסעל לאַנג צו וואַרטען. די קאָמיטע האָט דעם באַריכט און איר רעקאָמענדאַציע אָנצונעמען די רעזאָלוציע פאַר א גענעראַל סטרייק ערשט אַריינגעבראַכט אויפ'ן פינפטען טאָג פון ־ער קאָנווענשאָן. דער באַריכט האָט אָבער אַרויסגערופען א הייסע דעבאַטען, און באַזונדערס האָבען זיך געהיצט די ניו־יאָרקער דעלעגאַטען, וועלכע האָבען ניט געוואָלט הערען קיין שום געגנערשאַפט צו זייער פאַרלאַנגטען גענעראַל סטרייק. נאָר נאָך א דעבאַטע פון פינף שטונדען איז די סטרייק־רעזאָלוציע אין א אויסגעבעסערטער פאָרם אָנגענומען געוואָרען מיט 55 שטימען געגען 10. אין דער אָנגענומענער רעזאָלוציע איז געזאָגט געוואָרען, אַז די גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאָנאַל ווערט באַפולמעכטיגט צו מאַכען אַלע נויטיגע פּאָרבאַרייטונגען און צו רופען א גענעראַל סטרייק אין דער קלאָוק־אינדוסטריע פון ניו יאָרק, אין דער צייט וואָס זי וועט געפינען פאַר ראַטזאַם.

ווי מען איז נאָר געקומען צוריק פון דער קאָנווענשאָן האָט מען זיך גלייך גענומען צונויפשטעלען דעם סטרייק־אַפּאַראַט. די אַרבייט איז געטאָן געוואָרען אונטער דער אויפזיכט פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאָנאַל און פון קלאָוקמאַכער דזשאָינט באָארד, וועלכער איז דעמאָלט באַשטאַנען פון 9 לאָקאַלס — קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן לאָקאַל 1; קלאָוק און סוט טעילאָרס, לאָקאַל 9; אמאַלגאַמייטעד לעידיס גאַרמענט קאַטערס יוניאָן, לאָקאַל 10; קלאָוק און סקוירט מאַכער פון בראָנזוויל, לאָקאַל 11; ריפער מאַכער יוניאָן, לאָקאַל 17;

סקוירט מאַכער יוניאָן, לאָקאַל 23 ; קלאָוק פּרעסערס, לאָקאַל 35 ; באָטנהאָל מאַכער יוניאָן, לאָקאַל 68 ; קלאָוק און סוט פּרעסער פון בראָנזוויל, לאָקאַל 58. יעדער פון די לאָקאַלס האָט באַשטימט פינף פון זיינע מיטגלידער צונויפצושטעלען אַ גענעראַל סטרייק קאָמיטע, וועלכע מען האָט איינגעטיילט אין די פאָלגענדע 9 סוב־קאָמיטעס : סעטעלמענט קאָמיטע, פון וועלכע די פּאָרזי־צענדע זיינען געווען דזשאָן ב. לענאָן, טרעזשורער פון דער אמע־ריקען פעדעריישאָן אוו לעיבאָר, און א. בלאָק ; פּיקעט קאָמיטע, פון וועלכער מ. זיגמאַן און דזש. קאָהן זיינען געווען די פּאָרזי־צענדע ; האָל קאָמיטע — אב. מיטשעל, פּאָרזיצענדער ; רעדנער קאָמיטע — וו. סימאָנס ; רעליף קאָמיטע — דזש. וואולף ; פּרעס קאָמיטע — א. עפּשטיין ; פינאַנס קאָמיטע — סערינגטאָן ; אָר־גאַניזאַציאָנס־קאָמיטע — מ. קאָלדאָפּסקי און א. אַקסעלראַד ; לאָא קאָמיטע — ה. גראָסמאַן און מ. היימאַן ; פּרינטינג קאָמיטע — ראַבינאָוויטש און סיידי קאָהן.

אייגענטליך איז דער דזשענעראַל באָארד דעמאָלט באַשטאַנען פון 7 לאָקאַלס, ווייל די צוויי בראָנזווילער לאָקאַלס — 11 און 58 — האָבען נאָך דעמאָלט ניט באַלאַנגט צום דזשאָינט באָארד. זיי האָבען בלויז געהאַט פאָרטרעטער אין דער סטרייק קאָמיטע.

אַ קאָמיטע פון דריי — אב. ראָזענבערג, דזשאָן דייטש און ס. פּאָליאַקאָף, איז באַשטימט געוואָרען באַקאַנט צו מאַכען די צייט פון סטרייק, ווען עס וועט באַשלאָסען ווערען.

די אַרבייט איז אַוועק אין פולען גאַנג. די סטרייק קאָמיטע איז זיך צונויפגעקומען און האָט אויסגעאַרבייט די פאָדערונגען, וואָס עס דאַרפען געשטעלט ווערען צו די באַלעבאַטים, און נאָכ־דעם ווי די לאָקאַלס האָבען צוגעשטימט צו זיי האָט מען עס אַרויסגעשיקט צו די באַלעבאַטים.

די פאָדערונגען זיינען געווען :

אַן אַכט־שטונדיגער אַרבייטס־טאָג אָדער אַן אַכט־און־פערציג שטונדיגע אַרבייטס־וואָך. קיין אַרבייט שבת נאָכמיטאָג. אין די שעפּער, וואו מען אַרבייט זונטאָג אָנשטאָט שבת, זאָל זונטאָג געאַרבייט ווערען בלויז אַ האַלבען טאָג.

קאַטערס זאָלען קריגען ניט ווייניגער ווי 26 דאָלאַר אַ וואָך. סעמפּעל שניידערס ניט ווייניגער ווי 24 דאָלאַר ; פּרעסערס ניט

ווענינער ווי 22 דאָלאר; אונטער־פרעסערס ניט ווענינער פון 19 דאָלאר.

די אָפּשאַפונג פון אינסייד־קאָנטראַקטאָרס ביי פרעסערס, פינישערס און אָפּערייטאָרס.

באַטנהאָל מאַכער דארפען קריגען אַ דאָלאר פאַר אַ הונדערט קנאָפּ־לעכער.

אין יעדען שאַפּ מוז זיין אַ שאַפּ־דעלעגאַט מיט אַ פּרייז־קאָמיטע און קיין ארבייט דאַרף ניט געמאַכט ווערען, איידער מען האָט באַשטימט דעם פּרייז.

די מאַנופעקטשורערס דאַרפען באַשעפטיגען בלויז יוניאָן־מיטגלידער.

ביי פרייזען מאַכען אויף שטיק־ארבייט, דאַרף אויסגערעכענט ווערען, עס זאָל אויסקומען 75 סענט אַ שטונדע. אויך דאַרפען די באָסעס איינפירען עלעקטרישע מאַשינען און קיין ארבייטער זאָל ניט דאַרפען באַצאָלען פאַר עלעקטרישער קראַפט, ניט קויפען קיין מאַשינען, נאָדלען, מאַשין־רימענס, באַוועל, זייד א. אז. וו.

קיין ארבייטער אין שאַפּ זאָל ניט טאָרען ארבייטען מיט העלפערס. העכסטענס קען איין העלפער ערלויבט ווערען.

גלייכע צוטיילונג פון דער ארבייט.

דעם 28־טען יוני זיינען די קלאָוקמאַכער גערופען געוואָרען צו אַ מאַסען־פארזאַמלונג אין מעדיסאָן סקוועער גאַרדען. די פאַרזאַמלונג האָט זיך געדאַרפט אָנפאַנגען 8 אזייגער אין אָוונד, אָבער שוין 3 בייטאָג איז די גאַנצע געגענד ארום מעדיסאָן סקוועער גאַרדען געווען פארפלייצט מיט קלאָוקמאַכער. פינף אזייגער האָט מען געעפענט די טירען פון מעדיסאָן סקוועער גאַרדען און אין אַ פערטעל שעה ארום האָט מען זיי געמוזט פארמאַכען, ווייל ער איז שוין געווען פול פון אונטען ביז ארויף, ביז׳ן לעצטען פּלאַץ, און טויזענדער זיינען געבליבען אויסען. אַלע גאַסען ארום מעדיסאָן סקוועער גאַרדען זיינען געווען פארבלאָקירט פון דער גרויסער מאַסע מענשען, וואָס זיינען געגאַנגען צו דער פארזאַמלונג און האָבען ניט געקענט צוקומען. מען האָט דעריבער אויפגעשטעלט פּלאַטפאָרמעס אין גאַס, פון וועלכע מען האָט גערעדט צו די פארזאַמעלטע. לויט דער אָפּשאַצונג פון די צייטונגען זיינען געווען ארום פערציג טויזענד מענשען פארזאַמעלט ארום מעדיסאָן סקוועער גאַרדען.

פיר־און־צוואנציגסטער קאפיטעל

# די גרויסע קלאוקמאכער רעוואלוציע

די „נייע פאסט" האט געלאזט וויסען אלע קלאוקמאכער פון גרוים ניו יארק, אז שבת, זונטאג און מאנטאג, דעם 2טען, 3טען און 4טען יולי וועט פארקומען אן אפשטימונג וועגען גענעראל־סטרייק און אז אלע מיטגלידער פון דער יוניאן זאלען זיך אין דער אפשטימונג באטייליגען. די אפשטימונג איז געווען א העכסט איינפאכע. יעדער, וואס איז געווען בארעכטיגט צו שטימען, האט געקראגען א שטימצעטעל פון צוויי העלפטען. אויף איין העלפט זיינען געווען געדרוקט אין ענגליש, אידיש און איטאליעניש די ווערטער „יא סטרייקען" און אויף דער צווייטער העלפט — „ניט סטרייקען". מען האט בלויז געדארפט אפרייסען די העלפט וואס מען וויל און עס ארייננווארפען אין שטימקאסטען.

דער רעזולטאט פון דער אפשטימונג איז געווען: איבער ניינצען טויזענט פאר סטרייקען און ארום זעקס הונדערט געגען סטרייקען.

ווי דער רעזולטאט פון דער אפשטימונג איז באקאנט גע־ווארען האבען א סך ארבייטער אנגעפאנגען פארלאזען די שעפער, ווייל זיי האבען געמיינט, אז דער סטרייק איז שוין ערקלערט געווארען, אבער די יוניאן האט זיי גלייך געלאזט וויסען דורך אן עקסטרא אויסגאבע פון דער „נייער פאסט", אז אלע מוזען בלייבען ארבייטען אין די שעפער ביז עס וועט ניט קומען דער רוף צום סטרייק און דאס וועט געטאן ווערען דורך א ספעציעלער אויסגאבע פון דער „נייער פאסט" אויף רויטע פאפיר, וואס וועט הייסען די „רויטע פאסט".

האט מען געווארט מיט אומגעדולד אויף דער „רויטער פאסט" ביז מען האט זיך ענדליך דערווארט.

די קאָמיטע פון דריי, וואָס האָט גערדאַרפט באַשטימען די צייט פון סטרייק, האָט באַשלאָסען, אַז דער סטרייק זאָל זיך אָנפאַנגען דאָנערשטאָג, דעם 7טען יולי, 2 אַזייגער בייטאָג און זי האָט אַרויסגעלאָזען דעם פאָלגענדען אויפרוף געדרוקט אויף רויטע פאַפּיר:

„דער דזשענעראַל סטרייק ערקלערט היינט
2 אוהר נאָכמיטאָג!

„היינט 2 אוהר נאָכמיטאָג, ניט פריהער און ניט שפּעטער, מוז יעדער קלאָוק און סקוירט אַרבייטער, — אָפּערייטאָר, שניי־דער, פינישער, קאַטער, סקוירט מאַכער, פּרעסער און באָטאָן־האָל מאַכער, — אוועקלעגען די אַרבייט און צוזאַמען מיט די איבע־ריגע אַרבייטער אַרונטערגעהן אין סטרייק. קיינער פון אייך זאָל ניט בלייבען אין די שעפּער! אַלע אַרויס!

„איהר זייט אַלע ערזוכט אַז ביים אַרויסגעהן אין סטרייק זאָל הערשען די פאָלשטענדיגסטע אָרדנונג. פּאַרלירט ניט די קעפּ און מאַכט ניט קיין טומעל ביים אַרונטערגעהן.

„פּונקט 2 אוהר זאָל יעדער פון אייך איינפּאַקען זיינע טולס און זיי גלייך מיט זיך נעמען. לאָזט ניט איבער אייערע שערען, שאָטעלס און אַנדערע זאַכען אין די שעפּער. געהט אַרונטער שטיל און רוהיג. אויב די באָסעס וועלען אייך ניט לאָזען אַרונ־טערפאָרען מיט די עלעוויטאָרס, מאַכט וועגען דעם קיינע אַרגו־מענטס ניט; פּאַרבויגט יעצט אייער כבוד און וואָקט אַרונטער מיט די טרעפּען. מאַרשירט אין אָרדנונג פון אייערע שעפּער אין די פאַרשידענע מיטינג־לאָקאַלען, וואו מיר צייגען אייך דאָ אָן.

„וואַרט ניט ביז קאָמיטעס וועלען אייך קומען אַרונטער־נעמען. מיר וועלען פּאָזיטיוו קיינע קאָמיטעס ניט שיקען. מיר ווילען ניט געבען קיין געלעגענהייט דער פּאָליציי מאַכען אַ פּאָר צענדליג אַרעסטען גלייך דעם ערשטען טאָג און נאָכהער זאָלען אַלע צייטונגען אַרויס מיט עקסטראַס, אַז ביים אַרונטערגעהן אין סטרייק האָבען שטאַטענפונדען רייאָטס. געהט אַליין אַרונטער.

„געדענקט: דער סוקסעס פון דעם סטרייק העננט מער־סטענטיילס אָפּ פון דער גוטער אָרדנונג און דיסציפּלין, וואָס איהר וועט אַרויסווייזען.

„און אום צו פאַרמיידען כאַאָס און אונאָרדנונג, האָבען

מיר באשלאָסען אייך צו לאָזען וויסען וואו זיך צוזאמענצוקומען נאָכדעם ווי איהר וועט ארונטער פון די שעפּער. איהר דארפט געהן אין די פאָלגענדע פּלעצער:

„אלע שעפּער, וואס געפינען זיך צווישען דער 24טער און 38טער סטריט, איסט און וועסט, זאָלען געהן נאָך פּראָגרעס אסעמ־בלי רומס, 30 עווענױ „איי", קאָרנער צווייטע סטריט.

„די שעפּער איסט און וועסט, צווישען דער 23טער ביז דער 17טער סטריט, זאָלען געהן נאָך מאנהעטען לייסעאום, 66 איסט 4טע סטריט.

„די שעפּער פון דער 17טער סטריט ביז דער 10טער סטריט זאָלען געהן נאָך 260 איסט בראָדוויי.

„אלע שעפּער פון דער 10טער ביז ספּרינג סטריט זאָלען געהן נאָך 96 קלינטאָן סטריט.

„די שעפּער פון ספּרינג ביז וואָקער סטריט זאָלען געהן נאָך 96 פּאָרסייט סטריט.

„אלע שעפּער פון קאנעל, דיוויזשאָן, איסט בראָדוויי און די זייטיגע סטריטען זאָלען געהן נאָך 49 הענרי סטריט.

„די ארבייטער פון די איסט סייד שעפּער זאָלען זיך פאר־זאמלען אין 92 קאָלאָמביא סטריט.

„די קאטערס וועלען מיטען אין דער 11טער סטריט, ניער 3טע עווענױ.

„אין די אלע פארשידענע האָלס וועלען זיך געפינען אונ־זערע קאָמיטעס, וועלכע וועלען איינטיילען די באזונדערע שעפּער אין די פארשידענע מיטינג־רומס, וואָס זיינען פאר זיי בא־שטעלט געוואָרען.

„פאר די, וואָס וואוינען אין הארלעם און אין בראָנקס, איז געזאָרגט געוואָרען, אז זיי זאָלען ניט דארפען פאָרען יעדען טאָג דאון־טאַון און פאָרלויפיג איז גענומען געוואָרען דער האָל אין 1915 דריטע עווענױ, ניער 106טע סטריט. מאָרגען וועלען מיר אנאָנסירען די איבעריגע האָלס.

„די בראָנזווילער ארבייטער זאָלען זיך פארזאמלען אין זייערע העדקוואָדערס.

„די ברוקלינער וועלען מיטען אין 71 קוק סטריט.

„מיר זאָגען אייך נאָך אמאָל: פארלירט ניט די קעפּ און האַלט אויף די אָרדנונג און דיסציפּלין!

ביי אָרדער אָוו דהי דזשענעראַל סטרייק קאָמיטע פון
דער קלאָוק און סקוירט מייקערס יוניאָן אָוו ניו יאָרק,
אינטערנעשאָנאַל ליידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן”.

א פאראָרדנונג איז ארויסגעגעבען געוואָרען, אז די „רויטע פּאָסט”, וואו דער אָפיציעלער סטרייק רוף איז געדרוקט געוואָרען, זאָל מען אָנפאנגען אויסטיילען אין און ארום די קלאָוק־שעפּער ניט פריהער ווי 12 אזייגער בייטאָג, ווען די קלאָוקמאַכער געהען אראָפּ עסען. די פאראָרדנונג איז אויסגעפירט געווארען מיט דער גרעסטער פּינקטליכקייט. די אָרגאַניזאציע האָט געארבייט אויסגעצייכענט. אין דער צייט פון א האַלבער שעה איז די „רויטע פּאָסט” פאנאנדערגעטיילט געוואָרען איבער גאַנץ ניו יאָרק וואו קלאָוק־שעפּער געפינען זיך נאָר.

איצט האָט מען געדארפט ווארטען וואָס עס וועט זיין דער ענטפער אויפ'ן רוף. די פירער און די אָרגאַניזירער פון דעם סטרייק זיינען געשטאַנען מיט קלאַפּענדע הערצער און האָבען געווארט. און אָט איז שוין צוויי אזייגער, די קריטישע שטונדע, און עס זעהט זיך נאָך גאָרנישט. איז עס מעגליך, אז די קלאָוק־מאכער האָבען זיך ניט אָפּגערופען?... נאָר זיי האָבען זיך יאָ אָפּגערופען.

דערצעהלט אב. ראָזענבערג אין זיינע „עראינערונגען” ווי ער און די אנדערע זיינען געשטאַנען און געוואַרט און א צווייפעל האָט אָנגעפאנגען נאָגען זייערע הערצער, נאָר

„אין דער זעלבער מינוט האָט מען דערזעהן פון וויטען א כוואַליע מענשען זיך ציהען פון אַלע זייטען סטריטען אין דער פינפטער עוועניו, געהענדיג צו דאון־טאון צו. מיט יעדער מינוט איז די מאסע גרעסער געוואָרען, און אַלע האָבען זיך געצויגען צו איין פונקט.

„האַלב נאָך צוויי זיינען אַלע גאסען אין ניו יאָרק, פון דער 38טער סטריט ביז צום איסט ריווער, איסט און וועסט, געפּאַקט געוואָרען מיט טויזענטער ארבייטער. אין פילע גאסען זיינען אַלע קארס און עקספּרעס־וועגען אָפּגעשטאַפּט געוואָרען איבער

דעם גרויסען נעדראנג פון מענשען. יעדער איינער פון די סטרייקערס האט מיט זיך מיטגעטראגען זיין פעקעל טולס און אלע זיינען געגאנגען אין דער דירעקציאן ווי מיר האבען זיי אנגעצייגט דורך דער „רויטער פאסט".

„איך ווייס ניט אויב פילע מענשען האבען אזא סצענע שוין אמאל בייגעוואוינט. פילע פון אונזערע איבערגעבענע מיטגלידער האבען געוויינט מיט פריידען-טרערען, זעהענדיג אז זייער לאנג-יעריגע ארבייט איז ענדליך געקרוינט געווארען מיט ערפאלג. אין מיין געדאנק האב איך מיר דאמאלסט פארגע־שטעלט, אז אזא סצענע האט נאר געקענט פארקומען, ווען די אידען זיינען ארויס פון מצרים. אפילו די ערב־רב זיינען מיט אונז אויך ארונטער, גראדע ווי דאמאלסט.

„ארום אונזער יוניאן אפיס אין דער צענטער סטריט האבען אלע צענדליגע טויזענטע ארבייטער פארביימארשירט און פון טויזענטער העלזער איז די יוניאן באגריסט געווארען.

„עס איז באלד געווארען א גאנצע איבערקערעניש אין שטאדט. ארבייטער פון אנדערע טריידס האבען זייערע שעפער פארלאזען און זיינען געלאפען זעהן דיזען מערקווירדיגען בילד. דאס זעלבע האבען אויך געטאן פילע געשעפטס-לייטע. מיט איינעם ווארט, די גאנצע שטאדט מענשען זיינען געווען אויף די גאסען".

אין א משך פון א וואך צייט זיינען ביז 60 טויזענט ארבייטער געווען אין סטרייק. עס איז געווען אן אמת'ע רעוואָ־לוציע. אזוי האבען אלע דעם סטרייק באצייכענט. עס האבען זיך צו די סטרייקערס פון די קלאוק און סקוירט שעפער אויך אנגעשלאסען די רעין-קאוט מאכער און א סך פון די שניידער אין די דעפארטמענט-סטארס. דער סטרייק האט פולשטענדיג אפגעשטעלט די גאנצע קלאוק-אינדוסטריע. ער איז געווען גלענצענד ארגאניזירט, אלץ האט געארבייט ווי א זייגער.

נאר באלד האט זיך באוויזען א צרה, וועגען וועלכער מען האט פריער ניט געטראכט. דאס זיינען געווען די „יתומים", ווי מען האט זיי א נאמען געגעבען.

„דורכ'ן סטרייק, — דערצעהלט אב. ראזענבערג, — האבען מיר אויסגעפונען א נייעם קלאס ארבייטער, וועלכע מען האט

גערופען די יתומים". דאָס זיינען געווען אַזעלכע אַרבייטער, וועלכע זיינען פאַר דעם סטרייק געווען אַרבייטסלאָז און האָבען ניט געהאַט קיין באַשטימטע שעפּער. צווישען די סטרייקענדע שעפּער האָט מען זיי ניט אַריינגעלאָזען און די ערשטע פּאָר טעג פון סטרייק זיינען זיי אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסען און האָבען אָנגעמאַכט אַ סך טראָבעל. זיי האָבען געסטראַשעט, אַז זיי וועלען גיין סקעבען, אויב מען וועט זיי ניט אָנערקענען אין דער יוניאָן. די דזשענעראַל סטרייק קאָמיטע איז געצוואונגען געווען זיי צו אָנערקענען. מען האָט געדונגען פאַר זיי האַלס, וואו צו מיטען, און מען האָט זיי איינגעטיילט אין דריי באַזונדערע לאָקאַלען מיט אונזערע טשערליייטע. אין איין מיטינג לאָקאַל האָבען געמיטעט די אַפּרייטאָרס און פינישערס־„יתומים", אין צווייטען די פּרעסער־„יתומים" און אין אַ דריטען לאָקאַל — די איטאַליענישע „יתומים".

„דיזע „יתומים" האָבען אונזער סטרייק־קאָמיטע ניט ווייניג טראָבעל פאַרשאַפט. ניט האָבענדיג קיין שעפּער, וועלכע צו פּיקעטען, און אַרומגעהענדיג לעדיג די גאַנצע צייט, האָבען זיי אימער געפונען מיט וואָס צו זיין אונצופרידען. די סטרייק־קאָמיטע האָט ענדליך געמוזט באַשליסען, אַז ווען אַ מאַנופעק־טשורער וועט סעטלען מיט דער יוניאָן און ער וועט זיך נויטיגען אין מער אַרבייטער, ווי ער האָט געהאַט איידער מען איז אַרונטער אין סטרייק, טאָר קיין סטרייקער אַהין ניט אַרויפגעהן אַרבייטען, אויסער די פון די „יתומים".

„נאָר וויפיל מיר האָבען געהאַט אויסצושטעהן פון די אידישע „יתומים" איז נאָך געווען צו דערליידען אין פאַרגלייך מיט די צרות, וואָס מיר האָבען געהאַט פון די איטאַליענישע „יתומים". וויפיל סטרייק־בענעפיט מען האָט זיי געצאָלט, איז פאַר זיי אַלץ ניט געווען גענוג. זיי האָבען געהאַלטען אין איין פּראָטעסטירען, אַז די אידישע אַרבייטער קריגען מער פון זיי, אַ זאַך, וואָס איז ניט געווען אמת.

„אחוץ דעם האָבען מיר קיינמאָל ניט געקענט וויסען צי צאָלען מיר סטרייק־בענעפיט צו סטרייקענדע קלאָוקמאַכער אָדער צו באַנאַנאַ־פּעדלער. ווען דער מאַן האָט געסטרייקט, האָט ער מיטגעבראַכט זיין פרוי און אַ פּאָר דערוואַקסענע קינדער, וואָס

זיינען קיינמאל אין קיין שאפ ניט געווען, אין מיטינג־לאקאל און מען האט זיי אויך געמוזט געבען סטרייק־בענעפיט. עס איז אונמעגליך געווען ביי זיי צו דערגעהן א טאלק.

די איטאליענישע „יתומים" זיינען פילע מאל ארונטער־געקומען הונדערטערוויין צו דער רעליף קאמיטע, וואס האט געצאלט די סטרייק־בענעפיט, און האבען געוואלט מאכען אן איבערפאל. און די רעליף־קאמיטע איז געצוואונגען געווען צו ווענדען זיך צו דער פאליציי נאך פראטעקשאן.

„אויסער דעם האבען זיי אונז געמאכט טראבעל ווען עס האבען זיך אנגעפאנגען די סעטעלמענטס. אזוי שנעל ווי איינ־צעלנע מאנופעקטשורערס האבען געסעטעלט און מען האט די ארבייטער געשיקט צוריק ארבייטען, האבען די איטאליענער אפגעהאלטען א מאס־מיטינג און האבען באשלאסען אויפצו־פאדערען דער סטרייק־קאמיטע, אז קיינע סעטעלמענטס מיט איינצעלנע באסעס זאלען ניט געמאכט ווערען, נאר אז אזוי ווי אלע סטרייקערס זיינען צוזאמען ארונטער סטרייקען, זאלען זיי אויך אלע צוזאמען ארויפגעהן ארבייטען. זאנסט, האבען זיי געסטראשעט, וועלען זיי ארגאניזירען אלע איטאליענישע קלאוק־מאכער און וועלען ארויפגעהן סקעבען.

„די מאנופעקטשורערס, דערוויסענדיג זיך, אז עס איז דא אן אונצופרידענהייט ביי א טייל פון די איטאליענישע ארבייטער מיט דער יוניאן, האבען געוואלט אויסנוצען די געלעגענהייט צו ארגאניזירען אן אפאזיציאנס־יוניאן, אום צו שעדיגען דעם סטרייק.

„אין א שעהנעם טאג האט מען צווישען די איטאליענער אויסגעטיילט טויזענטער הענד־בילס, פאררופענדיג זיי צו א מאס־מיטינג.

„מיר האבען גלייך פארשטאנען דעם טריק, און אונזער דזשענעראל פיקעט־קאמיטע איז באצייטענס געווען אין האל. פונקט צו דער באשטימטער שטונדע זיינען צום האל צוגעפארען א פאר מאנופעקטשורערס אויף אויטאמאבילס מיט איטאליע־נישע רעדנער. אבער גלייך ווי דער ערשטער רעדנער האט פרובירט ארויפצוגעהן אויף דער פלאטפארמע, האט גלייך אין האל אויסגעבראכען א רעגעלע מלחמה. טשערס און ביינק

זיינען געפלויגען אין דער לופטען און ווען די פּאָר מאַנופעק־טשורערס וואָלטען זיך דורך אַ הינטער־טיר ניט ארויסגערוקט, וואָלטען זיי פיליכט שוין היינט געווען אין „גן עדן". פון מיטינג איז, נאַטירליך, גאָר נישט געוואָרען.

„מיט די איטאַליענישע קלאָוקמאַכער, וואָס האָבען גע־סטרייקט מיט זייערע שעפּער, האָבען מיר קיין טראָבעל ניט געהאַט. אין געגענטייל, זיי האָבען זיך געהאַלטען פיל בעסער ווי אַ גרויסע צאָל פון אונזערע אידישע סטרייקער.

„עס איז אָנגעפירט געוואָרען אַ סיסטעמע צו קאָנטראָלירען די צאָלונגען פון דעם סטרייק־בענעפיט. יעדער שאַפּ־טשערמאַן האָט געקראָגען שטרענגע אָרדערס יעדע וואָך אויסצומאַכען אַ ליסטע נאָר פון אַזעלכע סטרייקערס, וועלכע נויטיגען זיך אין שטיצע אָם מערסטען. טאָמער האָט איינער געטראָגען אַ זייגער אָדער אַ רינג, האָט ער שוין קיין בענעפיט ניט געקראָגען. אויף יעדער ליסטע איז אויך פאַרשריבען געוואָרען, צי דער סטרייקער איז פאַרהייראַט אָדער סינגעל. אַלע ליסטען זיינען צוערשט נאָכגעזעהן געוואָרען פון די האָל־טשערלייטע, אויב די אַפּלי־קאַנטען נאָך שטיצע זיינען ווירקליך סטרייקער און צי זיי נויטיגען זיך אין שטיצע. ווען אַלעס איז געווען קאָרעקט, האָט דער שאַפּ־טשערמאַן געמוזט די ליסטע אונטערשרייבען און צוזאַמען מיט דעם אונטערשריפט פון האָל־טשערמאַן איז עס איבערגע־געבען געוואָרען צו דער רעליף־קאָמיטע.

„ווען די רעליף־קאָמיטע איז פאַרטיג געווען אָנצופאַנגען די צאָלונגען, האָט יעדער שאַפּ־טשערמאַן געמוזט קומען מיט אַ קאָמיטע פון וועניגסטענס צוויי פון זיינע סטרייקערס און מיט אַ קרעדענשעל פון זיין האָל־טשערמאַן צו באַשטעטיגען, אַז זיי זיינען עס די ריכטיגע פאַרטרעטער פון דיזען שאַפּ, און נאָכדעם ווי דער שאַפּ־טשערמאַן האָט זיין נאָמען אונטערגעשריבען און עס האָט געשטימט מיט דעם אונטערשריפט פון דעם אַפּליקיי־שאָן, האָט זיי דאַן די רעליף־קאָמיטע אויסגעצאָלט די סומע, וואָס זיי האָבען געדאַרפט קריגען.

„יעדע וואָך איז דער זעלבער פּראָצעס אָנגעגאַנגען. מאָנ־טאָג האָבען די טשערלייטע אריינגעגעבען זייערע ליסטען און דאָנערשטאָג אָדער פרייטאָג האָט מען אויסגעצאָלט. נאָר אַזוי

ווי עס איז קיינמאָל ניט געווען גענוג געלט אַלעמען אין צייט אויסצוצאָלען, פלעגט עס זיך פאַרציהען אַ פּאָר טעג און אַ מאָל אַ גאַנצע וואָך און די סטרייקערס פלעגען קריגען בענעפיט איין מאָל אין צוויי וואָכען.

„די סומע, וואָס מען האָט געצאָלט, האָט זיך אָנגעפאַנגען פון צוויי און האָט דערגרייכט ביז פיר דאָלאַר. גאַנץ אָפט האָט מען בלויז געצאָלט 1 דאָלאַר אַ וואָך צו סינגעל-לייט און 2 דאָלאַר צו פאַרהייראַטע. דער גאַנצער סטרייק-בענעפיט, וואָס איז אויסגעצאָלט געוואָרען ביי דער רעליף-קאָמיטע דורך די צען וואָכען פון סטרייק, האָט באַטראָפען 152 טויזענט דאָלאַר. דערפון קענט איהר שוין פאַרשטעהן, וויפיל געלט יעדער איינער פון די 75 טויזענט סטרייקער האָט געקראָגען סטרייק-בענעפיט".

די צאָל 75 טויזענד איז, דאַכט זיך, אביסעל צופיל, ווייל געוואוינליך האָט מען געשאַצט די העכסטע צאָל פון די סטרייקער ארום 60 טויזענד. אָבער אויך 60 טויזענד סטרייקער האָבען פון 152 טויזענד דאָלאַר ניט געקענט איבריגס פעט ווערען.

### פינף־און־צוואנציגסטער קאפיטעל

## דער זיגרייכער סוף פון סטרייק

דער גרויסער ערפאלג פון סטרייק איז פאר די מאנופעקטשורערס געווען א גרויסע, אונאנגענעמע איבערראשונג. זיי האבען זיך ניט געקענט פארשטעלען, אז אזוינס זאל פאסירען. קיין ארגאניזאציע האבען די קלאוק־מאנופעקטשורערס ניט געהאט. זייער אמאליגע אסאסיאיישאן איז שוין לאנג צופאלען געווארען. און צו וואס האבען זיי איהר געדארפט? זיי האבען דאך ניט געהאט מיט וועמען צו קעמפען. די ארבייטער זיינען ניט געווען ארגאניזירט און זיי האבען געקענט טאן מיט זיי וואס זיי האבען נאר געוואלט. די ערשטע ארבייט פון די מאנופעקטשורערס, ווי זיי זיינען נאר אביסעל צו זיך געקומען פון דעם גרויסען קלאפ וואס זיי האבען געקראגען, איז געווען זיך צו ארגאניזירען אין אן אסאסיאיישאן. עס האבען זיך צונויפגענומען די גרעסערע און מער אנגעזעהענע מאנופעקטשורערס און האבען געשאפען אן ארגאניזאציע.

די ערשטע ארבייט פון דער מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן איז געווען אגיטאציע. זי האט פרובירט געווינען די עפענטליכע מיינונג מיט אויפקלערען איהר, אז די ארבייטער האבען ניט קיין שום אורזאך פאר א סטרייק, ווייל זיי פארדינען א סך און עס לעבט זיך זיי גוט. נישט מער, די פירער פון דער יוניאן און אירע באצאלטע באאמטע פארפירען זיי און האבען זיי איינגערעדט צו סטרייקען, כדי צו קענען לעבען אויף זייער חשבון. אבער די דאזיגע אגיטאציע האט די מאנופעקטשורערס גארנישט געהאלפען. די סטרייק־קאמיטע האט זיך געטאן דאס איריגע. זי האט געלאזט וויסען די מאנופעקטשורערס, אז יעדער פון זיי וואס וויל נאכגעבען די פאדערונגען פון די סטרייקערס קען קומען אין וויקטאריא האטעל, פינפטע

עוועניו און 27־טע סטריט, און אונטערשרייבען אַן אָפּמאַך מיט דער יוניאָן. די מאנופעקטשורערס האָבען דערביי אויך געקראָגען צוגעשיקט אַ קאָפּיע פון דעם אָפּמאַך, וואָס די סטרייק־קאָמיטע האָט אויסגעאַרבייט.

די מאנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן האָט געלאָזט וויסען, אַז זי וועט מיט דער יוניאָן קיין אָפּמאַך ניט אונטערשרייבען, אָבער איינצעלנע מאנופעקטשורערס האָבען אָנגעפאַנגען גלייך קומען. צוערשט די קליינע אָבער אביסל שפּעטער האָבען אויך אָנגעפאַנגען קומען גרעסערע און אין וויקטאָריא האָטעל איז געווען אַן אמת׳ער יאַריד.

די סעטעלמענט קאָמיטע איז אָבער געווען זעהר פאָרזיכטיג. זי האָט שטרענג אונטערזוכט יעדען מאנופעקטשורער, וואָס איז געקומען סעטלען, כדי צו זיין זיכער, אויב ער מאכט ניט קיין אַרבייט פאַר אימיצען אַנדערש.

נאָר ווי שטאַרק באַשעפטיגט די סעטעלמענט־קאָמיטע איז ניט געווען, איז דאָך די צאָל סטרייקערס, וואָס זיינען געגאַנגען צוריק צו דער אַרבייט, פאַרהעלטניסמעסיג געווען ניט קיין גרויסע, ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז אין סטרייק זיינען געשטאַנען, ווי מען האָט געשאַצט, אַרום 60 טויזענט אַרבייטער. אַנדערע האָבען די צאָל געשאַצט פיל גרעסער. עס האָבען גע־סעטעלט קלענערע און מיטעלערע מאנופעקטשורערס, אייניגע אויך פון די גרעסערע, אָבער די גאַנץ גרויסע האָבען זיך נאָך געהאַלטען פעסט.

עס איז נאַטירליך, אַז אַ גרויסער טייל פון דער ניו יאָרקער באַפעלקערונג איז געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דעם סטרייק. אַ סך האָט עס אָנגערירט דירעקט און אַ סך אינדירעקט. דעם סטרייק האָבען געפילט ניט בלויז קלענערע געשעפטסלייט, נאָר אויך אַ סך פון די גרויסע. אייניגע טעג נאָכדעם ווי דער סטרייק האָט אויסגעבראָכען האָט די „ביוראָ אָוו מידיאיישאָן ענד אַרביטריישאָן" פון דעם ניו יאָרקער סטייט דעפּאַרטמענט אָוו לייבאָר זיך געווענדעט צו דער יוניאָן און צו דער מאנופעק־טשורערס אַסאָסיאיישאָן און אָנגעבאָטען איהר פאַרמיטלונג. די מאנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן האָט אָבער אויף דעם אָנבאָט אפילו ניט געענטפערט. דעם 14טען יולי האָט דער הויפּט פון

דער דערמאָנטער ביורא, מר. ריגען, געשיקט א בריף צו דער מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן דורך א ספּעציעלען שליח. דער ענטפער פון דעם פּרעזידענט פון דער אסאָסיאיישאָן, מר. לעפּקאָרט, איז געווען, אַז די מאַנופעקטשורערס ווייסען אייגענטליך ניט באשטימט וואָס עס זיינען די טענות פון די סטרייקערס און פאר וואָס זיי סטרייקען. ער האָט דעריבער געראַטען מר. ריגען, אַז ער זאָל זיך באמיהען קריגען פון די ארבייטער אַן ערקלערונג וועגען זייערע קריוודעס. אַלס רעזולטאַט פון ריגען'ס באמיהונגען איז פּאר'ן 17טען יולי איינגערופען געוואָרען אַן אונפאָרמעלע קאָנפערענץ פון פארטרעטער פון דער אסאָסיאיישאָן און פון דער יוניאָן, אויף וועלכער עס איז באשלאָסען געוואָרען, אַז יעדער צד זאָל באשטימען א קאָמיטע פון צען פאר וויטערדיגע קאָנפערענצען. אָבער אויף מאָרגען האָט דער פּרעזידענט פון דער אסאָסיאיישאָן געלאָזט וויסען די סעטעלמענט קאָמיטע פון דער יוניאָן, אַז די מיטגלידער פון דער אסאָסיאיישאָן וועלען ניט געהן צו קיין קאָנפערענץ איידער די יוניאָן וועט צושטעלען א שריפטליכע ערקלערונג וועגען איהרע פאָדערונגען און וואו עס זאָל זיין איינגעשריבען, אַז די יוניאָן זאָגט זיך אָפּ פון וועלכער עס איז פאָדערונג פון א קלאָוזד שאָפּ. די סעטעלמענט קאָמיטע האָט, צוזאַמען מיט א העפליכען בריף, צוגעשיקט צו דער אסאָסיאיישאָן די פאָדערונגען פון דער יוניאָן און דערביי ערקלערט, אַז זי קען זיך ניט אָפּזאָגען פון וועלכען עס איז פּונקט. דעם 20טען יולי איז אָנגעקומען אַן ענטפער פון לעפּקאָרט, אַז ער שטימט איין אויף א קאָנפערענץ, אָבער ער שטעלט דערביי א באדינגונג, אַז מען זאָל איהם פריהער ענטפערען אויף די פאָלגענדע פראַגען: וועט איהר פארלאַנגען די אָנערקענונג פון דער יוניאָן? וועט איהר פאָדערען, אַז ניט קיין יוניאָן ארבייטער זאָלען אויסגעשלאָסען ווערען פון די שעפּער? וועט איהר פארלאַנגען, אַז מיר זאָלען אונטערשרייבען אַן אָפּמאַך מיט דער יוניאָן? די סעטעלמענט קאָמיטע האָט געענטפערט, אַז די אָרגאַניזירטע ארבייטער האָבען ניט קיין פארלאַנג צו שעדיגען די געשעפטליכע אינטערעסען פון זייערע ארבייטס-געבער. לעפּקאָרט איז אָבער ניט צופרידען געווען מיט אָט דעם דיפּלאָמאַטישען ענטפער. ער האָט פארלאַנגט אין א צווייטען בריף, אַז

די יוניאָן זאָל איהם ענטפערען קלאָר אויף זיינע פראַגען. די יוניאָן האָט אָבער אויף דעם בריף ניט געענטפערט און דערמיט האָט זיך פארענדיגט די ערשטע פראָבע פון פארהאנדלונגען צווישען דער יוניאָן און די מאנופעקטשורערס.

די סעטעלמענט קאָמיטע איז זיך אָנגעגאַנגען ווייטער מיט איר ארבייט אונטערצושרייבען אָפּמאַכען מיט איינצעלנע מאַנופעקטשורערס און אין דריי וואָכען צייט זיינען שוין געווען דריי הונדערט און פופציג שעפּער, וואו די סטרייקער האָבען זיך צוריקגעקערט צו דער ארבייט, אָבער מען האָט געוואוסט, אז דער סטרייק וועט ניט זיין געוואונען ווי לאַנג די מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן, אין וועלכער די גרעסטע מאנופעקשורער זיינען אָרגאַניזירט, וועט ניט אונטערשרייבען אַן אָפּמאַך מיט דער יוניאָן און עס זיינען דעריבער געמאַכט געוואָרען פון פארשידענע זייטען נייע באַמיהונגען צונויפצוברייננגען די קעמפענדע צדדים. צווישען די איינפלוסרייכע פּערזאָנען, וואס האָבען זיך באמיהט צו געפינען אַן אויסוועג ווי צו ענדיגען דעם קאמף איז געווען מר. פאילין פון באָסטאָן, אַן אייגענטימער פון א גרויסער דעפּארטמענט סטאָר און איינער פון די ליבעראַלען, וואָס איז געווען טעטיג אין מאַכען שלום צווישען קאפּיטאַל און ארבייט. ער איז אראָפּגעקומען אין ניו יארק צוזאמען מיט א געוויסען בלומפעלד, א געזעלשאפטליכער טוער פון באָסטאָן, און זיי האָבען זיך געשטעלט אין פארבינדונג מיט ביידע קעמפענדע צדדים. זיי האָבען אויך באַלד אראָפּגעבראַכט לואיס ד. בראַנדעיס, וועלכער האָט שוין דאמאָלסט געהאט א גרויסען נאָמען. צו די פירער פון דער אינטערנעשאָנאַל און פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן איז ער געווען באקאנט פון דעם גרויסען קלאָוקמאַכער סטרייק אין באָסטאָן אין יאָהר 1907. ער איז געווען דעמאָלט דער לאָיער פון די מאַנופעקטשורערס. ער איז אין יענעם סטרייק ארויסגעטראַטען געגען דער פאָדערונג פון די סטרייקער פון א קלאָוזד שאָפּ, און ער האָט פאָרגעשלאָגען זיינעם א פּלאַן, וואָס איז שפּעטער באקאנט געוואָרען אין ניו יארק אונטער דעם נאָמען „פּרעפערענשעל יוניאָן שאָפּ" (די סטרייקענדע קלאָוקמאַכער אין באָסטאָן האָבען בראַנדעיס'עס פּלאַן דעמאָלט צוריקגעוויזען. דער סטרייק האָט אָנגעהאַלטען פיר חדשים און

איז געבראָכען געוואָרען דורך אַן אינדזשאַנקשאָן, וואָס די מאַ־
נופעקטשורערס האָבען געקראָגען פון געריכט).

בראַנדעיס איז געקומען צו דער גענעראַל סטרייק קאָמיטע
און האָט פּראָבירט אויסווירקן ביי איהר, אַז די פאָדערונג פון
אַ קלאָוזד שאַפּ זאָל ניט געבראַכט ווערען צו דער קאָנפערענץ,
ווייל ווי לאַנג די פאָדערונג בלייבט, קען מען די מאַנופעקטשור־
ערס אַסאָסיאיישאָן ניט ברייגנען צו אַ קאָנפערענץ. בראַנדעיס
האָט אַזוי לאַנג געאַרבייט מיט דער קאָמיטע ביז ער האָט אויס־
געפירט, אַז אין דער ערקלערונג וועגען די פאָדערונגען פון
דער יוניאָן, וואָס דאַרף אונטערגעשריבען ווערען פון דער קאָ־
מיטע, זאָל די פאָדערונג פון קלאָוזד שאַפּ ניט דערמאָנט ווע־
רען. עס איז בלויז אַריינגעשריבען געוואָרען די פאָדערונג, אַז
„יעדער אַרבייטער וואָס האָט אַנטייל גענומען אין סטרייק, מוז
צוריק אָנגעשטעלט ווערען צו דער אַרבייט". איינינע מיטגלי־
דער פון דער קאָמיטע זיינען אָבער ניט געווען אָנוועזענד און
די ערקלערונג איז אונטערגעשריבען געוואָרען פון מאַקס הייםאַן,
סאַל. פּאָליאַקאָף, דזש. וואָלף, ס. ראַבינאָוויטש, ה. קליינמאַן,
אַלעקסאַנדער בלאַק, דזש. גרינבערג, דזשאָן דייטש, וו. סימאָנס
און אַב. מיטשעל. דערביי האָט דזשאָן דייטש אויף זיין אייגע־
נעם חשבון, אָהן דעם וויסען פון די איבעריגע מיטגלידער פון
דער קאָמיטע, אָנגעשריבען אַן ערקלערונג, אין וועלכער ער האָט
אויסגעטייטשט, אַז די פאָדערונג, אַז „יעדער אַרבייטער, וואָס
האָט אָנטייל גענומען אין סטרייק מוז צוריק אָנגעשטעלט ווערען
צו דער אַרבייט", דאַרף פאַרשטאַנען ווערען אַלס אַ פּונקט פאַר
דיסקוסיע אויף דער קאָנפערענץ און אַז די מאַנופעקטשורערס
אַסאָסיאיישאָן, דאַרף ניט טראַכטען, אַז ווען זי נעמט אָן די
איינלאַדונג צו דער קאָנפערענץ, האָט זי שוין דערמיט אויך צו־
געשטימט צו דעם דערמאָנטען פּונקט.

די אונטערגעשריבענע ערקלערונג פון די צען מיטגלידער
פון דער קאָמיטע האָט אַרויסגערופען אַ גרויסען פּראָטעסט
פון די איבריגע מיטגלידער וואָס זיינען ניט געווען אָנוועזענד.
צווישען די וואָס האָבען אונטערגעשריבען האָט, ווי עס איז צו
זעהן, אויך געפעלט דער נאָמען פון אַב. ראָזענבערג, דער פאַר־
זיצענדער פון דער גענעראַלער סטרייק קאָמיטע. אַב. ראָזענ־

בערג און די אַנדערע ניט אונטערגעשריבענע מיטגלידער פון דער קאָמיטע האָבען זיך אָפּגעזאָגט צו געהן צו דער קאָנפע־רענץ. די לאַגע איז געוואָרען אַ זעהר קריטישע. עס האָט געהאַלטען דערביי, אַז די סטרייק קאָמיטע זאָל צושפּאָלטען ווע־רען. אב. ראָזענבערג און די אַנדערע פון דער קאָמיטע וואס זיינען געווען געגען דער אונטערגעשריבענער ערקלערונג, האָבען עס געהאַלטען פאַר אַ געפערליכע טאַקטיק אָנצופאַנגען מאַכען קאָמפּראָמיסען און זיך אָפּזאָגען פון פאָדערונגען איידער מען האָט נאָך אפילו אָנגעפאַנגען קאָנפערירען מיט די באַלעבאַטים. די שפּאַלטונג אין דער סטרייק קאָמיטע איז אויסגעמידען געוואָ־רען דורך דעם, וואָס מען האָט טעלעגראַפירט צו גאָמפּערס׳ן, אַז ער זאָל גלייך קומען און ער האָט דורך שווערער מיה גע־פונען אַ וועג ווי צוריקצוברייננגען דעם שלום אין דער סטרייק קאָ־מיטע. מען האָט צו דער סטרייק קאָמיטע צוגעצויגען ב. שלע־זינגער׳ן, וועלכער איז דעמאָלט געווען דער מענעדזשער פון „פאָרווערטס" און עס איז באַשטימט געוואָרען אַ קאָנפערענץ קאָמיטע, וואָס איז באַשטאַנען פון אב. ראָזענבערג, דזשאָן דייטש, ב. לענאָן, מאָרים זיגמאַן, סאָל. פּאָליאַקאָף, דזש. גרינבערג, ה. קליינמאַן, א. בלאָק, א. באַפּאַ און ב. שלעזינגער.

גלייך נאָכדעם האָט מאיר לאָנדאָן, דער לאָיער פון דער יוניאָן, און דזשוליוס הענרי קאָהען, דער לאָיער פון די מאַנו־פעקטשורערס, זיך געווענדעט צו לואיס ד. בראַנדעיס, אַז ער זאָל זיין דער פּאָרזיצענדער פון דער קאָנפערענץ און ער האָט איינגעוויליגט.

די קאָנפערענץ האָט זיך געעפענט אין דער מעטראָפּאָליטאַן לעבענס־פאַרזיכערונג געביידע, דעם 28־טען יולי, דריי וואָכען נאָכדעם ווי דער סטרייק האָט זיך אָנגעפאַנגען. די ערשטע צוויי טעג פון דער קאָנפערענץ זיינען פאַרבראַכט געוואָרען אין רייד, אַ ים רייד אָהן אַ סוף. דער לאָיער פון דער מאַנופעקטשור־ערס אַסאָסיאיישאָן, דזשוליוס הענרי קאָהען, האָט ארויסגעווי־זען אַ באַזונדערע ליבע צו ריידען אַ סך. און אין דעם ים רייד איז אַלץ דערטרונקען געוואָרען: צו די הויפּט פּונקטען פון דער קאָנפערענץ איז מען נאָך אַלץ ניט צוגעקומען. די פאַר־טרעטער פון דער יוניאָן האָבען אָנגעפאַנגען פּראָטעסטירען, וואָס

מען פארנעמט אזוי פיל צייט מיט סתם רייד, בעת די פאָדע־רונגען פון דער יוניאָן זיינען גאנץ קלאָרע און די מאנופעקטשור־ערס דארפען געבען אויף זיי א קלאָרען ענטפער. אויף׳ן דריטען טאָג פון דער קאָנפערענץ האָבען די פארטרעטער פון דער יוניאָן אוועקגעשטעלט די פראגע קורץ און שארף: וואָס באָטען די מאנופעקטשורערס אָן? און אויב זיי ווילען קיין ענטפער ניט געבען, איז ניטאָ מער וואָס ווייטער צו קאָנפערירען און פאר־לירען צייט.

נאָך א קורצער בעראטונג וואָס די פארטרעטער פון דער מאנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן האָבען געהאט צווישען זיך, זיינען זיי ארויסגעקומען מיט דעם פאָלגענדען פאָרשלאג: זיי גיבען נאָך די פאָדערונגען אָפצושאפען די קאָנטראקטאָר סיס־טעם אין זייערע שעפער, ניט צו רעכענען די אפערייטאָרס פאר עלעקטרישע קראפט, פאר נאָדלען, באוועל, זייד א. אז. וו. די ארבייטס־וואָך זאָל זיין 53 שטונדען (די יוניאָן האט געפאָדערט 49); אין די חדשים מאי, יוני, יולי און אוגוסט זאָל מען שבת ארבייטען בלויז א האלבען טאָג (די יוניאָן האט געפאָדערט אז א גאנץ יאָר זאָל מען שבת ארבייטען בלויז א האלבען טאָג); קאטערס זאָלען קריגען 25 דאָלאר א וואָך (די יוניאָן פאָדערונג איז געווען 26 דאָלאר); סעמפעל מאכער, 19 דאָלאר א וואָך (די פאָדערונג פון דער יוניאָן איז געווען 24 דאָלאר); פרעסערס, 20 דאָלאר א וואָך (די יוניאָן פאָדערונג איז געווען 22 דאָ־לאר) און אומגעפער אין דערזעלביגער פראָפּאָרציע איז געווען דער אונטערשיד אין די פרייזען פאר די אנדערע וואָך־ארביי־טער. ווען די סטרייק קאָמיטע האט זיך אָפגעזאָגט אָנצונע־מען דעם אָנבאָט, האָבען די מאנופעקטשורערס געמאכט א פאָר־שלאָג, אז די פראגע פון ארבייטס־לוין און ארבייטס־צייט זאָל ארביטרירט ווערען. אויף דעם האָבען די פארטרעטער פון דער יוניאָן געענטפערט, אז זיי ווייסען, אז די סטרייקער וועלען זיך אָפזאָגען צו לאָזען ארביטרירען די צוויי וויכטיגסטע פרא־גען פון סטרייק, אָבער זיי זיינען גרייט דורכצופירען אן אָב־שטימונג צווישען די סטרייקער, אויב זיי ווילען ארביטרירען אָדער ניט. נאָר איידער דאָס ווערט געטאָן דארף מען זיך אויף דער קאָנפערענץ צונויפריידען ווי אזוי דער אָפּמאך צווישען דער

יוניאָן און דער מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן וועט אָפּגע־ היט ווערען, ווען ער וועט אָנגענומען ווערען.

די פאָרטרעטער פון דער יוניאָן האָבען די פראגע געשטעלט אויף אזא אופן, ווייל מען האָט דאָך איידער די קאָנפערענץ איז זיך צונויפגעקומען אונטערגעשריבען אן ערקלערונג, אז די פראגע פון קלאָוזד שאָפּ זאָל ניט פאָרגעבראכט ווערען. מען האָט דעריבער די פראגע פון א יוניאָן שאָפּ געמוזט אריינ־ ברייגנען דורך א הינטער טיר. די פאָרטרעטער פון דער יוניאָן האָבען ארגומענטירט, אז אן אָפּמאך פון א יוניאָן מיט באַלעבאַ־ טים קען אָפּגעהיט ווערען אין די שעפּער בלויז דאַן, ווען יוניאָן ארבייטער זיינען אין זיי באשעפטיגט. אויף דעם האָבען אָבער די מאַנופעקטשורערס געענטפערט, אז פאקטיש מיינט עס קלאָוזד שאָפּ, און דאָס האָט מען דאָך אין פאָרויס אָפּגעמאכט, אז עס זאָל אפילו ניט דיסקוטירט ווערען. לואיס ד. בראנדעיס, דער פּאָרזיצענדער פון דער קאָנפערענץ, האָט ערקלערט, אז אין דעם פונקט זיינען די מאַנופעקטשורערס גערעכט, ווייל די סטרייק קאָ־ מיטע האָט אונטערגעשריבען אן ערקלערונג, אז די פראגע פון קלאָוזד שאָפּ וועט ניט פאָרגעבראכט ווערען אויף דער קאָנפע־ רענץ. אָבער ער האָט א פּלאַן. אַנשטאָט א קלאָוזד יוניאָן שאָפּ, וואו בלויז יוניאָן ארבייטער קענען באשעפטיגט ווערען, זאָל זיין א „פרעפערענשעל יוניאָן שאָפּ", עס הייסט, אז די מאַנופעק־ טשורער זאָלען געבען דעם פאָרצוג ביים אָנשטעלען ארבייטער צו יוניאָן לייט. ווען עס וועלען, למשל, קומען צוויי קלאָוקמאכער, וואָס זיינען גלייכע באַלמעלאָכעס, זוכען ארבייט אין א שאָפּ, און איינער איז א יוניאָן מאַן און דער צווייטער ניט, דאַרף דער מאַנו־ פעקטשורער געבען דעם פאָרצוג צו דעם יוניאָן מאַן.

דער פּלאַן איז אָבער דער סטרייק קאָמיטע ניט געפעלען געווען. זי האָט געזאָגט, אז די מאַנופעקטשורערס און זייערע פאָרלייט וועלען ניט וועגען און מעסטען די קלאָוקמאכער אויף וויפיל זיי זיינען גלייכע באַלמעלאָכעס, כדי צו געבען דעם יוניאָן מאַן א פאָרצוג, נאָר עס וועט זיין גאַנץ פאַרקערט. אויב עס וועט קומען א יוניאָן מאַן א גוטער באַלמעלאָכע און א ניט־ יוניאָן־מאַן א שוואכער באַלמעלאָכע וועט אָנגעשטעלט ווערען דער לעצטער און ניט דער ערשטער.

דער „פּאַרוועריטס” איז אַרויסגעטראָטען גאַנץ שאַרף געגען בראַנדעיס’עס „פּרעפּערענשעל יוניאָן שאָפּ”. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס איז פּאַקטיש אַן „אָופּען שאָפּ” נאָר באַשמירט מיט האָניג. צווישען די סטרייקערס האָט עס אַרויסגערופען אַ גרויסען טומעל; עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען הערען פּראָטעסטען געגען די סטרייק־פירער, עס האָבען זיך געפונען אויך אַזעלכע, וואָס האָבען גע־שריען, אַז די פירער פאַרקויפען דעם סטרייק, און אַ סך סטריי־קער זיינען אַוועק צו דער געביידע פון דער מעטראָפּאָליטאַן לעבענס־פאַרזיכערונג קאָמפּאַניע, וואו די קאָנפערענץ איז אָפּגע־האַלטען געוואָרען, און האָבען געפאָדערט, אַז מען זאָל זיי לאָ־זען וויסען וואו עס האַלט. דאָס איינציגע, וואָס האָט געקענט געטאָן ווערען, איז געווען אָפּברעכען די קאָנפערענץ און דאָס איז געטאָן געוואָרען. אָבער איידער מען איז זיך פונאַנדער־געגאַנגען האָט מען אָפּגעמאַכט, אַז די לאַיערס פון ביידע צדדים זאָלען זיך צונויפקומען און פּראָבירען זוכען אַן אויסוועג.

דעם ערשטען אויגוסט זיינען די לאַיערס פון ביידע צדדים זיך צונויפגעקומען, אָבער קיין וועג האָבען זיי ניט געקענט גע־פינען. לואיס ד. בראַנדעיס האָט זיין פּלאַן אַביסעל אויסגע־בעסערט, עס הייסט ער האָט איהם אָנגעשריבען אין אַזאַ פאָרם וואָס זאָל זיין מער אָננעמבאַר פאַר דער יוניאָן, אָבער אַזוי ווי דער תוך פון פּלאַן איז געבליבען דערזעלביגער, איז ער ווידער אַמאָל צוריקגעוויזען געוואָרען און דערמיט האָט זיך די ערשטע קאָנפערענץ געענדיגט. די סטרייק קאָמיטע האָט גלייך אַרויסגע־געבען אַן עקסטראַ „נייע פּאָסט” מיט אַן ערקלערונג וועגען אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען און האָט אַפּעלירט צו די סטרייקער, אַז זיי זאָלען זיך פון קיינעם ניט לאָזען אויפהעצען און פאַרפירען, נאָר זאָלען טרויען זייער סטרייק קאָמיטע, וואָס זיי האָבען גע־וועהלט און די פאַראַנטוואָרטלאַכע פירער פון דער יוניאָן.

אין איינינע טעג אַרום האָט דזשוליוס הענרי קאָהען, דער לאַיער פון דער מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, אַרויסגעקראָגען אַן אינדזשאָנקשאָן פון געריכט געגען דעם סטרייק. אָבער די מאַנופעקטשערערס זיינען פון דעם אינדזשאָנקשאָן גאָר ניט גע־האָלפען געוואָרען. מאָריס זיגמאַן, דער טשערמאַן פון דער פּי־קעט קאָמיטע, האָט אויף דעם אינדזשאָנקשאָן גלייך געענט־

פערט מיט אַ גרויסער פּיקעט דעמאָנסטראַציע און דער גאַנצער געגענד פון די קלאָוק-שעפּער האָט אויסגעזעהן ווי אַ באַלאַ־גערטע שטאָדט. די באַלעבאַטים האָבען אָנגעשטעלט וועכטער און היטער פון פאַרשידענע מינים, אין פּאָליציישע מונדירען און אין ציווילע קליידער, וואס אויפ׳ן פּשוט׳ן לשון מיינט עס שלעגער. אָבער די סטרייקער האָבען פאַר זיי זיך ניט אָפּגעשראָקען. און נאָך די ערשטע צוזאַמענשטויסען, וואָס זיינען פאָרגעקומען, האָט די שטאָדט־רעגירונג געהייסען דער פּאָליציי אַוועקנעמען יעדע וואָ־פען פון די געדונגענע היטער, וואָס די מאַנופעקטשורערס האָ־בען פאַר זיך אָנגעשטעלט. די שטאָדט־רעגירונג האָט אויך ארויס־געגעבען אַ פאַראָרדנונג צו דער פּאָליציי, אַז פּיקעטען אויף אַ פרידליכען אופן איז פון געזעץ ערלויבט.

גלייך ווי דער אינדזשאָנקשאָן איז פון געזעץ ארויסגעגעבען געוואָרען האָט די פּאָליציי אָנגעפאנגען מאַכען אַרעסטען, אָבער זי איז באַלד מיד געוואָרען. עס זיינען געווען אַזוי פיל פּיקעטס, אַז מען האָט זיי אַלעמען ניט געקענט אַרעסטירען. איין מאָל האָט די סטרייק קאָמיטע ארויסגעשיקט פינף הונדערט פּיקעטס מיט אַמאָל און האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלען זיך ניט פונ־נאַנדערלויפען ווען פּאָליציי וועט קומען, נאָר זיך לאָזען בעסער אַרעסטירען. האָט די פּאָליציי געהאַט צו זינגען און צו זאָגען. זי האָט געדאַרפט מיטנעמען פינף הונדערט פּיקעטס, אָבער זי האָט זיי ניט געהאַט וואו אַהינצוטאָן. זי האָט ווי עס איז גע־קענט געפינען פּלאַץ פאַר 180 און האָט געמוזט די איבעריגע ארויסטרייבען, אַז זיי זאָלען געהן אַהיים. און אויסגעלאָזען האָט זיך, אַז די 180 פאַרהאַלטענע האָט מען ניט גע׳משפּט פאַר ברעכען דעם אינדזשאָנקשאָן, נאָר פאַר שטערען די רוהה און באַשטראָפט יעדען פון די אַרעסטירטע מיט אַ דאָלאַר. די גרעס־טע צאָל פון זיי האָט אָבער ניט געוואָלט, אַז די יוניאָן זאָל אויסגעבען געלד און זיי זיינען בעסער אָפּגעזעסען עטליכע שטונ־דען אַלס שטראָף.

ביסלעכוויי האָט מען אָן דעם אינדזשאָנקשאָן אין גאַנצען פאַרגעסען.

אונטער דער צייט האָט מען געסעטעלט מיט נאָך מער אונ־אָפּהענגיגע מאַנופעקטשורערס און אַ באַדייטענדע צאָל פון די סטרייקערס האָבען זיך אומגעקערט צו דער ארבייט. אַלע, וואָס

האָבען זיך אומגעקערט צו דער ארבייט האָבען געדאַרפט צאָלען 15 פּראָצענט פון זייערע פאַרדינסטען צו העלפען די, וואָס זיינען נאָך געבליבען אין סטרייק. און עס איז געווען א גרויסע הילף, ווייל דער סטרייק האָט אָפּגעקאָסט א סך געלד.*)

ווי עס איז שוין פריהער באַמערקט געוואָרען, האָט דער סטרייק זיך געלאָזט שטאַרק פילען אין דעם עקאָנאָמישען לעבען פון דער ניו יאָרקער באַפעלקערונג. עס האָבען פון איהם געליטען ניט בלויז די אַרבייטער און קלענערע געשעפטסלייט, נאָר אויך די גרעסערע און מאַנכע פון די גאָר גרויסע. עס האָבען זיך דעריבער מיט דעם סטרייק פאַראינטערעסירט געשעפטסלייט, באַנקירען און געזעלשאַפטליכע טוער. די פּראָמינענטסטע צווישען זיי זיינען געווען דזשייקאָב שיף און לואיס מאַרשאַל. אונטער מאַרשאַל'ס איינפלוס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען א קאָנפערענץ צווישען מאיר לאָנדאָן און דזשוליוס הענרי קאָהען, די לאָיערס פון די צוויי קעמפענדע צדדים. נאָך לאַנגע באַראַטונגען, אין וועלכע אויך לואיס מאַרשאַל האָט אָנטייל גענומען, איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אַן אָפּמאַך, וואָס איז געווען אביסעל בעסער ווי דער ערשטער, וואָס איז פאָרגעשלאָגען געוואָרען פון די מאַנופעקטשורערס. דער פּלאַן פון לואיס ד. בראַנדעיס וועגען א „פּרעפערענשעל יוניאָן שאָפּ" איז אויך געווען אין דעם נייעם אָפּמאַך. אָבער אין איהם איז געווען צוגעגעבען א פּונקט וועגען פּרייז קאָמיטעס און אַן ארבייטס-וואָך פון 52 שטונדען. דער פּונקט, אַז די פּראַגע וועגען פּרייזען פאַר וואָך-ארבייט זאָל אַרביטרירט ווערען, איז געבליבען ווי פריהער.

די סטרייק קאָמיטע האָט געפרעגט מאיר לאָנדאָן'ען, אויב

---

*) אין גאַנצען איז פאַר'ן סטרייק געזאַמעלט געוואָרען 246 טויזענד מיט 403 דאָלאַר. פון דעם איז 62 טויזענד און 18 דאָלאַר געזאַמעלט געוואָרען דורכ'ן „פאָרווערטס"; 97 טויזענד און 323 דאָלאַר פון דער דזשאָינט באָארד פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן און די איבריגע פון אַנדערע קוואַלען. עס האָט פיל געהאָלפען דער אַרבייטער רינג, די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, און אַנדערע אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס. די אויסגאַבען זיינען געווען: 151 טויזענד און 783 דאָלאַר פאַר סטרייק בענעפיט; 19 טויזענד און 23 דאָלאַר רענט פאַר האָלס און 14 טויזענד 749 דאָלאַר פאַר פּיקעטס. די גאַנצע בוכפירונג פון די פינאַנסען פון סטרייק איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון מאָריס ווינטשעווסקי.

מען קען פאַרשלאָגען אויסבעסערונגען אין דעם פאַרגעשלאָגענעם אָפּמאַך, אָבער ער האָט געענטפערט, אַז מען קען ניט, אָדער מען דאַרף איהם אָננעמען ווי ער איז, אָדער צוריקווייזען. די סטרייק קאָמיטע איז געווען געטיילט אין איהר מיינונג. איין טייל איז געווען, אַז מען זאָל אָננעמען, און דער צווייטער טייל, אַז מען זאָל צוריקווייזען. עס איז דעריבער באַשלאָסען געוואָרען, אַז די פראַגע זאָל איבערגעגעבען ווערען צו די סטרייקער אָהן וועלכע עס איז רעקאָמענדאַציעס פאַר אָדער געגען און קיינער פון דער קאָמיטע זאָל ניט ריידען פאַר אָדער געגען.

דעם 21־טען אויגוסט זיינען אַלע סטרייקער אויפגעפאָדערט געוואָרען צו זיין אין זייערע מיטינג לאָקאַלען אויסצוהערען אַ באַריכט וועגען דעם צושטאַנד פון סטרייק און וועגען די פאַר־האַנדלונגען מיט די מאַנופעקטשורערס. די סטרייק קאָמיטע האָט זיך צוטיילט אין סאָב קאָמיטעס וועלכע זיינען געגאַנגען אין די לאָקאַלען פון די סטרייקערס פאַרצולייגען דעם פאַרשלאַג פון די מאַנופעקטשורערס און אַז זיי זאָלען שטימען אויב זיי ווילען איהם אָננעמען אָדער ניט.

די סטרייק קאָמיטע האָט אָבער ניט באַרעכענט וואָס פאַר אַן איינדרוק דאָס וועט מאַכען אויף די סטרייקער. אַב. ראָזענ־בערג דערצעהלט וועגען דעם אַזוי:

„די סטרייקערס, ניט פאַרשטעהענדיג גענוי די אַבזיכט פון דער קאָמיטע, זיינען געווען מיט דער מיינונג, אַז די סטרייק קאָמיטע רעקאָמענדירט זיי דעם סעטעלמענט אָנצונעמען, און דורך דעם איז צווישען די סטרייקערס געוואָרען אַן אונאָרדנונג און אַן אונצופרידענהייט. אין פילע לאָקאַלס האָט מען די קאָמיטעס איינפאַך געוואָלט לינטשען, און ווען מען וואָלט זיי ניט אַרויסגעלאָזען דורך די הינטער טירען, וואָלטען זיי זיכער ניט אָפּגעשניטען טרוקען. אין איין לאָקאַל פון סטרייקערס זיינען אונזערע קאָמיטע־לייט אַרויסגעשפּרונגען דורך אַ פענסטער פון צווייטער פלאָר. מיט איין וואָרט, איבעראַל האָט מען דעם אַג־רימענט מיט פאַראַכטונג צוריקגעוויזען. דער קאַטערס לאָקאַל איז געווען דער איינציגער, וואָס האָט געשטימט דעם אַגרימענט אָנצונעמען.

די אויפרעגונג איז געוואָרען נאָך גרעסער, ווען אַן ענגלישע נאָכמיטאַג צייטונג איז אַרויס מיט אַן עקסטרא, אַז דער קלאָוק־

מאכער סטרייק איז געסעטעלט געוואָרען אויף אָופען שאפּ. דאָר־טען, אין יענער צייטונג, איז אויך געווען אן ערקלערונג פון אַלעקסאנדער בלאָק, דעם געוועזענעם טשערמאן פון דער סעטעל־מענט קאָמיטע, אז דער סטרייק איז געסעטעלט געוואָרען און אז די סטרייק קאָמיטע באטראכט דעם סעטעלמענט אלס א זיג. גלייך ווי די צייטונג איז ארויס מיט דער ערקלערונג זיינען די מאַנופעקטשורערס, וואָס האָבען שוין געהאַט געסעטעלט מיט דער יוניאָן, אריין אין זייערע שעפּער און האָבען אויסגערופען צו זייערע ארבייטער, אז פון איצט אָן איז אוים שאפּ דעלעגאטען, אוים פּרייז־קאָמיטעס און זייערע שעפּער װעלען פון איצט אָן זיין אָופען שאפּס.

„שנעל ווי א בליץ איז די נייעס צוטראָגען געוואָרען איי־בער דער גאַנצער שטאָדט און אַלע, וואָס האָבען שוין געארבייט אין געסעטעלטע שעפּער, האָבען גלייך פּאַרלאָזען זייער ארבייט און האָבען באַלאַגערט אונזערע אָפיסערס אויסצוגעפינען אויב מען האָט ווירקליך געמאכט אזא שענדליכען סעטעלמענט, ווייל זיי, ארבייטענדיג בלויז אכט שטונדען א טאָג, קריגענדיג אנ־שטענדיגע ווייִדזשעס און אונטער שטרענגע יוניאָן קאָנדיציעס, וואָלטען זעהר פיל פאַרלאָרען דורך דעם סעטעלמענט צו ארביי־טען 9 שטונדען א טאָג אָדער 52 שטונדען א וואָך און אין אָופען שאפּס, ווייל עס איז מיט די אינדעפּענדענט מאַנופעק־טשורערס אפּגעמאכט געוואָרען, אז אויב די יוניאָן וועט דער מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן געבען בעסערע באַדינגונגען, זאָלען זיי, די אינדעפּענדענט מאַנופעקטשורערס, אויך דערצו זיין בארעכטיגט. די ארבייטער פון די געסעטעלטע שעפּער האָבען ניט געוואָלט אָפּגעבען דאָס, וואָס זיי האָבען שוין געהאַט, און דער טומעל איז געווען א שרעקליכער. די ארבייטער פון די געסעטעלטע שעפּער האָבען אָנגעבאָטען א העלפּט פון זייערע פאַרדינסטען פאַר די סטרייקערס, אז דער סטרייק זאָל נאָר פאָרט־געזעצט ווערען.

„די פּיקעט קאָמיטע, וועלכע האָט זיך באטראכט אלס דער וויכטיגסטער פאַקטאָר אין סטרייק, האָט פון זיך אויסגעקליבען א קאָמיטע פון 50, זיי זאָלען אויפזוכען די פירער און פון זיי פאַרלאַנגען דין וחשבון. אין אָפיס פון דער דזשאָינט באָארד האָבען זיי גראָד געטראָפען ברודער פּאָליאַקאָף, איינעם פון די

סטרייק פירער, און מיט רעוואָלווערען אין די הענט האָבען זיי פון איהם פארלאַנגט ער זאָל צוזאַמען מיט זיי געהן אויף דער פערטער סטריט און דאָרטען אלע פּיקעטס געבען אינפאָרמאַ־ציע, אויב אַזאַ שענדליכער סעטעלמענט איז געמאַכט געוואָרען.

ווען מיר האָבען בלאָק'ן געפרעגט ווי איהם פעלט איין צו מאַכען אַזאַ ערקלערונג אין דער צייטונג, האָט ער ערקלערט, אַז אַזוי ווי די מאַנופעקטשורערס קענען נאָך אַרויסקומען מיט אַן ערקלערונג, אַז זיי האָבען געוואונען, דערפאַר איז גלייכער, אַז מיר זאָלען פריהער אַרויסגעהן מיט אַ סטייטמענט, אַז מיר באַטראַכטען דעם סעטעלמענט אַלס אַ זיג, ווייל ער איז כמעט זיכער געווען, אַז דער פאַרגעשלאָגענער אָפּמאַך וועט פון די סטרייקערס אָנגענומען ווערען.

„יעדענפאַלס האָט עס אונז אַ סך טראָבעל פאַרשאַפט און וויפיל מיר האָבען די סטרייקערס ניט פאַרזיכערט, אַז קיין סע־טעלמענט איז נאָך ניט געמאַכט געוואָרען, האָט אַלץ ניט גע־האָלפען, ווייל מינדליך האָט מען די גאַנצע מאַסע ניט געקענט גרייכען.

„וויסענדיג אַז שלעזינגער איז אויך איינער פון די סטרייק פירער, איז די גאַנצע מאַסע אַוועק צום „פאָרווערטס" אָפּיס, פאַרלאַנגענדיג זיי זאָלען אַרויסגעבען אַן עקסטראַ צייטונג און ערקלערען וואָס דאָ קומט פאָר. צענדליגער טויזענדער אַרביי־טער האָבען זיך פאַרזאַמעלט אַרום דעם „פאָרווערטס" אָפיס און האָבען געוואַרט פאַר עפּעס נייעס.

„די ברידער שלעזינגער, דייטש, פּאָליאַקאָף, ראָזענבערג און נאָך אַנדערע האָבען דורך דעם פענסטער פון צווייטען פלאָר פון דער „פאָרווערטס" רעדאַקציע גערעדט צו דער גרויסער מאַסע און זיי הייליג ערקלערט, אַז קיין סעטעלמענט איז נאָך ניט גע־מאַכט געוואָרען.

„ערשט דאַן האָבען זיי אָנגעפאַנגען זיך צו באַרוהיגען און די מאַסען האָבען זיך אָנגעפאַנגען פאַנאַנדערצוגעהן.

אין מיטען דער גאַנצער סומאַטאָכע איז די „וואַרהייט" אַרויס מיט אַן עקסטראַ, אין וועלכער זי האָט זעהר שטאַרק גע־לויבט דעם אָפּמאַך, וואָס לואיס מאַרשאַל האָט אויסגעאַרבייט און האָט געראַטען די סטרייקערס ניט צו לאָזען זיך פאַרפירען פון הייך־קעפ און אים אָננעמען.

„דיזער צייטונגס־ארטיקעל האָט געווירקט אויף די סטרייקערס ווי אויל אויפ׳ן פייער. עס האָט ניט גענומען קיין מינוט ווי די גאַנצע אויפגערעגטע מאַסע האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דער „וואָרהייט״ רעדאַקציע און אויסגעשלאָגען די פענסטער פון זייער אָפיס. „איצט האָבען מיר געמאַכט אָפען שאָפּ אין דער „וואָר־הייט״, — האָבען אַלע אַנטיילנעמער געשריען.

„עס האָט גענומען ביז 2 אַזייגער פאַרטאָג ביז וואַנען די גרויסע מאַסע האָט פאַרלאָזען דעם סקווער געגענאיבער דעם אָפיס פון „פאָרווערטס״.

„אויף מאָרגען, שבת אין דער פריה, האָבען זיך צוזאַמענ־געקליבען אַ פּאָר הונדערט סטרייקער מיט פאָנען און טראַנספּע־ראַנטען, וואָס זיי האָבען ביינאַכט זיך אָנגעגרייט, מיט פאַרשידענע אויפשריפטען, וועלכע האָבען געלויטעט: „נידער מיט אָפען שאָפּ!״ „מיר וועלען קיינמאָל ניט צוריקגעהן ארבייטען אונ־טער אַזאַ שענדליכען סעטעלמענט״, און נאָך עהנליכע אַזעלכע אויפשריפטען.

„דיזע דעמאָנסטראַנטען האָבען צוזאַמענגעקליבען די סטרייקערס פון די פאַרשידענע מיטינג־לאָקאַלען, וואו זיי האָבען זיך אויפ־געהאַלטען, און פון מינוט צו מינוט איז זייער אַרמיי גע־וואַקסען, און ווען זיי זיינען אָנגעקומען אין דער צענטער סטריט, לעבען אָפיס פון דער דזשאָינט באָארד, איז שוין די צאָל דע־מאָנסטראַנטען באַשטאַנען פון אַ צוואַנציג טויזענט. אין דער עלפטער סטריט, וואו די קאַטערס זיינען געווען פאַרזאַמעלט, האָבען זיי איינינגע מאָל פאַרביימאַרשירט און האָבען די קאַ־טערס געצוואונגען מיט זיי מיטצוגעהן.

„אָהן פירער און אָהן מוזיק האָבען זיי מאַרשירט אין גע־שלאָסענע רייהען אין דער בעסטער אָרדנונג. אויף זייערע גע־זיכטער האָט מען געקענט לייענען מוט און אַנטשלאָסנהייט אָנ־צופיהרען דעם סטרייק ביז צו אַ פאָלשטענדיגען זיג. הונדערטער פון זיי האָבען געטראַגען אויפשריפטען, אַז זיי פאַרפליכטען זיך ווייטער צו שטעהן אין קאַמף, ביז אַ זיגרייכען ענד. דאָס זיי וועלען דעם קאַמף בשום אופן ניט אויפגעבען, ביז ער וועט פאָלשטענדיג געוואונען ווערען.

„די גאַנצע מאַסע מאַרשירענדע סטרייקערס האָבען אויס־געזעהן מעהר ווי אַן אַרמיי רעוואָלוציאָנערען, וועלכע זיינען

שוין א לאנגע צייט אין שלאכט. טראָץ דעם וואס פילע פון זיי זיינען געגאנגען אָפּגעריסענע, כמעט באָרוועסע, אָהן שיך, האָט מען דאָך אויף זיי ניט געקענט דערקענען דעם מינדעסטען ציי־כען פון פארצווייפלונג און מידקייט. די סטרייקערס האָבען אזוי דורכגעמארשירט דעם גאנצען קלאָוק־דיסטריקט און די הויפט געשעפטס־גאסען ווי אויך ארום די אָפיסעס פון אלע ענגלישע צייטונגען, און ארום פינף אזייגער פארנאכט האָט זיך די דעמאָנסטראציע אויפגעלעזט.

„די פּאָליציי האָט אפילו אייניגע מאָל פּרובירט דעם מארש אָפּצוברעכען, נאָר עס איז ניט געלונגען. ווען מען האָט זיי דורך איין גאס ניט געלאָזען דורכגעהן, זיינען זיי ארויסגעקו־מען דורך אן אנדער גאס.

„אלע צייטונגען זיינען ארויס מיט עקסטראס וועגען דער מערקווירדיגער דעמאָנסטראציע, באשרייבענדיג די אָרדנונג וואס האָט געהערשט און די אנטשלאָסענהייט פון די סטרייקערס. זיי האָבען אויפגעפאָדערט די מאנופעקטשורערס צו סעטלען דעם סטרייק, ווייל דאָ, האָבען זיי ערקלערט, איז ניט קיין סטרייק אויפגעבלאָזען פון פארפירערישע פירער, נאָר די מאסען פירען אליין דעם סטרייק און זיי ווייסען וואָס זיי ווילען.

„מעהר ווי דאָס האָבען מיר ניט געוואָלט. די טענה פון די באָסעס, אז די ארבייטער ווילען גאָר ניט סטרייקען, נאָר די פירער פארדרעהען זיי די קעפּ, האָט געפּלאצט ווי א זייפען־בלאָז.

„מאָנטאָג פריה, נאָך דער היסטאָרישער שבת׳דיגער דע־מאָנסטראציע, האָבען די באָסעס ערווארטעט, אז די קאָטערס וועלען זיך אומקערען צוריק צו דער ארבייט, ווייל זיי האָבען דאָך פרייטאָג געשטימט אָנצונעמען דעם סעטעלמענט. נאָר נאָכ־דעם ווי די קאָטערס האָבען זיך דערוואוסט, אז די קלאוק און סקוירט מאכערס האָבען צוריקגעוויזען דעם אגרימענט און נאָכ־דעם ווי זיי האָבען געזעהן די געוואלדיג גרויסע פּראָטעסט־דעמאָנסטראציע, האָבען זיי געהאנדעלט ווי גוטע יוניאָן לייט און קיינער פון זיי איז ניט געגאנגען צו דער ארבייט".

עס האָט אויסגעוויזען, אז דער סטרייק וועט זיך איצט פארציען אויף א לאנגער צייט. דעם 27־טען אויגוסט האָט ריכ־טער גאָף ארויסגעגעבען א זעהר שטרענגען אינדזשאָנקשאָן געגען

דעם סטרייק, ווייל עס איז פאַר אַ קלאָוזד שאַפּ. ער האָט אַפילו פאַרבאָטען יעדע פאָרמע פון פּיקעטען. די שטרענגקייט פון דעם אינדזשאַנקשאָן איז קריטיקירט געוואָרען אפילו פון די ניו יאָרקער קאָנסערוואַטיווע צייטונגען.

אָבער דער שטרענגער אינדזשאַנקשאָן איז פאַר די מאַנו־פעקטשורערס געקומען צו שפּעט. זיי האָבען פון דער שטעל־לונג פון די סטרייקערס איינגעזעהן, אַז זיי וועלען דעם סטרייק ניט ברעכען און אַז זיי מוזען דעריבער ווערען אביסעל ווייכער און מאַכען נייע הנחות צו דער יוניאָן, כדי דער סטרייק זאָל קענען געענדיגט ווערען.

דער לאָיער פון די מאַנופעקטשורערס איז פון דאָס ניי צו־נויפגעקומען מיט מאיר לאָנדאָן, און צוזאַמען מיט זיי לואיס מאַרשאַל, און מען האָט זיך ווידער גענומען צו דער ארבייט צו מאַכען א שלום. מען האָט ערלויבט די סטרייק קאָמיטע צו מאַכען פאַרבעסערונגען אין דעם פאָרגעשלאָגענעם אָפּמאַך און די מאַנופעקטשורערס האָבען זיי אָנגענומען. די אויסבעסע־רונגען זיינען געווען גאַנץ וויכטיגע פאַר די סטרייקערס. די מאַנופעקטשורערס האָבען אָבער געשטעלט א באַדינגונג, אַז ביז זעקס אזייגער פאַר נאַכט מוז די יוניאַן באַשטעטיגען דעם אָפּ־מאַך אָדער איהם צוריקווייזען. רופען אַן אַלגעמיינעם מיטינג פון די סטרייקער איז אין אַזאַ קורצער צייט ניט געווען מעג־ליך. האָט דעריבער די סטרייק קאָמיטע באַשלאָסען איינצו־רופען א מיטינג פון די שאַפּ־טשערליים. עס זיינען געקומען ארום צוויי הונדערט שאַפּ־טשערלייט און נאָך אַ דיסקוסיע פון עטליכע שטונדען איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז מען זאָל דעם פאָרגעשלאָגענעם אָפּמאַך אָננעמען און 6 אזייגער פרייטאַג, דעם 2־טען סעפּטעמבער פאַרנאַכט, איז דער אָפּמאַך, וואָס האָט שפּע־טער געקראָגען דעם נאָמען „פּראָטאָקאָל", אונטערגעשריבען גע־וואָרען פון דעם דזשאָינט באָארד פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן און פון דער קלאָוק מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן.

די סטרייקערס האָבען דורך זייער צוריקווייזען דעם ערשטען פאָרשלאַג און אָנפירענדיג דעם קאַמף ווייטער, געוואונען אייניגע זעהר וויכטיגע פּונקטען. ערשטענס האָבען זיי אין דעם באַניי־טען אויסגעבעסערטען פאָרשלאַג געקראָגען א פופציג־שטונדיגע ארבייטס־וואָך; צווייטענס, דאָפּעלט געצאָלט פאַר איבערשטונ־

דען; דריטענס, א העכערען מינימום ארבייטס־לוין — צווישען א דאלאר און דריי דאלאר — פאר די מייסטע וואך־ארבייטער; פערטענס, פרייז קאמיטעס אין די שעפער; פינפטענס, א באַ־דייטענדע אויסבעסערונג אין דעם „פרעפערענשעל יוניאן שאפ".

די פונקטען וועגען דער יוניאן און ווי אזוי די יוניאן־באדינגונגען זאלען אפגעהיט ווערען, זיינען אין דעם אויסגע־בעסערטען אפמאך, וואס איז אנגענומען געווארען, פארמולירט געווארען אזוי:

„יעדער מיטגליד פון דער מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן פארפליכטעט זיך אויפצוהאלטען א יוניאן שאפ. אונטער א „יוניאן שאפ" ווערט פארשטאנען אזא שאפ, וואו מען צאלט די באשטימטע יוניאן פרייזען, און וואו אנדערע יוניאן־באַ־דינגונגען עקזיסטירען אין באצוג צו ארבייטס־שטונדען און די אנדערע פונקטען וואס דער פראטאקאל־אפמאך שרייבט פאר. אויך ווען ארבייטער דארפען ארויפגענומען ווערען צו דער ארבייט, זאלען שטענדיג יוניאן לייט באקומען דעם פארצוג, אזוי לאנג ווי יוניאן לייט זיינען פאראן צו קריגען. אזוי ווי עס איז אנערקענט, אז עס זיינען דא פארשידענע סארטען באלמעלאכעס, אן ארבייטער וואס איז גוט אין איין פלאץ קען אמאל ניט טוי־גען אין א צווייטען פלאץ, דערפאר זאלען די מאנופעקטשור־ערס האבען דאס רעכט אויסצוקלייבען זייערע ארבייטער פון וועלכע יוניאן לייט זיי ווילען און זיי זאלען ניט געצוואונגען זיין צו נעמען ארבייטער נאך א „נעקסט"־ליסט.

„עס ווערט אויך פארשטאנען, אז אלע וואס ארבייטען איצט אין די שעפער אויף קאנטראקטען, זאלען ניט דארפען ארונטערגעשיקט ווערען ביז זייערע קאנטראקטען וועלען זיך ענדיגען. די מאנופעקטשורערס ערקלערען אבער, אז זיי גלוי־בען, דאס אלע ארבייטער וואס געניסען די בענעפיטס פון דער יוניאן דארפען צו איהר באלאנגען אוןביישטייערען פאר איהרע אויסגאבען. די מאנופעקטשורערס פארשפרעכען אויך צו גע־ברויכען זייער איינפלוס, אז אלע זייערע ארבייטער זאלען באַ־לאנגען צו דער יוניאן.

„די יוניאן און די מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן זאלען געמיינשאפטליך גרינדען א באארד, אויפצופאסען, אז די שע־פער זאלען זיין ריינע, לופטיגע און אין א גוטען צושטאנד.

דער דאָזיגער באָארד זאָל באַשטעהן פון צוויי פון אונזער יוניאָן, צוויי פון דער מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן און דריי, וועל־כע זאָלען פארטרעטען דעם אַלגעמיינעם פּובליקום.

„עס זאָל געגרינדעט ווערען א „באָארד אָוו ארביטריי־שאָן" פון דריי פּערזאָן. איינער זאָל פּארטרעטען די יוניאָן, איינער די מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן און דיזע צוויי זאָלען זיך אייניגען אויף א דריטען. און אַלע שטרייטיגקיי־טען וועלכע קאָנען ניט געשליכטעט ווערען צווישען דער יוניאן מיט די מאנופעקטשורערס, זאָל איבערגעגעבען ווערען צו אָט דעם באָארד צו ענטשיידען און זיין ענטשיידונג מוז זיין בינד־ענד פאַר ביידע צדדים.

„ווען עס קומט פאָר וועלכע עס איז שטרייטיגקייט צווי־שען דער יוניאן מיט דער מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן דארף קיין סטרייק אָדער לאוקאוט ניט געמאכט ווערען, ביז וואַנען די אַנגעלעגענהייט איז פריהער ניט איבערגעגעבען געוואָרען צו דעם ארביטריישאָן באָארד.

„עס זאָל געגרינדעט ווערען א „באָארד אָוו גריוועַנסעס", וואָס זאָל באַשטעהן פון פינף פון יעדען צד, און צו דער דאָ־זיגער קאָמיטע זאָל איבערגעגעבען ווערען אַלע קלענערע אַנגע־לעגענהייטען, אָדער שטרייטיגקייטען צווישען אונזערע מיטגלידער און זייערע באַלעבאַטים צום שליכטען. און אויב די קאָמיטע קאָן זיך ניט אייניגען, זאָל עס דאַן איבערגעהן צו דעם אַר־ביטריישאָן אָארד".

די אָפּערייטאָרס האָבען געוואונען פון דעם סטרייק עלעק־טרישע מאַשינען פאַר וועלכע זיי האָבען ניט געדארפט צאָלען, ניט פאַר דער מאַשין, ניט פאַר דער עלעקטרישער קראַפט, ניט פאַר נאָדלען און ניט פאַר זייד. זיי האָבען געקראָגען פּרייז־קאָמיטעס און אַן אָפּאראַט אויסצוגלייכען זייערע קריוודעס מיט זייערע באַלאַבאַטים.

פאַר אַלע קלאָוקמאַכער צוזאַמען האָט דער נייער אָפּמאַך געגעבען א פופציג־שטונדיגע ארבייטס־וואָך, צען געזעצליכע ימים טובים, פאַר וועלכע די וואָך־ארבייטער דארפען קריגען באַצאָלט, דאָפּעלט געצאָלט פאַר איבערשטונדען, וועכענטליכע צאָלונגען פון שכירות אין א באַשטימטען טאָג און אין מזומן געלד, ניט אין טשעקס, די אָפּשאַפונג פון דער קאָנטראַקטאָר סיסטעם אין

די שעפּער (אינסאיד קאָנטראַקטאָרס) און אַ באַדייטענדע הע־
כערונג אין דעם ארבייטס־לוין פון די וואָך־ארבייטער.

דער שלום־אָפּמאַך האָט ארויסגערופען גרויס פרייד ניט
בלויז ביי די קלאָוקמאַכער און ביי אלע אנדערע ארבייטער, נאָר
אויך אין די פארשידענסטע קרייזען פון דער ניו יאָרקער באַ־
פעלקערונג. גלייך ווי עס איז נאָר באַקאַנט געוואָרען, אַז אַן
אָפּמאַך צווישען דער יוניאָן און די מאַנופעקטשורערס איז
דערגרייכט געווארען האָבען זיך די גאַסען פון דער איסט סייד,
וואו די קלאָוקמאַכער און אַנדערע האָבען דעמאָלט געוואוינט,
אָנגעפאַנגען אָנפילען מיט מענשען. אַ ריזיגע מענשען מאַסע
האָט זיך געצויגען צו ראָטגערס סקווער און איסט בראָדוויי, צום
„פאָרווערטס”. באַלד איז דער ראָטגערס סקווער און די גאַסען
ארום געווען אָנגעפילט מיט מענשען. עס איז געווען אַ דעמאָנ־
סטראַציע פון פרייד, וואס איז געווען ענליך צו דער, ווען עס איז
אָנגעקומען די גוטע בשורה, אַז די וועלט־מלחמה איז געענ־
דיגט. מענשען אונבאַקאַנטע, האָבען זיך געדריקט די הענט, זיך
ארומגענומען און גראַטולירט איינער דעם צווייטען. קיינער
האָט ניט געוואָלט פאַרלאָזען די גאַס און געהן אהיים. אין גאַס
איז געווען פרעהליך, יום־טוב'דיג, און זיי האָבען זיך ערשט אָנ־
געפאַנגען אָפּליידיגען ווען די נאַכט איז שוין געווען פאָריבער.

אויף מאָרגען, שבת, דעם 3־טען סעפּטעמבער נאָכמיטאָג,
זיינען ארומגעפאָרען איבער די גאַסען גרויסע עקספּרעס וואָגענס,
דעקאָרירט מיט פאָנען, אָנגעפּאַקט מיט קלאָוקמאַכער, מיט מוזיק־
אָרקעסטערס, אָנצוזאָגען אז דער סטרייק איז פאַרענדיגט.

עס איז געווען אַ גרויסער קאַמף און אַ גרויסער זיג, וואָס
האָט אין זיין רעזולטאַט באַשאַפען אַ גרויסע, שטאַרקע, שטענ־
דיגע קלאָוקמאַכער יוניאָן, וואָס האָט געמאַכט געשיכטע ניט
בלויז פון דער אידישער ארבייטער באַוועגונג פון אמעריקע, נאָר
פון דער אַמעריקאַנער ארבייטער באַוועגונג אין אַלגעמיין.

זעקס־און־צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

# די פילאָזאָפיע און פּראַקטיק פון פּראָטאָקאָל.

לואיס ד. בראַנדעיס, וועלכער איז באַטראַכט געוואָרען פאר דעם שאַפער פון „פּראָטאָקאָל“, אָדער ווי מען האָט איהם גערופען מיט זיין פולען נאָמען, דער „פּראָטאָקאָל פון פרידען“, האָט אין איהם געוואָלט פאַרקערפּערען אַן עקאָנאָמישע פילאָזאָפיע, וואָס איז איהם געוועזן נאָהענט צום הארצען, אַז עס איז מעגליך צו מאַכען שלום צווישען קאַפּיטאל און ארבייט, אַז זיי זאָלען ארבייטען צוזאַמען הארמאָניש. נאָר ביי איהם איז דידאָזיגע פילאָזאָפיע ניט אויסגעדריקט געוואָרען אַזוי קורץ און אַזוי איינפאַך. זי האָט זיך ביי איהם אָנגעפאַנגען מיט וועקען דעם סאָציאַלען געוויסען און אוועקשטעלען די באַציהונגען צווישען קאַפּיטאל און ארבייט אויף אַ העכערער מדרגה פון יושר און גערעכטיגקייט און ממילא וועלען שוין אַלע אינדוסטריעלע קריוודעם געשליכטעט ווערען דורך געגענזייטיגע קאָנצעסיעס און געמיינשאַפטליכע קאָאָפּעראַציע צווישען די ארבייטסגעבער און ארבייטסנעמער אויף אַ גאַנץ פרידליכען אופן.

נאָר אויב לואיס ד. בראַנדעיס האָט אין דעם „פּראָטאָקאָל“ געזעהן די פאַרקערפּערונג פון אַן עקאָנאָמישער פילאָזאָפיע, וואָס פירט צו אַ פרידליכען צוזאַמענארבייטען פון קאַפּיטאל און ארבייט אַנשטאָט אַ שטענדיגען קאַמף, האָבען די קלאָוקמאַכער און די מאַנופעקטשורערס געקוקט אויף דעם פּראָטאָקאָל ניט מער ווי אויף אַן אָפּמאַך צווישען דער יוניאָן און די מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן און יעדער צד האָט זיך בלויז אינטערעסירט מיט איהם אויף וויפיל ער איז גוט אָדער שלעכט פאַר איהם.

די יעניגע, וואָס האָבען דעם „פּראָטאָקאָל“ געוואָלט שטודירען האָבען אין איהם געקענט געפינען נייעסען, וואָס זיינען אין אַנדערע אָפּמאַכען צווישען יוניאָנס און באַלעבאַטים ניטאָ. ערשטענס, איז אין דעם „פּראָטאָקאָל“ ניט געווען אָנגעגעבען

קיין צייט, ווען ער ענדיגט זיך. דאָס איז געווען אין איינ־קלאַנג מיט בראַנדעיס׳עס פילאָזאָפיע. עס איז דאָך אַ „פּריי־דענס־אָפּמאַך", וואָס האָט דעם צוועק צו ברייננען אַ שטענדיגען פרידען, טאָ ווי אַזוי קען מען איינשרייבען אַ טערמין ווי לאַנג דער פרידען זאָל אָנהאַלטען? צווייטענס, אַ „פּרעפּערענשעל יוניאָן שאַפּ", וואָס איז גאַנץ ניי; דריטענס, די שאַפונג פון דעם „דזשאָינט באָארד אָוו סאַניטאַרי קאָנטראָל", אַ פולשטענדיג נייע אינסטיטוציע אין דער אַמעריקאַנער אינדוסטריע; פערטענס, אַ שטרענגען אַפּאַראַט צו שליכטען קריוודעס (די גריוועגס קאָמיטע און דער באָארד אָוו אַרביטריישאָן). און אַ באַזונדער נייעס איז, וואָס אין דעם הויכען געריכט, וואָס הייסט „באָארד אָוו אַרביטריישאָן" ווערט אויך געגעבען אַ דעה דער געזעל־שאַפט, דער עפענטליכער מיינונג. דער „באָארד אָוו אַרביטריי־שאָן" איז נעמליך צונויפגעשטעלט געוואָרען פון איין פאָר־טרעטער פון דער מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, איינעם פון דער יוניאָן און פון איינעם, וואָס פאַרטרעט דאָס פובליקום.

דאָס זיינען זיכער גאַנץ אינטערעסאַנטע פונקטען פאַר מענ־שען, וואָס שטודירען די באַציהונגען צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט און מען קען וועגען זיי אָנשרייבען אַפילו אַ גרויסען בוך, אָבער די קלאָוקמאַכער און די קלאָוקמאַנופעקטשורערס האָבען דעם פּראָטאָקאָל באַטראַכט פון אַ ריין פּראַקטישען שטאַנדפּונקט, דאָס הייסט, וואָס ער גיט זיי.

די קלאָוקמאַכער האָבען אין דעם „פּראָטאָקאָל" געפונען, אַז ער גיט זיי אַ העכערען אַרבייטס־לוין פאַר וואָך אַרבייט, אַ קירצערע אַרבייטס־צייט, פּרייז קאָמיטעס פאַר שטיק־אַרבייטער, עלעק־טרישע מאַשינען, שאַפּט אָפּ אינסאַיד קאָנטראַקטאָרס א. אַז. וו. די מאַנופעקטשורערס ווידער האָבען אין „פּראָטאָקאָל" געפונען אַ שוץ געגען סטרייקס און אַ מיטעל, אָדער ווייניגסטענס אַ האָפנונג, אָפּצושוואַכען די גרויסע קאָנקורענץ אין דער קלאָוק אינדוסטריע. זיי האָבען גערעכענט, אַז דער ווירק־זאַמסטער מיטעל אין דעם פּרט דאַרף זיין די גלייכע אַרבייטס־פּרייזען אין אַלע שעפּער, און די גלייכע אַרבייטס־צייט און די אַלגעמיינע גלייכע יוניאָן אַרבייטס־באַדינגונגען.

נאָר עס איז געווען לייכטער דעם „פּראָטאָקאָל" אָנצו־

שרייבען איידער איהם דורכפירען אין לעבען. די פילאָזאָ־פיע וועגען אַן אויפגעוועקטען „סאָציאַלען געוויסען", וואָס פירט צו דער געמיינשאַפטליכער קאָאָפּעראַציע פון ארבייטער און באַ־לעבאַטים אויף דעם יסוד פון יושר און גערעכטיגקייט, האָט ניט געארבייט. ביידע צדדים האָבען עפּעס אין דער דאָזיגער פילאָ־זאָפיע ניט געגלויבט. דאָס האָט זיך ארויסגעוויזען באַלד ווי די ארבייטער האָבען זיך צוריקגעקערט אין די שעפּער און מען האָט אָנגעפאנגען דורכפירען דעם „פראָטאָקאָל" אין לעבען. עס האָ־בען אָנגעפאנגען אָנקומען קלאַגען פון די ארבייטער, אז די באַ־לעבאַטים היטען ניט אָפּ דעם אָפּמאַך, אז זיי גיבען ארויס זייער ארבייט צו קאָנטראַקטאָרס, אז זיי עפענען שעפּער ארום ניו יאָרק, וואו זיי מאַכען זייער ארבייט, אז זיי זאָגען אָפּ ארבייטער דער־פאַר וואָס זיי פאָדערען די אָפּהיטונג פון יוניאָן באַדינגונגען, א. אַ. וו. די באַלעבאַטים האָבען זיך ווידער באַקלאָגט, אז די ארבייטער היטען ניט אָפּ דעם „פראָטאָקאָל", אז זיי שטעלען אָפּ די ארבייט אין די שעפּער ניט ווארטענדיג ביז די גריוועגס קאָמיטע וועט קומען אונטערזוכען זייערע קריוודעס א. אַז. וו.

נאָר שולדיג אין דעם איז געווען ניט בלויז דער געגענ־זאַץ פון אינטערעסען פון די באַלעבאַטים און די ארבייטער, וואָס יעדער צד האָט בלויז געוואָלט אויסנוצען די פּונקטען פון „פראָטאָקאָל", וואָס זיינען גינסטיג פאַר איהם און פארגעסען די פּונקטען, וואָס זיינען אומגינסטיג, נאָר אין דעם איז אויך געווען שולדיג, וואָס דער אפּאַראַט דורכצופירען דעם „פראָטאָ־קאָל" אין לעבען איז געווען א מאַנגעלהאַפטער. לויט דעם „פראָטאָקאָל" האָט די גריוועגס קאָמיטע, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי פארטרעטער פון דער מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיי־שאָן און פון צוויי פארטרעטער פון דער יוניאָן, געדאַרפט אויס־גלייכען די מינדערוויכטיגע טאָג־טעגליכע שטרייטיגקייטען אָדער מיספארשטענדניסען אין די שעפּער צווישען די באַלעבאַטים און זייערע ארבייטער, בעת די וויכטיגערע פּונקטען, וועגען וועלכע די גריוועגס קאָמיטע וועט זיך ניט קענען אייניגען, זאָלען גע־בראַכט ווערען צו דעם באָארד אָוו ארביטריישאָן. אָבער אָט די קערפּערשאַפט איז באַשטאַנען פון דריי פערזאָנען, וואָס מען האָט ניט אזוי לייכט צו יעדער צייט געקענט צונויפרופען. דער באָארד אָוו ארביטריישאָן איז באַשטאַנען פון העמילטאָן האָלט,

אַלס פּאַרטרעטער פון דער מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן; מאָרים הילקוויט, פון דער יוניאַן, און לואיס ד. בראַנדעיס, פון פּובליקום, ווי מען האָט עס גערופען. אָבער ווי די גריוועגס קאָמיטע האָט געארבייט האָט מען געדאַרפט צונויפרופען דעם באָארד אָוו ארביטריישאָן אַלע טאָג, ווייל די גריוועגס קאָמיטע האָט איינפאַך ניט געארבייט; זי האָט ניט געוואוסט ווי צו ארבייטען, און די פאַרטרעטער פון ביידע צדדים אין איר האָבען מער געקעמפט איינע מיט די אנדערע איידער אויסגעגליכען די סיכסוכים, וואָס זיינען צו זיי געבראַכט געוואָרען.

מען האָט געמוזט מאַכען אַן אויסבעסערונג אין „פּראָטאָ־קאָל", אָדער ריכטיגער, אַן אויסבעסערונג אין דעם אפּאַראַט, וואָס דאַרף איהם דורכפירען אין לעבען. עס איז פאַר דעם צוועק איינגערופען געוואָרען אין דעצעמבער א קאָנפערענץ פון פאַרטרעטער פון דער יוניאַן און פון דער מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן. דער פּאָרזיצענדער פון דער קאָנפערענץ איז געוועזען דר. הענרי מאָסקאָוויץ. עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז די גריוועגס קאָמיטע זאָל פאַרגרעסערט ווערען פון פיר מיטגלי־דער אויף צען — פינף פון יעדען צד. דאָס איז געווען אין א געוויסער מאָס אַן אויסבעסערונג, אָבער עס האָט דאָך ניט פיל געהאָלפען. עס האָט ענדליך זיך געמוזט צונויפקומען דעם 4־טען מאַרטש, 1911, דער באָארד אָוו ארביטריישאָן צו מאַכען מער גרינדליכע רעפאָרמען אין דעם אפּאַראַט פון דעם „פּראָ־טאָקאָל".

צוערשט האָט דער באָארד אָוו ארביטריישאָן ארויסגעגעבען צוויי וויכטיגע אנטשיידונגען וועגען צוויי שטרייט־פראַגען צווישען דער יוניאָן און דער מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן. איין אנט־שיידונג איז געווען וועגען דעם רעכט פון דער מאַנופעקטשור־ערס אסאָסיאיישאָן ארייננעמען נייע מיטגלידער. די יוניאַן איז געווען דאַגעגען, ווייל זי האָט מורא געהאַט, אַז די אסאָסיאַי־שאָן זאָל ניט ווערען צו שטאַרק. די אנטשיידונג איז געווען צו גונסטען פון דער אסאָסיאיישאָן. די צווייטע אנטשיידונג איז געווען וועגען דעם רעכט פון די מאַנופעקטשורערס צו עפע־נען שעפּער אויסער ניו יאָרק, וואו זיי האָבען געמאַכט זייער ארבייט ניט אונטער יוניאָן באַדינגונגען. די יוניאַן האָט גע־

גען דעם געקעמפּט און די אַנטשיידונג איז געווען צו גונסטען פון דער יוניאָן. דערצו האָט דער באָארד אָוו ארביטריישאָן אריינגעבראַכט אַ וויכטיגע רעפאָרמע אין דעם דורכפיר־אַפּאַראַט פון „פּראָטאָקאָל". עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז אויך די פאַרגרעסערטע גריוועגס קאָמיטע קען ניט פיל אויפטאָן. עס פלעגען אריינקומען טאָג־טעגליך קלאַגען פון די שעפּער וועגען פאַרברעכענס געגען „פּראָטאָקאָל" און די גריוועגס קאָמיטע האָט איינפאַך ניט געקענט זיי אַלע אויפנעמען און שליכטען. דער באָארד אָוו ארביטריישאָן האָט דעריבער באַשאַפען אַ נייעם אַמט — אַ „טשיף קלוירק". די יוניאָן זאָל האָבען איר טשיף קלוירק און די מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן זאָל האָבען איהרען. יעדער פון זיי זאָל האָבען זיינע אַסיסטענטס און זיי דאַרפען זיך אָפּגעבען מיט שליכטען די טאָג־טעגליכע קלאַגען און קריוודעס אין די שעפּער. ווי עס וועט נאָר פאָרקומען אַ סיכסוך אין אַ שאַפּ און דער שאַפּ־טשערמאַן וועט עס ניט קענען אויס־גלייכען, זאָל ער גלייך אריינגעבען זיין קלאַגע אין דער יוניאָן און זי לאָזט וויסען שריפטליך וועגען דעם די מאַנו־פעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן. און די פּראָצעדורע איז פאַר־קערט, ווען די קלאַגע איז פון אַ מאַנופעקטשורער. אויב די קלאַגע איז פון דעם מין, וואָס די גריוועגס קאָמיטע האָט שוין אַמאָל פאַרהאַנדעלט און אַנטשידען, ווערט זי גלייך גע־שליכטעט. ווען עס איז אָבער אַ קלאַגע, וועגען וועלכער מען קען זיך שטרייטען, ווערען דאַמאָלסט געשיקט אין שאַפּ צוויי דעפּיוטי קלוירקס אָדער אַסיסטענטס — איינער פון דעם טשיף קלוירק פון דער יוניאָן און דער צווייטער פון דעם טשיף קלוירק פון דער אַסאָסיאיישאָן, און זיי דאַרפען מאַכען אַן אונטערזוכונג און פּראָבירען אויסגלייכען דעם סיכסוך. אויב אָבער זיי קענען זיך ניט איינינען, מוז די קלאַגע אויפגענומען ווערען פון די צוויי טשיף קלוירקס אליין און אויב זיי קענען זיך אויך ניט איינינען, מוז די קלאַגע געבראַכט ווערען פאַר דער גרי־וועגס קאָמיטע, אָדער „באָארד אָוו גריוועגס", ווי מען האָט איר אַ נאָמען געגעבען. און אויב מען קען דאָרטען ניט קומען צו אַן אַנטשיידונג מוז די קלאַגע געבראַכט ווערען צו דער לעצטער אינס־טאַנץ — דער באָארד אָוו ארביטריישאָן.

די נייע רעפאָרמען זיינען אריין אין קראַפט דעם 15־טען

אפּריל, 1911, ווען עס איז געוועהלט געוואָרען די נייע „באָארד אָוו גריוועגס".

פון דער יוניאָן זיינען באַשטימט געוואָרען אב. ראָזענבערג, דזשאָן דייטש, דזש. זימערמאַן, ב. שלעזינגער און ד. פּרוזען.

פאר טשיף קלוירק איז פון דער יוניאָן באַשטימט געוואָרען סאָל. פּאָליאַקאָף, וועלכער איז דעמאָלט געווען וויים־פּרע־זידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל. פון דער מאַנופעק־טשורערס אסאָסיאיישאָן איז פאר דעם טשיף קלוירק באַשטימט געוואָרען ע. ל. לעזינסקי, און פאר זיין אסיסטענט, דר. פּאָל איי־בעלסאָן.

די נייע רעפאָרמען האָבען אָנפאַנגס אויסגעזעהן צו אַר־בייטען ניט שלעכט. יעדענפאַלס איז עס געווען א גרויסע פאַר־בעסערונג, וואָס האָט זיך געלאָזען פילען אין די שעפער. דער „פּראָטאָקאָל" האָט ענדליך אָנגעפאַנגען פונקציאָנירען. די יוניאָן איז אין א קורצער צייט ריזיג אויסגעוואַקסען. אין אָנפאַנג 1912 האָט די קלאָוקמאַכער יוניאָן אין די 9 לאָקאַס, פון וועל־כע זי איז געווען צונויפגעשטעלט, געהאַט איבער 50 טויזענד מיטגלידער. לאָקאַל 1 האָט געהאַט 13 טויזענד און 324 מיט־גלידער; לאָקאַל 9, אין וועלכען עס זיינען דעמאָלט געווען פאַר־אייניגט אַלע שניידער און פינישער, האָט געהאַט 15 טויזענד און 627 מיטגלידער; לאָקאַל 35 — 8 טויזענד און 602 מיט־גלידער; לאָקאַל 23 — 7 טויזענד און 685 מיטגלידער. די פיר לאָקאַלס פלעגט מען אין דזשאָינט באָארד רופען די „ביג פאָר". (אין יענער צייט איז עס געווען א פּאָפּולערער אויסדרוק צו באַ־צייכענען די פיר גרויסע אייזענבאַן קאָמפּאַניעס אין לאַנד.) פּאַקטיש זיינען איבער 90 פּראָצענט פון די קלאָוקמאַכער אין ניו יאָרק געווען אָרגאַניזירט. בראַנדעיס'עס „ערפינדונג", וואָס האָט געהייסען „פּרעפּערענשעל יוניאָן שאָפּ", איז אויף אַזאַ אופן פון זיך אַליין פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין א פולשטענדיגען יוניאָן שאָפּ. פשוט צוליב דעם, וואָס כמעט אַלע קלאָוקמאַכער זיינען געווען יוניאָנלייט און די מאַנופעקטשורערס האָבען אויפגעהערט זוכען ניט־יוניאָן לייט. אין געגענטייל, זעהענדיג אז כמעט אַלע זייערע אַרבייטער זיינען יוניאָן לייט, האָבען זיי אויסגערעכענט, אז עס וועט זיין בעסער פאַר דער פאַרוואַלטונג פון שאָפּ און

כדי אויסצומיידען רייבונגען, אז יעדער ארבייטער וואס ווערט ארויפגענומען אין שאפּ זאָל זיין א מיטגליד פון דער יוניאָן. דר. אייבעלסאָן האָט געזוכט צו ווירקען אין דער ריכטונג. ער האָט געהאלטען אז דאָס איז א גוטע פּאָליטיק צו שאפען פריינד־ליכערע באציאונגען צווישען דער אסאָסיאיישאָן און דער יוניאָן. בפרט, אז כמעט אלע קלאָוקמאכער זיינען סאַי ווי סאַי געווען יוניאָן־לייט.

און עס איז אויך געוואקסען די מאנופעקטשורערס אסאָסי־איישאָן, אדער ווי זי האָט זיך גערופען מיט איר פולען נאָמען, „מאנופעקטשורערס פּראָטעקטיוו אסאָסיאיישאָן". זי האָט אין אָנפאנג פון 1912 שוין געהאט 196 מיטגלידער, וואס האָבען אלע צוזאמען באשעפטיגט ארום 24 טויזענד קלאָוקמאכער. דער־צו האָבען זיי געהאט 270 קאָנטראַקטאָרס, וועלכע האָבען בא־שעפטיגט ארום 6 טויזענד קלאָוקמאכער. עס הייסט, אז די פּראָטעקטיוו מאנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן האָט באשעפטיגט איבער 60 פּראָצענט פון אלע קלאָוקמאכער אין ניו יאָרק.

אויסער די פּראָטעקטיוו אסאָסיאיישאָן האָט עקזיסטירט א צווייטע פאראייניגונג פון מאנופעקטשורערס אונטער דעם נאָ־מען „יונאַיטעד אסאָסיאיישאָן", וואס צו איהר האָבען באלאַנגט די קלענערע מאנופעקטשורערס. זי האָט געהאט 250 מיטגלידער, וועלכע האָבען באשעפטיגט ארום 10 טויזענד ארבייטער. מיט דער אסאָסיאיישאָן האָט די קלאָוקמאכער יוניאָן געהאט א בא־זונדערען אָפּמאך, ניט קיין „פּראָטאָקאָל". די ארבייטס־באדינ־גונגען, ארבייטס־צייט און ארבייטס־פּרייזען זיינען געווען דיזעל־ביגע ווי אונטערן „פּראָטאָקאָל", אָבער די מיטגלידער פון דער „יונאַיטעד" האָבען ניט געהאט דיזעלביגע פּריווילעגעס, וואָס פון דער „פּראָטעקטיוו", באזונדערס וואס איז שייך דעם שטרייכגען פארבאָט פון סטרייקס. די קלאָוקמאכער יוניאָן האָט אויך געהאט אָפּמאכען מיט 680 אומאָפּהענגיגע מאנופעקטשורערס, וועלכע האָ־בען ניט באלאַנגט צו קיין אסאָסיאיישאָן און וועלכע האָבען בא־שעפטיגט ארום 7 טויזענד ארבייטער. און אלס צוגאָב האָט די יוניאָן געהאט אן אָפּמאך מיט 4 הונדערט אייגענטימער פון סטאָרס, וואס פארקויפען קלאָוקס און וואו עס זיינען באשעפ־טיגט געווען ארום 2 טויזענד קלאָוק שניידער, וואס מען רופט

געוועהנליך „אַלטעריישאָן" שניידער. די קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט אויף אַזאַ אופן קאָנטראָלירט 1796 קלאָוק, סוט, סקוירט און ריפער שעפּער פון די 1829 שעפּער, וואָס זיינען דעמאָלט געווען אין ניו יאָרק.

דאָס זיינען געווען, ווי מען קען זאָגען, די האָניג חדשים פון דעם „פּראָטאָקאָל". מען האָט וועגען איהם געשריבען אָפּ־האנדלונגען אין זשורנאַלען, געהאַלטען לעקציעס אין אוניווער־זיטעטען און מ'האָט איהם באַצייכענט אַלס א גאַנץ נייער אויפטו אין די באַציהונגען צווישען קאַפּיטאַל און ארבייט. אנדערע האָבען אין זייער באַגייסטערונג פאַר'ן „פּראָטאָקאָל" געזאָגט, אז ער איז עפּאָכע־מאַכענד, אז פון איהם פאַנגט זיך אָן א גאַנץ נייער קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון קאַפּיטאַל און ארבייט. דער „פּראָטאָקאָל" האָט אָנגעפאַנגען איינגעפירט ווערען ניט בלויז אין די אַנדערע טיילען פון דער פרויען קליידער אינדוסטריע, וואס זיינען געווען אָרגאַניזירט פון דער אינטערנעשאָנעל, נאָר מען האָט איהם פּראָבירט אויך איינפירען אין אַנדערע אינדוסטריעס.

## זיבעך־און־צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

# לאָקאַל 1 און דער „פּראָטאָקאָל".

די „האָניג חדשים" פון „פּראָטאָקאָל" האָבען לאַנג ניט אָנגעהאַלטען. דער שלום בית, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט, נאָך די נייע רעפאָרמען אין פּראָטאָקאָל, האָט ניט לאַנג געדויערט. עס האָבען אָנגעפאַנגען אריינקומען יעדען טאָג בערג מיט קלאַגען פון די ארבייטער אין די שעפּער און די אונצופרידענהייט מיט'ן „פּראָטאָקאָל" צווישען די קלאוקמאַכער האָט אָנגעפאַנגען וואקסען, באַזונדערס צווישען די אָפּערייטאָרס און די פינישערס. און אזוי ווי צווישען די אָפּערייטאָרס איז געווען אין דורכשניט, א אינגערער, אַן אַקטיווירער און מען קען אויך זאָגען, א מער רעבעלישערער עלעמענט, האָט זיך דעריבער די אונצופרידענהייט מיט דעם „פּראָטאָקאָל" אויסגעדריקט פיל שטארקער אין לאָקאל 1, ווי אין לאָקאל 9. א חוץ דעם האָבען די מיטגלידער פון לאָקאל 1 אויך טאַקע געהאַט מער אורזאַכען זיך צו באַקלאָגען. פון זיי פלעגען אריינקומען די גרעסטע צאָל קלאַגען וועגען דיסקרימינאַציע מצד די באַלעבאַטים פאַר יוניאַן טעטיגקייט, ווייל אין די מייסטע שעפּער זיינען אָפּערייטאָרס געווען די שאָפּ־טשערלייט און זיי האָבען אויך געשפּילט א וויכטיגערע ראָלע אין די פּרייז קאָמיטעס. די אָפּערייטאָרס זיינען דער קערן, די יאָדרע פון שאָפּ. יעדער קלאָוק־שאָפּ פאַנגט זיך אָן מיט דעם וויפיל מאַשינען עס ווערען אין איהם אוועקגעשטעלט. די גרויס פון שאָפּ ווערט געמאָסטען מיט דער צאָל אָפּערייטאָרס, וואָס זיינען אין איהם באַשעפטיגט. און ווען דער מאַנופעקטשורער מאַכט דעם חשבון פון זיינע ארבייטס־קאָסטען, זיינען די אָפּערייטאָרס אין דער ערשטער ליניע. איז ער דורכגעקומען וועגען פּרייז מיט די אָפּערייטאָרס, איז זיין חשבון אזוי גוט ווי פאַרטיג. די פינישערס פאַרנעמען א מינדערוויכטיגען טייל אין חשבון.

דער שאָפּ איז באַשטאַנען פון וואָך־ארבייטער און פון שטיק־

ארבייטער. די קאַטערס און די פּרעסערס האָבען געארבייט פון וואָך, בעת די אפּערייטאָרס און די פינישערס האָבען געארבייט פון שטיק. צווישען די וואָך־ארבייטער האָבען נאַטירליך גע־מוזט פּאָרקומען ווייניגער רייבונגען אין שאַפּ. אויב עס ווערען נאָר אָפּגעהיט די פונקטען פון „פּראָטאָקאָל" וועגען ארבייטס־לוין, ארבייטס־צייט און סאַניטאַריע באַדינגונגען אין שאַפּ בלייבט שוין איבער ניט פיל וועגען וואָס צו קריגען זיך. מיט די שטיק־ארבייטער איז אבער א שטענדיגער קריג. מען דאַרף זיך שטענדיג דינגען וועגען די פּרייזען און די מאַנופעקטשורער האָבען אלע מאָל חשק פּטור צו ווערען פון א פּרייז קאָמיטע, וואָס זוכט צו קריגען א בעסערען פּרייז פאַר דער ארבייט. א מאַ־נופעקטשורער האָט אויך ניט ליב א שאַפּ־טשערמאַן, וואָס פאַר־לאַנגט, אז יוניאָן באַדינגונגען זאָלען שטרענג אָפּגעהיט ווערען. ער וויל פון אזא איינעם וואָס גיכער פּטור ווערען. עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערען, אז עס זיינען דעמאָלט נאָך ניט געווען קיין אַלגעמיינע איינגעשטעלטע נאָרמען ווי אזוי די פּרייזען פאַר שטיק־ארבייט דאַרפען באַשטימט ווערען. דאָס האָט מען ערשט שפּעטער פּראָבירט איינשטעלען. אין אָנפאַנג זיינען די פּריי־זען פאַר שטיק ארבייט געווען הויפּטזעכליך אָפּהענגיג פון דעם אויף וויפיל די פּרייז קאָמיטע האָט זיך געקענט דינגען און ווי הארט דער מאַנופעקטשורער איז געווען.

א מאַנופעקטשורער האָט אין אַלגעמיין ניט קיין אינטערעס צו בייטען זיינע ארבייטער אין שאַפּ. ער זאָגט ניט אָפּ קיין ארבייטער ווייל עס האָט איהם אויפגעהערט צו געפעלען זיין נאָז, אדער דער קאָליר פון זיינע אויגען. אין געגענטייל, ער וועט גיכער האַלטען די ארבייטער, וועלכע ער קען שוין און איז שוין צוגעוואוינט צו זיי, איידער ארייננעמען נייע, וואָס ער דאַרף איצט אויסגעפינען, אויב זיי וועלען טויגען פאַר אים. עס פלעגען דעריבער פּאָרקומען א סך ווייניגער פאַלען אונטער דעם פּראָטאָקאָל, אז מאַנופעקטשורערס זאָלען אָפּזאָגען זייערע וואָך־ארבייטער. עס פלעגען אָבער פּאָרקומען א סך פאַלען, ווען שטיק־ארבייטער פלעגען אָפּגעזאָגט ווערען און די באַהויפּטונג פון די ארבייטער איז געווען אין די מייסטע פאַלען, אז מ'האָט זיי אָפּגעזאָגט פאַר יוניאָן אַקטיוויטעט, ווייל זיי זיינען געשטאַנען צו־פּעסט אין דינגען זיך וועגען פּרייזען, צי ווייל זיי האָבען זיך

צו שטאַרק אינטערעסירט, אַז די יוניאַן באַדינגונגען אין שאַפּ זאָלען אָפּגעהיט ווערען. און אַזוי אויך זיינען געווען די קלאַגען וועגען דיסקרימינאַציע אין אַלגעמיין.

עס זיינען אויך געווען אַנדערע קלאַגען, און יעדעס מאָל, ווען מען פלעגט אָנפאַנגען באַריכטען פון לאָקאַל 1 אויף דעם מיטינג פון דזשאָינט באָארד, האָט מען געוואוסט, אַז ער וועט זיין אָנגעפּיקעוועט מיט קלאַגען. עס זיינען געווען מאַנופעקטשורערס, וואָס האָבען זיך ניט געאיילט איינצופירען קיין עלעקטרישע מאַשינען, ווי דער „פּראָטאָקאָל" האָט עס געפאָדערט; אַנדערע האָבען זיך געפּוילט צו צאָלען דאָפּעלט פאַר איבערשטונדען און עס זיינען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבען נאָך ניט אָפּגעשאַפט „אינסאַיד" קאָנטראַקטאָרס אין זייערע שעפּער. אָבער די מייסטע קלאַגען, 75 פּראָצענט, זיינען געווען וועגען פאַרדינסטען, דיסקרימינאַציעס און אָפּזאָגען פון דער ארבייט פאַר יוניאַן־טעטיגקייט.

ווי עס איז געוואַקסען די צאָל קלאַגען וואָס פלעגען אַריינקומען פון די „פּראָטאָקאָל שעפּער", קען מען זעהן דערפון, וואָס פון דעם 15־טען אַפּריל, 1911, ביז דעם 31־טען דעצעמבער פון זעלביגען יאָהר, זיינען אַריינגעקומען צוועלף הונדערט מיט 56 קלאַגען, אין דורכשניט 150 א חדש, בעת פון מאַי, 1912, ביז דעם 31־טען דעצעמבער,, 1912, איז די צאָל קלאַגען געווען צוויי טויזענד צוויי הונדערט און 96, אין דורכשניט 287 א חודש, און פון יאַנואַר, 1913, ביז דעם 31־טען אָקטאָבער, 1913, איז די צאָל געווען דריי טויזענד פיר הונדערט און 61, אין דורכשניט 346 א חודש.

עס דאַרף באַמערקט ווערען, אַז די קלאַגען זיינען געקומען ניט בלויז פון די ארבייטער, נאָר אויך פון די באַלעבאַטים. אַרום צען פּראָצענט פון דער צאָל קלאַגען, וואָס זיינען דאָ אָנגעגעבען, זיינען געקומען פון די באַלעבאַטים, אָבער די מייסטע קלאַגען פון די באַלעבאַטים זיינען געווען וועגען שאַפּ סטרייקס, אָדער „סטאָפּעדזשעס", ווי מען האָט זיי א נאָמען געגעבען, ווייל סטרייקען האָט מען ניט געטאָרט, און וועגען דעם וואָס די ארבייטער האָבען זיך אַריינגעמישט אין דער דיסציפּלין און פירונג פון שאַפּ, וואָס דאָס מיינט פאַקטיש, אַז אויך אין די קלאַגען, וואָס די באַלעבאַטים האָבען געבראַכט, האָט עס זיך געהאַנדעלט וועגען

גען קריוודעס פון די ארבייטער, ווייל ווען עס איז שוין געקומען צו א שאפּ סטרייק האָט די קריוודע פון די ארבייטער שוין גע־מוזט זיין גאָר א גרויסע. און „אריינמישען זיך אין דער דיס־ציפּלין פון שאפּ״ מיינט ווידער אמאָל, אז די ארבייטער האָבען זיך געשטעלט געגען עפּעס, וואָס זיי האָבען באטראכט פאר א פארברעכען געגען דער יוניאָן.

נאָר ווי אזוי האָט מען געקענט אויפנעמען צו פארהאנד־לען אזוי פיל קלאגען? — האָט מען טאקע ניט געקענט. זיי פלעגען זיך דעריבער אָנקלייבען אזוי פיל און פלעגען אזוי לאנג פארצויגען ווערען ביז א גרויסער טייל פון זיי פלעגען שטארבען מיט זייער נאטירליכען טויט. דאָס האָט אָבער ניט בארוהיגט די געמיטער פון די ארבייטער געגען פּראָטאָקאָל נאָר האָט זיי נאָך מער אויפגערעגט. די מיטינגען פון דזשאָינט באָארד פון דער קלאָוקמאכער יוניאָן פלעגען שטורמען מיט פּראָטעסטען. יעדער מיטינג פלעגט זיין באלאגערט מיט קאָמיטעס פון „פּראָ־טאָקאָל״ שעפּער, וואָס האָבען געבראכט זייערע קריוודעס. די מיטינגען פון דזשאָינט באָארד פלעגען זיך אָנפאנגען שבת נאָך מיטאג און פלעגען זיך ענדיגען ווייט נאָך האלבער נאכט און ווען די באציהונגען צווישען דער יוניאָן און די אסאָסיאיישאָן זיינען געוואָרען אָנגעשטרענגטער, פלעגט א דזשאָינט באָארד מי־טינג אמאָל זיך ענדיגען ערשט זונטאָג פארטאָג. די דעלעגאטען פון לאָקאל 1 האָבען צו יעדען מיטינג געבראכט א פּעקעל פּראָ־טעסטען. יעדער באריכט פון דער עקזעקוטיווע פון לאָקאל 1 צום דזשאָינט באָארד מיטינג פלעגט אָנווייזען אויף א גאנצע רייהע פאלען פון דיסקרימינאציעס אין די פּראָטאָקאָל שעפּער און ווי אזוי די מיטגלידער פון דער פּראָטעקטיוו אסאָסיאיישאָן היטען ניט אָפּ דעם פּראָטאָקאָל.

אין די דעבאטען און אין די ענטפערס פון די באאמטע פלעגט אָפט אָנגעוויזען ווערען, אז אויך פון די שעפּער פון דער יונאיטעד מאנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן, וואָס האָבען ניט קיין פּראָטאָקאָל קומען אריין א סך קלאגען פון די ארבייטער און אזוי אויך פון די אונאָפּהענגיגע שעפּער. אָבער אויף דעם איז געווען אַן ענטפער: מיט די מאנופעקטשורערס פון דער „יונאי־טעד״ אָדער מיט די אונאָפּהענגיגע דארף מען זיך אזוי פיל ניט צערעמאָניען. ווען זיי באגעהען אן אומרעכט און ווילען

איהם ניט צורעכט מאַכען, קען מען ביי זיי סטרייקען. אין די שעפּער פון דער פּראָטעקטיוו אסאָסיאיישאָן טאָר מען אָבער ניט סטרייקען. ווען עס קומט צו א קלאַגע געגען א מאַנופעקטשורער פון א „פּראָטאָקאָל“ שאַפּ, איז עס אן עסק מיט א גאַנצער דיפּלאָמאַטיע, מיט „אמבאַסאַדאָרס“, מיט דיפּלאָמאַטישע „נאָטעס“, מיט הויכע געריכטען און נאָך העכערע און עס איז א פאַרשלעפּטע קרענק, אוז ביז מען קומט צו דער צוגעזאָגטער גערעכטיגקייט, קען פריהער די נשמה ארויס.

דער דאָזיגער צושטאַנד האָט אָנגעפאַנגען אָפּשוואַכען די יוניאָן. די מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן איז אָבער געוואָרען אַלץ שטאַרקער. אין 1913 האָט זי שוין געהאַט 258 מיטגלידער, און האָט קאָנטראָלירט די גרעסטע שעפּער פון דער קלאוק אינדוסטריע אין ניו יארק.

מען האָט אויך פּראָבירט באַרוהיגען די פּראָטעסטירער מיט סטאַטיסטיק. מען האָט זיי געוויזען, אז די צאָל קלאַגען וואָס ווערען פאַרצויגען און בלייבען ליגען אין לאַנגען באַנק, איז ווייט ניט אזוי גרויס, ווי עס ווערט אָנגעגעבען; אז די צאָל קלאַגען, וואָס ווערען אויפגעגעבען, ווייל זיי זיינען ניט גענוג באַגרינדעט אָדער זיינען ניט באַרעכטיגט, איז אויך ניט אזוי גרויס, ווי מען זאָגט, אָבער דאָס האָט אויך ווייניג געהאָלפען. אין דער אמת'ן איז די סטאַטיסטיק טאַקע אויך ניט געווען אזוי גינסטיג. זי האָט געוויזען, אז דרייסיג פּראָצענט פון די קלאַגען זיינען אָפּגעפאַרטיגט געוואָרען דורך א פּשרה, 25 פּראָצענט זיינען אויפגעגעבען געוואָרען, נאָהענט צו 18 פּראָצענט זיינען אנטשידען געוואָרען צו גונסטען פון דער יוניאָן און עטוואס מער ווי 12 פּראָצענט — צו גונסטען פון דער מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן.

די פראַגע איז אַלזאָ געווען, ווי מאַכט מען, אז די קלאַגען, וואָס קומען אריין פון די ארבייטער געגען זייערע באַלעבאַטים זאָלען קריגען מער אויפמערקזאַמקייט און אז זיי זאָלען קריגען מער גערעכטיגקייט. דער „באָארד אָוו גריוועַנסעס“ האָט געארבייט צו לאַנגזאַם. מען האָט איהם באַשולדיגט, אז ער איז מער א דעבאַטיר קלוב, ווי אן אינדוסטריעלער געריכט. און נאָך ערגער איז געווען די באַשולדיגונג, אז ער איז ניט אין גאַנצען אונפּאַרטייאיש. אז די מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן האָט אויף איהם מער איינפלוס, ווי די יוניאָן. אמת, עס איז

געווען נאָך א העכערער געריכט, דער „באָארד אָוו ארביטריישאָן", אָבער ער איז פאר קנאַפּע צוויי יאָהר צייט — פון 4־טען מארטש, 1911, ביז דעם 3־טען פעברואר, 1913, זיך ניט צונויפגעקומען.

די שטארקע אונצופרידענהייט פון די קלאָוקמאכער מיט דער שלעכטער דורכפירונג פון פּראָטאָקאָל האָט זיך אָנגעפאנגען אויסדריקען דורך אָפּשטעלען די ארבייט אין די שעפּער. די צאָל פון „סטאָפּעדזשעס" האָט אָנגעפאנגען וואקסען. אין די צען חדשים צווישען מארטש און סוף דעצעמבער פון 1911, זיינען געווען 70 „סטאָפּעדזשעס" אין די „פּראָטעקטיוו" שעפּער און אין די 12 חדשים פון 1912 זיינען געווען 160 „סטאָפּעדזשעס". אין די ערשטע חדשים פון 1913 זיינען די „סטאָפּעדזשעס" געוואָרען נאָך אָפטער.

עס פארשטעהט זיך, אז די מאנופעקטשורערס האָבען געגען דעם שטארק פּראָטעסטירט. סטרייקס זיינען לויט דעם פּראָטאָקאָל געווען פארבאָטען, אָבער כדי צו פארמיידען די שאָפּסטרייקס האָט מען געמוזט אָפּשאפען זייערע אורזאכען, נאָר אַנשטאָט זיי אָפּשאַפען זיינען זיי געוואָרען נאָך שטארקער.

מאנופעקטשורערס זוכען אַלע מאָל צו קריגען ביליגע ארבייט און פאר די יאָהרען וואָס די קלאָוק מאנופעקטשורערס זיינען געווען פריי פון דער קאָנטראָל פון א יוניאָן האָבען זיי זיך צוגעוואוינט צו קריגען ארבייט אזוי ביליג ווי זיי האָבען נאָר געוואָלט. מיט איין מאָל אָבער איז געמאכט געווארען אן ענד צו אָט דער פרייהייט. מען מוז צאָלען די וואָך־ארבייטער א באַשטימטען פרייז און מיט די שטיק־ארבייטער מוז מען זיך דינגען און מייסטענס צאָלען דעם פרייז וואָס זיי פארלאַנגען. און טאָמער האָט זיך עס א מאנופעקטשורער איינגעגעבען זיינע שטיק־ארבייטער אָפּצונארען אין פרייז, עס הייסט ער האָט אויסגעדונגען ביי זיי אזוי פיל, אז זיי קענען קיין לעבען ניט מאכען, פאנגען זיך אָן פּראָטעסטען און אונרוהען אין שאָפּ. און ווען עס נעהמט איהם אפילו אראָפּ גלאָט, ווייס ער אָבער, אז באַלד וועט ער זיך ווייטער דארפען דינגען. באַלד וועט זיין א נייע מאָדע, אָדער „סטאַיל", און עס וועלען דארפען זיין נייע פרייזען. די פרייז קאָמיטע וועט שוין זיין ניט נאָר פארזיכטיג, אז זי זאָל א צווייטען מאָל ניט אָפּגענארט ווערען, נאָר זי וועט נאָך פּראָ־

בירען עפּעס איינמאָנען פאר דער פריהערדיגער אַפּנאַרעריי. די קלאוק מאַנופעקטשורערס האָבען דעריבער גלייך ווי דער פּראָטאָקאָל איז אריין אין קראפט, אָנגעפאנגען זוכען וועגען און מיטלען, ווי אזוי צו קריגען ארבייט ביליגער. זיי האָבען עס פּראָבירט טאָן דורך ארויסשיקען זייער ארבייט אין שעפּער, וואָס געפינען זיך אויסער ניו יאָרק, אָבער דער באָארד אָוו ארביט־ריישאָן האָט געזאָגט, אַז דאָס טאָר מען ניט, אַז עס איז געגען גייסט פון פּראָטאָקאָל. האָבען אָבער די מאַנופעקטשורערס געפונען אַן אַנדער וועג. זיי האָבען אָנגעפאנגען ארויסגעבען ארבייט צו שעפּער פון קאָנטראַקטאָרס אין ניו יארק, וואו די ארבייט איז געמאַכט געווארען ביליגער. און אין פּראָטאָקאָל איז וועגען דעם קיין פארבאָט ניט געווען. די ארבייטער אין די קאָנטראַקטאָר שעפּער זיינען געווען מיטגלידער פון דער יוניאָן. עס האָט זיך אויף אזא אופן אָנגעפאנגען א קאָנקורענץ צווישען דעם אויסען־שאָפּ און דעם אינווענינגסטען. די ארבייטער פון די אינווענינסטע שעפּער האָבען אָנגעפאנגען פאָדערן, אז די פּרייזען פון ארבייט זאָלען זיין אין די אויסען־שעפּער דיזעלבע, וואָס אין די אינווענינסטע שעפּער. די יוניאָן האָט אויף דעם גרונד ארויסגעשטעלט א פאָדערונג, אַז די קאָנטראַקטאָר שעפּער פון די מיטגלידער פון דער פּראָטעקטיוו אסאָסיאיישאָן זאָלען רעגיסטרירט ווערען, כדי די יוניאָן זאָל קענען אויפפּאַסען, אַז די ארבייטס־באַדינגונגען אין די אויסען־שעפּער זאָלען זיין דיזעלבינע, וואָס אין די אינווענינסטע שעפּער. און די יוניאָן האָט די פאָדערונג געוואונען. אָבער די מאַנופעקטשורערס האָבען באַלד געפונען אַן אַנדער וועג. זיי האָבען אויסגעטראַכט א נייע באַשעפעניש — א „סאָב־מאַנופעקטשורער", וואָס האָט געדינט זייער צוועק.

דער סאָב־מאַנופעקטשורערס איז געווען אַ באַשעפעניש, וואָס איז געווען א קאָמבינאַציע פון א מאַנופעקטשורער און א קאָנטראַקטאָר. פון אויסענווייניג האָט ער אויסגעזעהן ווי א מאַנופעקטשורער, ווייל ער האָט געהאַט אַן אייגענעם שאָפּ, געקויפט אליין מאַטעריאַל און אליין געשניטען די וואַרע, אָבער אינווייניג איז ער פאַקטיש געווען אַ קאָנטראַקטאָר, ווייל ער פלעגט ארבייטען פאַר א מאַנופעקטשורער און ער פלעגט קריגען די שטאָף פון דעם מאַנופעקטשורער פאַר וועלכען ער פלעגט ארבייטען.

דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די מאַנופעקטשורערס האָבען דורך די סאָב מאַנופעקטשורערס דערגרייכט דעמזעלבען צוועק, וואָס פריהער דורך די קאָנטראַקטאָרס — זיי האָבען באַשאַפען אַ קאָנקורענץ צווישען די אַרבייטער פון די אויסען־שעפּער און די אינוועניגסטע און זיי האָבען געקראָגען ביליגערע אַרבייט, און ווען די אַרבייטער פון די אינוועניגסטע שעפּער האָבען ניט געוואָלט אַרבייטען פאַר ביליגער, האָבען זיי קיין אַרבייט ניט גע־קראָגען, ווייל די אַרבייט פלעגט איבערגעגעבען ווערען צו די סאָב־מאַנופעקטשורערס, און די סאָב־מאַנופעקטשורערס פלעגען זאָגען זייערע אַרבייטער, אויב זיי ווילען ניט מאַכען די אַר־בייט פאַר אַ ביליגערען פּרייז, וועלען זיי דאַרפען זיצען ליידיג.

און ווען דער סאָב־מאַנופעקטשורער איז איין מאָל באַשאַפען געוואָרען, איז ער שוין געבליבען און לעבט נאָך ביז היינט.

אויף די מיטינגען פון דזשאָינט באָארד פלעגט עס שטענדיג שטורמען מיט דער סאָב־מאַנופעקטשורערס פּראַגע. די אַרבייטער פלעגען באַשולדיגען די בעאַמטע פון דער יוניאָן, אַז זיי טוען גאָר־נישט אָדער טוען צו ווייניג צו באַקעמפען די סאָב־מאַנופעק־טשורער מגפה, וואָס רואינירט די פאַרדינסטען פון די אַרביי־טער. די דעלעגאַטען פון לאָקאַל 1 זיינען געווען די הויפּט־שטורמער. לאָקאַל 1 האָט אפילו אין יולי, 1912, אנגעפאַנגען אַ באַוועגונג צו שאַפען אַן אייגענעם פאָנד פאַר אַ קאַמף געגען די סאָב־מאַנופעקטשורערס מגפה.

## אכט־און־צוואנציגסטער קאַפּיטל

# אברהם ביזנאָ

די הויפּט־באאמטע פון דזשאָינט באָארד זיינען געווען דזש. האַלפּערין, פּרעזידענט, מאיר פּערלשטיין, סעקרעטאַר, און העררי קליינמאַן, טרעזשורער. אַלע דריי זיינען געווען פון דעם אינגערען דור קלאָוקמאַכער און זיי זיינען געקומען אין פאָדערגרונד דורך דעם גרויסען קלאָוקמאַכער סטרייק. זיי האָבען אָנגעפאַנגען פילען, אַז די היטעל, וואָס מען האָט זיי אָנגעטאָן, איז פאַר זיי אביסעל אַ צו שווערע. קיין סך ערפאַרונג האָבען זיי ניט געהאַט. זיי זיינען געווען יונג אין יאָרען און יונג אין דער יוניאָן, און די פּראָבלעמען פון דער יוניאָן ווערען אַלץ שווערער, קאָמפּליצירטער און פאַרפּלאָנטערטער. דער טשיף קלוירק פון דער יוניאָן, סאַל. פּאָליאַקאָף, האָט, אמת, שוין געהאַט אַ לענגערע ערפאַרונג אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן און האָט געהאַט די רעפּוטאַציע פון אַ קעמפער און אַן איבערגעגעבענער יוניאָן־טוער, אָבער עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז פאַר דעם אמט פון טשיף קלוירק, וואָס מען האָט אים געגעבען, איז ער ניט געווען גענוג צוגעפּאַסט. אָבער די קלאָוקמאַכער יוניאָן אין ניו־יאָרק, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס זי האָט געהאַט אַזאַ גרויסע צאָל מיטגלידער, האָט זי אָבער דאָך געהאַט שוועריגקייטען צו געפינען צווישען זיי די פּאַסענדע באַאמטע. עס איז געווען אַ גרויסע יוניאָן מיט אַ סך מיטגלידער, אָבער צווישען זיי זיינען געווען ווייניג ערפאַרענע יוניאָן־טוער. די מייסטע זיינען געווען נייע אין דער יוניאָן און, וואָס נאָך ערגער, נייע אין לאַנד. און פאַר דעם אמט פון טשיף קלוירק, וואָס איז געוואָרען דער וויכטיגסטער פון דער יוניאָן, איז באַזונדערס שווער געווען צו קריגען אַ פּאַסענדען קאַנדידאַט.

נאָך אַ לאַנגער איבערלייגונג זיינען די באַאמטע פון דזשאָינט באָארד געקומען צום באַשלוס, אַז מען זאָל אַראָפּברענגען אברהם ביזנאָ פון שיקאַגאָ פאַר דעם אמט פון טשיף קלוירק. ביזנאָ איז

געווען זעהר א פּאָפּולערער נאָמען ניט בלויז אין שיקאגא, נאָר מען האָט וועגען איהם אויך געוואוסט אין ניו־יאָרק, וועניג־סטענס די עלטערע קלאָוקמאַכער. ער איז געווען פון דעם על־טערען דור אָפּערייטאָרס, האָט געאַרבייט מערערע יאָרען אין א קלאָוק־שאַפּ אין שיקאגא, איז שטענדיג געווען טעטיג אין דער יוניאָן, געווען מענעדזשער פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן אין שיקאגא און איז אין 1897 אַראָפּגעבראַכט געוואָרען פון שיקאגא אין ניו־יאָרק פאַר מענעדזשער פון דער „יונאַיטעד בראָדערהוד“, די דאַמאָלסדיגע ניו־יאָרקער קלאָוקמאַכער יוניאָן.

ביזנאָ האָט אין זיינע קינדער־יאָרען ניט געקראָגען קיין עלעמענטאַרע בילדונג. ער איז געווען א זוהן פון אַן אָרימען שניידער און ער איז געצוואונגען געווען נאָך אין זיין פריהער יוגענד צו געהן אַרבייטען. אָבער ער האָט געהאַט גרויסע איינ־געבאָרענע פעהיגקייטען און דעם באַגער צו זיין ניצליך פאַר זיינע מיטמענשען. ער האָט זיך אויסגעלערענט גוט ענגליש און ער האָט א סך געלייענט און א סך געטראַכט וועגען דעם וואָס ער האָט געלייענט. ער האָט געהאַט די פעהיגקייט זיך אריינ־צוטראַכטען אין א פראַגע טיף און גרינדליך און איר אַרומ־נעמען פון אַלע זייטען. זיין נאָמען איז געוואָרען נאָך מער באַקאַנט, ווען ער איז אונטער דער פּראָגרעסיווער אדמיניסטראַציע פון מרס. פלאָרענס קעלי אין שיקאגא באַשטימט געוואָרען פאַר א פאַבריק־אינספּעקטאָר און ער האָט געוויזען וואָס א פאַבריק־אינספּעקטאָר דאַרף זיין און וואָס ער דאַרף טאָן פאַר די אַר־בייטער.

אויב ביזנאָ איז געווען צוגעפּאַסט צו זיין א יוניאָן־פירער האָט געקענט זיין א פראַגע, וועניגסטענס איז עס געווען א באַ־רעכטיגטע פראַגע וועגען אַמעריקא, עס הייסט אויב ער איז צו־געפּאַסט צו זיין א טרעיד־יוניאָן פירער אין אַמעריקא, וואו עס פאָדערט זיך א געוויסער מין פּראַקטישקייט, וואָס ביזנאָ האָט עס ניט פאַרמאָגט. ער איז געווען א צו גראַדער מענש סיי אין זיין דענקען און סיי אין זיינע האַנדלונגען. נאָר אַז ביזנאָ'ן פעלט פּראַקטישקייט האָט מען געוואוסט, אָבער מען האָט גערעכענט, אַז די פּראַקטישקייט וואָס איהם פעהלט וועלען שוין אַנדערע דערשטוקעווען. דערפאַר ווייסט מען, אַז ער איז וואָס מען רופט א קאָנסערוואַטיווער טרעיד־יוניאָניסט, איז א שטאַרקער אָנהענגער

פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לײבאָר און ער וועט דע־ריבער זיכער ניט פּרעדיגען קיין רעוואָלוציע אין דער יוניאָן.

ביזנאָ איז אַריין אין אַמט פון טשיף קלוירק אין אָנפאַנג 1912 און ער האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבייט, און ער האָט אָנגעפאַנגען גאַנץ פּראַקטיש. ער האָט גענומען זיך די ערש־טע זאַך ברענגען מער טאָלק אין דער פּאַרוואַלטונג פון דער יוניאָן. ער האָט אויסגעפירט ביים דזשאָינט באָארד, אַז עס זאָל געשאַפען ווערען אַ באָארד אָוו דירעקטאָרס פון צוועלף פּערזאָן, וואָס זאָל האָבען די אויפגאַבע אויסצואַרבייטען די פּאָ־ליטיק און די טאַקטיק פון דער יוניאָן, אָדער די „פּאָליסים“ פון דער יוניאָן, ווי מען זאָגט עס. צווישען די דירעקטאָרען זיינען געוועזען ביזנאָ, אַב. ראָזענבערג, דזשאָן דייטש, האַל־פּערין, פּערלשטיין, זיגמאַן, שעף, גראָסמאַן און פּאָליאַקאָף. ביזנאָ איז געוועהלט געוואָרען פאַר׳ן טשערמאַן, עס הייסט פאַקטיש דער פירער פון דזשאָינט באָארד. דאָס איז זיכער געווען אַ זעהר פּראַקטישער שריט. נאָכדעם האָט ער זיך גענומען צו די פּראָב־לעמען פון דער יוניאָן און פון טרעיד.

זיין ערשטע ערקלערונג איז געווען, אַז די הויפּט־שוועריג־קייטען פון דער יוניאָן אונטער דעם פּראָטאָקאָל איז, וואָס זי קאָנטראָלירט בלויז דעם שאָפּ אָבער ניט די „באָנדעלס“. מיר האָבען אַ יוניאָן־שאָפּ און מיר האָבען אַ גוטען קאָנטראָל איבער איהם, האָט ער געזאָגט, אָבער די קלאָוק „באָנדעלס“ קייקלען זיך פון איהם אַרויס און דער רעזולטאַט איז, אַז די קלאָוקמאַכער האָבען אַ פיינעם יוניאָן־שאָפּ, מיט עלעקטרישע מאַשינען, מיט סאַניטאַרע באַדינגונגען, מיט יוניאָן־פּרייזען און יוניאָן־שטונדען, אָבער קיין אַרבייט האָבען זיי ניט.

דאָס איז ביי ביזנאָ׳ן אייגענטליך ניט געווען קיין נייע אָנט־דעקונג. ער האָט עס שוין אָנטדעקט, ווען ער איז אין יאָר 1897 געווען אַ קורצע צייט דער מענעדזשער פון דער „יונאַיטעד בראָ־דערהוד“ פון די ניו־יאָרקער קלאָוקמאַכער. ער האָט שוין דאַמאָלס אָנגעוויזען, אַז די הויפּט צרה באַשטעהט אין דעם, וואָס די „באָנדעלס“ קייקלען זיך אַרויס פון די יוניאָן־שעפּער, נאָר דע־מאָלט האָבען זיינע ווערטער קיין אָפּקלאַנג ניט געקראָגען, דאָס מאָל אָבער האָט ער געפונען אויפמערקזאַמע אויערען.

ביזנאָ האָט די פראַגע פון דער קאָנקורענץ צווישען דעם

אינוועניגסטען שאַפּ און דעם אויסען שאַפּ און ווי אַזוי דער „באַנדעל" קייקעלט זיך פון ערשטען צום צווייטען אַזוי פּאָפּולער געמאַכט צווישען די קלאָוקמאַכער, אַז עס איז געוואָרען די הויפּט־פראַגע וועגען וועלכער זיי האָבען גערעדט. און מיט זיין געוואוינליכער גראַדקייט האָט ביזנאָ געמאַכט די פאָלגענדע אויספירונג: אויב מיר וועלען ניט איינפירען דיזעלביגע פרייזען פאַר ארבייט אין אַלע קלאָוק־שעפּער, גאַנץ גלייך מיט וועלכע נעמען זיי זאָלען זיך ניט רופען, דעמאָלט וועט אונזער גאַנצע ארבייט זיין אַ פאַרפירערישע, אַן אָפּנאַרערישע, וואָס ברענגט שאָדען די ארבייטער אָנשטאָט נוצען, ווייל וואָס מער מיר זוכען צו באַשיצען אונזערע מיטגלידער, אַז יוניאָן־באַדינגונגען זאָלען אָפּגעהיט ווערען אין זייערע שעפּער, אַלץ ווייניגער ארבייט האָבען זיי צו פאַרדינען אויף אַ לעבען.

אַלס אַ מיטעל געגען אָט דעם איבעל האָט ביזנאָ פאָרגע־שלאָגען דאָס פאָלגענדע פּראָגראַם: ערשטענס, זאָל געשאַפען ווערען אַ פרייז־קאָמיטע פון עקספּערטען געמיינשאַפטליך פון דער יוניאָן און פון די מאַנופעקטשורערס, וואָס איהר אויפגאַבע זאָל זיין איינצופיהרען גלייכע ארבייטס־פרייזען אין אַלע שעפּער. צווייטענס, אַז אַ מאַנופעקטשורער טאָר ניט שיקען קיין ארבייט צו אַ קאָנטראַקטאָר וואָס היט ניט אָפּ די פּראָטאָקאָל באַדינגונגען אין זיין שאַפּ און וועלכער איז ניט רעגיסטרירט אין דער יוניאָן. דריטענס, אַז אַ מאַנופעקטשורער זאָל זיין ערלויבט צו שיקען ארבייט בלויז צו אַזעלכע קאָנטראַקטאָרס, וואָס האָבען מינדעסטענס ניט ווייניגער ווי צעהן עלעקטרישע מאַשינען אין זייערע שעפּער און האָבען די גוטהייסונג פון דזשאָינט באָארד או סאַניטאַרי קאָנטראָל. פערטענס, אַז סאָב־מאַנופעקטשורערס זאָלען באַטראַכט ווערען אַלס קאָנטראַקטאָרס (שפּעטער איז דער פונקט געענ־דערט געוואָרען און די פאָדערונג איז געווען, אַז מאַנופעקטשו־רערס זאָלען ארויסגעבען צו קאָנטראַקטאָרס בלויז געשניטענע וואַרע). פינפטענס, אַז שעפּער אויסער ניו־יאָרק, וואו מאַנו־פעקטשורערס לאָזען מאַכען זייער ארבייט, מוזען געשטעלט ווערען אונטער דער יוריסדיקציע פון פּראָטאָקאָל.

ביזנאָ האָט זיך ענערגיש גענומען צו דער ארבייט פּאָפּולער צו מאַכען זיין פּראָגראַם צווישען די קלאָוקמאַכער. ער איז גע־גאַנגען צו די מיטינגען פון די לאָקאַלס, ער האָט אַגיטירט צווישען

די באַאמטע פון דער יוניאָן און ער האָט געוואונען אַ סך אָנ־הענגער פאַר זיין פּראָגראַם. לאָקאַל 1 האָט איהם געגעבען די פולסטע שטיצע.

נאָר אויב ביזנאָ האָט אויסגענומען ביי די קלאָוקמאַכער האָט ער גאָר ניט אויסגענומען ביי די קלאָוק־מאַנופעקטשורערס. פון אָנפאַנג האָט עס, אמת, אויסגעזעהן, אַז ער וועט אויך האָבען ערפאָלג ביי די מאַנופעקטשורערס. ער האָט אויסגעפירט, אַז די שעפּער אויסער ניו־יאָרק, וואו די מאַנופעקטשורערס לאָזען מאַכען זייער אַרבייט, דאַרף געשטעלט ווערען אונטער דעם קאָנטראָל פון פּראָטאָקאָל און אַז אַלע קאָנטראַקטאָרס, וואָס אַרבייטען פאַר מיט־גלידער פון דער פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן, דאַרפען זיין רעגיס־טרירט ביי דער יוניאָן. נאָר עס האָט לאַנג ניט געדויערט און די באַציהונגען צווישען ביזנאָ און די פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן זיינען געוואָרען שטאַרק אָנגעצויגענע.

עס האָט זיך אָנגעפאַנגען פון אַ קלאַגע געגען דער פירמע קאַרל באָנוויט, וואָס האָט אָנפאַנג מאַי 1912 אָפּגעזאָגט די אַר־בייטער פון אַ גאַנצען דעפּאַרטמענט אין שאַפּ. די יוניאָן האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ לאָקאַוט, די פירמע האָט עס אָבער באַ־שטריטען. ביזנאָ און דייטש זיינען וועגען דעם געפאָרען צו בראַנ־דייס'ן אין באָסטאָן, אָבער זיי האָבען ביי איהם פאַרלאָרען. ער האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער פירמע. ביי דער געלע־גענהייט האָט ער זיי שוין אויך ערקלערט, אַז עס איז זיין מיינונג, אַז אין די אינדוסטריעלע סכסוכים דאַרף מען זעהן ווי עס איז דורכצוקומען צווישען זיך און ניט זוכען זיי צו אַרביטרירען. עס הייסט, אַז מען דאַרף זעהן די שטרייט־פראַגען צו שליכטען אין דעם באָארד אוו גריוועגסעס און זיך ניט ווענדען צום באָארד אוו אַרביטריישאָן. אין קורצע ווערטער מיינט עס, אַז בראַנדייס האָט רעקאָמענדירט „קאָנסיליאיישאָן" אָנשטאָט „אַרביטריישאָן" — צוויי ווערטער, וואָס זיינען שפּעטער גאַנץ שטאַרק באַקאַנט גע־וואָרען אין דער יוניאָן. דייטש האָט איינגעשטימט מיט בראַנ־דייס'ן, אָבער ביזנאָ האָט געזאָגט, אַז מיט דעם באָארד אוו גרי־וועגסעס קען מען ווייט ניט געהן, ווייל ער באַשטעהט אַ העלפט פון מאַנופעקטשורערס און אַ העלפט פון דער יוניאָן און ווען עס קומט צו אַ מעהר אָדער ווייניגער וויכטיגער שטרייט־פראַגע קומט מען ניט צו קיין אַנטשיידונג. ביזנאָ האָט דעריבער פאַר־

געשלאָגען, אַז עס זאָל פאַר דעם גריוועגס באַארד אָנגעשטעלט ווערען אַן אונפּאַרטייאישער טשערמאַן. דאָס האָט די מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן ניט געוואָלט. ביזנאָ האָט אויך געפאָדערט, אַז ווען עס קומט פאַר אַזאַ ערנסטער סכסוך ווי מיט קאַרל באָנוויט זאָל די יוניאָן האָבען אַ רעכט צו אונטערזוכען די ביכער פון דער פירמע, כדי זיך צו איבערצייגען אויב די באַהויפּטונגען פון דער פירמע זיינען ריכטיג. ער האָט עס טאַקע אויך געפאָדערט, אַז דאָס זאָל געטאָן ווערען מיט די ביכער פון קאַרל באָנוויט. דער טשיף קלוירק פון דער אַסאָסיאיישאָן האָט עס אָבער ניט געלאָזען.

די מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן האָט אָנגעפאַנגען ווערען שטאַרק אונצופרידען מיט ביזנאָ'ן. אָבער דאָס איז נאָך ווייניג. ביזנאָ האָט אויך אָנגעפאַנגען קריגען געגנער צווישען די פירער פון דער אינטערנעשאָנאַל און צווישען מאַנכע פון די פירער פון דזשאָינט באָארד. דזשאָן דייטש האָט ערקלערט אַן אָפענע מלחמה געגען ביזנאָ'ן. ער האָט ערקלערט, אַז ביזנאָ'ס טעאָריעס און זיין טאַקטיק שטעלען אין געפאַר די עקזיסטענץ פון פּראָטאָקאָל, ווייל ביזנאָ'ס פּראָגראַמען האָבען בלויז דעם צוועק אויפצורייצען די מאַנופעקטשורערס.

דזשאָן דייטש האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ זעהר פּראַקטישען אַמעריקאַנער יוניאָן־פירער. ער האָט בכלל ניט ליב געהאַט קיין סאָציאַליסטען און ראַדיקאַלען און ער האָט עס ניט געזוכט צו באַהאַלטען. אין גענענטייל, ער האָט ליב געהאַט צו ריידען וועגען זיי מיט פאַראַכטונג און צו געברויכען שטאַרקע ווערטער. אין די באַציהונגען מיט די באַלעבאַטים, פלעגט ער זאָגען, דאַרף מען געברויכען דיפּלאָמאַטיע, אַן איידעלע טאַקטיק. מען דאַרף וויסען ווי מיט זיי צו האַנדלען און זיך צו באַגעהן און מען קען פון זיי דעמאָלט מער קריגען ווי דורך אַרויסשטעלען פּראָגראַמען און פאָדערונגען. אָבער די איידעלע טאַקטיק און די דיפּלאָמאַטיע האָט דזשאָן דייטש געהאַלטען בלויז פאַר די באַלעבאַטים, וואָס איז שייך צו די אַרבייטער, איז ער שוין גאָר ניט געווען דיפּלאָמאַטיש. מיט זיי האָט ער זיך גאַנץ ווייניג צערעמאָניעט. זיין טעאָריע איז געווען, אַז מען קען די קלאָוקמאַכער האַלטען אין אַ יוניאָן בלויז מיט דער הילף פון אַ שטאַרקער מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן. אייגענטליך איז דאָס אויך געווען די מיינונג פון

איינינע אנדערע עלטערע יוניאָן־פירער, וואָס האָבען געהאט ער־פארונג אין אָרגאניזירען די קלאָוקמאכער אין א יוניאָן, נאָר זיי זיינען אין דעם ניט געווען אזוי שטארק אויסגעשפּראָכען ווי דזשאָן דייטש.

דזשאָן דייטש׳ס האַלטונג האָט געשאפען אַן אָנגעשטרענגטע באציהונג צווישען דער אינטערנעשאָנאַל און דעם דזשאָינט באארד. די אינגערע טוער פון דער יוניאָן, וואָס האָבען געהאט א גאַנץ אנדער ערציהונג און וואָס א סך פון זיי זיינען געווען סאָציאַ־ליסטען נאָך אין דער אַלטער היים, האָבען ניט געהאלטען פון דזשאָן דייטש׳ס טרעיד־יוניאָן פירערשאפט און זיינע אָפט בא־ליידיגענדע ווערטער געגען סאָציאַליסטען און ראדיקאלען פלעגט ארויסרופען ביי זיי שטארקע פּראָטעסטען. זיין קאמף געגען ביזנאָ׳ן האָט די באציהונגען נאָך שארפער געמאכט.

אין יולי 1912 איז געוועהלט געוואָרען א נייער דזשאָינט באָארד פון דער קלאָוקמאכער יוניאָן. די ערשטע ארבייט פון דעם דזשאָינט באארד איז געווען צו פארקלענערען די צאָל מיט־גלידער פון דירעקטאָרען באָארד פון 12 אויף 9. די דריי, וואָס זיינען ארויסגעפאַלען זיינען געווען אב. ראָזענבערג, דזשאָן דייטש און סאל. פּאָליאקאָף. ביזנאָ איז ווידער ערוועהלט געוואָרען פאר טשיף קלוירק פון דער יוניאָן און דערצו פאר מענעדזשער פון דזשאָינט באָארד. דער שרייבער פון בוך איז געוועהלט געוואָרען פאר רעדאקטאָר פון דער „נייער פּאָסט“, וואָס פלעגט ארויסגעגעבען ווערען וועכענטליך אין א גרויסען צייטונגס־פאָר־מאט פון דזשאָינט באָארד אלס דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער יוניאָן.

דער נייער רעדאקטאָר פון דער „נייער פּאָסט“ איז ניט געווען אינגאנצען איינשטימיג מיט ביזנאָ׳ס אַלגעמיינעם קוק אויף טרעיד־יוניאָניזם, אָבער ער איז געווען אינגאנצען איינשטימיג מיט זיין צוגאנג צו די פּראָבלעמען פון דער קלאָוקמאכער יוניאָן און מיט זיין האַלטונג צום פּראָטאָקאָל. די „נייע פּאָסט“ איז גלייך שארף ארויסגעטרעטען געגען דער טעאָריע פון דזשאָן דייטש, אז די יוניאָן קען זיך בלויז האַלטען מיט דער הילף פון א שטארקער מאנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן. די מיינונג פון דער „נייער פּאָסט“ איז געווען, אז א יוניאָן וואָס קען עקזיסטירען בלויז מיט דער הילף פון דער מאנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן האָט ניט



דר. ב. האָפמאַן (צביון)
אין דער צייט ווען ער איז געווען רעדאַקטאָר פון דער „נייער פאָסט”

קיין מאָראַלע רעכט צו עקזיסטירען. אין א וואָך שפּעטער איז אין דער „נייער פּאָסט" ערשינען א לייט־ארטיקעל מיט דעם אויפשריפט „לא תגנב". אין דעם לייט־ארטיקעל זיינען די מאַנופעקטשורערס שטארק אָנגעגריפען געוואָרען פארוואס זיי היטען ניט אָפּ דעם פּראָטאָקאָל, פארוואס זיי באשווינדלען די יוניאָן און גנב'ענען ארוים פון די שעפער די ארבייט פאר וועלכע זיי האָבען אָפּגעמאכט פּרייזען מיט די ארבייטער.

דער לייט־ארטיקעל איז נאטירליך שטארק ניט געפעלען געוואָרען דער מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן. האָט דזשאָן דייטש געשיקט צו דער אסאָסיאיישאָן א בריף, אונטערגעשריבען פון איהם און פון אב. ראָזענבערג, אין וועלכען זיי האָבען זיך אנטשולדיגט פאר דעם „לא תגנב" לייט־ארטיקעל און האָבען שוין דערביי אין דעם בריף אויך גוט „אריינגעריבען" די „נייע פּאָסט" מיט איר רעדאקטאָר. אָבער דערמיט אליין האָט דזשאָן דייטש זיך ניט באגנוגענט. די גרויסע אָפּרעכנונג איז איצט געקומען אין דעם „לעידיס גארמענט וואָירקער", דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער אינטערנעשאָנאַל. דאָרטען איז שוין גענומען געוואָרען אויפ'ן ביינקעל ניט בלויז דר. האָפּמאַן, דער רעדאקטאָר פון דער „נייער פּאָסט", נאָר אויך ביזנאָ און דער גאנצער דזשאָינט באָארד פאר זייער „אונוויסענהייט", „דעמאגאָגיע" און קריגערישע אָנפאלען אויף די מאַנופעקטשורערס און נאָך אנדערע אזעלכע העפליכע און ברידערליכע אויסדרוקען.

ווען דער דזשאָינט באָארד האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם בריף צו דער מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן האָט אין אים אויסגעבראָכען א שטורם פון פּראָטעסטען געגען די פירער פון דער אינטערנעשאָנאַל און די באציהונגען צווישען דזשאָינט באָארד און דער אינטערנעשאָנאַל זיינען נאָך מער פארשארפט געוואָרען. אָבער דאָס האָט דאָך ניט אָפּגעהאַלטען דייטש'ן אָנצופירען ווייטער זיין קאמף געגען ביזנאָ'ן און געגען דעם רעדאקטאָר פון דער „נייער פּאָסט".

נאָר אויב דעם רעדאקטאָר פון דער „נייער פּאָסט" האָט דזשאָן דייטש'ס שטענדיגע אָנגריפען גאָר נישט געשאַדט, האָבען זיי אָבער שטארק געשאַדט ביזנאָ'ן. די פירער פון דער מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן, לייענענדיג און הערענדיג די אָנגריפען פון דזשאָן דייטש אויף ביזנאָ'ן, אז ער מיט זיינע פירונגען, פאַ־

דערונגען און פּראָגראַמען טרייבט דערצו, אַז דער פּראָטאָקאָל זאָל אָפּגעבראָכען ווערען, האָבען זיי באַשלאָסען, אַז זיי קענען זיך ערלויבען צו זאָגען דאַסזעלביגע און לאָזען וויסען די יוניאָן, אַז זיי קענען מיט ביזנאָ'ן אַלס טשיף קלוירק ווייטער ניט אָנגעהן.*)

דאָס איז ניט געווען קיין אָפיציעלע פאָדערונג פון דער מאַנופעקטשורערס פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן, אָבער עס איז גענוג געווען, אַז די פירער אירע האָבען עס געזאָגט.

דער דזשאָינט באָארד האָט זיך געפונען אין אַ שווערער לאַגע. ער איז אין זיין גרויסער מערהייט געווען איינשטימיג מיט ביזנאָ'ס פּראָגראַם און ער האָט אויך געוואוסט, אַז ביזנאָ איז זעהר פּאָפּולער צווישען די קלאָוקמאַכער. ביי די אָפּערייטאָרס איז יעדער וואָרט פון ביזנאָ'ן געווען הייליג און זיי האָבען איהם באַטראַכט פאַר זייער איינציגען פירער און וועגווייזער. אָבער אַ גאַנץ גרויסער טייל פון די מיטגלידער פון דזשאָינט באָארד האָבען זיך דערשראָקען פאַר דער ווארנונג, אַז דער פּראָטאָקאָל קען אָפּגעבראָכען ווערען. די מאָטיוועז זיינען געווען פאַרשידענע. איינינע האָבען געהאַט דיזעלביגע מיינונג וואָס דייטש, אַז אָן דעם פּראָטאָקאָל וועט קיין יוניאָן ניט זיין. אַנדערע זיינען אַזוי ווייט ניט געגאַנגען. זיי האָבען אָבער מורא געהאַט, אַז אָן דעם פּראָטאָקאָל קען זיין נאָך ערגער ווי מיט איהם. און עס איז דערביי געווען די מיינונג פון מערערע, אַז ביזנאָ האָט טאַקע גוטע אידעען און וויים זיי ווי אַרויסצוברענגען און פּאָפּולער צו מאַכען, אָבער איהם פעלט די פעהיגקייט זיי דורכצופירען אין לעבען. האָט מען זיך דעריבער געאייניגט אויף אַ קאָמפּראָמיס, אַז טשיף קלוירק זאָל ווערען דזשאָן דייטש און ביזנאָ זאָל בלייבען מענעדזשער פון דזשאָינט באָארד.

דייטש האָט אָנגענומען דעם אַמט מיט גרויס צופרידענהייט. ענדליך האָט ער געקראָגען די געלעגענהייט צו ווייזען וואָס ער קען און ווי אַזוי ער וועט מיט דיפּלאָמאַטיע און מיט טאַקט אויפטאָן דאָס, וואָס ביז איהם איז ניט אויפגעטאָן געוואָרען. דער אָנפאַנג איז געווען אַן ערפאָלגרייכער. ער האָט אויסגעפירט ביי די מאַנופעקטשורערס, אַז די שעפּער וואָס זיי האָבען אויסער ניו־

---

*) געשיכטע פון דער אינטערנעשאָנאל פון דר. ל. לעווין, זייט 252.

יאָרק זאָלען יוניאָניזירט ווערען און אז זיי זאָלען העלפען דער יוניאָן אויפמאָנען שטראָף־געלד פון די ארבייטער אין זייערע שעפּער, וועלכע זיינען געפונען געוואָרען שולדיג אין פאַרברעכענס געגען דער יוניאָן. דערפאַר האָט דייטש פאַרשפּראָכען די מאַנו־פעקטשורערס, אז ער וועט מאַכען א סוף צו די סטאָפּפּעדזשעס אין די שעפּער.

אין איינציגע טעג ארום האָט דייטש באַקומען די געלעגענהייט צו ווייזען זיין כוח.

אין דזש. סי. סטראַטאָן׳ס שאַפּ האָבען פופצען ארבייטער געוואָרפען די ארבייט דערפאַר, וואָס דער פאָרמאַן האָט שטאַרק באַליידיגט א פינישערין. דער פאָרמאַן האָט זיך פאַרהאַסט גע־מאַכט ביי די ארבייטער אין שאַפּ נאָך פון פריהער פאַר זיינע גראָבקייטען און שלעכטע באַהאַנדלונג פון די ארבייטער. דייטש האָט געהייסען די ארבייטער זיך אומקערען צו דער ארבייט, אָבער זיי האָבען איהם ניט געפאָלגט. נאָך מער, אויך די אַנדערע אַר־בייטער פון שאַפּ זיינען צוגעשטאַנען צו זיי און האָבען געוואָרפען די ארבייט. דייטש האָט באַשלאָסען צו האַנדלען מיט א שטאַרקער האַנד. ער האָט געגעבען די ארבייטער 15 מינוטען צייט זיך צוריקצוקערען צו דער ארבייט. ער האָט געהאַלטען זיין זייגער אין דער האַנד און געצעהלט די מינוטען, און ווען די 15 מינוטען זיינען פאַריבער און די ארבייטער האָבען זיך ניט צוריקגעקערט צו דער ארבייט, האָט ער זיך גענומען ארויפשיקען אַנדערע אַר־בייטער צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון די סטרייקער, און דאָס האָט ארויסגערופען א גוואַלדיגען טומעל צווישען די קלאָוקמאַכער און פאַרדאַמונגס־פּראָטעסטען געגען דייטש׳ן האָבען זיך אָנגע־פאַנגען שיטען פון אַלע זייטען.

די ערשטע פּראָבע פון דזשאַן דייטש איז, אַלזאָ, געווען א דורכפאַל און ער האָט אפשר דעמאָלט א טראַכט געטאָן, אז אויך פאַר די ארבייטער דאַרף מען זיך באַנוצען מיט דיפּלאָמאַטיע און טאַקט און ניט בלויז פאַר די מאַנופעקטשורערס.

די פירער פון דזשאָינט באָארד האָבען איינגעזעהן, אז מען דאַרף אָנפאַנגען זוכען א נייעם טשיף קלוירק. נאָר דערווייל איז דייטש געווען אין אַמט און האָט אָנגעפאַנגען קאָנפערירען מיט דער מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן וועגען איינפירען פרייזען פאַר שטיק־ארבייט, וואָס זאָלען זיין באַזירט אויף די פאַרדינסטען

פון אַן אַרבייטס־שטונדע. די קאָנפערענץ האָט זיך אָנגעפאַנגען אין די ערשטע טעג פון נאָוועמבער, אָבער עס זיינען אַוועק פיר וואָכען און קיין רעזולטאַטען זיינען נאָך אַלץ ניט געווען. האָט ביזנאָ דעם 7־טען דעצעמבער 1912 פאַרעפענטליכט אַ פאַראָרדנונג אין דער „נייער פּאָסט“ צו אַלע ביזנעס אַגענטען און שאָפּ־טשער־לייט, אַז זיי זאָלען אויפּפּאַסען, אַז אַפּערייטאָרס זאָלען פאַר־דינען ניט ווייניגער ווי 75 סענט אַ שטונדע און פינישערס ניט ווייניגער ווי 60 סענט. דאָס האָט אַרויסגערופען אַ שטאַרקען פּראָטעסט פון די מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן.

די פּראָטעקטיוו מאַנופעקטשורערס אַסאָסאייישאָן האָט אויך באַשולדיגט ביזנאָ׳ן, אַז ער זוכט צו פאַרשטאַרקען די „יונאַיטעד אַסאָסיאיישאָן“ פון די מאַנופעקטשורערס אַלס אַ קאָנקורירענדע אָרגאַניזאַציע. די באַשולדיגונג האָט אויך געהאַט אַ גרונד. ביזנאָ האָט אָנגעפאַנגען מורא האָבען, אַז די פּראָטעקטיוו מאַנופעקטשו־רערס אַסאָסיאיישאָן ווערט צו שטאַרק פאַר דער יוניאָן און ער האָט דעריבער געטראַכט, אַז עס וועט פאַר דער יוניאָן זיין לייכ־טער צו פירען איהר קאַמף, ווען די צווייטע מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, די „יונאַיטעד“, וועט שטאַרקער ווערען. אויב ביזנאָ׳ס חשבון אין דעם פּרט איז געווען אַ ריכטיגער אָדער ניט איז שווער צו זאָגען, אָבער מיט דעם פּראָטעסט פון דער פּראָטעק־טיוו האָט מען זיך געמוזט רעכענען, ווייל עס איז ווידער געשטעלט געוואָרען די פראַגע וועגען דער עקזיסטענץ פון פּראָטאָקאָל. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז ביזלעכווייז איז אַרויסגענומען געוואָרען פון ביזנאָ׳ס הענד די פירערשאַפט פון דזשאָינט באָארד און ביז־לעכווייז איז ער געבליבען אינגאַנצען אָהן אַרבייט אין דער יוניאָן. אָבער אָפיציעל איז ער דאָך ניט אָפּגעזאָגט געוואָרען פון דער יוניאָן. נאָר איין מאָל, מיט מערער וואָכען שפּעטער, ווען ער איז געקומען אין זיין אָפיס, האָט ער דערזעהן, אַז ער האָט ניט וואו אַריינצוגעהן, ווייל מען האָט פונאַנדערגענומען די ווענטלעך פון זיין אָפיס . . . ביזנאָ האָט פאַרשטאַנען, אַז ער דאַרף פאָרען צוריק אין שיקאַגאָ.

## ניין־און־צוואנציגסטער קאַפּיטעל

# די „הורוויטש אַפּערע" און לאָקאַל 1

אין יאַנואַר 1913 איז דר. יצחק אייזיק הורוויטש, אָדער פּראָפעסאָר הורוויטש, ווי מען פלעגט איהם רופען, אָנגעשטעלט געוואָרען פאַר דעם טשיף קלוירק פון דער יוניאָן.

דר. הורוויטש איז ניט געווען קיין פרעמדער פאַר די קלאָוק־מאַכער. אין דער צייט פון דער „יונאַיטעד בראָדערהוד" איז ער געווען דער לאָיער פון דער יוניאָן. אחוץ דעם וואָס הורוויטש האָט געהאַט א רעפּוטאַציע פון א הויך־געלערענטען מענשען, איז דער נאָמען פּראָפעסאָר יצחק אייזיק הורוויטש געווען איינער פון די פּאָפּולערסטע און באַקאַנטסטע אין דער אידישער ארבייטער באַ־וועגונג, אין וועלכער ער האָט זיך אַקטיוו באַטייליגט. דר. הור־וויטש איז דערביי געווען באַקאַנט פאַר א מעסיגען סאָציאַליסט און א קאָמפּראָמיסלער אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. דאָס האָט אָפּגעשוואַכט די געגנערשאַפט פון דזשאָן דייטש און אב. ראָזענבערג אריינצונעמען אין דער פירערשאַפט פון דער יוניאָן מענשען פון אויסען, בפרט נאָך פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענטען פון דער אַלטער היים מיט זייערע רעוואָלוציאָנערע אידעען, וועלכע מאַכען אָן בלויז צרות אין דער טרעיד־יוניאָן באַוועגונג. דר. הורוויטש איז פון זיי באַטראַכט געוואָרען פאַר א פּראַקטישען, סאָלידען מענשען, פון וועלכען מען דאַרף ניט דערוואַרטען קיין רעוואָלוציאָנערע שפּרונגען אין דער יוניאָן. עס הייסט, אַז זיי אַליין וואָלטען איהם גיכער ניט אָנגעשטעלט, אָבער זיי האָבען דאָך די אויסוואַל פון דזשאָינט באָארד געהאַלטען פאַר ניט קיין שלעכטע און זיי האָבען דעריבער קיין אַקטיווע געגנערשאַפט צו דער אויסוואַל פון פּראָפעסאָר הורוויטש פאַר טשיף קלוירק ניט אַרויסגעוויזען.

נאָך איידער דר. הורוויטש האָט נאָך צייט געהאַט אָנצור־וואַרימען די פיס אין זיין אַמט פאַר טשיף קלוירק איז ער שוין



דר. יצחק אייזיק הורוויטש
אין דער צייט ווען ער איז געווען פאַרבונדען מיט דער קלאוקמאכער
יוניאָן.

אריין אין אַ טראָבעל, אין אַ דאָפּעלטען טראָבעל, אי מיט דער פּראָטעקטיוו מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, אי מיט דער אינ־טערנעשאָנאל. דער טראָבעל האָט זיך אָנגעפאַנגען אין דעם שאַפּ פון גאָלדפילד און לאַכמאַן, וואו די ארבייטער האָבען דעם 23־טען יאַנואַר 1913 אָפּגעשטעלט די ארבייט, ווייל די פירמע האָט ניט ערלויבט, אַז די פּרייז־קאָמיטע פון איהר שאַפּ און פון איהרע קאָנטראַקטאָר־שעפּער זאָלען זיך צונויפקומען און צוזאַמען מאַכען פּרייזען, ווי דאָס האָט זיך געפירט אין די פּראָטעקטיוו שעפּער. די אַסאָסיאיישאָן האָט גלייך ארויסגעגעבען אַ פאַראָרדנונג צו איהרע קלוירקס, אַז זיי זאָלען ניט אויפנעמען קיינע קלאַגען פון דער יוניאָן אין די שעפּער ווי לאַנג די ארבייטער פון גאָלדפילד און לאַכמאַן וועלען זיך ניט צוריקקערען צו דער ארבייט. עס הייסט, אַז דער גאַנצער אַפּאַראַט פון פּראָטאָקאָל איז אָפּגעשטעלט געוואָרען.

דר. הורוויטש האָט זיך גלייך געווענדעט צו דער גריוועגנס באָארד, אָבער דאָרטען האָט דער לאָיער פון דער פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן, דזשוליוס הענרי קאָהען, ערקלערט, אַז די פּראָ־טעקטיוו אַסאָסיאיישאָן דאַרף אייגענטליך פאַרהאַנדלען בלויז מיט דער אינטערנעשאָנאל וועגען די סכסוכים, וואָס קומען פאָר אונ־טער דעם פּראָטאָקאָל, אָבער ניט מיט׳ן דזשאָינט באָארד, ווייל די פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן האָט אונטערגעשריבען דעם אָפּמאַך מיט דער אינטערנעשאָנאל. דר. הורוויטש האָט אָבער באַשטריטען קאָהען׳ס באַהויפּטונג. ער האָט באַהויפּטעט, אַז דער פּראָטאָקאָל איז אין דער ווירקליכקייט אונטערגעשריבען געוואָרען מיט דעם דזשאָינט באָארד. ער האָט דערביי ערקלערט, אַז די אינטערנע־שאָנאל און איהרע לאָקאַלס קענען פאַרגליכען ווערען צו די פאַר־אייניגטע שטאַאַטען. און אַזוי ווי די פעדעראַלע רעגירונג קען זיך ניט מישען אין די אינערליכע אַנגעלעגענהייטען פון די לאָ־קאַלע רעגירונגען, אַזוי קען אויך די אינטערנעשאָנאל זיך ניט מישען אין די אינערליכע אַנגעלעגענהייטען פון איהרע לאָקאַלס. ער האָט צום שלום זיך געווענדעט צו דער פּראָטעקטיוו אַסאָסי־איישאָן מיט די פאָלגענדע ווערטער: אויב איהר ווילט אנשטאָט מיט דער קערפּערשאַפט האַנדלען מיט איהר שאָטען איז דאָס אייער פּריווילעגיע, אָבער איהר דאַרפט וויסען, אַז ער האָט ניט דעם כוח. די פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן איז אָבער באַשטאַנען

אויף דאָס איהריגע, אַז זי וויל האַנדלען בלויז מיט דער אינטער־נעשאָנאַל, און די קאָנפערענץ איז אָפּגעבראָכען געוואָרען.

דר. הורוויטש'ס באַמערקונגען אויף דער קאָנפערענץ וועגען דער אינטערנעשאָנאַל האָט שטאַרק אויפגערעגט דייטש'ן און ראָ־זענבערג'ן, אָבער מען האָט זיי ערקלערט, אַז די באַציהונגען צווישען דער אינטערנעשאָנאַל און איהרע לאָקאַלס איז אַן אינער־ליכע יוניאָן־פראַגע, בעת אויף דער קאָנפערענץ מיט די מאַנופעק־טשורערס איז די אויפגאַבע פון דר. הורוויטש געווען ניט צו דערלאָזען, אַז די דזשאָינט באָארד זאָל באַזייטיגט ווערען פון פּראָטאָקאָל און ער האָט באַנוצט לאָיערשע ארגומענטען, וואָס ער האָט געדענקט אַז זיי זיינען פאַר דעם פאַל אמבעסטען צוגעפּאַסט.

דער דזשאָינט באָארד מיט דער הילף פון מאיר לאָנדאָן, וואָס איז געווען דער לאָיער פון דער אינטערנעשאָנאַל, האָט געווירקט אויף די פירער פון דער אינטערנעשאָנאַל, אַז אין דער וויכטיגער שטרייט־פראַגע זאָל הערשען פולע איינינגקייט און אַז די אינטער־נעשאָנאַל זאָל דאָ מוחל זיין אויף איהר כבוד. דזשאָן דייטש האָט דעריבער אונטערגעשריבען דעם בריף, וואָס דר. הורוויטש האָט דעם 29־טען יאַנואַר געשיקט צו דער פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן, אין וועלכען עס איז ערקלערט געוואָרען, אַז דער דזשאָינט באָארד און ניט די אינטערנעשאָנאַל איז די הויפּט פאַראַנטוואָרטליכע קערפּערשאַפט, וואָס האָט צו טאָן מיט'ן פּראָטאָקאָל. די פּראָ־טעקטיוו אַסאָסיאיישאָן האָט דערויף געענטפערט, אַז זי פאַרלאַנגט, אַז די שטרייט־פראַגע זאָל געבראַכט ווערען פאַר'ן אַרביטריישאָן־באָארד, און אַזוי איז עס אויך געשעהן.

די אַנטשיידונג פון אַרביטריישאָן־באָארד, וואָס איז זיך צו־נויפגעקומען דעם 3־טען פעברואַר 1913, איז געווען, אַז דר. הורוויטש האָט רעכט, אַז דער פּראָטאָקאָל איז אין דער ערשטער ליניע געמאַכט געוואָרען צווישען דעם דזשאָינט באָארד און דער פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן. דערביי האָט אָבער דער אַרביטריי־שאָן־באָארד ערקלערט, אַז ער האַלט, אַז די אינטערנעשאָנאַל איז אַן ערב, אַ גאַראַנטירער פון דעם פּראָטאָקאָל.

פון דעם ערשטען טראָבעל איז, אַלזאָ, דר. הורוויטש אַרויס־געקומען אַ זיגער. דער דזשאָינט באָארד איז געווען שטאַרק צופרידען און האָט מיט באַגייסטערונג באַגריסט דר. הורוויטש מיט

דעם זיג. אָבער דזשאָן דייטש איז מיט הורוויטש׳ן געוואָרען שטאַרק אונצופרידען און ער האָט איהם ערקלערט קריג.

דר. הורוויטש האָט פאַר׳ן דזשאָינט באָארד קלאָר געמאַכט וואָס עס וועט זיין די שטעלונג זיינע צום פּראָטאָקאָל און ווי אַזוי ער וועט האַנדלען. אַלע סכסוכים, וואָס קומען אַרויס אין די טאָג־טעגליכע באַציהונגען צווישען די אַרבייטער און זייערע באַלעבאַטים דאַרפען געשליכטעט ווערען אויף דעם פּרינציפּ פון „גיב און נעם“. אָבער ווען עס קומט צו פּרינציפּיעלע פראַגען וועט ער ניט ערלויבען דער מאַנופעקטשורער אַסאָסיאיישאָן צו נעמען פאַר זיך מער רעכטען ווי די יוניאָן, אָדער צו דיקטירען דער יוניאָן.

אין דער ערקלערונג האָט זיך קלאָר אַרויסגעוויזען דער אונ־טערשייד צווישען דר. הורוויטש און אב. ביזנאָ אין זייער באַ־ציהונג צום פּראָטאָקאָל און צו דער פּאָליטיק פון דער יוניאָן. ביזנאָ איז צוגעטרעטען צום פּראָטאָקאָל ווי אַ קלאָוקמאַכער. זיין הויפּט־אינטערעס איז געווען דער „באָנדעל“ און ווי אַזוי מען האַלט איהם אין שאַפּ, אַז ער זאָל זיך ניט אַרויסקייקלען. די פּרינ־ציפּיעלע פראַגען וועגען די רעכטען פון דער יוניאָן זיינען ביי אים געשטאַנען אויפ׳ן צווייטען פּלאַץ. זיין טעאָריע האָט זיך אויסגעדריקט אין די קורצע ווערטער: די יוניאָן האָט אונטער דעם פּראָטאָקאָל אַ קאָנטראָל איבער׳ן שאַפּ, אָבער זי האָט ניט קיין קאָנטראָל איבער די „באָנדלעך“ אין שאַפּ. ער האָט זיך דעריבער געשטעלט די אויפגאַבע צו קריגען די קאָנטראָל איבער די „באָנדלעך“. דר. הורוויטש איז אָבער צוגעטראָטען צו דער זאַך ווי אַ לאָיער. פריהער פאַר אַלץ האָט ער אוועקגעשטעלט די רעכטען פון דער יוניאָן און די רעכטען פון די אַרבייטער אין שאַפּ און ער האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע די רעכטען קלאָר צו מאַכען און זיי צו פאַרטיידיגען, און ער האָט אויף דעם גרונד אויסגעאַרבייט אַ פּראָגראַם פון פאָדערונגען.

אָבער איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט זיין פּראָגראַם פאַרטיג צו מאַכען האָט זיך אונטערגערוקט אַ נייער טראָבעל און אַ גאַנץ גרויסער — דאָס איז געווען דער סכסוך מיט דער פירמע דזשאַפּע און קעץ. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דעם 14־טען אַפּריל 1913, ווען די פירמע האָט איבערגעשטעלט דרייסיג מאַ־שינען פון איהרע אָפּערייטאָרס אין אַן אַנדער פּלאַץ פון שאַפּ, וואו עס איז געווען טונקעל און שווער צו אַרבייטען. די אָפּע־

רייטארס האבען געגען דעם פראטעסטירט און האבען זיך אפגע־
זאגט זיך צו זעצען צו דער ארבייט אין דעם נייעם פלאץ וואס
מען האט זיי געגעבען. די קלוירקס פון דער יוניאן און פון דער
אסאסיאיישאן האבען צווישען זיך נאך צוויי טעג דינגען איינ־
געשטימט, אז דער דזשאינט באארד און סאניטארי קאנטראל זאל
אונטערזוכען דעם שאפ, אבער די אפערייטארס זאלען זיך גלייך
צוריקקערען צו דער ארבייט. די אפערייטארס האבען אנפאנגס
זיך אפגעזאגט אויסצופאלגען די אנטשיידונג, אבער ווען מען
האט זיי איבערגערעדט און זיי זיינען אויף מארגען געקומען אין
שאפ האט די פירמע זיך אפגעזאגט זיי צוצולאזען צו דער ארבייט.
די יוניאן האט ערקלערט, אז דאס איז לאקאוט און האט געבראכט
א קלאגע צום גריוועגס באארד, אבער דארטען האט מען ניט גע־
קענט קומען צו אן אנטשיידונג. מען האט, אלזא, געמוזט רופען
דעם באארד און ארביטריישאן. אונטער דער צייט האט דער
דזשאינט באארד געצאלט די אויסגעשלאסענע אפערייטארס
סטרייק־בענעפיט, אבער אנדערע אפערייטארס זיינען ערלויבט גע־
ווארען צו פארנעמען זייערע פלעצער אין שאפ. די אויסגעשלא־
סענע אפערייטארס האבען זיך גענומען פיקעטען דעם שאפ, אבער
דר. הורוויטש האט זיי געלאזט וויסען, אז אונטער דעם פראטאקאל
איז דאס פארבאטען. נאר ער אליין איז ניט געווען צופרידען
מיט זיין האנדלונג. געזעץ איז טאקע געזעץ, אבער איהם האט
פארדראסען, וואס מען האט געדארפט ערלויבען ארבייטער צו
פארנעמען די פלעצער פון די אויסגעשלאסענע אפערייטארס, און
ער האט זיין פארדרוס ניט געקענט פארשטיקען
און האט אים אויסגעדריקט אין א גאנץ שארפער פארמע.
ער האט געזאגט, אז די ארבייטער וואס זיינען ערלויבט גע־
ווארען ארבייטען, זיינען „סקעבס מיט יוניאן־ביכלעך" און אז די
יוניאן איז געצוואונגען געווארען צו האנדלען ווי א סקעב־אגענ־
טור. ער איז דערביי אויך ארויסגעקומען מיט אן ערקלערונג, אז
מיט דעם גריוועגס באארד קען מען ווייט ניט קומען, וויילביידע
צדדים האבען אין איהם גלייכע פארטרעטערשאפט, אבער אזוי ווי
מען קען פאר די שטענדיגע טאג־טעגליכע סכסוכים, וואס קומען
פאר, ניט צונויפרופען אלע וויילע דעם ארביטריישאן־באארד, איז
דער רעזולטאט, אז א סך קלאגען ווערען פארשלעפט אין לאנגען
באנק און מען „פארגעסט" זיי. עס איז דעריבער נויטיג צו רע־

פֿאָרמירען דעם פּראָטאָקאָל אזוי, אז די שטענדיגע טאָג־טעגליכע סכסוכים זאָלען קענען ארביטרירט ווערען. דר. הורוויטש איז אויף אזא אופן געקומען צו דעמזעלביגען שלום וואָס אב ביזנא, אז מען דארף איינפירען „ארביטריישאָן" אָנשטאָט „קאָנסיליאיישאָן". די צוויי ווערטער האָבען ווידער אמאָל זיך געלאָזט הערען אויף די מיטינגען פון דער קלאָוקמאכער יוניאָן און צווישען די קלאָוקמאכער אין די שעפּער און אין גאס.

דעם 13־טען מאי 1913 איז הורוויטש געפאָרען זיך זעהן מיט בראנדייס'ן וועגען דעם דזשאפּע־קעץ סכסוך, און ווען בראנדייס האָט איהם געזאָגט, אז ער גלויבט אז די פירמע האָט געהאט רעכט אזוי צו האנדלען, האָט דר. הורוויטש פון איהם פארלאנגט, אז ער זאָל צונויפרופען דעם ארביטריישאָן־באָארד. בראנדייס האָט אָבער ערקלערט, אז ער איז איצט פארנומען און אז ער וועט פריהער ווי אין א חודש ארום קיין צייט ניט האָבען.

דר. הורוויטש איז געקומען פון בראנדייס'ן אן אנטוישטער און ער איז באלד ארויסגעקומען מיט דער פאָדערונג, אז מען דארף פאר דעם ארביטריישאָן־באָארד האָבען אזעלכע מענשען וואָס האָבען מער צייט און וועלכע מען קען גיכער צונויפרופען ווען עס איז נויטיג. און אָט אזוי אויף דעם גרונד פון זיינע ערפארונגען, וואָס ער האָט צונויפגעקליבען פאר די עטליכע חדשים, וואָס ער איז געווען טשיף קלוירק, האָט דר. הורוויטש אויסגעארבייט א פּראָגראם פון פאָדערונגען, וואָס ער האָט פאָרגעלעגט אין מאי 1913 פאר דעם דזשאָינט באָארד. דר. הורוויטש'ס רעדע, וואָס ער האָט געהאלטען פאר'ן דזשאָינט באָארד, האָט געמאכט א שטארקע ווירקונג אויף די דעלעגאטען און זי האָט ארויסגערופען א לעבעדיגע דיסקוסיע. אין רעזולטאט איז באשטימט געווארען א קאָמיטע פון עלף, וואָס זאָל אויסארבייטען פארבעסערונגען צום פּראָטאָקאָל. די קאָמיטע איז באשטאנען פון האלפּערין און פערלשטיין, די באאמטע פון דזשאָינט באָארד, זלאטשין און סטוירלינג פון לאָקאל 1, מארטין פון לאָקאל 10, קוירסי פון די איטאליענער, זיגמאן פון די פּרעסער, ווישניאק פון לאָקאל 23, פאָליאקאָף און דייטש פון דער אינטערנעשאָנאל, און דר. הורוויטש. די געוועהלטע קאָמיטע האָט שוין פאר איין וועגס אויך אויפגענומען די פראגע וועגען פארלאנגען א העכערונג פון ארבייטס־לוין פאר די וואָך־ארבייטער.

די קאָמיטע האָט זיך גלייך גענומען צו דער ארבייט און האָט אויסגעאַרבייט די פאָלגענדע פאָדערונגען: אַ העכערונג פון ארבייטס־לוין פאַר וואָך־ארבייטער; די פרייזען פאַר שטיק־אַר־בייט זאָלען זיין אויף דעם באַזיס פון אַ מינימום 75 סענט און אַ מאַקסימום פון אַ דאָלאַר מיט 25 סענט פאַר אפערייטאָרס און 60 סענט און אַ דאָלאַר פאַר פינישער; די פרייזען פאַר שטיק־ארבייט זאָלען געמאַכט ווערען פון געמיינשאַפטליכע פרייז־קאָ־מיטעס פון די אויסען שעפער און פון די אינווענינסטע; די אויסען־שעפער זאָלען גערעכענט ווערען אַלס אָפּטיילונגען פון דער פירמע פאַר וועלכער זיי ארבייטען; אַלע קאָנטראַקטאָרס דאַרפען רעגיסטרירט ווערען אין אָנפאַנג פון ארבייטס־סעזאָן; קיין קלאָוק פירמע זאָל ניט טאָרען ארויסגעבען קיין ארבייט צו די קאָנטראַקטאָרס, אַזוי לאַנג ווי די פריהערדיגע קאָנטראַקטאָרס פון דער פירמע זיינען ניט באַזאָרגט מיט ארבייט; סאָב־מאַנו־פעקטשורערס זאָלען באַטראַכט ווערען פאַר קאָנטראַקטאָרס; עס זאָל געשאַפען ווערען אַ פרייז־געריכט, וואָס זאָל באַשטעהן פון פינף מיטגלידער — צוויי פון די ארבייטער, צוויי פון די באַלע־באַטים און אַ פינפטען, וואָס וועט פון ביידע צדדים אויסגעקליבען ווערען; דער ארביטריישאָן־באָארד זאָל פארגרעסערט ווערען און האָבען מער מיטגלידער, כדי מען זאָל אַלע מאָל, ווען עס איז נויטיג, קענען קריגען פון דריי, וואָס האָבען צייט, אויפצונעמען די קלאַגען פון דער יוניאָן אָדער פון דער אַסאָסיאיישאָן.

די פאָדערונגען פון דער קאָמיטע האָבען ארויסגערופען גרויס צופרידענהייט צווישען די קלאָוקמאַכער און עס האָט זיך ארום זיי געפירט זעהר לעבעדיגע דעבאַטען, אין וועלכע מען האָט דעם פראָטאָקאָל קיין גרויסע קאָמפּלימענטען ניט געמאַכט. אין דעם האָט אויך אַ רעכט ביסעל מיטגעהאָלפען דער רעדאַקטאָר פון דער „נייער פאָסט" מיט זיינע לייט־ארטיקלען און דר. הורוויטש מיט זיינע ארטיקלען אין איהר. דער דזשאָינט באָארד האָט זיך אַביסעל דערשראָקען, אַז עס וועט געשאַפען אַ צו פיינדליכע שטימונג געגען דעם פּראָטאָקאָל און עס איז באַשטימט געוואָרען אַ קאָמיטע פון פינף, וואָס זאָל אויפפּאַסען אַז די „נייע פאָסט" זאָל ניט אַראָפּ פון גלייכען וועג. דאָס האָט אָבער ניט געפונען קיין גוטען אָפּקלאַנג ביי די ארבייטער. די „נייע פאָסט" איז גראָד אין יענער צייט געווען זעהר פּאָפּולער ביי די ארבייטער און

עס איז געוואָרען אַ געשריי, אַז מען אונטערדריקט פרייע פּרעסע אין דער יוניאָן. דר. הורוויטש איז אַרויסגעקומען מיט אַן ער־קלערונג, אַז ער וועט זיך ניט לאָזען אַנהענגען קיין שלאָס אויפ'ן מויל און אַז ער איז גרייט צו רעזיגנירען.

פרייע רעדע און פרייע פּרעסע זיינען ביי הורוויטש'ן געווען ניט בלויז אַ פּרינציפּ, נאָר אַ הייליגקייט. ער האָט אין אַלגעמיין ניט געוואָלט מאַכען קיין קאָמפּראָמיסען אין פראַגען וואָס זיינען שייך צו דעמאָקראַטיע און פרייהייט.

אין דער אמת איז די „נייע פּאָסט" קאָמיטע ניט געווען אַזאַ שטרענגע און דער רעדאַקטאָר האָט בלויז איין מאָל געהאַט אַ שטרייט מיט איהר. דאָס איז געווען וועגען אַ לייט־אַרטיקעל, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט אַן אונטערזוכונג אין בעלערס שאַפּ, וואו מען האָט געפונען גרויסע צרות. די קאָמיטע האָט געגלויבט, אַז דער טאָן פון לייט־אַרטיקעל איז אַ צו שאַרפער. האָט זיך דער רעדאַקטאָר ניט געדונגען און האָט פאַרגעשלאָגען, אַז דזשאָן דייטש זאָל אָנשרייבען דעם לייט־אַרטיקעל. האָט ער אָבער ניט געוואָלט. האָט דער רעדאַקטאָר געמאַכט אַן אַנדער פאָרשלאַג, אַז מאיר לאָנדאָן זאָל איהם דיקטירען אַ לייט־אַרטיקעל, אָבער דאָס האָט ווידער ניט געטויגט, ווייל מאיר לאָנדאָן האָט ניט געוואָלט. איז עס דעריבער געבליבען, אַז עס זאָל געדרוקט ווערען דער לייט־אַרטיקעל, וואָס דער רעדאַקטאָר האָט אָנגעשריבען.

צייטענווייז, ווען ראָזענבערג אָדער לאָנדאָן פלעגען ווערען שטאַרק אין כעס אויף די מאַנופעקטשורערס, פלעגען זיי זאָגען דעם רעדאַקטאָר, אַז אייגענטליך פאַרדינען די מאַנופעקטשורערס די פּאַרציע, וואָס זיי קריגען, אין דער „נייער פּאָסט" און עס איז גוט, וואָס מען „רייבט" זיי אריין פון צייט צו צייט.

דר. הורוויטש איז געווען אַ מענש מיט אַ קעמפּענדען כאַ־ראַקטער און ער איז געווען אָפען, גראַד־ליניג און האָט פיינט געהאַט צו האַלטען אַ בלאַט פאַר זיין מויל, ווען ער איז געווען אין אַ קאַמף, און האָט ער געהאַט וועגען איינעם וואָס צו זאָגען האָט ער עס געזאָגט מיט'ן פולען מויל און מיט די ווערטער, וועלכע ער האָט געהאַלטען פאַר ריכטיג. דאָס זיינען גראָד ניט געווען קיין מעלות אין דער פּאָזיציע, אין וועלכער דר. הורוויטש האָט זיך געפונען.

מען האָט זיך געוואונדערט, וואָס דר. הורוויטש, דער מע־

סיגער סאָציאַליסט, דער קאָמפּראָמיסלער אין דער סאָציאַליסטי־שער באַוועגונג, איז אַזוי רעוואָלוציאָנער אין דער יוניאָן. מען האָט אָפּט אָנגעוויזען אויף מאיר לאָנדאָן, וואָס איז אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אַ סך רעוואָלוציאָנערער ווי דר. הור־וויטש, און דאָך איז ער אין דער יוניאָן אַ סך מעסיגער. און עס אַפּעלירט צום גדאַנק, אַז אין דער טרעיד־יוניאָן באַוועגונג זאָל מען זיין ווייניגער רעוואָלוציאָנער און מער קאָמפּראָמיסלער, ווייל אין דער טרעיד־יוניאָן באַוועגונג האָט מען דאָך כסדר צו טאָן מיט קאָמפּראָמיסען. עס איז דאָך שוין דער ערשטער גרויסער קאָמ־פּראָמיס, וואָס מען אנערקענט, אַז דער שאַפּ באַלאַנגט צו דעם מאַנופעקטשורער. דר. הורוויטש האָט איין מאָל דעם שרייבער פון דעם בוך עס ערקלערט אויף אַזאַ אופן: פאַרשטעהט איר מיך, האָט ער געזאָגט, מאיר לאָנדאָן קען זיין מעסיג און געדולדיג אין דער יוניאָן, ווייל ער גלויבט, אַז באַלד וועט קומען די סאָציאַלע רע־וואָלוציע און די שעפּער וועלען אינגאַנצען באַלאַנגען צו די אַר־בייטער, דעריבער איז איצט ניט נויטיג צו שלאָגען זיך פאַר יעדער קלייניגקייט. איך אָבער גלויב ניט, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט אַזוי גיך קומען, ווייל איך דעריבער, אַז די אַרבייטער זאָלען קריגען שוין איצט וואָס מער.

נאָר זיין וועלען שוין איצט וואָס מער, זיין אונקאָמפּראָמיס־ליכקייט אין דער יוניאָן און זיין גראַד־ליניגקייט האָט דר. הור־וויטש'ס לאַגע אַלץ שווערער געמאַכט. ביסלעכווייז האָט זיך אויך אַנטוויקעלט אַ קאַמף צווישען איהם און לאָנדאָנ'ען. דאָס איז אפשר טיילווייז געקומען פון דעם, וואָס דר. הורוויטש, זייענדיג אַ לאָיער, האָט מאַנכעס מאָל פאַרגעסען, אַז דער לאָיער פון דער יוניאָן איז מאיר לאָנדאָן, און פלעגט טאָן זאַכען, וואָס באַלאַנגען צו דעם לאָיער פון דער יוניאָן. נאָר די הויפּט־אורזאַך איז געווען, וואָס מאיר לאָנדאָן איז אין זיינע אנזיכטען וועגען דעם פּראָ־טאָקאָל און וועגען דער פירונג פון דער יוניאָן געשטאַנען נעהנטער צו די פירער פון דער אינטערנעשאָנאַל.

די באַציהונגען צווישען דר. הורוויטש און די פירער פון דער אינטערנעשאָנאַל האָבען זיך אַזוי פאַרשאַרפט, אַז זיי האָבען זיך אָפּגעזאָגט אפילו אנטייל צו נעמען אין דער קאָנפערענץ, וואָס האָט געדאַרפט אָפּגעהאַלטען ווערען פון דזשאָינט באָארד מיט דער מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן וועגען די פאָדערונגען, וואָס די

יוניאָן האָט ארויסגעשטעלט. אלס צוגאָב האָט דזשאָן דייטש געמאַכט א העפטיגען אָנגריף אויף הורוויטש'ן אין „לעידיס גאַר־מענט וואָירקער", אָפיציעלער זשורנאַל פון דער אינטערנעשאָנאַל, פאַר זיין פאָדערונג פון „ארביטריישאָן" אנשטאט „קאָנסיליאיישאָן" און ער האָט איהם אויפגעפאָדערט, אז ער זאָל פארלאָזען די יוניאָן.

נאָר די קאָנפערענץ איז דאָך אָפּגעהאַלטען געוואָרען און זי איז גראָד אראָפּ גאַנץ גלאַט. אמת, זי האָט וועגען די וויכטיגסטע פּראָבלעמען קיין רעזולטאטען ניט געבראַכט, אָבער וועגען א פּאָר פונקטען האָט מען זיך דאָ צונויפגערעדט — וועגען דעם פּרייז־געריכט און וועגען דעם, אז דער ארביטריישאָן־באָארד זאָל האָבען מער מיטגלידער, כדי זיי זאָלען זיך קענען בייטען, ווען נויטיג. אָבער ווען דער ארביטריישאָן־באָארד איז זיך צונויפגעקומען דעם 3־טען אויגוסט 1913 האָט בראַנדייס געזאָגט, אז ער וואָלט ניט ראַטען צו מאַכען די ענדערונג אין ארביטריישאָן־באָארד, וואָס די געמיינשאַפּטליכע קאָנפערענץ האָט פּאָרגעשלאָגען. ער האָט דערביי אויך געגעבען אַן אָפּענעם אָנצוהערעניש, אז ער וועט רעזיגנירען, אויב די ענדערונג וועט געמאַכט ווערען.

דאָס האָט הורוויטש'ן זעהר אויפגעבראַכט. ער האָט גע־רופען בראַנדייס'ן דיקטאַטאָר און ער האָט געזאָגט, אז עס וועט זיין בעסער פאַר דער יוניאָן ווען בראַנדייס זאָל רעזיגנירען. מאיר לאָנדאָן האָט אָבער אין דעם פּרט איינגעשטימט מיט בראַנדייס'ן און ער האָט אין דער פראַגע געוואונען אויף זיין זייט די מאַיאָ־ריטעט פון דזשאָינט באָארד.

נאָר אונטער דער צייט וואָס עס איז אזוי היים דעבאַטירט געוואָרען אין דער יוניאָן די פראַגע פון „ארביטריישאָן" און „קאָנסיליאיישאָן" זיינען אין די פּראַקטאָקאָל שעפּער פּאָרגעקומען אַלץ נייע טראָבעלס. א סך אויפרעגונג אין דער יוניאָן האָט געבראַכט דער סכסוך מיט דער פירמע שנאַל, וועלכע האָט אָפּ־געזאָגט פיר ארבייטער און די אָפּגעזאָגטע האָבען באַהויפּטעט, אז דאָס איז געווען א שטראָף פאַר זייער יוניאָן־טעטיגקייט. דער גריוועגס באָארד האָט זיך אין דער פראַגע ניט געקענט אייניגען, און גלייך איז געקומען נאָך א גרעסערער טראָבעל פון דער פירמע ליוויי און פרידבערג, וואו דרייצען קאַטערס האָבען גע־וואָרפען די ארבייט אלס פּראָטעסט געגען דעם, וואָס די פירמע באַשעפטיגט ניט־יוניאָן קאַטערס, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס

זיי האָבען שוין מערערע מאָל געבראַכט קלאַגען געגען דער פירמע. אין איינינע טעג שפּעטער האָבען די קאַטערס זיך געאייניגט מיט דער פירמע, אַז זיי זאָלען קומען צוריק צו דער אַרבייט, אָבער מיט דער באַדינגונג, אַז די וואָס האָבען פאַרנומען זייערע פּלעצער זאָלען אַוועקגעשיקט ווערען פון שאַפּ. נאָר ווען די 13 קאַטערס זיינען געקומען צוריק צו דער אַרבייט האָבען זיי געפונען, אַז די פירמע האָט ניט געהאַלטען וואָרט און זי האָט ניט אַוועקגע־שיקט די נייע קאַטערס, וואָס זי האָט אָנגעשטעלט. זיי האָבען דעריבער, אָנשטאָט זיך שטעלען אַרבייטען, זיך געשטעלט פּי־קעטען דעם שאַפּ. די לאַגע איז געוואָרען אַן ערנסטע, ווייל די אַפּערייטאָרס האָבען געלאָזט וויסען, אַז זיי ווילען וואַרפען די אַרבייט, כדי צו העלפען די קאַטערס. עס זיינען געווען „סטאַ־פּעדזשעס“ אויך אין אַנדערע שעפּער און דר. הורוויטש האָט זיך ווידער אַמאָל געווענדעט אין דער „נייער פּאָסט“ צו די אַרבייטער און זיי ערקלערט, אַז אונטער דעם פּראָטאָקאָל טאָר מען ניט סטרייקען. ער האָט אָבער אויפגעבראַכט די מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, ווען ער האָט איהר געלאָזט וויסען, אַז דער סטרייק ביי ליוועי און פרידבערג איז ניט אַנערקענט פון דער יוניאָן און די פירמע קען אָנשטעלען אַנדערע קאַטערס, אָבער די יוניאָן קען ניט צוריקהאַלטען איהרע מיטגלידער פון פּיקעטען. די אַסאָסי־איישאָן האָט געגען דעם פּראָטעסטירט און געזאָגט, אַז פּיקעטען שטימט ניט איין מיט'ן גייסט פון פּראָטאָקאָל. די אַסאָסיאיישאָן האָט וועגען דעם געשריבען אַ בריף צו דער אינטערנעשאָנאַל און האָט פון איהר געפאָדערט אַז זי זאָל אָפּשטעלען דאָס פּיקעטען. די באַאַמטע פון דער אינטערנעשאָנאַל האָבען אָבער געענטפערט, אַז אַלס בלויז ערבים (גאַראַנטירער) פון פּראָטאָקאָל האָבען זיי קיין מאַכט עס צו טאָן. די אַסאָסיאיישאָן האָט באַשלאָסען די פראַגע צו ברייננען פאַר דעם אַרביטריישאָן־באָארד.

נאָר אונטער דער צייט האָט דזשאָן דייטש פאַרטראַכט אַ מיטעל ווי אַזוי צו באַפרייען די יוניאָן פון דר. הורוויטש אויף אַ גאַנץ פרידליכען אופן. ער האָט נעמליך אָנגעפאַנגען אַרבייטען דורך איינפלוסרייכע פּערזאָנען, אַז דר. הורוויטש זאָל אָנגעשטעלט ווערען אין דער אינדאָסטריעל רילייישאָנס קאָמישאָן, וואָס האָט אין יענער צייט אָנגעפאַנגען פונקציאָנירען. דר. הורוויטש האָט באַקומען איינינע בריף וועגען די באַמיהונגען פון זיינע פריינד,

וואָס זוכען אז ער זאָל אָנגעשטעלט ווערען אין דער אינדאָסטריעל רילייישאָנס קאָמישאָן מיט א הויכען געהאַלט. דר. הורוויטש האָט דאָ קיין זאַך ניט חושד געווען, נאָר ער האָט געזאָגט דעם די־רעקטאָרען באָארד פון דזשאָינט באָארד, אז אזוי ווי מען האָט זיך צו איהם געווענדעט וועגען באשטימען איהם פאַר א וויכ־טיגען אמט מיט א הויכער געצאָלט און כדי ער זאָל קענען אָפּ־זאָגען דעם אָנבאָט ווען ער וועט קומען צו איהם אין א באשטימ־טער פאָרם, ניט ליידענדיג קיין מאַטעריעלען שאָדען, פארלאַנגט ער, אז זיין יערליכער געהאַלט זאָל פון פיר און א האַלב טויזענד געהעכערט ווערען אויף זעקס טויזענד. דער דירעקטאָרען באָארד האָט זיין פארלאַנג צוריקגעוויזען, אָבער דער דזשאָינט באָארד האָט דעם 20־טען סעפּטעמבער 1913 הורוויטש'ס פארלאַנג נאָכ־געגעבען און דאָס האָט געמיינט, אז ער איז אָנגעשטעלט געוואָרען פאַר טשיף קלוירק אויף נאָך א יאָר.

עס איז אויף אזא אופן ארויסגעקומען גאַנץ אַנדערש ווי דזשאָן דייטש האָט געפּלאַנעוועט. געשיכטע, ווי עס שיינט, האָט אויך אַמאָל ליב א שטיקעל הומאָר.

נאָר הורוויטש'ס פּאָזיציע איז דערמיט ניט שטאַרקער גע־וואָרען. די צאָל פון זיינע געגנער צווישען די פירער פון דער יוניאָן זיינען געוואָרען גרעסער און זיי האָבען זיך פאראייניגט אין א קאַמף געגען איהם. די אַנטשיידונג פון דעם ארביטריישאָן באָארד, וואָס איז זיך צונויפגעקומען דעם 3־טען אָקטאָבער 1913, איז געווען אינגאַנצען געגען איהם. זיין שטעלונג וועגען פּיקעטען איז ערקלערט געוואָרען אלס פאַלש. דערביי האָט אויך דער אר־ביטריישאָן באָארד ערקלערט, אז דער דזשאָינט באָארד און די אינטערנעשאָנאַל זיינען שותפים אין פּראָטאָקאָל און אז זיי האָבען א געמיינשאַפטליכע פארפליכטונג צו איהם.

כדי צו פארזיכען אָט דעם ביטערען פּיל איז דער ארבי־טריישאָן באָארד זיך צונויפגעקומען אין א וואָך ארום נאָך אַמאָל און האָט ארויסגעגעבען אַן אַנטשיידונג, אז די פּרעסערס זאָלען קריגען א העכערונג פון צוויי און א האַלב דאָלאַר א וואָך און די אונטער־פּרעסערס אַנדערטהאַלבען דאָלאַר.

די מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן האָט זיך גלייך באַנוצט מיט דער אַנטשיידונג פון ארביטריישאָן באָארד און האָט גע־שריבען א בריף צו דער אינטערנעשאָנאַל, אז די לאַגע איז זעהר

אַ קריטישע און זי וויל וויסען וואָס די אינטערנעשאָנאַל האָט בדעה צו טאָן און וואָס זי איז בכוח צו טאָן, ווייל פון דעם ענטפער פון דער אינטערנעשאָנאַל העננט אָפּ די ווייטערדיגע פאָרזעצונג פון פראָטאָקאָל. די פירער פון דער אינטערנעשאָנאַל האָבען פאַרלאַנגט פון דזשאָינט באָארד, אַז אין זייערע הענד זאָל איבערגעגעבען ווערען די פולע פאַראַנטוואָרטליכקייט וואָס איז שייך צום פראָטאָקאָל. דאָס האָט אָבער דער דזשאָינט באָארד ניט נאָכגעגעבען, נאָר האָט אָנגענומען אַ קאָמפּראָמיס רעזאָלוציע, פאָרגעשלאָגען פון מאיר לאָנדאָן, אין וועלכער עס ווערען פאַרדאַמט די באַמיהונגען אַרויסצורופען קריגערייען צווישען דזשאָינט באָארד און דער אינטערנעשאָנאַל, נאָר עס דאַרף אַלץ געטאָן ווערען, אַז די צוויי קערפּערשאַפטען זאָלען אַרבייטען צוזאַמען און עס זאָלען דעריבער פון די פינף מיטגלידער פון דער יוניאָן, וואָס זיינען פאַרטראָטען אין גריוועַנס באָארד, דריי געוועהלט ווערען פון דזשאָינט באָארד און צוויי פון דער אינטערנעשאָנאַל. דזשאַן דייטש איז אָבער דערמיט ניט צופרידען געוועזן. ער האָט פאַר־לאַנגט פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאָנאַל, אַז זי זאָל ענטפערען דער מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, אַז זי קען אויף זיך ניט נעמען די פאַרלאַנגטע פאַראַנטוואָרטליכקייט. דאָס האָט געמיינט, אַז דער פראָטאָקאָל דאַרף אָפּגעבראָכען ווערען, און דערמיט האָט דייטש געוויזען, אַז אויב ער קען ניט אויס־פירען וואָס ער וויל איז רעכט אַז דער פראָטאָקאָל, פון וועלכען ער האָט געגלויבט אַז די עקזיסטענץ פון דער יוניאָן העננט אָפּ, זאָל אָפּגעבראָכען ווערען. דאָס האָט אָבער די גענעראַל עקזעקו־טיווע ניט געוואָלט און זי האָט געענטפערט, אַז זי וועט ערפילען די גאַנצע פאַראַנטוואָרטליכקייט וואָס איז אויף איהר אַרויפגעלייגט געוואָרען אַלס אַן ערב פון פראָטאָקאָל. דערביי האָט זי געמאָלדען דעם דזשאָינט באָארד, אַז צוליב דער פאַראַנטוואָרטליכקייט, וואָס די אינטערנעשאָנאַל האָט אויף זיך גענומען, מוז זי האָבען אַ דעה אין באַציהונגען צווישען די דזשאָינט באָארד באַאַמטע מיט דער מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן און אויך אין דער אויסאַר־בייטונג פון דער פראָגראַם און טאַקטיק פון דזשאָינט באָארד.

דר. הורוויטש האָט געפילט, אַז אונטער די באַדינגונגען וועט ער ווייטער מיט דער יוניאָן ניט קענען פאַרבלייבען און ער האָט זיך געקליבען אַוועקצוגעהן. און טאַקע אויף דעם גרונד

האָט ער אויך אָנגענומען צו זיין אַ קאָנגרעס קאַנדידאַט פון דער בול־מוז פּאַרטיי אין אַ דיסטריקט, וואו עס איז געוואָרען אַ וואַ־קאַנסיע אין אַ מיטען טערמין. דאָס איז ניט געווען פון הור־וויטש׳ס קליגסטע שריט. די שאַנסען געוועהלט צו ווערען זיינען געווען זעהר שוואַכע און קיין כבוד און קיין פּרעסטיזש האָט עס איהם ניט געבראַכט. האָט אָבער אַב. ראָזענבערג איהם אַרויסגעהאָלפען. ער האָט נעמליך דעם 6־טען נאָוועמבער, גלייך נאָך די וואַלען, אַריינגעבראַכט געגען הורוויטש׳ן אַ קלאַגע אין דער יוניאָן, אַז אין דער צייט פון זיין קאַמפּיין פאַר קאָנגרעס האָט ער אין זיינע עפענטליכע רעדעס שטאַרק אָנגעגריפען די אינטערנעשאָנאַל און אַז זיין אויפפירונג איז געווען אַ פאַררע־טערישע און אַ סקאַנדאַליעזע און אַז זיין פּלאַץ טאָר מער ניט זיין אין דער יוניאָן. אַ טייל פון ראָזענבערג׳ס קלאַגע איז אויך געווען, וואָס הורוויטש איז געווען אַ קאַנדידאַט פון אַ קאַפּיטאַ־ליסטישער פּאַרטיי. דאָס האָט אָבער אָפּגעשוואַכט די הויפּט־קלאַגע, ווייל מען האָט געוואוסט, אַז די באַאַמטע פון דער אינטערנעשאָנאַל זיינען פּאָליטיש גאָר ניט אַזוי שטרענג פרום און אַז עס האַנדעלט זיך בלויז געגען הורוויטש׳ן.

דאָס האָט אויפגעוועקט אין הורוויטש׳ן זיין גוט באַקאַנטען קאַמפּף־גייסט און ער האָט געענדערט זיין פריהערדיגען באַשלוס אַוועקצוגעהן אויף אַ פרידליכען אופן פון דער יוניאָן, נאָר האָט אויף דעם פאַרלאַנג פון לאָקאַל 1 און פאַרטרעטער פון לאָקאַל 9 און אַנדערע לאָקאַלס איינגעשטימט ווייטער צו פאַרבלייבען מיט דער יוניאָן און זיין אַ קאַנדידאַט פאַר טשיף קלוירק אויף נאָך אַ יאָר. און ווען די קלאַגע פון אַב. ראָזענבערג׳ן געגען דר. הור־וויטש איז אויפגענומען געוואָרען אויף דעם מיטינג פון דזשאָינט באָארד האָט לאָקאַל 1 אויפגעפאָדערט דעם דזשאָינט באָארד, אַז ער זאָל אָנשטעלען הורוויטש׳ן פאַר נאָך אַ יאָר. דער דזשאָינט באָארד האָט באַשטימט אַ קאָמיטע פון דריי — וואַגנער, לואי היימאַן און ליוואי, אַז זיי זאָלען זיך זעהן מיט הורוויטש׳ן און אַריינברייננגען אַ באַריכט.

אין איינינע טעג ארום האָט די קאָמיטע געבראַכט אַ באַריכט, אַז דר. הורוויטש איז וויליג אָנצונעמען דעם אמט פון טשיף קלוירק אויף נאָך אַ יאָר אונטער די פאָלגענדע באַדינגונגען: זיין פּראָגראַם צו באַשטעהן אויף די רעכטען פון די ארבייטער־

אין שאַפּ זאָל אָנגענומען ווערען פון דזשאָינט באָארד; אַז ער זאָל זיין דער איינציגער לאָיער פון דער יוניאָן אין איהרע באַציהונגען מיט דער פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן; די גאַראַנטיע פון אַ פולשטענדיגער פרייער פּרעסע; אַז זיין אָנשטעלונג זאָל געשיקט ווערען צו אַ רעפערענדום־אָפּשטימונג פון די מיטגלידער פון דער יוניאָן; אַז זיין געהאַלט זאָל זיין זעקס טויזענד דאָלאַר אַ יאָר. די קאָמיטע האָט רעקאָמענדירט אָנצונעמען דר. הורוויטש'ס באַדינגונגען מיט דעם אויסנאַם, אַז זיין געהאַלט זאָל זיין ניט זעקס טויזענד דאָלאַר, נאָר פינף און אַ האַלב טויזענד. נאָך אַ הייסער דעבאַטע האָט דער דזשאָינט באָארד מיט 22 שטימען געגען צעהן צוריקגעוויזען די רעקאָמענדאַציע פון דער קאָמיטע. די דעלעגאַטען פון לאָקאַל 1 האָבען געפאָדערט אַז די פראַגע זאָל איבערגעגעבען ווערען צו אַ רעפערענדום־אָפּשטימונג, אָבער זייער פאָדערונג איז פאַרוואָרפען געוואָרען מיט 20 שטימען געגען 13.

דערמיט איז אָבער די זאַך ניט געווען געענדיגט. דער קאַמף האָט זיך אָנגעפאַנגען. די דעלעגאַטען פון לאָקאַל 1 האָבען זיך צוריקגעצויגען פון דזשאָינט באָארד. אין די פאַרשידענע לאָקאַלס פון דזשאָינט באָארד זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען שטורמדיגע מאַסען־פאַרזאַמלונגען פון די מיטגלידער. די אָנפירער פון קאַמף זיינען אין דער ערשטער ליניע געווען מיטגלידער פון לאָקאַל 1, אָבער אויך לאָקאַל 9 האָט גענומען אַ זעהר אַקטיווען אנטייל. אויך לאָקאַל 11 פון בראָנזוויל איז געווען שטאַרק פאַר הורוויטש'ן. און הגם אין די אַנדערע לאָקאַלס, ווי 35, 23 און 17, איז די פירערשאַפט געווען געגען הורוויטש'ן, זיינען אָבער דאָך צווישען זייערע מיטגלידער געווען אַ סך הייסע אָנהענגער פון הורוויטש'ן. נאָר געהייסען האָט עס, אַז דער קאַמף ווערט געפירט פון לאָקאַל 1, פון די אָפּערייטאָרס. עס איז געווען אַ גוט באַקאַנטע פירמע. די אָפּערייטאָרס האָבען אַלע מאָל פון זיך געלאָזט הערען. און אויסער דעם, וואָס מען האָט זיי אין יענער צייט געהאַלטען פאַר די יחסנים אין טרעיד, ווייל זיי האָבען מער פאַרדינט ווי די אַנדערע, האָבען זיי צווישען זיך געהאַט, ווי שוין באַמערקט אין די פריערדיגע קאַפּיטלעך, אַ סך יונגע, ענערגישע און סאָציאַליסטיש־ערצויגענע מענשען, און מערערע פון זיי גאַנץ אינטעליגענטע מענשען. אין לאָקאַל 1 זיינען געווען אַ סך בונדיסטען, דער

גרעסטער טייל נאָך פרישע, ערשט ניט לאַנג אַרויס פון בונ־
דיסטישען חדר אין דער אַלטער היים; עס זיינען אויך געווען
סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען און אַנארכיסטען. אין לאָקאַל 1
האָט מען געקענט געפינען פאַרטרעטער פון אַלע רעוואָלוציאָנערע
און סאָציאַליסטישע ריכטונגען. הורוויטש'ס פּראָגראַם, זיינע שאַר־
פע רייד, זיין קאָמפּסלוסטיגקייט האָט דעריבער צו זיי שטאַרק
אַפּעלירט. דערצו זיינען די צושטענדען אין די שעפּער געוואָרען
אַלץ ערגער. דער סטרייק געגען די סאָב־מאַנופעקטשורערס האָט
אָפּגעקאָסט אַ סך געלד און האָט גיכער געבראַכט שלעכטע
איידער גוטע רעזולטאַטען. דער פאַרלאַנג פון די קלאָוקמאַכער
פאַר אַ העכערונג פון זייער אַרבייטס־לוין איז פון אַרביטריישאָן־
באָארד, מיט דער אויסנאַם פון די פּרעסער, צוריקגעוויזען גע־
וואָרען. פון די אַלע פאָדערונגען, וואָס די קאָמיטע האָט אויסגע־
אַרבייט אין מאַי 1913, באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „15 פּונקטען“,
איז גאָר ניט געוואָרען. דערצו איז געווען ווייניג אַרבייט און מען
האָט ווייניג פאַרדינט. אין קורצען, עס זיינען געווען גענוג אור־
זאַכען פאַר אונצופרידענהייט און אַז אַ גרעסערער קאַמף זאָל
זיך צופלאַקערען.

די פירער פון דזשאָינט באָארד האָבען זיך באַלד איבערצייגט,
אַז זיי האָבען געמאַכט אַ פעלער דערמיט, וואָס זיי האָבען באַ־
קעמפט דעם פאָרשלאַג פון לאָקאַל 1 וועגען אַ רעפערענדום. פאַר־
טרעטער פון לאָקאַל 1 זיינען געגאַנגען פון לאָקאַל צו לאָקאַל און
זיי האָבען נידערגעשטימט דעם באַשלוס פון דזשאָינט באָארד.
מען האָט דעריבער די פראַגע נאָך אַמאָל געמוזט אויפנעמען. די
פירער פון דזשאָינט באָארד האָבען אָבער פאָרגעשלאָגען, אַז
אין רעפערענדום זאָל געשטימט ווערען יעדע פון דר. הורוויטש'ס
באַדינגונגען באַזונדער. אויף דעם האָט אָבער דר. הורוויטש ניט
איינגעשטימט. ער האָט געפאָדערט, אַז אין רעפערענדום זאָל
בלויז זיין איין פראַגע — אויב ער זאָל זיין דער איינציגער
לאָיער פון דער יוניאָן. דער דזשאָינט באָארד האָט זיך געפילט
געצוואונגען נאָכצוגעבען און אין מיטען דעצעמבער 1913 איז
דער רעפערענדום דורכגעפירט געוואָרען. עס זיינען אין איהם
אָפּגעגעבען געוואָרען אַרום 8 טויזענד און 500 שטימען. פון זיי
6 טויזענד 553 פאַר הורוויטש'ן און 1 טויזענד 948 געגען איהם.
די גאַנץ גרויסע מאַיאָריטעט, אַרום דריי־פערטעל פון די מיט־

גלידער, האָט אינגאַנצען ניט געשטימט. אָבער עס איז אַן אַלטער כּלל, אַז די פּאַרטיי פון ניט־שטימער איז אַלע מאָל די גרעסטע און עס בלייבט שטענדיג איבער צו ספּעקולירען וואָס עס וואָלט געווען ווען אַלע וואָלטען געשטימט, וואָלטען די רעזולטאַטען געווען אַנדערע, אָדער די מערהייט און די מינדערהייט וואָלט סאַי ווי סאַי געבליבען אין דערזעלביגער פּראָפּאָרציע.

אויף מאָרגען נאָך די וואַהלען האָט מאיר לאָנדאָן אַריינגע־שיקט זיין רעזיגנאַציע צום דזשאָינט באָארד, און אין דעמזעל־ביגען טאָג האָט די אינטערנעשאָנאַל באַקומען אַ בריף פון דער מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, אַז אימעצער אַן אַנדערער זאָל באַשטימט ווערען אויף דעם פּלאַץ פון דר. הורוויטש פאַר דעם טשיף קלוירק פון דער יוניאָן. מען האָט דעמאָלט גערעדט, אַז אין דעם בריף האָט דזשאָן דייטש געהאַט אַ האַנד. עס האָט געהייסען, אַז דזשאָן דייטש האָט געגעבען אַן עצה דזשוליוס הענרי קאָהען, דעם לאָיער פון דער אַסאָסיאיישאָן, אַז אַזאַ בריף זאָל געשיקט ווערען צו דער אינטערנעשאָנאַל.*) נאָר אויב דאָס איז געווען אַזוי, איז דאָס געווען ניט בלויז קיין שעהנע, נאָר אויך אַ גאַנץ שלעכטע סטראַטעגיקע. דער בריף האָט געווירקט, אַז דער דזשאָינט באָארד זאָל זיך שטעלען אויף הורוויטש'ס זייט, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די מאַיאָריטעט פון דעם ניי־גע־וועהלטען דזשאָינט באָארד איז באַשטאַנען פון הורוויטש'ס געגנער (דער דזשאָינט באָארד איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון פינף דעלעגאַטען פון יעדען לאָקאַל אָהן אַן אונטערשייד ווי גרויס עס איז די צאָל פון די מיטגלידער פון לאָקאַל). דער דזשאָינט באָארד האָט גלייך געלאָזט וויסען די מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן דורך אַ בריף, אַז זי האָט ניט קיין שום רעכט צו דיקטירען דער יוניאָן ווער עס זאָל זיין אָדער ניט זיין איהר טשיף קלוירק.

דעם 27־טען דעצעמבער האָט דער דזשאָינט באָארד און די אינטערנעשאָנאַל געקראָגען אַ מעלדונג פון דער מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, אַז דער גריוועַנס באָארד וועט ניט פאַרהאַנדלען קיינע פראַגען, ווען דר. הורוויטש וועט זיין דערביי. דאָס האָט איינפאַך געמיינט, אַז דער אַפּאַראַט פון פּראָטאָקאָל ווערט אָפּ־געשטעלט.

---

*) געשיכטע פון דער אינטערנעשאָנאַל פון דר. ל. לעווין, זייט 267.

די באַאמטע פון דער אינטערנעשאָנאל האָבען פאַרטראַכט א נייעם פּלאַן. זיי האָבען באַשלאָסען אריינצוציהען אין קאַמף געגען הורוויטש'ן די גאַנצע אַרבייטער־באַוועגונג. זיי האָבען פאַר דעם צוועק צונויפגערופען א קאָנפערענץ פון אַרבייטער־פירער צו באַטראַכטען די לאַגע. עס זיינען איינגעלאַדען געוואָרען סעמועל גאָמפּערס, פרענק מאָריסאָן און דזשאָהן לענאָן פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אוו לעיבאָר, דזשאָהן מיטשעל פון דער מאַינערס יוניאָן, ב. ווײנשטײן, סעקרעטאר פון די פאַר־אייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, ב. שלעזינגער, וואָס איז דאַמאָלס געווען מענעדזשער פון „פאָרווערטס", וויליאַם טהאָמפּ־סאָן און פּיטער זיסמאַן פון שיקאַגא און אייניגע אַנדערע. נאָך א לענגערער בעראַטונג האָט די קאָנפערענץ ארויסגעגעבען אַן ערקלערונג, אין וועלכער זי ראַט דעם דזשאָינט באָארד צו בעטען דר. הורוויטש, אַז ער זאָל רעזיגנירען. די פירער פון דער אינ־טערנעשאָנאל האָבען גלייך נאָך דער דאָזיגער ערקלערונג געלאָזט וויסען דעם דזשאָינט באָארד, אַז אונטער דער פירערשאַפט פון הורוויטש'ן קען די אינטערנעשאָנאל ווייטער ניט בלייבען דער ערב פון פּראָטאָקאָל. דער דזשאָינט באָארד האָט אָבער אויף זיין מיטינג פון 3־טען יאַנואַר, וואָס איז געווען א זעהר שטורמדיגער, באַשלאָסען, אַז אונטער די אומשטענדען מוז ער שטיצען דר. הור־וויטש, און א נייע מעלדונג איז געשיקט געוואָרען צו דער פּראָ־טעקטיוו אַסאָסיאײשאָן, אַז דר. הורוויטש איז דער געוועהלטער פאַרטרעטער פון דזשאָינט באָארד. אויף דעם איז דעם 7־טען יאַנואַר 1914 געקומען אַן ענטפער פון דער מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאײשאָן, וואָס האָט פאַרלאַנגט פון דער יוניאָן, אַז זי זאָל שנעל אַנטשיידען, אויב דער פּראָטאָקאָל זאָל פאָרגעזעצט ווערען אָדער ניט. אין דערזעלביגער צייט האָט דער דזשאָינט באָארד געקראָגען אַן אולטימאַטום פון דער אינטערנעשאָנאל, אַז אַן אַנטשיידונג מוז געמאַכט ווערען אין פאַרלויף פון דער וואָך. דערביי האָט די אינטערנעשאָנאל ארויסגעגעבען, דעם 8־טען יאַנואַר, אַן ערקלערונג אין די צייטונגען וועגען דער גאַנצער לאַגע, וואו עס איז אויך איבערגעגעבען געוואָרען וועגען איהר אולטימאַ־טום צום דזשאָינט באָארד. דאָס האָט ארויסגערופען א שטאַרקען פּראָטעסט פון דזשאָינט באָארד, ווייל די באַאמטע פון דער אינ־טערנעשאָנאל האָבען פאַרשפּראָכען, אַז זיי וועלען די ערקלערונג

ניט פאַרעפענטליכען איידער זי וועט באַטראַכט ווערען פון דזשאָינט באָארד. לאָקאַל 1 האָט גלייך אָנגענומען א באַשלוס, אַז אַלע איהרע מיטגלידער, וואָס זיינען פאַרטראָטען אין דער גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאָנאַל, זאָלען רעזיגנירען פון זייערע עמטער. עהנליכע רעזאָלוציעס זיינען אָנגענומען געוואָרען פון אַנדערע לאָקאַלס. דער דזשאָינט באָארד האָט אָנגענומען אַ פאַרשלאַג, וואָס האָט געפאָדערט, אַז אַ ספּעציעלע קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל זאָל גערופען ווערען, פאַר וועלכער עס זאָלען אָנגעקלאָגט ווערען איהרע באַאמטע. די לאָקאַלס האָבען איינגערופען מאַסען־פאַרזאַמלונגען פון זייערע מיטגלידער, וועלכע האָבען אָנגענומען שאַרפע פּראָטעסטען געגען די באַאמטע פון דער אינטערנעשאָנאַל און עס האָט אויסגעזעהן ווי די קלאָוקמאַכער געפינען זיך אין אַ צושטאַנד פון רעוואָלוציע. מען האָט אפילו פאַרגעסען, אַז דער אַפּאַראַט פון פּראָטאָקאָל איז אָפּגעשטעלט און אַרבייט ניט.

עס האָט אויסגעוויזען, אַז פון דער לאַגע איז ניטאָ קיין אויסוועג. דר. הורוויטש איז געווען דער געזעצליך ערוועהלטער פאַרטרעטער פון דער יוניאָן און דער פּאָפּולערסטער פירער ביי די קלאָוקמאַכער. ווען הורוויטש איז דעם 7־טען יאַנואַר געקומען צו דעם מיטינג פון דזשאָינט באָארד האָבען איהם קאָמיטעס פון שעפּער באַגעגענט מיט אָוואַציעס און מיט בלומען־קראַנצען. אָבער די מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן וויל מיט איהם ניט האַנדלען און איז גרייט אָפּצוברעכען דעם פּראָטאָקאָל. נאָר פאַרלירען דעם פּראָטאָקאָל ווילען ניט די קלאָוקמאַכער. אמת, ביי אַ גאַנץ באַדייטענדען טייל פון זיי איז רעכט, אַז מען זאָל מאַכען אַ סוף צום פּראָטאָקאָל. זיי האָבען איהם געגוג פיינט געקראָגען. אָבער די מייסטע קלאָוקמאַכער האָבען עס ניט געוואָלט. זיי האָבען מורא געהאַט, אַז אָהן פּראָטאָקאָל וועט זיין נאָך ערגער. עס האָבען פּראָבירט זוכען אַן אויסוועג ביזנאָ און טהאָמפּסאָן, וואָס זיינען געקומען פון שיקאַגאָ. זיי האָבען געמאַכט פאַרשידענע פּלענער, אָבער עס האָט ניט געאַרבייט. איין פּלאַן איז געווען, אַז דר. הורוויטש זאָל רעזיגנירען און דערפאַר וועט מען אויסווירקען, אַז דער גריוועגס באָארד זאָל קריגען אַן אונפּאַרטייאישען טשערמאַן— איינע פון הורוויטש'ס הויפּט־פאָדערונגען פאַר דער יוניאָן. נאָר הורוויטש אַנהענגער האָבען פון דעם אפילו ניט געוואָלט הערען.

אונטער דער צייט איז אָבער פאָרגעקומען א זיצונג פון דעם אַר־ביטריישאָן באָארד, וואו עס איז אויפגענומען געוואָרען די הור־וויטש פראגע. די מיינונג פון ארביטריישאָן באָארד איז געווען, אז די מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן האָט קיין רעכט ניט צו פאָדערען און צו צווינגען, אז דר. הורוויטש זאָל זיך צוריקציהען, נאָר אויב ער אַליין אין זיין טרייהייט צו דער יוניאָן און צו דעם פּראָטאָקאָל זאָל זיך פרייוויליג צוריקציהען, וואָלט דעמאָלט די פאָרזעצונג פון פּראָטאָקאָל זיין געזיכערט און א געפערליכער קריזיס, וואָס קען ברענגען ליידען פאר טויזענדער מענער, פרויען און קינדער, וועט אויסגעמידען ווערען.

דאָס איז געווען פאַקטיש אַן אויפפאָדערונג, אז הורוויטש זאָל רעזיגנירען.

גלייך נאָך דער אנטשיידונג האָט דר. הורוויטש אריינגעשיקט צום דזשאָינט באָארד זיין רעזיגנאציע. אָבער אזוי ווי ער איז געוועהלט געוואָרען דורך א רעפערענדום, האָט ער פארלאנגט, אז אויך זיין רעזיגנאציע זאָל געגעבען ווערען צו א רעפערענדום־אָפּ־שטימונג. הורוויטש'ס געגנער אין דזשאָינט באָארד זיינען אָבער געווען געגען דער באדינגונג פון א רעפערענדום און הורוויטש האָט ענדליך איינגעשטימט אריינצוגעבען זיין רעזיגנאציע אָהן באדינ־גונגען. עס איז אָבער ניט געווען קיין מאַיאָריטעט אין דזשאָינט באָארד, וואָס זאָל זיין וויליג די רעזיגנאציע גלייך אָנצונעמען, און עס איז באַשטימט געוואָרען א קאָמיטע, וואָס זאָל עס באטראכטען.

ווען עס איז באקאנט געוואָרען צווישען די קלאָוקמאכער, אז הורוויטש האָט אריינגעשיקט זיין רעזיגנאציע, איז געוואָרען א גוואלדיגער טומעל. דעם 20־טען יאנואר האָבען זיך אָנגעפאנגען פּראָטעסט־דעמאָנסטראציעס פון די קלאָוקמאכער ארום די אָפיסעס פון דער יוניאָן. א גרופּע דעמאָנסטראנטען האָבען זיך אריינגע־ריסען אין דעם אָפּיס פון דזשאָינט באָארד, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אויף דער 19־טער סטריט. מען האָט דאָרטען געבראָכען מעבעל און שויבען. א גרופּע דעמאָנסטראנטען האָבען פּראָבירט זיך אריינרייסען אין אָפּיס פון דער אינטערנעשאָנאל אויף יוניאָן־סקווער, אָבער מען האָט זיי געוואָרענט, אז פּאָליציי וועט גע־רופען ווערען. צווישען די קלאָוקמאכער זיינען פארשפּרייט גע־

וואָרען קלאַנגען, אַז די מאַנופעקטשורערס גרייטען צו אַ לאָקאַוט און דאָס האָט די שטימונג נאָך מער אויפגערייצט.

דעם 22־טען יאַנואַר האָט דער דזשאָינט באָארד איינגערופען אַ ספּעציעלען מיטינג, אָבער דר. הורוויטש איז צום מיטינג ניט געקומען. ערשטענס, האָט ער זיך ניט געפילט איינגאַנצען געזונד, האָט ער ערקלערט; צווייטענס, ווייל ער האָט ניט געוואָלט האַנדלען ווי אַ דיקטאַטאָר און געבען זיינע אָנהענגער אַ פרייע האַנד. די ערשטע אָפּשטימונג איז געווען 21 פאַר אָננעמען די רעזיגנאַציע און 22 דעגען. אַ קאָמיטע איז געשיקט געוואָרען צו דר. הורוויטש איהם בעטען, אַז ער זאָל קומען צום מיטינג. עס איז שוין געווען האַלבע נאַכט ווען הורוויטש איז אָנגעקומען צום מיטינג, אָבער די לאַגע האָט זיך ניט געענדערט און 2 אַזייגער פאַרטאָג איז דר. הורוויטש צוריק געפאָרען אַהיים מיט וואָס ער איז געקומען, אָבער ער האָט פון מיטינג באַגריפען, אַז אין ענד־רעזולטאַט וועט עס מוזען קומען צו אַ לאָקאַוט אָדער אַ סטרייק און אַז ממילא וועט ער דאַרפען זיין דער פירער פון סטרייק. אָבער מיט וועמען? ער האָט געפילט, אַז אַ גרויסער טייל פון זיינע אונטערשטיצער האָבען מורא פאַר אַ סטרייק און טיף אין האַרצען האָבען זיי, האָט ער געגלויבט, אַ וואונש, אַז ער זאָל בעסער זיך צוריקציהען. טאָ ווי קען ער אונטער אַזעלכע אומשטענדען נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר אַ סטרייק? דר. הורוויטש האָט פאַר דער מעגליכקייט פון אַ סטרייק אויך מורא געהאַט צוליב דעם, וואָס ער האָט זיך ניט געהאַלטען פאַר פעהיג צו פירען אַ סטרייק. איך קען ניט זיין קיין סטרייק־פירער, האָט ער איינמאָל ערקלערט אַ דעלעגאַציע פון אַ לאָקאַל.

פינף אַזייגער פאַרטאָג איז אין דר. הורוויטש'ס הויז ווידער געווען אַ קאָמיטע — אברהם ביזנאָ און מאָריס ווינטשעווסקי. דער דזשאָינט באָארד האָט ניט געקענט קומען צו אַן אַנטשיידונג. עס איז געווען אַ מיטינג, וואָס האָט ניט געהאַט קיין גלייכונג אין דער געשיכטע פון דער אַרבייטער־באַוועגונג אין אַמעריקאַ. די נערוועז ביי די פאַרזאַמעלטע זיינען געווען אויפגערייצט ביז'ן העכסטען פונקט. מערערע דעלעגאַטען האָבען היסטעריש געוויינט. ביזנאָ און ווינטשעווסקי האָבען געוואָלט קריגען פון הורוויטש'ן אַן ערקלערונג אָדער אַ פּלאַן וואָס ער ראַט צו טאָן, אָבער וואָס האָט ער זיי געקענט געבען? ענדליך האָט ער זיי פאָרגעשלאָגען

א פּלאַן ווי אַזוי סטרייק זאָל אויסגעמידען ווערען, לויט זיין מיינונג, אָבער ראָזענבערג און דייטש דאַרפען רעזיגנירען. דאָס איז אָבער ניט געווען פון הורוויטש'ס בעסטע פּלענער, וואָס ער האָט אין זיין לעבען געמאַכט.

ס'איז שוין געווען טאָג, ווען עס איז גענומען געוואָרען א נייע אָפּשטימונג וועגען הורוויטש'ס רעזיגנאַציע. א פאָרשלאַג איז געמאַכט געוואָרען, אז די אָפּשטימונג זאָל זיין א געהיימע. 28 האָבען געשטימט פאַר דער רעזיגנאַציע און 14 געגען. דערמיט איז די „הורוויטש אַפּערע" אָפיציעל געווען פאַרענדיגט, אָבער זי האָט איבערגעלאָזען שטאַרקע נאָכוועהענישען, וועלכע האָבען אָנגעהאַלטען א לאַנגע צייט. די קלאָוקמאַכער האָבען זיך א לאַנגע צייט ניט באַרוהיגט. עס זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען פּראָטעסט־מיטינגען געגען דזשאָינט באָארד און דער אינטערנעשאָנאַל. לאָקאַל 9 און לאָקאַל 11 האָבען צוריקגערופען זייערע דעלעגאַטען פון דזשאָינט באָארד. אָבער ביסלעכווייז איז עס געוואָרען רוהיגער. פון איין זייט זיינען די הורוויטש אָנהענגער געווען צופרידען וואָס מיט הורוויטש'ן זיינען אויך געפאַלען זיינע מייסטע געגנער, וואָס האָבען איהם באַקעמפט. עס האָבען זיך געביטען די באַאַמטע פון דזשאָינט באָארד. צווישען די געפאַלענע איז אויך געווען מאיר פּערלשטיין, וואָס האָט באַזונדערס העפטיג באַקעמפט הורוויטש'ן. מען איז אויך געווען אַזוי גוט ווי זיכער, אז אין עטליכע חדשים ארום וועלען אויך פאַלען ראָזענבערג און דייטש. מען האָט נאָר געדאַרפט וואַרטען ביז דער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל, וואָס האָט געדאַרפט אָפּגעהאַלטען ווערען אין יוני. פון דער אַנדערער זייט האָט דער ארביטריישאָן באָארד זיך אונטערגעאיילט איינצופירען רעפאָרמען אין פּראָטאָקאָל. עס איז געשאַפען געוואָרען דער אַמט פון אַן אונפּאַרטייאישען טשערמאַן. ב. שלעזינגער האָט צייטווייליג אָנגענומען צו זיין דער מענעדזשער פון דזשאָינט באָארד און סידני הילמאַן איז געוואָרען טשיף קלוירק.

די קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין יוני 1914 אין קליוולאַנד, האָט די „הורוויטש אַפּערע" פאַרענדיגט. מען האָט עס געמאַכט אויף אַן אידעלען אופן. ראָזענבערג און דייטש און די גענעראַל עקזעקוטיווע זיינען פריהער קריטיקירט געוואָרען פאַר דעם, וואָס ניט

אַלע מאָל האָבען זיי אָנגענומען די פּאַסיגע מיטלען אין דעם שטרייט מיט הורוויטש׳ן. נאָכדעם האָט מען אָנגענומען אַ רע־זאָלוציע, וואָס דריקט אויס אנערקענונג דער גענעראַל עקזעקו־טיווע, וואָס זי האָט פאַרמידען אַז די קלאָוקמאַכער יוניאָן זאָל אריינגעצויגען ווערען אין אַן אוננויטיגען און נוצלאָזען קאַמף מיט דער מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן. נאָר ווען ראָזענבערג און דייטש זיינען נאָמינירט געוואָרען פאַר פּרעזידענט און סעק־רעטאַר, האָבען זיי ערקלערט, אַז זיי נויטיגען זיך אין אַ „לענ־גערער אָפּרוה" און זיי נעמען דעריבער די נאָמינאַציע ניט אָן. סאַל. פּאָליאַקאָף, וואָס איז געווען ערשטער וויס־פּרעזידענט, האָט אויך ניט אָנגענומען די נאָמינאַציע. פאַר פּרעזידענט איז דעמאָלט געוועהלט געוואָרען בענדזשאַמין שלעזינגער און פאַר סעקרעטאַר־טרעזשורער — מאָריס זיגמאַן. נאָר זיגמאַן האָט זיך לאַנג אין זיין אַמט ניט געהאַלטען. שלעזינגער איז געווען אַ מענש מיט אַ פעסטען דאָמינירענדען כאַראַקטער, און אויך זיגמאַן איז עס געווען, און זייביידע האָבען צוזאַמען ניט געקענט אַרבייטען. זיגמאַן האָט דעריבער אין אַ קורצער צייט אָרום רעזיגנירט.

אין דער ענדערונג פון דער אַדמיניסטראַציע פון דער אינ־טערנעשאָנאַל האָט די דעלעגאַציע פון לאָקאַל 1 צו דער קליוו־לענדער קאָנווענשאָן געשפּילט די וויכטיגסטע ראָלע.

## דרייסיגסטער קאַפּיטעל

# נאָכוועהענישען פון דער „הורוויטש אָפּערע", דער סוף פון פּראָטאָקאָל און דער גענעראַל סטרייק פון 1916.

דער פּראָטאָקאָל איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרען, אָבער די גלאָריע זיינע איז אוועק. מען האָט זיך אוויפגעהערט צו בענשען מיט איהם און מען האָט איהם אויפגעהערט צו באַטראַכטען פאַר דעם אָנפאַנג פון א נייער ערא אין די באַציהונגען צווישען קאַפּיטאַל און ארבייט, נאָר מען האָט אָנגעפאַנגען קוקען אויף איהם גאַנץ פּראָזאַאיש ווי אויף אַ געוועהנליכען אָפּמאַך צווישען אַ יוניאָן און באַלעבאַטים. דאָס איז געקומען אַלס א רעזולטאַט פון דעם קאַמף פון ביזנאָ און הורוויטש.

מען האָט זיך אויך געמוזט פאַרטראַכטען, אז עפּעס מוז זיין דער מער מיט'ן פּראָטאָקאָל, וואָס קיין טשיף קלוירק פון דער יוניאָן, ווי פאַרשידענאַרטיג זיי זיינען ניט געווען, האָבען זיך ניט געקענט האַלטען. סאל. פּאָליאַקאָף, דער ערשטער טשיף קלוירק, האָט ניט געזוכט קיין פּראָבלעמען, האָט ניט געשאַפען קיין פּראָגראַמען, איז געגאַנגען אין דעם וועג פון ראָזענבערג און דייטש, האָט זיך מיט זיי שטענדיג בעראַטען, און צום סוף האָט עס ניט געטויגט און ער האָט געמוזט מאַכען פּלאַץ פאַר אַן אַנדערען, פאַר איינעם וואָס זוכט פּראָבלעמען, שאַפט פּראָגראַמען און האָט זיין אייגענעם וועג — פאַר ביזנאָ'ן. אַלע האָבען געוואוסט, אז ביזנאָ איז אַ גאַנץ קאָנסערוואַטיווער טרייד יוניאָניסט, ניט קיין רעוואָלוציאָנער, ניט קיין היץ־קאָפּ, נאָר אַ רוהיגער, געלאַסענער, דענקענדער מענש, וואָס האָט ניט ליב צו קריגען זיך און געווים ניט אימעצען צו באַליידיגען. אָבער אויך ביזנאָ האָט אונטער דעם פּראָטאָקאָל ניט געקענט שטעהן. ער איז אונטער דעם פּראָטאָקאָל געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנער און האָט אָנגעפאַנגען נוצען אַ שאַרפע שפּראַך. האָט

אויך ער געמוזט אַוועק און דר. הורוויטש איז געקומען אויף זיין פּלאַץ. דר. הורוויטש האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר אַן עקאָנאָ־מיסט, אַ געלערנטען יוריסט, אַ סטאַטיסטיקער און אַ ניכטערער, מעסיגער סאָציאַליסט, וואָס געהט ניט אַלע טאָג מאַכען די סאָ־ציאַלע רעוואָלוציע. אָבער ווי ער האָט נאָר זיך גענומען צום פּראָטאָקאָל איז ער אין אַ קורצער צייט געוואָרען אַ פייערדיגער רע־וואָלוציאָנער. דאָס האָט געמוזט ברייגנגען איינעם זיך צו פאַר־טראַכטען, אַז עס מוז גיכער ליגען די שולד אין פּראָטאָקאָל, ווי אין די מענשען, וואָס פאַלען אַוועק איינער נאָכ'ן אַנדערען, ווי זיי קומען נאָר מיט איהם אין אַ נאָהענטער באַרירונג. און עס איז ווירקליך געוועזן דער פּראָטאָקאָל, וואָס האָט „געהאַרגעט" איין טשיף קלוירק פון דער יוניאָן נאָכ'ן צווייטען. לואיס ד. בראַנדעיס האָט געוואָלט איינריידען די קלאָוקמאַנופעקטשורערס, אַז מיט'ן פּראָטאָקאָל האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ נייע ערא פון יושר און גערעכטיגקייט אין די באַציהונגען צווישען די אַר־בייטסגעבער און די ארבייטסנעמער אין דער קלאָוק אינדוסטריע, אָבער די מאַנופעקטשורערס האָבען געהאַט דאָס זייעריגע אין זינען — מער פּראָפיט. און די קלאָוק מאַנופעקטשורערס האָ־בען געוואוסט פון זייער פריהערדיגער ערפארונג, אַז מער פּראָ־פיט קען מען מאַכען, ווען מען צאָלט די אַרבייטער ווייניגער פאַר זייער אַרבייט. די קלאָוק מאַנופעקטשורערס האָבען דעריבער שטענדיג געזוכט נייע וועגען און נייע מיטלען ווי צו קריגען זייער ארבייט געמאַכט פאַר ווייניגער געצאָלט און זיי פלע־גען זיי געפינען. די יוניאָן, אין דעם פאַל דער טשיף קלוירק, האָט כסדר געדאַרפט קעמפען, כסדר געדאַרפט היטען און כאַפּען ביי דער האַנט. נאָר ווען ער האָט שוין געכאַפּט, איז געווען שווער צו קריגען אַ משפט, און נאָך שווערער צו קריגען גערעכ־טיגקייט. אונטער אַזעלכע צושטענדען קען אפילו דער געמע־סיגטער און רוהיגסטער ווערען אַ רעוואָלוציאָנער.

און עס האָט ניט בלויז שטאַרק געליטען די רעפּוטאַציע פון פּראָטאָקאָל, נאָר עס האָט אויך שטאַרק געליטען די קלאָוק־מאַכער יוניאָן. זי האָט פאַרלוירען אַ גאַנץ באַדייטענדע צאָל מיטגלידער און איז אָפּגעשוואַכט געוואָרען אינערליך. דערצו האָט זיך צו איהר אָנגעפאַנגען צוטשעפּען זייטיגע צרות. אין דעצעמבער, 1913, האָט איינער, וואָס האָט געהייסען מאַקס

סולקעס, אַן אַנגעשטעלטער אָדער אַ שותף פון אַ פּריוואַטער דע־טעקטיוו אַגענטור, אַנגעפאַנגען אָרגאַניזירען אַ יוניאָן אונטער דעם נאָמען „אינטערנעשאָנעל לײדיס גארמענט אָוו דהי וואָירלד", און עס האָבען זיך געפונען עטליכע הונדערט קלאָוק־מאַכער, וואָס זײנען געוואָרען מיטגלידער פון סולקעס'עס יוניאָן און עס פלעגען פאָרקומען גאַנץ אָפטע געשלעגען און אַרעסטען. אין אַפּריל, 1914, זײנען אויף דער מסירה פון סולקעס'עס יוניאָן, מאָריס זיגמאַן, סאָל. מעץ און אײניגע אַנדערע גע־שטעלט געוואָרען אונטער אַ קלאַגע, אַז זײ זײנען שולדיג אין דעם טויט פון אײנעם אַ לײבאָוויץ, וואָס איז געווען אַ סטרײק־ברעכער אין דער צײט פון דעם גענעראַל סטרײק פון 1910. די אָנגעקלאָגטע זײנען אַרויסגעלאָזען געוואָרען אויף בעיל, אָבער אין אַ יאָר שפּעטער זײנען זײ, צוזאַמען מיט אַנדערע, ווידער אַמאָל אַרעסטירט געוואָרען אויף דערזעלביגער קלאַגע.

די יוניאָן האָט געהאַט פיל טראָבעל פון סולקעס'ן ביז עס האָט זיך הילקוויט'ן אײנגעגעבען צו קריגען אַן אינדזשאָנקשאָן, וואָס האָט פאַרבאָטען סולקעס'עס יוניאָן צו באַנוצען דעם נאָ־מען „אינטערנעשאָנאַל". אָבער עס האָט דאָך געדויערט מער ווי אַ יאָר, אײדער מען איז פון איהר פּטור געוואָרען.

דער פּראָטאָקאָל האָט מיט זײן רעפאָרמע פון אַן אונ־פאַרטײאישען טשערמאַן, וועלכער איז געווען אײנער אַ באַקאַנטער וויליאַמס, געאַרבײט פיל בעסער, אָבער טראָבעלס האָבען דאָך ניט געפעלט.

אַן אַלט־נײע פראַגע האָט אָנגעפאַנגען הײס דעבאַטירט צו ווערען אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן. זי איז געגאַנגען אונ־טער דעם קורצען נאָמען „האַיר־ענד־פאַיר". עס הײסט דאָס רעכט פון די מאַנופעקטשורערס צו דינגען ווען זײ ווילען און אָפּצוזאָגען וועמען זײ ווילען. דאָס איז געווען אַן אַלטע שטרײט פראַגע פאַר וועלכער קלאָוקמאַכער האָבען זיך שוין געשלאָגען אין גאָר די אַמאָליגע יאָהרען, אײדער מען האָט נאָך אפילו גע־הערט דעם נאָמען „פּראָטאָקאָל". און זי האָט אויך פאַרנומען אַ וויכטיגען פּלאַץ אין דעם קאַמף וואָס ביזנאָ און הורוויטש האָ־בען געפירט.

אין דער ערשטער צײט פון פּראָטאָקאָל האָט מען אויסגע־מידען צו שטעלען דירעקט די פראַגע וועגען דעם רעכט פון

„האיר־ענד־פאיר״. מען האָט זיך געדרעהט ארום דער פראַגע און געשטעלט איהר אינדירעקט. זי איז געגאַנגען אונטער דעם נאָמען „דיסקרימינאַציע״. די ארבייטער האָבען זיך באַקלאָגט, אז מען זאָגט זיי אָפּ פון דער ארבייט פאר יוניאַן טעטיגקייט, פאר זיין אקטיוו אין פּרייז־קאָמיטעס, א. אז. וו. אָדער דאָס ווערט געטאָן גאַנץ דירעקט און אָפען אָדער אונטער דער מאַסקע פון „רעאָרגאַניזאַציע״. עס הייסט, אז די מאַנופעקטשורערס זאָגען, אז זיי מאַכען ענדערונגען אין זייער שאַפּ און זיי דאַרפען ניט מער אזוי פיל ארבייטער און זיי זאָגען אָפּ די, פון וועלכע זיי ווילען פּטור ווערען צוליב זייער יוניאַן טעטיגקייט. מאָרים הילקוויט, וועלכער איז געוואָרען דער לאָיער פון דזשאָינט באָארד, ווען עס איז אָנגענומען געוואָרען הורוויטש'עס רעזיגנאַציע, האָט געשטעלט די פראַגע דירעקט און קלאָר אונטער דעם נאָמען „דאָס רעכט פון אן ארבייטער אויף זיין דזשאָב״. ער האָט אויסגעטייטשט פון דעם פּראָטאָקאָל, אז אזא רעכט איז די ארבייטער געגעבען געוואָרען. די מאַנופעקטשורערס אסאָסיײשאָן האָט עס אָבער באַשטריטען. זי האָט באַהויפּטעט, אז דער פּראָטאָקאָל האָט ניט געענדערט דאָס רעכט פון די מאַנופעקטשורערס פון „האיר־ענד־פאיר״. הילקוויט האָט געבראַכט די פראַגע, דעם 21־טען יאַנואַר, 1915, פאר'ן ארביטריישאָן באָארד און די אנטשיידונג איז געווען, אז א רעגולערער ארבייטער פון שאַפּ זאָל ניט אָפּגעזאָגט ווערען פון דער ארבייט אָהן א גענוגענד באַגרינדעטער אורזאַך. דער ארביטריישאָן באָארד האָט דערביי אויך געזאָגט, אז גלייכע טיילונג פון דער ארבייט אין שאַפּ איז ווינשענסווערט און נויטיג.

די דאָזיגע אנטשיידונג איז געווען א גרויסער געווינס פאר דער יוניאָן. אָבער זי איז געקומען אביסעל צו שפּעט. דער פּראָטאָקאָל האָט פארלאָרען זיין חן ביי די קלאָוקמאַכער און עס איז שווער געווען פאר איהם עס צוריקצוגעווינען. און ווען עס איז ארויסגעגעבען געוואָרען פון ארביטריישאָן באָארד די דערמאָנטע אנטשיידונג, האָט דער פּראָטאָקאָל אָנגעפאַנגען פארלירען זיין חן ביי די מאַנופעקטשורערס. און וואָס איז שייך צו דער אנטשיידונג גופא, האָבען זיי איר איינפאַך ניט געוואָלט פאָלגען. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען א שטרייט וואָס עס מיינט א רעגולערער אָנגעשטעלטער ארבייטער. מען האָט אָנגעפאַנגען האַלטען קאָנ־

פערענצען, מען האָט פאָרגעשלאָגען פארשידענע פּלענער וועגען פאַרשידענע שטרייט־פראַגען, אָבער מען האָט געפילט, אז די מיה איז אן אומזיסטע, ווייל דער פּראָטאָקאָל גוסס׳ט און אז עס דערנענטערט זיך אַלץ מער די צייט, ווען די יוניאָן און די מאַ־נופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן וועלען זיך דארפען פארמעסטען אין כחות. אונטער דער צייט זיינען אויך פאָרגעקומען איינינע שאפּ סטרייקס. ביי דער פירמע שווארץ און קאָ. האָט לאָקאַל 1 ארויסגערופען אַלע אָפּערייטאָרס אין סטרייק. דער סוף איז געווען אז דעם 18־טען מאַי, 1915, האָט די „פּראָטעקטיוו" גע־לאָזט וויסען דעם דזשאָינט באָארד און די אינטערנעשאָנאַל, אז די מאַנופעקטשורערס האָבען פארלאָרען זייער גלויבען אין זייער ווירקזאַמקייט אָפּצוהיטען אַן אָפּמאַך. אויף דער אָנפראַגע, וואָס דאָס מיינט, האָט די אסאָסיאיישאָן געענטפערט: „אונזער בריף האָט געהאַט דעם צוועק אייך צו לאָזען וויסען אין א פשוט׳ער שפּראַך, אז אונזערע געגענזייטיגע אָפיציעלע באַציהונגען זיינען אָפּגעבראָכען געוואָרען, און אָפּגעבראָכען דורך אייערע האנד־לונגען".

אויף אַזאַ אופן האָט דער פּראָטאָקאָל, נאָך פיר יאָהר און 9 חדשים לעבען, פאַרענדיגט זיין עקזיסטענץ. פון די לעצטע צוויי טשיף קלוירקס איז סידני הילמאַן אַליין אוועקגעגאַנגען פון דעם פּראָטאָקאָל. ער איז געווען דער ערשטער טשיף קלוירק, וואָס האָט געהאַט דעם מזל ניט אָפּגעזאָגט צו ווערען. אפשר דער־פאַר, וואָס ער איז אין מיטען פון זיין טערמין געוועהלט גע־וואָרען פאַר פּרעזידענט פון דער „אמאַלגאַמייטעד קלאָדהינג וואָירקערס יוניאָן". דער לעצטער טשיף קלוירק איז געווען דזשאָרדזש ווישניאַק, נאָר אַנשטאָט ער זאָל אוועק פון פּראָטאָ־קאָל, איז דער פּראָטאָקאָל אוועק פון איהם.

נאָר מאָדנע: דער טאָג, ווען דער פּראָטאָקאָל איז אָפּגע־בראָכען געוואָרען, האָט אויסגעקוקט ווי אַלע טעג פון יאָהר. די זון איז אויפגעגאַנגען און אונטערגעגאַנגען ווי אַלע טאָג, און די קלאָוקמאַכער האָבען אפילו ניט א טראַכט געטאָן, אז די וועלט געהט אונטער.

די באַמערקונג ווערט געמאַכט צוליב דעם, וואָס בלויז מיט איין יאָהר פריהער האָט מען אויף די קלאָוקמאַכער געמאַכט דעם איינדרוק, אז ווען דער פּראָטאָקאָל וועט אָפּגעבראָכען

ווערען, וועט עס זיין די גרעסטע קאטאסטראָפע, כמעט ווי וועלט-אונטערגאנג. און אין דעם נאָמען פון ראטעווען פון אָט דער גרויסער קאטאסטראָפע, האָבען מענשען זיך ערלויבט צו טאָן זאכען, וואָס פון א יוניאָן שטאנדפונקט, פון אן ארבייטער שטאנדפונקט זיינען זיי געווען אונפארצייליך.

און די צושטענדען פון דער יוניאָן און פון טרייד זיינען אין מאי 1915 ווייט ניט געווען קיין בעסערע, ווי סוף 1913. אין דער ווירקליכקייט זיינען זיי געווען ערגערע. 1915 איז געווען א קריזיס יאָהר.

געווים האָבען די קלאָוקמאכער ניט באגעגענט דאָס אָפּברעכען פון פּראָטאָקאָל מיט פרייד. זיי האָבען גאנץ גוט געוואוסט, אז דאָס מיינט א סטרייק און מעגליך א לאנגער און שווערער סטרייק, און ווער וויל עס? זיי האָבען דעריבער באטראכט דאָס אָפּברעכען פון פּראָטאָקאָל פאר א גאנץ אונאנגענעמע, שלעכטע פּאסירונג — פאר א צרה, אָבער ניט פאר קיין קאטאסטראָפע.

עס איז אָן אַלטער כלל, אז א צרה קומט ניט אַליין, נאָר שטענדיג מיט אַנדערע. ווען די יוניאָן איז געשטאנען ערב א סטרייק, צוליב דעם אָפּברעכען פון פּראָטאָקאָל, האָט די גרענד דזשורי געבראכט קלאַגען געגען באאמטע פון דזשאָינט באָארד און פון דער אינטערנעשאָנעל, אז זיי האָבען געדונגען „שטארקע" צו טעראָריזירען מאַנופעקטשורערס און ארבייטער און עס זיינען געמאכט געוואָרען אַרעסטען. צווישען די אַרעסטירטע זיינען געווען א. באראָף, ה. קליינמאַן, דזש. האַלפּערין, ס. לעפקאָוויץ און א. סילווער. אין דערזעלביגער צייט זיינען ווידער אַמאָל אַרעסטירט געוואָרען מאָריס זיגמאַן און סאָל. מעץ וועגען דעם טויט פון לייבאָוויץ, און מיט זיי י. סטופּניקער, דזש. וואולף, לואיס האַלצמאַן, א. וועדינגער, מאקס סינגער און י. אשפּיז. אָט דער אַרעסט האָט שפּעטער אָפּגעקאָסט דער יוניאָן א סך געלד. עס איז געווען א לאַנגער און ערנסטער פּראָצעס אין וועלכען מאָריס הילקוויט האָט געפירט די פארטיידיגונג און עס האָט געהערשט גרויס פרייד צווישען די קלאָוקמאכער ווען די אָנגעקלאָגטע זיינען באפרייט געוואָרען.

אָבער אָט די פארשידענע טראָבעלס האָבען די יוניאָן ניט אָפּגעשוואכט נאָר, אין געגענטייל, זיי האָבען פעסטער געמאכט איהרע רייהען און זי איז געווען גרייט צו א קאמף, ווען עס

זאָל ניט זיין קיין אַנדער אויסוועג. די פירער פון דער יוניאָן, צוזאַמען מיט די פירער פון דער אינטערנעשאָנאַל האָבען, פאַרשטעהט זיך, געזוכט אַן אויסוועג אויסצומיידען אַ סטרייק. ב. שלעזינגער האָט געשריבען צו דער מאַנופעקטשורערס אַסאָ־סיאיישאָן און איהר פאַרגעשלאָגען, אַז די שטרייט־פראַגען, וואָס עקזיסטירען צווישען איהר און דער יוניאָן זאָלען איבערגעגעבען ווערען צו אַן אומפּאַרטייאישער קאָמיטע אונטער דעם פאָר־זיץ פון לואיס ד. בראַנדעיס, אדער מעיאָר מיטשעל. ווען די אַסאָסיאיישאָן האָט ניט אַזוי גיך געענטפערט האָבען זיך אריינ־געמישט איינפלוסרייכע מענשען, ווי דזשייקאָב שיף, לואיס מאַר־שאַל, דר. י. ל. מאַגנעס און אָסקאַר שטראַוס און זיי האָבען געווירקט אַז דער פאָרשלאַג פון דער יוניאָן זאָל פון דער מאַ־נופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן אָנגענומען ווערען. מעיאָר מיטשעל האָט דעמאָלט באַשטימט אַן אויסגלייך־קאָמיטע, אָדער שלום־קאָ־מיטע פון זעקס, צווישען וועלכע עס זיינען געווען לואיס ד. בראַנדעיס, דר. פעליקס אַדלער און פּראָפעסאָר דזשאָרדזש קוירטשוויי, וואָס האָט געקראָגען דעם נאָמען „קאַונסיל אָוו קאָנסיליאיישאָן" און וואָס מען פלעגט שפּעטער רופען קורץ „קאַונסיל".

די יוניאָן האָט ניט געוואָלט באַנייען דעם פּראָטאָקאָל. ב. שלעזינגער האָט אין זיין בריף צו דער מאַנופעקטשורערס אַסאָ־סיאיישאָן געשריבען, אַז די יוניאָן וויל ניט צוריק אויפלעבען דעם פּראָטאָקאָל מיט זיין פאַרפּלאָנטערטען אַפּאַראַט און אָהן אַ טערמין. ער האָט פאַרלאַנגט אַ פּשוט'ן ארבייטס־פּעהיגען אָפּ־מאַך. נאָך דער „קאַונסיל", וואָס זיין אויפגאַבע איז געווען צו פאַרמיידען אַ סטרייק, האָט זיך ניט פאַרנומען צו זוכען נייע וועגען, נאָר איז געגאַנגען אַזוי נאָהענט ווי מעגליך צו דעם אויסגעטראָטענעם וועג פון פּראָטאָקאָל, אויסמיידענדיג זיינע שטרויכלונגען און אַלס רעזולטאַט איז ארויסגעקומען עפּעס, וואָס איז געווען האַלב ענליך צום פּראָטאָקאָל און האַלב ענליך צו אַ געוועהנליכען יוניאָן אָפּמאַך פאַר אַ טערמין פון צוויי יאָהר. פאַר אָפּערייטאָרס איז באַשטימט געוואָרען אַ באַזיס פון 70 סענט אַ שטונדע מינימום, און פאַר פינישערס 50 סענט. די הויפּט־שוועריגקייט איז אָבער געווען פון „האָיר־ענד־פאַיר. דער „קאַונסיל" האָט געזוכט אַ פאָרמולע, וואָס זאָל

זיין אי יאָ, אי ניין. עס הייסט, אז די מאַנופעקטשורערס זאָלען אי האָבען די פולע פרייהייט אָפּצוזאָגען ארבייטער, אי זיי זאָלען דאָך זיי ניט קענען אָפּזאָגען אלע מאָל ווען זיי ווילען. די מאַנופעקטשורערס האָבען טאַקע דאָס רעכט אָפּצוזאָגען, אָבער די אַרבייטער דאַרפען געשיצט ווערען געגען דער אונטערדריקונג פון זייערע באַלעבאַטים. די רעקאָמענדאַציע פון „קאונסיל" אין דער פראַגע איז אין איר ענד־רעזולטאַט געווען עהנליך צו דער פריהערדיגער אנטשיידונג פון ארביטריישאָן באָארד, נאָר אביסעל ערגער פאַר די ארבייטער. עס איז אויך רעקאָמענ־דירט געוואָרען, אז ווען ארבייט אין שאַפּ איז וועניג זאָל ווי ווייט מעגליך די ארבייט געטיילט ווערען גלייך צווישען די אר־בייטער.

די מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן האָט זיך אָפּגעהאַלטען מיט איהר ענטפער און מען האָט געהאַט דעם איינדרוק, אז זי וויל איהם ניט אָננעמען. די יוניאָן האָט דעריבער גלייך אָנגע־פאַנגען צוצוגרייטען זיך צו אַ סטרייק. דעם 25־טען יולי איז פאָרגעקומען אַן אָפּשטימונג און עס זיינען געצעהלט געוואָרען 39 טויזענד מיט 337 שטימען פאַר א סטרייק, און 751 געגען. דעם 4־טען אויגוסט האָט די מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן געלאָזט וויסען, אז זי נעמט אָן די רעקאָמענדאַציעס פון קאונסיל און עס איז געוואָרען פרידען.

נאָר אין דער ווירקליכקייט איז עס געווען גיכער אַ וואַפען־שטילשטאַנד איידער אַ פרידען. עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען רייַ־בונגען צווישען דער יוניאָן און דער אסאָסיאיישאָן, ווי נאָר דער נייער אָפּמאַך איז אריין אין קראַפט. די וויכטיגסטע שטרייטפראַגע איז ווידעראמאָל געווען דאָס רעכט פון אָנשטעלען און אָפּזאָגען ארבייטער. די פראַגע איז ווידער געווען, אויב די מאַנופעקטשורערס דאַרפען געבען דעם פאָרצוג צו יוניאָן־לייט בלויז ביים אָנשטעלען ארבייטער, אָדער אויך ביים אָפּזאָגען. די מאַנופעקטשורערס האָבען פאַר דער גאַנצער צייט פון פראָ־טאָקאָל געקעמפט פאַר זייער פולער פרייהייט אָפּצוזאָגען, און וואָס ווייטער זיינען זיי אַלץ מער אַנטשלאָסען געוואָרען צו שטעהן אויף זייער רעכט. די מאַנופעקטשורערס האָבען זיך דערטראַכט, אז געבען דעם פאָרצוג צו יוניאָן לייט ביים אָנ־שטעלען ארבייטער, איז פאַר זיי ניט אַזוי געפערליך, ווייל זיי

קענען זיי שפּעטער, ווען זיי ארבייטען שוין ביי זיי, מאַכען פאַר אוים יוניאָן לייט. דעריבער איז פאַר זיי פיל וויכטיגער, אַז זיי זאָלען ניט דארפען געבען דעם פאָרצוג צו יוניאָן לייט ביים אָפּזאָגען ארבייטער. זיי וועלען אויף אַזאַ אופן ביסלעכ־ווייז קענען פּטור ווערען פון די יוניאָן לייט אין זייערע שעפּער, ווענינסטענס פון די מער אַקטיווע.

פאַר דער יוניאָן איז אויף אַזאַ אופן געשאפען געווארן א נייע שוועריגקייט. זי האָט גאָרנישט געקענט טאָן געגען די אר־בייטער אין די פּראָטעקטיוו שעפּער, וואָס האָבען אויפגעהערט צאָלען דיוס. ווען די יוניאָן איז געקומען צו א מאַנופעק־טשורער און איהם געזאָגט, אַז אין זיין שאָפּ ארבייטען ניט־יוניאָן לייט, האָט ער געענטפערט, אַז עס איז ניט זיין געשעפט צו אונטערזוכען אויב זיינע ארבייטער זיינען גוטשטעהענד אין דער יוניאָן. נאָר דאָס וואָלט אפשר געווען א בארעכטיגטער ענטפער, ווען די ביזנעס אגענטען פון דער יוניאן וואָלטען גע־האָט א שטענדיגען פרייען צוטריט צו די פּראָטעקטיוו שעפּער. דאָס איז אָבער ניט געווען דער פאַל. די יוניאן האָט דעריבער געבראַכט די שטרייט־פראגע פאר דעם „קאונסיל אוו קאָנסילי־איישאָן”, אַז ער זאָל זאָגען וואָס עס מיינט א יוניאן־מאַן און דער „קאונסיל” האָט סוף פעברואר, 1916, ערקלערט, אז א יוניאן מאָן מיינט אַ גוטשטעהענדער מיטגליד פון זיין יוניאָן. די אנט־שיידונג האָט געמיינט, אַז די מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן דארף העלפען דער יוניאן אין איהרע באמיהונגען, אַז אין זיי־ערע שעפּער זאָלען ארבייטען גוטשטעהענדע יוניאָן־לייט. די פּראָטעקטיוו מאנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן האָט זיך אָבער אָפּ־געזאָגט די אנטשיידונג אָנצונעמען און זי האָט באַשלאָסען זיך צו פארמעסטען אין כוחות מיט דער יוניאָן. זי האָט זיך שוין אָנגעפאנגען גרייטען דערצו מיט חדשים פריהער. זי האָט זיך פאראייניגט מיט דער צווייטער מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיי־שאָן, די „יונאיטעד”, און צוזאמען האָבען זיי געהאט 409 שע־פער. מעיאָר מיטשעל האָט פּראָבירט זיך ארייגלייגען אין אַ שלום, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען. דעם 28־טען אפּריל, 1916, האָט די פּראָטעקטיוו מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן ערקלערט א לאָקאוט און ארום 25 טויזענד ארבייטער זיינען אראָפּגעשיקט געווארען פון זייערע שעפּער. דעם 3־טען מאַי

האָט דער דזשאָינט באָארד און די אינטערנעשאָנאַל ארויסגע־
רופען אלע ארבייטער פון דער קלאָוק אינדוסטריע אין ניו יארק
אין א גענעראַל סטרייק. מען האָט געשאַצט אז דער סטרייק האָט
ארומגענומען 60 טויזענד ארבייטער און 2 טויזענד שעפּער.

עס איז געווען א זעהר פאַרביטערטער קאַמף, איינער פון די
ביטערסטע קאמפען אין דער געשיכטע פון דער קלאוקמאַכער
יוניאָן. ער האָט געדויערט 14 וואָכען. די סטרייקער האָבען גע־
האַט די גאַנצע עפענטליכע מיינונג אויף זייער זייט. אפילו
די קאָנסערוואַטיווע צייטונגען זיינען געווען געגען דער מאַ־
נופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן פאר וואָס זי האָט אָפּגעבראָכען
אַן אָפּמאַך אין מיטען פון זיין טערמין און דערפאַר וואָס אַן
אונפּארטייאישע קערפּערשאַפט האָט אַרויסגעגעבען אַן אנטשיי־
דונג, וואָס זיי איז ניט געפעלען געוואָרען. פּראָמינענטע גע־
זעלשאפטליכע טוער, פּראָפעסארען פון אוניווערזיטעטען און באַ־
רימטע פּערזאָנען פון פארשידענע קרייזען, האָבען זיך צונויפ־
גענומען צו העלפען די סטרייקער. זיי האָבען געזאַמעלט געלד
פאר זיי און האָבען אָנגעווענדעט זייער איינפלוס, אז עס זאָל
קומען צו א שלום.

דעם 4־טען אויגוסט איז דער לאַנגער סטרייק געענדיגט גע־
וואָרען און א קאָלעקטיווער אָפּמאַך איז געשלאָסען געוואָרען.
א גאַנץ פּשוט'ער אָפּמאַך, וואָס האָט אין זיך מער גאַרנישט גע־
האַט פון פּראָטאָקאָל. די ארבייטער האָבען געקראָגען א קירצערע
ארבייטס־וואָך: 49 שטונדען אַנשטאָט די פריהערדיגע 50; א הע־
כערונג אין ארבייטס־לוין פאַר וואָך־ארבייטער, אַן אויסבעסערונג אין
אַפּאַראַט צו מאַכען פּרייזען פאַר שטיק־ארבייט און דאָס רעכט
צו סטרייקען, ווען זיי האָבען קריוודעס, וועלכע ווערען ניט באַ־
פרידיגט אויף א פרידליכען אופן. די מאַנופעקטשורערס זיינען,
אמת, געבליבען ביי זייער רעכט פון „האַיר־ענד־פאַיר", אָבער די
קלאָוקמאַכער זיינען געווען צופרידען, וואָס זיי האָבען געקראָגען
דאָס רעכט צו סטרייקען.

### איין־און־דרייסיגסטער קאַפּיטעל

## די „רובין־אַפּערע” און די רעאָרגאַניזאַציע פון לאָקאַל 1.

נאָך מיט'ן סוף פון סטרייק און מיט דער ליקווידירונג פון פּראָטאָקאָל האָבען זיך ניט געענדיגט די טראָבעלס פון דער קלאָוקמאכער יוניאָן. עס האָט זיך אנטוויקעלט אַן אינערליכער טראָבעל, וואס האָט געהאלטען די קלאָוקמאכער יוניאָן אין אַן אויפגערודערטען צושטאַנד פאַר אַ לענגערער צייט.

לאָקאַל 1 האָט זיך אַ לענגערע צייט ניט בארוהיגט נאָך דער ליקווידירונג פון דער „הורוויטש אפּערע”. די פּאַרטיי־טערטקייט אין לאָקאַל געגען דעם דזשאָינט באָארד איז געבלי־בען. דערצו האָט זיך אָנגעפאנגען אַ קאַמף אין לאָקאַל גופא. די עקזעקוטיווע פון לאָקאַל 1 האָט זיך געפונען גאַנץ נידער־געשלאָגען דורך הורוויטש'עס רעזיגנאַציע. ער האָט רעזיגנירט ניט נאָר געגען דעם ווילען פון דער פּירערשאַפט פון לאָקאַל, נאָר אויך אָהן איהר וויסען. און האָט דאָך לאָקאַל 1 אָנגעפירט דעם קאַמף פאַר הורוויטש'ן. דער מיטינג וואָס איז איינגערופען געוואָרען פון לאָקאַל 1 אין קופּער יוניאָן, אויף מאָרגען נאָך הורוויטש'עס רעזיגנאַציע, איז ניט נאָר געוועזען איבערפילט, נאָר מען האָט געמוזט קריגען נאָך עטליכע פאַרזאַמלונגס־לאָקאַלען, און דאָס איז אויך ניט געווען גענוג אריינצונעמען אַלעמען, וואָס זיינען געקומען. עס זיינען געווען שטורמדיגע פאַרזאַמלונגען, אָבער זיי האָבען גאָרנישט געקענט מער העלפען. זיי האָבען בלויז איבערגעלאָזען נאָך מער ביטערקייט. דערצו האָט זיך אָנ־געפאנגען אַן אינערליכער קאַמף אין לאָקאַל. די עקזעקוטיווע פון לאָקאַל האָט געוואָלט, אַז ענדליך, נאָכדעם ווי זי האָט אויס־געפירט אויף דער קאָנווענשאָן אין קליוולאַנד, אַז די אינטערנעשאַ־נאַל זאָל קריגען אַ נייע אַדמיניסטראַציע, זאָל דער הורוויטש קאַמף זיין געענדיגט. עס זיינען אָבער דאָך צווישען די אַפּע־

רייטאָרס געבליבען א סך הייסע הורוויטש'יסטען און דער לאָקאל איז געווען אינוועניג אין גאנצען צוריסען. און אין דזשאָינט באָארד איז די באציאונג צו לאָקאל 1 אויך ניט פיל בעסער גע־ווארען. לאָקאל 1 האָט שטענדיג געהאט וואס צו פאדערען און אויף וואס זיך צו באקלאָגען. די רעפּוטאציע פון לאָקאל 1, אז עס איז „מעקסיקאָ", איז געבליבען ווי פריהער. עס איז דער לאָקאל פון רעבעלען, פון כסדר'דיגע רעוואָלוציעס און איבער־קערענישען ווי אין מעקסיקא. די פארוואלטונג פון לאָקאל האָט אויף אזא אופן געהאט קאלט און ווארים פון אלע זייטען.

צום סוף זומער 1914 האָט פ. קאָטלער רעזיגנירט פון זיין סעקרעטאר־אמט און ז. זענדעל איז באשטימט געוואָרען פון דער עקזעקוטיווע צו פארענדיגען דעם טערמין ביז נייע וואהלען, ווען מ. י. אשפּיז איז געוועהלט געווארען פאר סעקרעטאר.

אויף וויפיל דער לאָקאל איז געווען צוריסען און אָפּגע־שוואכט קען מען זעהן פון דעם, אז ווען אשפּיז האָט איבערגענו־מען זיין אמט, האָט ב. פריד, דער פינאנץ־סעקרעטאר, באריכטעט, אז בלויז 172 מיטגלידער פון לאָקאל זיינען פולשטענדיג גוט־שטעהענד, בעת די איבריגע זיינען אלע, איינער מער, איינער ווייניגער, געווען ריקשטענדיג. די אורזאך איז הויפּטזעכליך גע־ווען, וואָס נאָך דעם פארשפּילטען הורוויטש קאמף האָבען א סך מיטגלידער פון לאָקאל אויפגעהערט צאָלען דיוס. עס איז אָנגע־פירט געוואָרען אן אגיטאציע, אז מען זאָל ניט צאָלען. אָבער דער פינאנציעלער צושטאנד פון לאָקאל האָט זיך אָנגעפאנגען פאר־בעסערען און צום סוף פון יאָהר האָט דער לאָקאל שוין פאר־מאָגט 25 טויזענד דאָלער. נאָר אויב די פינאנסען פון לאָקאל האָבען זיך באדייטענד פארבעסערט, האָבען זיך אָבער אין איהם ניט פארבעסערט די אינוועניגסטע רייבונגען. דער צושטאנד אין טרייד איז געווען א געדריקטער. די באלעבאטים האָבען עס אויסגענוצט, די שטימונג צווישען די אפּערייטאָרס איז גע־ווען אן אויפגערייצטע און די יוניאן האָט ניט געקענט פיל טאָן צו פארבעסערען זייער לאגע. דער פּראָטאָקאָל איז געווען אָפּ־געבראָכען. פּרעזידענט שלעזינגער האָט געראטען, אז מען זאָל זיך האלטען פאר דער טאקטיק פון אויסווארטען און ניט רופען קיין סטרייקס ביז די שלעכטע צייט וועט פאָריבער. ס'איז געווען נאטירליך, אז אונטער די אומשטענדען זאָל די אָפּאָזיציע געווינען

מער אָנהענגער און ווען עס זיינען פאָרגעקומען וואהלען פאר אן עקזעקוטיווע פאר'ן יאָהר 1916, האָט די אָפּאָזיציע געוואונען א מאיאָריטעט. די ניי-געוועהלטע עקזעקוטיווע, אָדער ריכטיגער, די מאיאריטעט איהרע, האָט ארויסגעשטעלט משה אָדער מאָרים רובין פאר דעם קאנדידאט פון סעקרעטאר. אשפיז האָט ניט אָנגענומען די נאָמינאציע און רובין איז געוועהלט געווארען.

מ. רובין איז געווען פון די מענשען, וואס האָבען די פעהיגקייט א שארפע סיטואציע שארפער צו מאכען. ער איז געווען א יונגער אפּערייטאָר מיט א סך ענערגיע, מיט אמביציע, א שארפע ביטערע צונג, א שניידענדער, טעמפּעראמענט-פולער פּאָלקס-רעדנער, מיט א סך דעמאגאָגיע און א קעמפער וואָס שטעלט זיך פאר קיין זאך ניט אָפּ און געהט ביז צום עקסטרעם.

אין לאָקאל זיינען, ווי שוין געזאָגט, פאָרגעקומען רייבונגען איידער מ. רובין האָט נאָך איבערגענומען דעם אמט פון סעקרעטאר, אָבער ווען ער איז אריין אין אמט, האָבען זיך די רייבונגען מער און מער פארוואנדעלט אין א קאמף, און דער קאמף איז באזונדערס פארשארפט געווארען נאָך די וואהלען פון א נייער עקזעקוטיווע פון לאָקאל פאר דעם יאָהר 1917, ווען אייניגע מיטגלידער פון דער פריהערדיגער עקזעקוטיווע, וואָס זיינען געווען געגען רובינ'ען, זיינען דורכגעפאלען. די דורכגעפאלענע און זייערע אָנהענגער האָבען באהויפּטעט, אז די וואהלען זיינען געווען ניט קיין ערליכע, אז עס זיינען באגאנגען געוואָרען שווינדלען און זיי האָבען זיך געווענדעט צו דער אינטערנעשאָנאל און פארלאנגט פון איהר, אז זי זאָל הייסען מאכען נייע וואהלען. נאָך אן אונטערזוכונג, וואס די אינטערנעשאָנאל האָט געמאכט, איז דער פארלאנג באוויליגט געווארען, אָבער די עקזעקוטיווע פון לאָקאל 1 האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פאָלגען.

די גענעראל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאָנאל האָט דעם 16-טען פעברואר, 1917, אויפגעפאָדערט די עקזעקוטיווע פון לאָקאל 1, אז זי זאָל קומען צו איהר פערטעל יעהרליכען מיטינג אין פילאדעלפיע געבען אן ערקלערונג פאר וואָס זי פאָלגט ניט אויס די פאראָרדנונג צו מאכען נייע וואהלען. די עקזעקוטיווע פון לאָקאל 1 האָט געפאָלגט און איז געקומען. אָבער זי האָט מיטגענומען דר. הורוויטש'ן פאר איהר לאָיער.

דער רעזולטאט איז געווען, אז כדי ניט צו מאכען זאכען ערגער ווי זיי זיינען, האט די גענעראל עקזעקוטיווע באשלאסען צו רופען א ספעציעלע קאנווענשאן פון דער אינטערנעשאנאל, וואס זאל אויפנעמען דעם שטרייט פון לאקאל 1, און אז פארלויפיג זאל די געוועהלטע עקזעקוטיווע בלייבען אין אמט. דעם 26-טען פעברואר האט די אינטערנעשאנאל ארויסגעשיקט די מעלדונג צו אלע איהרע לאקאלס וועגען א ספעציעלער קאנווענשאן, וואס זאל אפגעהאלטען ווערען אין אפריל, אבער צוליב א רייה אורזאכען איז די קאנווענשאן אפגעלייגט געווארען. ערשטענס, די פינאנציעלע פראגע; צווייטענס, האט דער דזשאינט באארד פון דער קלאוקמאכער יוניאן פארלאנגט, אז די קאנווענשאן זאל אפגעלייגט ווערען, און דריטענס, האט די אינטערנעשאנעל גע-האט אין דער צייט א סטרייק אין שיקאגא.

נאר באלד האט זיך אנגעפאנגען א שטרייט צווישען דער עקזעקוטיווע פון לאקאל 1 מיט דעם דזשאינט באארד וועגען די וואהלען פאר ביזנעס אגענטען. די עקזעקוטיווע פון לאקאל 1 האט נעמליך ארויסגעשטעלט א פאדערונג, אז דער לאקאל זאל אליין וועהלען זיינע ביזנעס אגענטען און ניט דורך אן אלגע-מיינעם באלאט פון אלע מיטגלידער פון אלע לאקאלען, וואס שטעלען צונויף דעם דזשאינט באארד. לאקאל 1 האט זיך קאטעגאריש אפגעזאגט צו באטייליגען אין די אלגעמיינע וואהלען פאר ביזנעס אגענטען.

די פארטרעטער פון לאקאל 1 האבען גע'טענה'ט, אז אויב יעדער לאקאל מוז ערוועהלען פון זיך א באשטימטע צאל ביזנעס אגענטען, האט דאך נישט קיין זינען, אז די מיטגלידער פון אנ-דערע לאקאלס, וועלכע קאנען אפילו נישט די מענשען, וואס וועד-רען ארויסגעשטעלט פון דעם אפערייטארס לאקאל, זאלען פאר זיי שטימען. דאס, וואס די פרעסערס, פינישערס און דער איטא-ליענישער לאקאל וועלען אויך שטימען פאר די ביזנעס אגענטען פון די אפערייטארס, וועט נישט מיטווירקען, אז די בעסטע מענ-שען זאלען ערוועהלט ווערען, נאר פארקערט: עס וועלען ער-וועהלט ווערען צופעליגע מענשען. דאס זעלבע איז אויך מיט די ביזנעס אגענטען פון די איבעריגע לאקאלס. דער דזשאינט באארד האט אבער וועגען דער פראגע געהאט אן אנדער מיינונג. „די נייע פאסט", דער אפיציעלער ארגאן פון דעם דזשאינט

באָארד, ערקלערט אין א לייט-ארטיקעל פון 1-טען יוני, 1917, איר שטעלונג אויפ'ן פאָלגענדען אופן:

„עס האָט זיך שטענדיג געפירט אין דער יוניאָן, אז ביז־נעס אגענטען פלעגען ערוועהלט ווערען אויף אן אלגעמיינעם באַ־לאָט דורך די מיטגלידער פון אלע לאָקאלס. דער אפּערייטאָר האָט געהאט די מעגליכקייט צו שטימען ניט נאָר פאַר די קאַנ־דידאטען פאר ביזנעס אגענטען, וועלכע זיינען ארויסגעשטעלט געוואָרען פון לאָקאל 1, נאָר אויך פאר די קאנדידאטען פון די לאָקאלס 9, 11, 17, 23, 35 און 48 און פונקט אזוי האָט אויך דער פינישער אָדער פרעסער, למשל, געהאט די מעגליכ־קייט צו שטימען פאר די קאנדידאטען פון לאָקאל 1, ווי פאר די קאנדידאטען פון זיין אייגענעם לאָקאל. דער גרונד פאר דעם איז א גאנץ פשוט'ער: דער ביזנעס אגענט פון לאָקאל 9, למשל, ווען ער ווערט ערוועהלט, רעפּרעזענטירט ער ניט בלויז דעם פינישער לאָקאל, נאָר דעם גאנצען דזשאָינט באָארד. ער נעמט אויף קלאַגען ניט נאָר פון די פינישערס, נאָר פון אלע ארבייטער פון א געוויסער צאָל שעפּער, פון די פרעסערס, אפּע־רייטאָרס און שטיק־שניידער פונקט אזוי גוט ווי פון די פיני־שערס. די ערשטע האָבען דעריבער פונקט אזא רעכט צו זאָגען וועלכער פון די קאנדידאטען פון לאָקאל 9 עס זאָל יאָ זיין, און וועלכער עס זאָל ניט זיין זייער פארטרעטער פאר די באלעבאטים, ווי די מיטגלידער פון לאָקאל 1. דער ביזנעס אגענט דארף פארטרעטען די אינטערעסען פון די ארבייטער ניט פון איין טייל פון טרייד, נאָר פון אלע טיילן פון טרייד און דארום מוזען די ארבייטער פון אלע לאָקאלס האָבען דאָס רעכט צו באשטימען ווער ס'זאָל פארנעמען אָט דעם אמט".

א מערהייט פון די לאָקאלס, וועלכע האָבען באלאנגט צום דזשאָינט באָארד, האָבען זיך ארויסגעזאָגט געגען באזונדערע וואהלען פאר ביזנעס אגענטען. לאָקאל 1 האָט זיך אָבער דעם באשלוס ניט געוואָלט אונטערוואַרפען. נאָר אָנשטאָט אָנצופאנ־גען א קאמף מיט לאָקאל 1, האָט דער דזשאָינט באָארד באַ־שלאָסען צו געבען לאָקאל 1 פולע זעלבסט-פארוואלטונג. דאָס איז אייגענטליך געווען מער ווי די פארטרעטער פון לאָקאל האָ־בען געפאָדערט.

לאָקאל 1 האָט, לויט דעם באשלוס, געקראָגען פולשטענדיגע

אויטאָנאָמע רעכט אַליין אויפצונעמען און צו שליכטען קלאַגען פון אָפּערייטאָרס אין די שעפּער. די באַאמטע פון דזשאָינט באָארד זיינען אינסטרואירט געוואָרען ניט אויפצונעמען קיין קלאַגען פון אָפּערייטאָרס.

די פירער פון לאָקאַל 1 האָבען מיט צופרידענהייט אויפגענומען דעם באַשלוס און זיך באַלד גענומען איינשטעלען די מאַשינערי פאַר דער ארבייט. זיי האָבען אַליין אנגעשטעלט א סטעף ביזנעס אגענטען, „פרייז אדזשאַסטערס", און ד. גל.

דאָס האָט אייגענטליך ניט געשטימט מיט די ראַדיקאַלע אידעען, וואָס די פירערשאַפט פון לאָקאַל האָט געזאָגט, אז זי פאַרטרעט. עס איז אויסגעקומען, אז לאָקאַל 1 ווערט א פּאַך יוניאָן, אַנשטאָט זיך צו האַלטען פאַר דעם אינדוסטריעלען אָדער האַלב אינדוסטריעלען יוניאָניזם פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן. אָבער עס האָט זיך אין דעם קאָמף ניט געהאַנדעלט שטאַרק וועגען אויסגעהאַלטענקייט פון פּרינציפּען. דער פערזענליכער עלעמענט האָט אפשר געשפּילט א גרעסערע ראָלע.

נאָר ווייט ניט אַלע מיטגלידער פון לאָקאַל 1 זיינען מיט דעם באַשלוס געווען צופרידען. די עלטערע און מער ערפאַרענע אַקטיווע מיטגלידער האָבען פאַרשטאַנען, אז אָהן דעם דזשאָינט באָארד, אָהן דער מיטהילף פון די איבעריגע לאָקאַלס, וועט לאָקאַל 1 נישט קאָנען ווי געהעריג פונקציאָנירען און ערפילען זיינע אויפגאַבען. א סך אָפּערייטאָרס האָבען עפענטליך פּראָטעסטירט געגען דעם באַשלוס און געגען דער עקזעקוטיווע פון לאָקאַל 1, וועלכע האָט אָט דעם באַשלוס אויף דעם דזשאָינט באָארד ארויפגעצוואונגען.

חוץ דעם האָבען זיך, אלס רעזולטאַט פון דעם באַשלוס, אָנגעהויבען א רייהע נייע סכסוכים צווישען דזשאָינט באָארד און לאָקאַל 1. די באַאמטע פון לאָקאַל 1, ערליידיגענדיג זעלבסטשטענדיג אַלע סכסוכים פון די אָפּערייטאָרס אין די שעפּער, האָבען גאַנץ אָפט גערופען סטרייקס אָהן דעם וויסען פון דעם דזשאָינט באָארד. גאַנץ אָפט אויך געגען איהר ווילען. כדי א סטרייק פון די אָפּערייטאָרס זאָל האָבען א גרעסערע ווירקונג אויף דעם מאַנופעקטשורערס, האָבען זיי געוואָלט אראָפּנעמען אויך די אַנדערע ארבייטער. דער דזשאָינט באָארד האָט אָבער אויפגעפאָדערט די מיטגלידער פון די אַנדערע לאָקאַלס נישט

ארויסצוגעהן אין סטרייק אָהן דעם וויסען און צושטימונג פון זיינע פארטרעטער.

די אָפטע סטרייקס פון די אפּערייטאָרס אין די אסאָסיאיי־שאָן שעפּער, וואו מ׳האָט, לויט דעם אָפּמאַך, באַדאַרפט ווע־גען יעדען סכסוך געבען נאָטיס און פּראָבירען איהם אויס־גלייכען אויף אַ פרידליכען אופן, האָט געקאָנט דערפירען צו דעם, אַז דער קאָלעקטיווער אָפּמאַך פון דזשאָינט באָארד מיט דער אסאָסיאיישאָן זאָל אָפּגעבראָכען ווערען. די אדמיניסטרא־ציע פון לאָקאל 1 פלעגט רופען סטרייקס, נישט מעלדענדיג ווע־גען דעם סכסוך פריהער צו דער אסאָסיאיישאָן. אין די שעפּער האָבען זיך אָנגעהויבען רייסערייען צווישען די ארבייטער אליין. ווען איין טייל ארבייטער האָט געסטרייקט, האָט דער צווייטער טייל געארבייט. די לאַגע איז געוואָרען ערגער און ערגער.

אין דעם באריכט פון לאָקאל 1 צו דער 14־טער קאָנווענ־שאָן פון דער אינטערנעשאָנאל אין באָסטאָן אין 1918, ווערען איבערגעגעבען פארשידענע איינצעלהייטען, וואָסערע שארפע פּאר־מען דער קאמף האָט אָנגענומען, וואָס עס פלעגט זיך אָפּטאָן אויף די מיטינגען פון לאָקאל, און וואָס פאר א טעראָר־הערשאפט מ. רובין האָט געפירט. פאַקטיש איז דער גאַנצער באריכט, וועל־כער איז אַ גאַנץ לאַנגער, פארנומען מיט דער געשיכטע פון רובינ׳ס אדמיניסטראציע. אָבער אין איהם איז פאראַן בלויז איין צד און עס איז פון איהם ניט קלאָר ווי אזוי רובין און זיין אדמיניסטראציע האָט דאָך געהאַט אזא שטארקען איינפלוס אויף אזא גרויסע צאָל מיטגלידער פון לאָקאל. מ. רובין איז טאַקע געווען אַ מענש, וואָס האָט זיך אין קאמף פאר קיין זאַך ניט אָפּ־געשטעלט און אלץ איז ביי איהם געטאָן געוואָרען אין נאָמען פון דעמאָקראַטיע און פאר׳ן פאָלק, אָבער קיין געהיימען כח האָט ער אין זיך ניט געהאַט. און ניט אלע אפּערייטאָרס, וואס זיינען געגאַנגען מיט רובינ׳ען און האָבען איהם געשטיצט, זיי־נען געווען שלעכטע, פארדאָרבענע מענשען. עס זיינען געווען די צושטענדען אין טרייד, די אָנגעזאמעלטע פארביטערטקייט ביי די אפּערייטאָרס, וואָס האָט רובינ׳ען געהאָלפען פירען זיין ממשלה.

און כדי צו מאכען א קאָמפּליצירטע לאַגע קאָמפּליצירטער, האָט רובין אויפגעהויבען די אַלטע אָנגעוועהטאָגטע פראַגע וועגען

לאָקאל 17 און עס אוועקגעשטעלט גאנץ שארף: די אינטערנע־שאָנעל זאָל צוריקציהען דעם טשארטער פון לאָקאל 17, ווייל ער האָט ניט קיין רעכט צו עקזיסטירען און ווייל ער שאפט א קאָנקורענציע אין די שעפּער פאר די מיטגלידער פון לאָקאל 1 ביים מאַכען פּרייזען.

לאָקאל 1 האָט אויך איינגעפירט אַ נייס אין זיין פארוואל־טונג. ער האָט געשאפען דעם אַמט פון א מענעדזשער און האָט פאר דעם אמט אָנגעשטעלט א. ביזנאָ'ן. פאקטיש איז אָבער ביזנאָ'ס אַמט געווען מער אַלס דער טעאָרעטיקער פון לאָקאל, וואָס האָט פאָרמולירט זיינע „פאָליסים" און זיי פארטיידיגט, איידער פאַרוואַלטעט דעם לאָקאל.

די כסדרדיגע סיכסוכים און רייסערייען האָבען ענדליך דער־פירט צו דעם, אז לאָקאל 1 האָט זיך אַליין אין גאנצען אויסגע־שלאָסען פון דעם דזשאָינט באָארד.

אין דער לאַנגער און אָפיציעלער ערקלערונג, וואָס דער דזשאָינט באָארד האָט צוליב דעם פארעפענטליכט, ווערט ווידער זעהר ברייט ארומגערעדט די פראגע וועגען באזונדערע וואהלען פאר ביזנעס אַגענטען און עס ווערט מאָטיווירט דער אָפּזאָג פון דעם פארלאנג פון לאָקאל 1.

די דערקלערונג זאָגט („נייע פּאָסט" פון 10־טען אויגוסט, 1917):

„ווען דער דזשאָינט באָארד האָט איינגעזען, אז דער לאָקאל באשטעהט אויף דאָס זייניגע, האָט ער באשלאָסען צו געבען לאָקאל 1 דיזעלבע קאָנדיציאָנען ווי לאָקאל 10 (די קאַטערס), כדי אויפצוהאַלטען די גאנצקייט פון דער יוניאָן, אז עס זאָל פאר דער וועלט וועניגסטענס הייסען, אז מיר זיינען איין גאנצע יוניאָן. אָבער ווען ס'איז געקומען צו די באַדינגונגען, אויף וועלכע לאָקאל 1 זאָל זיין אָנגעשלאָסען אָן דעם דזשאָינט־באָארד, האָבען די פירער פון לאָקאל 1 ערקלערט, אז זיי ווילען ניט צאָלען זייער טייל הוצאות. זיי האָבען געוואָלט, אז סטרייקס זאָלען זיי אַליין קאָנען רופען ווען און וואו זיי וועלען געפינען פאר נויטיג, אָבער פאראנטוואָרטליך פאר די סטרייקס זאָל זיין דער דזשאָינט באָארד. פארשטעהט זיך, אז דער דזשאָינט באָארד, קענענדיג די איצטיגע פירער פון לאָקאל 1, וויסענדיג זייערע

מאָטיווען און טאַקטיק, האָט אויף אַזאַ זאַך בשום אופן נישט געקאָנט איינגעהן.

„אויף אַזאַ אופן האָט זיך לאָקאַל 1 אַליין אין גאַנצען אויס־געשלאָסען פון דעם דזשאָינט באָארד און אָנגעפאַנגען צו פירען זיינע איינענע ביזנעס זעלבסטשטענדיג."

און ווייטער ווערט געזאָגט אין דער זעלבער דערקלערונג:

„קיין דעמאָקראַטיע קאָן קיין קיום ניט האָבען, ווען די מינאָריטעט זאָל אנשטאָט צו אונטערוואַרפען זיך דעם באשלוס פון דער מאַיאָריטעט, וועלען מיט געוואַלד ארויפצווינגען איהר ווילען אויף דער מאַיאָריטעט".

די ערקלערונג, אַז לאָקאַל 1 האָט ניט געוואָלט צאָלען זיין טייל הוצאות פון די סטרייקס, איז געווען ניט אין גאַנצען פּינקטליך. דער שטרייט איז אין דער אמת'ן געווען, ווי גרויס עס זאָל זיין דער טייל. די פירער פון לאָקאַל 1 האָבען גע־פאָדערט, אַז די הוצאות פון שאָפּ סטרייקס זאָלען צוטיילט ווערען פּראָפּאָרציאָנעל צווישען די לאָקאַלס לויט דער צאָל פון זייערע מיטגלידער, בעת דער דזשאָינט באָארד האָט געזאָגט, אַז די הוצאות זאָלען איינגעטיילט ווערען לויט דער צאָל סטריי־קערס, וואָס זיינען פון יעדען לאָקאַל באַטייליגט אין דעם סטרייק.

דער דזשאָינט באָארד איז אין דעם געווען פאָלשטענדיג גע־רעכט.

אָבער דאָס איז דאָ ניט געווען די הויפּט־פראַגע אין דעם שטרייט צווישען לאָקאַל 1 און דעם דזשאָינט באָארד.

דאָס ארויסטרעטען פון לאָקאַל 1 פון דזשאָינט באָרד האָט ניט געפונען קיין באַגייסטערטען אָפּקלאַנג צווישען די אָפּע־רייטאָרס. דער מיטינג, וואָס די עקזעקוטיווע פון לאָקאַל האָט גערופען צו באַשטעטיגען איהר באשלוס ארויסצוטרעטען פון דזשאָינט באָארד, איז געווען זעהר שוואַך באזוכט, בלויז 170 זיינען געקומען און בלויז 111 האָבען געשטימט פאַר. עס פארשטעהט זיך, אַז צווישען די ארבייטער אין די שעפּער האָט דער באשלוס פון לאָקאַל 1 געהאַט אַ באַזונדערס שלעכטע ווירקונג.

די „נייע פּאָסט" פון 10־טען אויגוסט, 1917, כאַראַקטע־ריזירט די לאַגע אין די שעפּער אויפ'ן פאָלגענדען אופן:

„כמעט אין יעדען שאָפּ זיינען די ארבייטער צושפּאָלטען

אין צוויי פּאַרטייען, און ווען איינע זאָגט טאָג, זאָגט די צווייטע נאַכט. מען האַלט זיך אין איין אַרומרייסען און געווינען דער־פון געווינען דערהווייל די באַלעבאַטים. אַזאַ מין צושטאַנד קען לאַנג נישט אָנהאַלטען".

לויט דער קאָנסטיטוציע פון דער אינטערנעשאָנאַל מוזען אַלע לאָקאַלס פון איין טרייד, וואָס געפינען זיך אין דערזעלבער שטאָט, באַלאַנגען צום שטאָדטישען דזשאָינט באָארד. לאָקאַל 1 האָט געבראָכען דעם פּונקט פון דער קאָנסטיטוציע. דאָס האָט געצוואונגען די גענעראַל עקזעקוטיווע אוועקצושטעלען אויפ'ן טאָג־אָרדנונג פון איהר פערטעל־יעהרליכען מיטינג אין באָסטאָן, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען דעם 15־טען אויגוסט, דעם סיכסוך פון לאָקאַל 1 מיט דעם ניו יאָרקער דזשאָינט באָארד.

צו יענעם מיטינג זיינען געקומען מיט קלאַגען געגען לאָקאַל 1, אויסער דער דזשאָינט באָארד, אויך פאַרטרעטער פון אַלע לאָקאַלס פון דזשאָינט באָארד און א באַזונדערע קאָמיטע פון לאָקאַל 1, וועלכע האָט זיך געגרינדעט אין גאַנצען מיט א צוויי וואָכען פריהער, כדי צו ברענגען פרידען צווישען לאָקאַל 1 און דעם דזשאָינט באָארד. די קאָמיטע איז באַשטאַנען פון לעווענטאַל, סאַלאָמאָן און מאָזער. די קאָמיטע האָט מיט זיך געבראַכט א פּעטיציע, אונטערגעשריבען פון 2,500 אָפּערייטאָרס פון לאָקאַל 1, וועלכע האָבען אויפגעפאָדערט די גענעראַל עקזע־קוטיווע איינצושטעלען שלום און זעהן אַז לאָקאַל 1 זאָל צוריק אַריין אין דזשאָינט באָארד.

די פראַגע האָט פאַרנומען גאַנצע צוויי טעג פון די זיצונ־גען פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע. דער הויפּט רעדנער פון דזשאָינט באָארד איז געווען מאָריס זיגמאַן און די הויפּט־רעדנער פון לאָקאַל 1 זיינען געווען א. ביזנאָ און מ. רובין. א. ביזנאָ האָט צוגעגעבען, אַז קאָנסטיטוציאָנעל איז די האַנד־לונג פון לאָקאַל 1 געווים ניט קיין גערעכטע און אַז ער האָט זיך ניט געדאַרפט אָפּרייסען פון דזשאָינט באָארד. די פראַגע וועגען די וואַהלען פון ביזנעס אַגענטען איז לויט זיין מיינונג איבערהויפּט ניט געווען אַזאַ וויכטיגע אויפצוהויבען וועגען איהר אַזאַ שאַרפען קאַמף. די פראַגע פון לאָקאַל 17 איז אָבער זעהר א וויכטיגע און מוז געלעזט ווערען. דער וועג פון שלום

צווישען לאָקאל 1 און דעם דזשאָינט באָארד קען דעריבער לייכט געפונען ווערען, ווען לאָקאל 17 זאָל אויפגעלייזט ווערען.

דאָס איז געווען, קען מען זאָגען אַן אָנבאָט פון פרידען, אָבער פאר דער גענעראל עקזעקוטיווע איז אין דעם מאָמענט גע־שטאַנען די פראגע וועגען דער אָפּשפּאַלטונג פון לאָקאל 1 פון דזשאָינט באָארד. און איר באשלוס איז געווען אויפצופאָדערען די עקזעקוטיווע פון לאָקאל 1, אז זי זאָל צוריק אריין אין דזשאָינט באָארד. אין פאל לאָקאל 1 וועט אין משך פון 30 טעג ניט אויספאָלגען דעם באשלוס, וועט ער אויסגעשלאָסען ווע־רען פון דער אינטערנעשאָנאל.

די עקזעקוטיווע פון לאָקאל 1 האָט באשלאָסען ניט צו פאָל־גען דעם באשלוס פון דער אינטערנעשאָנאל און זי האָט גערופען אין קופּער יוניאָן א מיטינג פון די מיטגלידער פון לאָקאל, אז זיי זאָלען גוטהייסען איהר באשלוס.

ב. שלעזינגער, דער פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאל, האָט אין דער „נייער פּאָסט” פון 17־טען סעפּטעמבער, פאר־עפענטליכט א ספּעציעלען אַפּיל צו די אָפּערייטאָרס, מיטגלידער פון לאָקאל 1, אז זיי זאָלען שטעהן מיט דער אינטערנעשאָנאל.

אין אַן ערקלערונג פון דער עקזעקוטיווע פון לאָקאל 1, וואס איז פארעפענטליכט געווארען נאָך איהר באשלוס נישט אויס־צופאָלגען די פאראָרדנונג פון דער גענעראל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאָנאל, אונטערגעשריבען פון א. ביזנאָ, מענע־דזשער, און מ. רובין, סעקרעטאר, ווערען אנגעגעבען 8 פּונקטען, צוליב וועלכע זיי ווילען צוריק נישט אריין אין דעם דזשאָינט באָארד.

אין די 8 פּונקטען ערקלערען זיי, אז די אָפּערייטאָרס, אלס שטיק־ארבייטער, ווערען כסדר געקריוודעט דורך די באַאמטע פון דעם דזשאָינט באָארד, וועלכע רעפּרעזענטירען צום גרעסטען טייל די וואָך־ארבייטער און זיינען ניט פאראינטערעסירט אין דעם קאמף פון די שטיק־ארבייטער ביים סעטלען פּרייזען. די שטיק־ארבייטער מאכען אויס מער ווי זיבעציג פּראָצענט פון דער אינדוסטריע און האָבען נאָר צען פּראָצענט פון די באַאמטע פון דער רעגירענדע קערפּערשאפט אין דער יוניאָן. 30 אָפּע־רייטאָרס האָבען די זעלבע שטימרעכט ווי 1 באָטענהאָל מאכער. 10 אָפּערייטאָרס האָבען אזוי פיל רעכט ווי 1 קאטער. די

פאַרשטעהערשאַפט אין דזשאָינט באָארד איז ניט פּראָפּאָרציאָנעל און ריכטיג פאַרטיילט. די אָפּערייטאָרס, וואס זיינען דער רוקען־ביין פון דער יוניאָן, ווערען שטענדיג געקריוודעט, זייערע אינטערעסען ווערען ניט ווי געהעריג פאַרטיידיגט. און ווען די אינטערנעשאָנאַל פאָדערט פון לאָקאַל 1, אַז ער זאָל פאָלגען דער קאָנסטיטוציע, האָט ער אַ רעכט צו פאָדערען, אַז די אינטערנעשאָנאַל גופא זאָל פאָלגען איהר קאָנסטיטוציע. אין דזשאָינט באָארד געפינען זיך דריי אָפּערייטאָר לאָקאַלס — לאָקאַל 1, לאָקאַל 17 און לאָקאַל 11 — און דאָס איז געגען דער קאָנסטיטוציע. עס דאַרף זיין בלויז איין לאָקאַל פון אָפּערייטאָרס. די אינטערנעשאָנאַל דאַרף דעריבער פאָלגען איהר קאָנסטיטוציע און מאַכען פון די דריי אָפּערייטאָר לאָקאַלס איינעם. און ערשט דעמאָלט וועט זי קענען פאָדערען, אַז לאָקאַל 1 זאָל פאָלגען איר קאָנסטיטוציע.

די פראגע פון באַזונדערע וואַהלען פאר ביזנעס אגענטען איז פון דער ערקלערונג אין גאנצען אויסגעלאָזען געווארען.

אויף דעם מיטגלידער מיטינג, וואס די עקזעקוטיווע פון לאָקאַל 1 האָט דעם 8־טען סעפּטעמבער, 1917, גערופען אין קופּער יוניאָן, איז דר. הורוויטש, דעמאָלט דער לאָיער פון לאָקאַל 1, געווען איינער פון די הויפּט־רעדנער און ער האָט גערעדט דער לעצטער. גאנץ אונערווארטעט פאר אַלעמען האָט ער פאָרגעשלאָגען אז לאָקאַל 1 זאָל פארלאנגען פון דזשאָינט באָארד „אַרביטריישאָן", און צו דער אָפּשטימונג פון דער פאַרזאמלונג איז נישט געשטעלט געווארען דער פאָרשלאג פון דער עקזעקוטיווע פון לאָקאַל 1 נישט אויסצופאָלגען דעם באשלוס פון דער אינטערנעשאָנאַל און פון דזשאָינט באָארד, נאָר דער פאָרשלאג פון דר. הורוויטש, וועלכער איז אויך אָנגענומען געווארען.

דער באַריכט פון רעאָרגאַניזירטען לאָקאַל 1 צו דער קאָנווענשאָן אין 1918, טייטשט אוים הורוויטש'עם פאָרשלאַג אַלס אַ לאָיערשען שווינדעל, ווייל ער האָט פארמידען, אז מען זאָל שטעלען דעם פאָרשלאג פון דער עקזעקוטיווע צום אָפּשטימונג. ווייל ווען דער פאָרשלאג פון דער עקזעקוטיווע וואָלט געשטימט געווארען, וואָלט עס געמוזט זיין איינס פון די צוויי: אָדער ער ווערט אנגענומען מיינט עס, אז לאָקאַל 1 טרעט ארויס פון דער אינטערנעשאָנאַל, אדער ער ווערט צוריקגעוויזען, מיינט

עס, אז מען מוז גען צוריק אין דזשאָינט באָארד. די פירער פון לאָקאל האָבען אָבער ביידע זאכען ניט געוואָלט. זיי האָ־בען בעסער געוואָלט, אז די פראגע זאָל בלייבען אָפען און מיט דר. הורוויטש׳עס פאָרשלאג פאר ארביטריישאָן איז עס דער־גרייכט געוואָרען.

אין א לייט־ארטיקעל פון דער „נייער פאָסט" פון 14־טען סעפטעמבער, ווערט אלס ענטפער אויף דעם פאָרשלאג ערקלערט, אז די אינטערנעשאָנאל איז דאָס העכסטע געריכט פאר דער יוניאָן און זי האָט שוין איהר מיינונג געזאָגט. איהרע באשלוסען זיינען בינדענד פאר אלע לאָקאלס און אויך פאר לאָקאל 1.

די גענעראל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאָנאל האָט אבער אין דער לעצטער מינוט נאָך אמאָל פראָבירט ווירקען אויף דער עקזעקוטיווע פון לאָקאל 1 צוריק אריינצוטרעטען אין דזשאָינט באָארד און פארמיידען אן אָפענעם ברודער קריג. צוויי טעג האָט מען כסדר קאָנפערירט וועגען דעם מיט די פאר־טרעטער פון דער עקזעקוטיווע פון לאָקאל 1, אָבער צו קיין פאר־שטענדניש איז מען ניט געקומען.

ווי א. ביזנאָ האָט שפּעטער ערקלערט, האָט מען זיך ניט געקענט אויסגלייכען הויפּטזעכליך צוליב דעם, וואס די עקזע־קוטיווע פון לאָקאל 1 האָט אומבעדינגט געוואלט, אז די 16 ביזנעס אגענטען, וואס לאָקאל 1 האָט אליין געוועהלט אויף זיין איינענעם באלאָט, זאָלען אנערקענט ווערען פון דזשאָינט באָארד. די פארטרעטער פון דער אינטערנעשאָנאל און דזשאָינט באָארד האָבען אויף דעם נישט געוואָלט איינשטימען.

די אינטערנעשאָנאל האָט דעריבער באשלאָסען צו רעאָר־גאניזירען דעם אפּערייטאָרס לאָקאל 1. פּרעזידענט ב. שלע־זינגער האָט איבערגעגעבען צו אב. ראָזענבערג און צו פּ. קאָטלער׳ן די רעאָרגאניזאציע דורכצופירען.

שבת, דעם 15־טען סעפטעמבער, 1917, איז אין בעטהאָווען האָל פאָרגעקומען א מיטינג פון ארום 100 אפעריטאָרס, די אק־טיווסטע טוער אין דעם קאמף געגען דער רובין אדמיניסטרא־ציע פון לאָקאל 1, וואו עס איז איינשטימיג אנגענומען געוואָ־רען א רעזאָלוציע אריינצוטרעטען אין דעם רעאָרגאניזירטען לאָקאל אונטער דעם נאָמען „לײדיס ענד מיסעס קלאָוק ענד סוט

אָפּערייטאָרס יוניאָן לאָקאַל 1, אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן".

ס'איז געוועהלט געוואָרען אַן עקזעקוטיווע פון פאָלגענדע פּערזאָנען: סעמועל דזש. רינגער, איזראעל פּיינבערג, מ. וואָל־בערג, וויליאם בלום, מ. דזש. אַשפּיז, מ. סאַלאָמאָן, דזש וואַר־שאַווסקי, ה. פּיין, ל. באַביטש, מ. צוקערמאַן און סילווערמאַן. די עקזעקוטיווע האָט שפּעטער ערוועהלט אלס טשערמאַן מ. וואָל־בערג'ן, וויים־טשערמאַן ה. פּיין, און וויליאם בלום'ען אלס סעקרעטאַר.

די פירער פון געוועזענעם לאָקאַל 1 האָבען געגרינדעט א נייע יוניאָן אונטער'ן נאָמען „אַמאַלגאַמייטעד קלאָוק מייקערס יוניאָן אָוו ניו יארק". זיי האָבען אין דער נייער יוניאן גע־פּראָבירט אריינגעמען אויך מיטגלידער פון אנדערע טיילען פון קלאָוק טרייד. אָבער אין גאַנצען אָהן ערפאָלג. די אָפּעריי־טאָרס פון געוועזענעם לאָקאַל 1 זיינען ביסלעכווייז אריבער אין דעם נייעם רעאָרגאַניזירטען לאָקאַל פון דער אינטערנעשאָנאַל.

רובין'ס אָפּאָזיציע יוניאָן האָט זיך לאַנג ניט געהאַלטען, אָבער אין דער קורצער צייט האָט רובין דאָך באַוויזען איהר צו מאַכען א געגנוג שלעכטען נאָמען מיט א פלוג־בלעטעל, וואס ער האָט ארויסגעלאָזען אין פאַרבינדונג מיט א סטרייק פון די לײדיס טיילאָרס, וואס איז פאַקטיש געווען א סטרייק־ברעכע־רישער אויפרוף. דאָס פלוג־בלעטעל האָט געפירט צו א שפּאַלטונג אין דער עקזעקוטיווע פון דער אָפּאָזיציאָנס יוניאָן און אָט דאָס האָט נאָך פאַרשנעלערט איר סוף. זי איז אין א קורצער צייט ארום ליקווידירט געוואָרען.

אייגענטליך זיינען די פאָדערונגען, וואס לאָקאַל 1 האָט דע־מאָלט ארויסגעשטעלט, כמעט אלע מיט דער צייט ערפילט גע־וואָרען. די ערשטע פאָדערונג, וועגען וועהלען ביזנעס אגענ־טען, פון וועלכער עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דער קאַמף צווישען לאָקאַל 1 און דעם דזשאָינט באָארד, איז שפּעטער אָנגענומען געוואָרען פאַר א גאַנץ פּראַקטישע אין אַלע לאָקאַלס. די פראַ־גע פון פּראָפּאָרציאָנעלע פאַרטרעטערשאַפט איז אויך שפּעטער געלייזט געוואָרען, הגם דאָס האָט געדויערט פיל לענגער. און די פאָדערונג וועגען לאָקאַל 17 איז אויך ענדליך ערפילט גע־וואָרען. אגב, זיינען די לעצטע צוויי פאָדערונגען געווען ניט

קיין נייע. אָבער פאָדערונגען, אפילו זעהר גערעכטע, מוזען אָפּט ווארטען א לענגערע צייט ביז זיי ווערען אָנערקענט פאר גערעכט, ווייל עס איז אלע מאָל פאראַן א צווייטע זייט פון דער פראגע. און אין אָרגאניזאציעס, וועלכע זיינען צונויפגעשטעלט פון אייניגע טיילען, איז שווערער צו קומען צו א שנעלער אנטשיידונג. אָפּט זיינען די אינטערעסען פון די טיילען פון וועלכע די אָרגאניזאציע איז צונויפגעשטעלט, ניט אין גאנצען אייניג, ווי דאָס איז געווען דעמאָלט דער פאל אין דזשאָינט באָארד. רובינ'ס אדמיניסטראציע פון לאָקאל 1 האָט אָבער אלץ געוואָלט נעמען מיט שטורם. דערצו זיינען רובינ'ס מעטאָדען פון קאמף געווען אזעלכע, וואָס האָבען די באציהונגען פון לאָקאל 1 מיט דעם דזשאָינט באָארד אלץ מער און מער פארשארפט און וואס נאָך ערגער, עס האָט זיך אונטער זיין אדמיניסטראציע אנטוויקעלט א ביטערער קאמף אין לאָקאל גופא. און וואָס לענגער ער האָט דעם קאמף געפירט, אלץ שטארקער איז געווארען די געגנערשאפט צו איהם און אלץ גרעסער איז געווארען די צאָל פון זיינע געגנער. דאָס האָט באוויזען ווי לייכט עס האָט זיך דער אינטערנעשאָנאל איינגעגעבען צו רעאָרגאניזירען לאָקאל 1.

אין דעם באריכט פון לאָקאל 1 — דעם רעאָרגאניזירטען לאָקאל, וואס איז צוגעשטעלט געווארען צו דער 14־טער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאל אין באָסטאָן אין 1918, ווערט דערצעהלט, אז דער לאָקאל האָט 8 טויזענד און 6 הונדערט רעגיסטרירטע מיטגלידער און אַן אָפּגעשפאָרטען פארמעגען פון 20 טויזענד דאָלער. און דאָס איז געווען ניט מער ווי 7 און א האלב חדשים נאָך דער רעאָרגאניזאציע.

## צוויי־און־דרייסיגסטער קאַפּיטעל

# דער קאַמף פאַר וואָך־אַרבייט

אין די פאַרשידענע דעבאַטען און דיסקוסיעס, וואָס זיינען געפירט געוואָרען וועגען פּראָטאָקאָל און וועגען די דיסקרימי־נאַציעס וואָס ווערען אונטער איהם באַגאַנגען געגען די מער אַקטיווע יוניאָן־לייט אין די שעפּער, איז אויך אַרויסגעבראַכט געוואָרען דער געדאַנק, אַז צום גרויסען טייל אין דעם איז שול־דיג די סיסטעם פון שטיק־אַרבייט מיט וועלכער עס איז פאַרבונ־דען דאָס שטענדיגע דינגען זיך וועגען פּרייזען און די שטענדיגע באַמיהונגען פון די מאַנופעקטשורערס פריי צו ווערען פון די יעניגע אַרבייטער אין די פּרייז קאָמיטעס, וואָס שטעהען פעסט און פאָדערען העכערע פּרייזען. דער שרייבער פון דעם בוך, וואָס איז אין יענער צייט געווען דער רעדאַקטאָר פון דער „נייער פאָסט" האָט שוין אָנפאַנגס 1913 אויפגענומען די פראַגע פון איינפיהרען די סיסטעם פון וואָך־אַרבייט און ער האָט דערביי, אויסער אַלע אַנדערע אַרגומענטען, אָנגעוויזען, אַז די סיסטעם פון שטיק־אַרבייט אין דעם קלאָוק־טרייד פירט נאָך דערצו, וואָס עס אַנטוויקעלט א פיינדליכען געפיל פון די פינישערס צו די אָפּעריי־טאָרס. די לעצטע זיינען אַלע מאָל געווען די יחסנים אין שאָפּ. און ווען עס איז געקומען צו באַשטימען פּרייזען, פלעגט דער מאַנופעקטשורער זיין הויפּטזעכליך באַזאָרגט ווי דורכצוקומען מיט די אָפּערייטאָרס. און ווען ער פלעגט זיך מיט זיי דינגען און פלעגט איינוויליגען צו געבען א ביסעל מער, ווי ער האָט פריהער גערעכענט, פלעגט ער דערביי טראַכטען, אַז עס וועט זיך איהם איינגעבען אַראָפּצודריקען א ביסעל ביי די פינישערס און אָפט פלעגט זיך עס איהם אויך איינגעבען. די פינישערס פלעגען דערי־בער האָבען שטענדיגע טענות צו די אָפּערייטאָרס, אַז ביים מאַ־כען פּרייזען נעמען זיי אַראָפּ פאַר זיך די סמעטענע און פאַר די פינישערס לאָזען זיי איבער די זויער־מילך. ער האָט אויך אָנגעוויזען, אַז באַזונדערס שלעכט איז די געמישטע סיסטעם — וואָך־אַרבייט און שטיק־אַרבייט אין איין שאָפּ. די קאַטערס און די פּרעסערס אַרבייטען פון וואָך און די אָפּערייטאָרס און

פינישערס ארבייטען פון שטיק. די דיסקרימינאַציעס זיינען מיים־טענס געגען די שטיק־ארבייטער און עס שאַפט זיך אַ געוויסע טיילונג צווישען די ארבייטער. די וואָך־ארבייטער פאנגען אָן קוקען אויף די שטיק־ארבייטער ווי אויף שטענדיגע טראָבעל־מאַ־כער.

נאָך אין 1913 איז עס נאָך געווען צו פריה צו געפינען אַ סך אָנהענגער צווישען די אָפּערייטאָרס און די פינישערס פאר וואָך־ארבייט. די שטאַרקסטע געגנער זיינען געווען צווישען די אָפּערייטאָרס. ב. שלעזינגער איז געווען איינער פון די שטאַרק־סטע געגנער און ער פלעגט קענען ארגומענטירען שטונדען לאַנג צו באַווייזען, אַז וואָך־ארבייט טויג ניט פאר די אָפּערייטאָרס. ביי אַ סך פון די אָפּערייטאָרס איז געווען דער שטאַרקסטער אר־גומענט געגען וואָך־ארבייט ווייל זיי ווילען ניט פארלירען זייער פרייהייט. ווען זיי ארבייטען פון שטיק זיינען זיי פריי אמאָל זיך אביסעל צו פוילען, ווען עס ווילט זיך, מען ארבייט דאָך אויף דער איינגענער צייט. און אין די קלענערע שעפּער און אפילו אין אַ סך פון די גרעסערע, וואו די דיסציפּלין איז ניט אזא שטאַרקע, קען מען זיך ערלויבען אמאָל צו קומען אביסעל שפּע־טער צו דער ארבייט, ווען מען ארבייט פון שטיק, און אמאָל אוועקגעהן פריהער, ווען עס איז נויטיג. ביי די פינישערס, וואו עס זיינען געווען אַ גאַנץ באַדייטענדע צאָל עלטערע פרומע אידען, איז אויך דאַוונען געווען אַן ארגומענט געגען וואָך־אר־בייט. איינעם ווילט זיך דאַוונען מנחה. ווען ער ארבייט פון שטיק, קען ער עס טאָן. ער דאַוונט מנחה אויף זיין צייט, אָבער ווי וועט ער עס קענען טאָן, ווען ער וועט ארבייטען פון וואָך?

נאָך ביסלעכווייז האָט דער געדאַנק וועגען וואָך־ארבייט גע־קראָגען אַלץ מער און מער אָנהענגער. און ווען מאָרים זיגמאַן איז יאַנואַר, 1917, געוואָרען דער מענעדזשער פון דזשאָינט באָארד, האָט ער אָנגעפאַנגען פירען אַ גאַנץ שטאַרקע אַגיטאַציע פאר וואָך־ארבייט. זיגמאַן האָט געוואוסט פון זיין ערפאַרונג ביי די פרעסער, אַז די סיסטעם פון וואָך־ארבייט איז אַ בעסערע.

אייגענטליך זיינען אויך די פרעסער פריהער געווען שטאַר־קע אָנהענגער פון שטיק־ארבייט, נאָך דורך דעם גרויסען סטרייק פון 1910 האָט מען פאר די פרעסער איינגעפירט וואָך־ארבייט, ווייל דאָס איז דער בעסטער און וויקזאַמסטער מיטעל אָפּצושאַפען

די אינוועניגסטע קאָנטראַקטאָר סיסטעם, וואָס איז געווען אַזוי שטאַרק פאַרשפּרייט צווישען די פּרעסער.

די פראַגע פון איינפירען וואָך־אַרבייט ניט בלויז אין דער קלאָוק אינדוסטריע נאָר אויך אין די אַנדערע טיילען פון דער פרויען קליידער אינדוסטריע איז אויפגענומען געוואָרען פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאָנעל אויף איהר פערטעל יעהרליכער זיצונג אין אויגוסט, 1917, וואָס איז אָפּגע־האַלטען געוואָרען אין באָסטאָן. אויף דער זיצונג זיינען פאַר־מולירט געוואָרען דריי פאָדערונגען: אַן אַכט־און־פערציג שטונדיגע אַרבייטס־וואָך, וואָך־אַרבייט פאַר אַלע אַרבייטער אין שאַפּ און אַ מינימום וועכענטליכען אַרבייטס־לוין. עס זיינען פאָרגעקומען צווישען די קלאָוקמאַכער פאַר עטליכע מאָנאַטען צייט גאַנץ הייסע דעבאַטען, אָבער מען האָט געקענט זעהן, אַז די צאָל וואָס זיינען פאַר וואָך־אַרבייט ווערט גרעסער און די צאָל פון די געגנער ווערט קלענער.

אין די דעבאַטען זיינען אַרויסגעבראַכט געוואָרען די פאָל־גענדע הויפּט־פּונקטען צו גונסטען פון וואָך־אַרבייט:

ערשטענס, וועט מען פּטור ווערען פון דעם שטענדיגען דינגען זיך וועגען פרייזען און פון די אַלע צרות, וואָס זיינען דער־מיט פאַרבונדען. צווייטענס, וועט מען דורך איינפירען וואָך־אַרבייט קענען לייכטער פּטור ווערען פון די סאָב־מאַנופעק־טשורערס, ווייל די סאָב־מאַנופעקטשורערס עקזיסטירען הויפּט־זעכליך צוליב דעם, וואס זיי דינגען אויס ביי די אַרבייטער פיל ביליגערע פרייזען, ווייל די פרייזען פלעגען ווערען גע־מאַכט אין יעדען שאַפּ באַזונדער. וואָך־אַרבייט וועט אָבער האָבען איין פרייז פאַר אַלע שעפּער. דריטענס, וועלען די אַר־בייטער אונטער דער סיסטעם פון וואָך־אַרבייט ניט דאַרפען יאָגען אַזוי שטאַרק פון זיך די נשמה, ווי דאָס איז אונטער דער סיס־טעם פון שטיק־אַרבייט. פערטענס, וועט אָפּגעשאַפט ווערען די קנאה־שנאה, וואָס אַנטוויקעלט זיך צווישען די אַרבייטער אונטער דער שטיק־אַרבייט סיסטעם, וואו איינער פאַרדינט מער און דער אַנדערער ווייניגער. און עס איז אפילו געווען אַ מיינונג, אַז וואָך־אַרבייט וועט פאַרלענגערען די אַרבייטס־סעזאָנען, ווייל די מאַ־נופעקטשורערס וועלען ניט קענען קריגען זייער אַרבייט געמאַכט אין אַזאַ קורצער צייט, ווי אונטער דער סיסטעם פון שטיק־

ארבייט, ווען די ארבייטער יאָגען פון זיך די נשמה, כדי צו קענען ארויסגעבען וואָס מער ארבייט.

די געגנער פון וואָך־ארבייט האָבען אַלע פונקטען אָפּגע־שטריטען. ערשטענס, האָבען זיי געזאָגט, וועט אויך אונטער וואָך־ארבייט עקזיסטירען אַן אונטערשיד אין די פרייזען פון אר־בייט. עס וועט טאַקע זיין אַ מינימום ארבייטס־לוין, אָבער די בעסערע און שנעלערע ארבייטער וועלען קריגען מער. און ווען עס איז אַ פראַגע פון קריגען מער מוז מען זיך שוין דינגען. וועט איין מאַנופעקטשורער, וואָס קען זיך בעסער דינגען, כאַפּען אַ מציאה און דער צווייטער, וואָס קען עס ניט אַזוי גוט, וועט זיך איינהאַנדלען אַ יקרות. עס וועט דעריבער סאַי ווי סאַי ניט זיין דערזעלביגער פרייז פאַר ארבייט אין אַלע שעפּער. און אויף אַזאַ אופן וועלען שוין אויך די סאָב־מאַנופעקטשורערס האָ־בען אַ מעגליכקייט ווייטער צו עקזיסטירען. זיי וועלען זיך ספּע־ציאַליזירען צו קריגען שנעלע ארבייטער און זיי וועט ממילא קאָסטען די ארבייט ביליגער. די ארבייטס־סעזאָנען, האָבען זיי געזאָגט, קענען ניט פארלענגערט ווערען דורך וואָך־ארבייט, ווייל זיי הענגען אָפּ פון די ענדערונגען אין די פאַסאָנען, וואָס די אר־בייטער קענען ניט קאָנטראָלירען. נאָר די מאַיאָריטעט פון די שטיק־ארבייטער זיינען געוועזען פאַר וואָך־ארבייט, דאָס האָט גע־וויזען די רעפערענדום אָפּשטימונג וואָס איז פאָרגעקומען ביי די קלאָוקמאַכער אין ניו יאָרק, אין מערץ, 1918.

אויף דער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנעל פון 1918, וואס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין באָסטאָן, זיינען די ארגו־מענטען פאַר און געגען גאַנץ ברייט דיסקוטירט געוואָרען און די פאָדערונג פון וואָך־ארבייט איז אָנגענומען געוואָרען מיט אַ גרוי־סער מאַיאָריטעט. דזש. העלער, פון לאָקאַל 17, איז געוועזען דער שטאַרקסטער געגנער פון וואָך־ארבייט.

די שטימונג פאַר וואָך־ארבייט וואָלט אפשר ניט אַזוי גע־וואַקסען צווישען די אָפּערייטאָרס און פינישערס פון דער ניו יאָר־קער קלאוק מאַכער יוניאָן, ווען דער אָפּמאַך פון 1916 צווישען דער יוניאָן און דער מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן וואָלט ניט אַזוי שלעכט געארבייט. די צייט איז ניט געוועזען קיין איבריגס גינסטיגע פאַר די קלאָוקמאַכער און די מאַנופעקטשורערס אַסאָ־סיאיישאָן האָט עס אויסגענוצט פאַר איהרע אינטערעסען. די

רעקאָרדס פון דער יוניאָן ווייזען, אַז פון דעם 1־טען אויגוסט, 1916, ביז סעפּטעמבער, 1917, האָבען די אַרבייטער פון די פּראָ־טעקטיוו שעפּער אַריינגעבראַכט 3 טויזענד און 973 קלאַגען. און דאָס זיינען אויסער די קלאַגען וואָס זיינען געבראַכט געוואָ־רען פון לאָקאַל 10 באַזונדער. די אָנהענגער פון וואָך־אַרבייט האָבען באַהויפּטעט, אַז די מייסטע פון אָט די קלאַגען ווערען פאַראורזאַכט פון דער סיסטעם פון שטיק־אַרבייט.

נאָר דער באַשלוס פון דער יוניאָן איינצופירען וואָך־אַר־בייט אין אַלע טיילען פון קלאוק־טרייד איז נאָך ניט געווען גענוג. מען האָט נאָך געדאַרפט האָבען די צושטימונג פון די קלאָוק־מאַנופעקטשורערס און זיי האָבען בעסער געוואָלט די אַלטע סיסטעם פון שטיק־אַרבייט. און ווען ניט די גינסטיגע לאַגע, וואָס איז געשאַפען געוואָרען אין יענער צייט אין טרייד, וואָלט מען געדאַרפט פירען אַ גאַנץ שווערען קאַמף פאַר דער ענדערונג פון דער סיסטעם. די צייט איז געווען גינסטיג פאַר די קלאוק־מאַכער, ווייל צוליב דעם, וואָס אַמעריקא איז אַריין אין דער מלחמה, האָט זיך אָנגעפאַנגען פילען אַ מאַנגעל אין אַרבייטער אין דער קלאָוק אינדוסטריע. אַ סך קלאָוקמאַכער זיינען אַוועק אַר־בייטען אין אַנדערע אינדוסטריען, וואו זיי האָבען געקראָגען בע־סער באַצאָלט, און מערערע קלאָוקמאַכער זיינען גענומען געוואָרען אין מלחמה. דערצו האָבען די קלאָוק מאַנופעקטשורערס גע־קראָגען באַשטעלונגען פון קריגס־דעפּאַרטמענט. עס איז געווען אַרבייט, וואָס זיי האָבען געקענט מאַכען אין זייערע שעפּער.

די פאַרדינסטען פון די קלאָוקמאַכער זיינען שוין באַדיי־טענד פאַרבעסערט געוואָרען אין אָנפאַנג 1918, און דער פרילינג סעזאָן פון 1918 איז געווען איינער פון די בעסטע אין דער גע־שיכטע פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן. דעם 14־טען מאַי, 1919, זיינען די קלאָוקמאַכער פון ניו יאָרק אַרויס אין סטרייק און זייערע הויפּט־פאָדערונגען זיינען געווען וואָך־אַרבייט פאַר אַלע טיילען פון טרייד און אַן אַרבייטס־וואָך פון 44 שטונדען. דער סטרייק האָט אָנגעהאַלטען אַרום אַ מאָנאַט און האָט זיך גע־ענדיגט מיט אַ זיג פאַר די אַרבייטער. אין די שעפּער פון דער פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן האָט דער סטרייק געדויערט בלויז צוויי וואָכען. דער מינימום אַרבייטס־לוין פון די אָפּערייטאָרס איז באַ־שטימט געוואָרען 44 דאָלער אַ וואָך.

אין דעם באריכט פון לאָקאל 1, אונטערגעשריבען פון פ. קאָטלער, מענעדזשער, צו דער 15־טער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנעל אין שיקאגאָ, אין 1920, זיינען פאראַן איינינע לענגערע נאָטיצען וועגען לאָקאל 17 אין באצוג צו דעם קאמף פאַר וואָך־ארבייט. זיי דערצעהלען, אַז לאָקאל 17 האָט סאבאָטאַזשעוועט די איינפירונג פון וואָך־ארבייט, און עס ווערט אָנגעוויזען, אַז אַפילו נאָכ'ן סטרייק האָט לאָקאל 17 מאַנעווורירט אזוי, אַז פּאקטיש האָט מען אין מערערע שעפּער געארבייט פון שטיק. די לאַגע אין טרייד איז אין אַלגעמיין פאַר די פּאַר יאָהר צייט געווען אַ גינסטיגע און די קלאָוקמאכער יוניאָן איז באדייטענד פארשטארקט געוואָרען דורך דעם וואָס די סיסטעם פון וואָך־ארבייט איז איינגעפירט געווארען. זי איז אויך שטארקער געוואָרען פינאַנציעל. אויך לאָקאל 1 איז שוין געקומען פול־שטענדיג צו זיך פון דער אָפּעראציע, וואָס ער האָט דורכגעמאכט (די רעאָרגאניזאציע פון לאָקאל). אין דעם באריכט ווערט אָנגעגעבען, אַז דער לאָקאל האָט 11 און אַ האלב טויזענד מיטגלידער און פארמאָגט איבער 144 טויזענד דאָלער. צו דער באָסטאָנער קאָנווענשאָן אין 1918 האָט לאָקאל 1 געהאַט 8 טויזענד 600 מיטגלידער און אַ פארמעגען פון עטוואָס מער ווי 17 טויזענד דאָלער. אין דעם באריכט ווערט אויך אָנגעגעבען, אַז דער לאָקאל האָט פאַר דער צייט ארויסגעגעבען שטיצע צו אַנדערע יוניאָנס און ארבייטער אָרגאניזאציעס אַ סומע פון נאָהענט צו 22 טויזענד דאָלער.

צום סוף פון 1919 האָט דער דזשאָינט באָארד פון דער קלאָוקמאכער יוניאָן ארויסגעשטעלט די מאַנופעקטשורערס אַ פאָדערונג פאַר אַ העכערונג פון 30 פּראָצענט אויף זייער אַרבייטס־לוין. די פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן האָט די פאָדערונג צוריקגעוויזען און עס האָט געהאלטען ביי אַ סטרייק, אָבער אַלפרעד סמיטה, וואָס איז דעמאָלט געווען גאָווערנאָר פון ניו יאָרק, האָט זיך ארייִנגעמישט און די פאָדערונג פון די קלאָוקמאכער איז איבערגעגעבען געוואָרען צו אַ שידס־געריכט (אַרביטריישאָן). די אַנטשיידונג איז געווען, אַז די העכערונג זאָל זיין בלויז 15 פּראָצענט. דער מינימום ארבייטס־לוין פון די אָפּערייטאָרס איז אויף אַזאַ אופן געהעכערט געוואָרען פון 44 דאָלער אַ וואָך אויף 50.

### דריי־און־דרייסיגסטער קאַפּיטעל

# אַ גענעראַל־סטרייק מיט אַן אינדזשאַנקשאַן געגען דער קלאָוק מאַנופעקטשורערס אַסס׳ן.

די פעטע יאָהרען אין דער קלאוק אינדוסטריע האָבען זיך ניט לאנג געהאלטען. עס זיינען באלד געקומען מאָגערע יאָה־רען, וואָס האָבען זיי אָנגעפאנגען איינשלינגען. אין מיטען 1920 איז אָנגעקומען א שווערער קריזיס און ער איז געוואָרען זעהר שארף מיט׳ן אָנקומען פון דעם יאָהר 1921. עס האָבען באַנק־ראָטירט א סך געשעפטליכע און אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען איבער׳ן גאנצען לאנד און מיליאָנען ארבייטער זיינען ארויסגע־וואָרפען געוואָרען אין גאס. צווישען די אונטערנעמער האָט זיך אָנגעפאנגען א באוועגונג פון שניידען ארבייטס־לוין, פארלענ־גערען ארביטס־שטונדען און זיך באפרייען פון יוניאָן קאָנ־טראָל. די קלאָוק מאנופעקטשורערס פּראָטעקטיוו אסאָסיאיישאָן איז ברוגז געוואָרען אויף דער יוניאָן און האָט דעם 6־טען אָק־טאָבער, 1920, אָפּגעשטעלט די גאנצע מאשינערי פון דעם אָפּ־מאך, נאָר זי האָט זיך אביסעל שפּעטער איבערגעבעטען. דאָס האָט אָבער לאנג ניט אָנגעהאלטען. אין א האלב יאָהר ארום, דעם 22־טען אפּריל, 1921, האָט די מאנופעקטשורערס אסאָסיאיי־שאָן געלאָזט וויסען דעם דזשאָינט באָארד און דער אינטערנע־שאָנאל, אז זי פארלאנגט אן „אויסגלייכונג״ (ריאַד־זשאָסטמענט) פון ארבייטס־באדינגונגען, ווייל צוליב דעם הויכען ארבייטס־לוין און די נידעריגע ארבייט־פּראָדוקציע פון די קלאָוקמאכער האָבען די פרייזען פון קלאָוקס געמוזט אזוי שטיי־גען, אז זיי זיינען געוואָרען צו טייער פאר די קויפער. די מאַ־נופעקטשורערס האָבען דעריבער פארלאנגט, אז ערשטענס זאָל אָפּגעשאפט ווערען וואָך־ארבייט פאר די, וואָס האָבען פריהער געארבייט פון שטיק, צווייטענס זאָל רעדוצירט ווערען דער אר־בייטס־לוין פאר וואָך־ארבייט, און דריטענס זאָל זיי געגעבען ווע־רען א פרייערע האנד ביים אָנשטעלען און אָפּזאָגען ארבייטער.

די יוניאן האָט געפּילט, אַז זי וועט דאָס מאָל עפּעס מוזען געבען די מאַנופעקטשורער, ווייל די אומשטענדען זיינען גינס־טיג פאַר זיי. מען האָט אָנגעפאנגען פאַרהאַנדלען און דעם 3־טען יוני האָט מען זיך געאייניגט אויף אַ נייעם צוגאָב צו דעם אַלטען אָפּמאַך. דעם צוגאָב האָט מען אַ נאָמען געגעבען „סאָפּלעמענטעל אַגרימענט". ביי די קלאוקמאַכער איז ער באַקאַנט געוואָרען אונטער'ן נאָמען „מעמאָראַנדום", אָדער ריכטי־גער, „מעמאָראַנדיק". אין דעם „צוגאָב אָפּמאַך" איז קיין זאַך פון דעם אָריגינעלען אָפּמאַך ניט געענדערט געוואָרען. עס איז געבליבען וואָך־אַרבייט און עס איז אויך ניט געענדערט געוואָ־רען דער מינימום אַרבייטס־לוין, אָבער עס רעדט זיך אין איהם וועגען שאַפען די מעגליכקייט, אַז קלאָוקס זאָלען קענען פאַר־קויפט ווערען ביליגער דורך אויסאַרבייטען מיטלען ווי אַזוי צו הויבען די פּראָדוקטיוויטעט פון די אַרבייטער צו אַ פּונקט וואָס זאָל זיין יושר'דיג פאַר ביידע צדדים. פאַר דעם צוועק איז באַ־שטימט געוואָרען אַ קאָמיסיע פון זעקס — דריי פון דער יוניאָן און דריי פון דער אַסאָסיאיישאָן, וואָס זאָל שטודירען די פּראָ־דוקציע פון די אַרבייטער אין די פאַרשידענע שעפּער און צו־שטעלען וועגען דעם אַ באַריכט ניט שפּעטער ווי דעם ערשטען נאָוועמבער, 1921.

דער דאָזיגער „צוגאָב אָפּמאַך", דער „מעמאָראַנדיק", האָט אַרויסגערופען אַ שטאַרקע אונצופרידענהייט צווישען די קלאוק־מאַכער און דער דזשאָינט באָאַרד איז שטאַרק קריטיקירט גע־וואָרען. לאָקאַל 1 און לאָקאַל 9 האָבען ביטער פּראָטעסטירט, וואָס דורך דעם „צוגאָב אָפּמאַך" האָט די יוניאַן צוגעגעבען, אַז די מאַנופעקטשורערס זיינען געווען גערעכט מיט זייערע באַהויפּ־טונגען, אַז די אַרבייטער פוילען זיך ביי דער אַרבייט און פּראָ־דוצירען ניט גענוג.

לאָקאַל 1 האָט איינגערופען אַ פּראָטעסט־מיטינג אין קו־פּער יוניאָן געגען מעמאָראַנדום. די עקזעקוטיווע פון לאָקאַל האָט דערצעהלט די פאַרזאַמעלטע, אַז ווען י. פיינבערג, דער מענע־דזשער פון דזשאָינט באָאַרד, האָט איבערגעגעבען דעם אינהאַלט פון דעם „מעמאָראַנדום", איז עס אויסגעקומען גאַנץ גלאַט און עס איז ניט געווען געגען וואָס צו פּראָטעסטירען. ערשט שפּע־טער האָט זי זיך דערוואוסט, אַז לויט דעם „צוגאָב אָפּמאַך" ווערט

איינגעפירט אַ סיסטעם פון פאַרגלייכען די פּראָדוקציע פון איין אַרבייטער מיט אַ צווייטען (יערליכער באַריכט פון דער עקזעקו־טיוו פון לאָקאַל 1 פאַר׳ן יאָהר 1921).

די באַאמטע פון לאָקאַל 1 זיינען דעמאָלט געווען ב. שעהן, מענעדזשער, און לואיס ליוואַי, טשערמאַן.

נאָר מען האָט זיך לאַנג ניט געדאַרפט אויפרעגען וועגען דעם „מעמאָראַנדום" ווייל די מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן האָט חרטה געקראָגען און האָט אין גאַנצען אָפּגעבראָכען איר אָפּ־מאַך מיט דער יוניאָן.

די ניו יאָרקער מאַנופעקטשורערס פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיי־שאָן האָט אָנגעפאַנגען דערמיט, וואָס זי האָט אין אָקטאָבער, 1921, איינגערופען אין אַטלאַנטיק סיטי אַ קאָנפערענץ פון אַלע קלאָוק מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָנס פון לאַנד און עס איז דאָרטען באַשלאָסען געוואָרען, אַז מ׳זאָל זיך צוריקקערען צו שטיק־אַרבייט, מען זאָל רעדוצירען דעם אַרבייטס־לוין און פאַרלענגע־רען די אַרבייטס־צייט אויף 48 שטונדען אַ וואָך. דעם 28־טען אָקטאָבער האָט די פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן אָפּגעהאַלטען אַ מיטינג פון אירע מיטגלידער אויף וועלכען עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז פון מאָנטאָג, דעם 14־טען נאָוועמבער, 1921, מוז יעדער מאַנופעקטשורער וואָס באַלאַנגט צו דער אַסאָסיאיישאָן צוריק איינפירען שטיק־אַרבייט און די אַרבייטס־וואָך און דעם אַרבייטסלוין, וואָס די עקזעקוטיווע פון דער אַסאָסיאיישאָן האָט באַשלאָסען. דער באַשלוס איז אויף מאָרגען, דעם 26־טען אָק־טאָבער, פאַרעפענטליכט געוואָרען אין די צייטונגען.

דאָס האָט געמיינט אַ מלחמה־ערקלערונג און די יוניאָן האָט עס אַזוי אויפגענומען. עס איז גלייך אָפּגעהאַלטען געוואָ־רען אַ געמיינשאַפטליכער מיטינג פון דזשאָינט באָארד און פון דער אינטערנעשאָנאַל און עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו נעמען אַן אָפּשטימונג פאַר אַ גענעראַל סטרייק.

די אָפּשטימונג איז פאָרגעקומען דעם 7־טען, דעם 8־טען און 9־טען נאָוועמבער און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז 38 טויזענד 672 האָבען געשטימט פאַר אַ סטרייק און בלויז 162 געגען. איינ־פלוסרייכע געזעלשאַפטליכע טוער האָבען גלייך זיך אריינגעוואָר־פען אין דער אַרבייט צו פאַרמיידען אַ סטרייק. צוועלף סענאַ־טאָרען פון וואַשינגטאָן האָבען טעלעגראַפירט צו ביידע פּאַרטיי־

טערעסירטע צדדים, אז א סטרייק זאָל פארמידען ווערען. אָבער די מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן האָט איהר באַשלוס ניט געוואָלט ענדערען און דער סטרייק איז געוואָרען אונפארמייד־ליך. דעם 14־טען נאָוועמבער האָבען די ארבייטער פארלאָזען די שעפּער און א נייער קלאָוקמאַכער גענעראל סטרייק האָט זיך אָנגעפאנגען אין ניו יאָרק.

דער סטרייק האָט אויסגעוויזען צו זיין א שווערער און א לאַנגער. איז אָבער מאָרים הילקוויט'ן איינגעפאלען, אז מען קען די מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן פארקלאָגען אין געריכט פאר ברעכען דעם אָפּמאך מיט דער יוניאָן און ארויסנעמען געגען איהר אן אינדזשאָנקשאָן. עס הייסט געבען די מאנופעקטשורערס צו פארזוכען די שפּייז, וואָס זיי גיבען אזוי אָפט צו די אר־בייטער וואָס סטרייקען ביי זיי. און הילקוויט'ס פּלאַן האָט זיך איינגעגעבען. דעם 29־טען נאָוועמבער, 1921, האָט די אינטער־נעשאָנאל נעקראָגען א צייטווייליגען אינדזשאָנקשאָן געגען דער מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן. אין סאָציאליסטישע קרייזען האָט מען דעמאָלט דיסקוטירט די פראַגע, אויב די אינטערנע־שאָנאל האָט עס געדארפט טאָן. עס האָט געהייסען, אז אזוי ווי די אָרגאניזירטע ארבייטערשאפט פארדאמט אינדזשאָנקשאָנס אין דעם קאמף צווישען קאפּיטאל און ארבייט, ווייל געוועהנליך ווע־רען זיי אָנגעווענדעט געגען די ארבייטער, האָט די אינטערנעשאָ־נאל זיך ניט געדארפט באנוצען מיט אן אינדזשאָנקשאָן, ווען זי זאָל אפילו פון איהם פּראָפיטירען. די אנדערע מיינונג איז אָבער געווען, אז עס איז טאַקע אמת, אז די אינדזשאָנקשאָנס זיינען א שטעקען מיט וועלכע די מאנופעקטשורערס שלאָגען די ארביי־טער, איז עס דעריבער ניט מער ווי רעכט, אז די ארבייטער, ווען זיי קענען נאָר, זאָלען מיט דעמזעלביגען שטעקען כאָטש א קלאפּ טאָן די מאנופעקטשורערס. דער צייטווייליגער אינדזשאָנקשאָן האָט אָבער דעם סטרייק ניט פארענדיגט. דעם 11־טען יאנואר, 1922, האָט די אינטערנעשאָנעל נעקראָגען א שטענדיגען אינ־דזשאָנקשאָן געגען דער מאַנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן און דע־מאָלט האָבען די מאנופעקטשורערס זיך פארטראַכט, אז זיי וועלען זיך מוזען אונטערגעבען. און אזוי האָט עס אויך פּאסירט. דעם 16־טען יאנואר, 1922, האָט דער לאָיער פון דער מאַנופעק־

טשורערס אַסאָסיאיישאַן געלאָזט וויסען די אינטערנעשאָנאַל, אַז זיי וועלען צוריק עפענען זייערע שעפּער אויף די אַלטע באַדינגונגען. דעם 17־טען יאַנואַר איז דער סטרייק געווען גענדיגט. ער האָט אָפּגעקאָסט דעם דזשאָינט באָארד פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן א מיליאָן מיט 46 טויזענד און 531 דאָלער. פון דעם האָט מען 707 טויזענד און 489 דאָלער אויסגעצאָלט די ארבייטער אין סטרייק בענעפיט.

אין מיטען 1922 האָט די עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד זיך אָנגעפאַנגען בעסערען און די מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאַן האָט אויף דעם גרונד באַנייט דעם אָפּמאַך מיט דער יוניאָן אויף נאָך צוויי יאָהר. דער קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט זיך אויף אַזאַ אופן איינגעגעבען דורכצושטופּען די שלעכטע צייט ניט פאַרלירענדיג פיל פון אירע פּאָזיציעס, וואָס זי האָט איינגענומען אין דער בעסערער צייט. עס דאַרף דערהביי באמערקט ווערען, אַז די פאַרבעסערונג פון דער עקאָנאָמישער לאַגע אין לאַנד, וואָס האָט זיך אנגעפאנגען אין מיטען פון 1922, האָט גראָד אויסגעלאָזען די קלאָוק אינדוסטריע. אין די אנדערע אינדוסטריעס, און אפילו אין געוויסע טיילען פון דער פרויען־קליידער אינדוסטריע, האָט זיך די פאַרבעסערונג היפּש אָנגעזעהן, אָבער זי האָט זיך גאַנץ ווייניג געפילט אין דער קלאָוק אינדוסטריע. ערשט אין 1924 האָט זיך אָנגעפאנגען פילען א באדייטענדע פאַרבעסערונג אין דער קלאָוק אינדוסטריע.

## פיר־און־דרייסיגסטער קאפיטעל

# דער קאמף מיט די דזשאבערס.

די טעאָריע, וואָס מען האָט אין די פּראַקטאָקאָל־צייטען פּראָ־
בירט אָנבינדען דער קלאָוקמאַכער יוניאָן, אַז עס טויג ניט פאַר
אַ יוניאָן אַרויסצורוקען נייע פּראָבלעמען און אויפצוהויבען נייע
פראַגען, האָט זיך ניט צוגעבונדען. אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן
זיינען שטענדיג אַרויסגערוקט געוואָרען נייע פּראָבלעמען און נייע
פראַגען. די יוניאָן האָט עס גאָר ניט געדאַרפט טאָן, ווייל זיי
זיינען געקומען פון זיך אַליין. פאַר דעם האָבען שוין געזאָרגט
די מאַנופעקטשורערס. זיי האָבען אַלע מאָל געזוכט אַ וועג ווי
אַזוי זיך אַרויסצודרעהען פון דער קאָנטראָל פון דער יוניאָן. ווי
זיי פלעגען נאָר אונטערשרייבען אַ נייעם אָפּמאַך מיט דער יוניאָן
און זיינען געצוואונגען געווען עפּעס נאָכצוגעבען, פלעגען זיי גלייך
אָנפאַנגען טראַכטען וועגען אַ פּלאַן ווי אַזוי אָפּצונאַרען די יוניאָן.
עס פאַרשטעהט זיך, אַז עס זיינען געווען און אַז עס זיינען
פאַראַן אויסנאַמען, אָבער די אויסנאַמען מאַכען ניט דעם כּלל.
און עס איז אין דער נאַטור פון דער קלאָוק אינדוסטריע און פון
די אַנדערע טיילען פון דער פרויען־קליידער אינדוסטריע, וואָס
גיט די מאַנופעקטשורערס אַ מעגליכקייט צו געפינען הינטער־
וועגען און הינטער־טירען ווי אַזוי זיך אַרויסצודרייען פון דער
קאָנטראָל פון דער יוניאָן.

די קלאָוק אינדוסטריע איז אַ גרויסע און אַ רייכע, אָבער
מען דאַרף ניט זיין רייך צו ווערען אַ קלאָוקס־מאַנופעקטשורער.
מען דאַרף האָבען אַ גרויסען קאַפּיטאַל צו עפענען אַ שטאָל־
פאַבריק, אַן אויטאָמאָביל פבריק, אָדער אַ צעמענט פאַבריק,
אָבער מען דאַרף ניט האָבען קיין איבריגם גרויסען קאַפּיטאַל צו
עפענען אַ קלאָוק שאָפּ. מען דאַרף ניט אויסגעבען קיין גרוי־
סע קאַפּיטאַלען אויף מאַשינען און אויך ניט אויף אַנדערע איינ־
ריכטונגען. די אַנטוויקלונג פון דער טעכניק האָט ניט געמאַכט

קיין גרויסע רעוואָלוציעס אין דער קלאָוק אינדוסטריע. עס זיי־נען געמאַכט געוואָרען געוויסע פאַרבעסערונגען אין די נייה־מאַ־שינען, עס זיינען אויסגעבעסערט געוואָרען מאַנכע טיילען פון דער מאַשין, אָדער עס זיינען צו איר צוגעגעבען געווארען נייע טיילען, אָבער אין אַלגעמיין איז דער פּראָצעס פון דער פּראָ־דוקציע ווייניג געענדערט געוואָרען. דער מעכאַניזירטער פּראָצעס פון מאַסען־פּראָדוקציע, וואָס האָט פאַרכאַפּט די מייסטע גרויסע אינדוסטריען, האָט די קלאוק אינדוסטריע אויסגעלאָזען. און די קלאָוק אינדוסטריע איז נאָך אַלץ פאַרבונדען מיט מאָדע, פאַסאָן און אינדיווידועלען געשמאַק. דאָס מאַכט מעגליך, אַז דער קליי־נער אונטערנעמער זאָל זיך ניט נאָר קענען ווי עס איז האַל־טען געגען גרעסערען און פון איהם ניט פאַרשלונגען ווערען, נאָר ער קען נאָך אַמאָל געפינען וועגען ווי אַזוי צו קאָנקורירען מיט איהם.

אין דעם קלאוק־טרייד פון ניו יארק האָט זיך אפילו געקענט אַנטוויקלען אַזאַ מין באַשעפעניש, וואָס איז געווען באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „קאָרפּאָריישאָן שאַפּ", פאַרגרייזט פון וואָרט „קאָאָפּאָריישאָן". עס פלעגען זיך צונויפנעמען עטליכע אָפּע־רייטאָרס, אַ פּאָר פּרעסערס, אַ פּאָר פינישערס און מען פלעגט עפענען בשותפות אַ שאַפּ. געוואוינליך אַ קאָנטראַקטאָר שאַפּ. ווען יעדער פון די שותפים האָט געקענט צוטראָגען אַ פּאָר הונ־דערט דאָלאר איז עס געווען אַ קאַפּיטאַל. די דאָזיגע „קלאָוק מאַנופעקטשורערס" פלעגען אַליין ארבייטען און אַזוי ווי זיי האָבען דאָך געאַרבייט פאַר זיך, האָט מען אויפ'ן זייגער ניט געדאַרפט קוקען און קיין ימים טובים ניט געדאַרפט האַלטען. און אָט די „קאָרפּאָריישאָן" שעפּער זיינען געווען די גרעסטע רואינע פאַר'ן טרייד און די יוניאָן האָט זיי באַקעמפט מיט איהר גאַנצער מאַכט און ענערגיע. אין אַלגעמיין איז דער קליינער שאַפּ געווען אַן אָנשיקעניש אין דעם קלאָוק טרייד. עס איז געווען שווער פאַר דער יוניאָן איהם צו קאָנטראָלירען און ער איז געווען אַ נעסט פון ניט־יוניאָן ארבייט.

אָבער די קלאָוק־אינדוסטריע ווערט דאָך צו איהר גרעסטען טייל קאָנטראָלירט פון די גרעסערע אונטערנעמער און זיי גע־פינען שוין וועגען און מעטאָדען ווי אַזוי צו קריגען זייער אר־בייט בילינער, אַז זיי זאָלען קענען אויסשטעהן די קאָנקורענץ

פון די קלענערע. דער בעסטער וועג, פאַרשטעהט זיך, איז אָפּ־נאַרען די יוניאָן.

די גרויסע אונטערנעמער מאַנעווורירען אזוי, אז די קליינע זאָלען פאַרלירען זייער זעלבסטשטענדיגקייט און בעסער אויס־נוצען זייער קאָנקורענץ־פעהיגקייט פאַר זיי, פאַר די גרויסע. זיי האָבען זיי געמאַכט פאַר קאָנטראַקטאָרס, סאַב־מאַנופעקטשורערס, פאַר פאַרוואַלטער פון אויסען־שטאָדט שעפּער און אפילו זיי אין גאַנצען געמאַכט, אין נאָמען פאַרשטעהט זיך, פאַר די באַלעבאַ־טים פון דער פּראָדוקציע און זיי זיינען געוואָרען זייערע קונדען.

דער ערשטער וועג פון די מאַנופעקטשורערס איז געווען דורך קאָנטראַקטאָרס. האָט די יוניאָן דעם וועג פאַרשטעלט, האָבען זיי געפונען אַ נייעם וועג — עפענען שעפּער אויסען שטאָדט. האָט די יוניאָן אויך דעם וועג פאַרשטעלט. האָבען זיי באַשאַפען סאַב־מאַנופעקטשורערס. האָט די יוניאָן אויפ־געדעקט דעם שווינדעל און באַוויזען, אז סאַב־מאַנופעקטשורערס זיינען דאָס זעלבע וואָס קאָנטראַקטאָרס און זיי מוזען דעריבער פון דער יוניאָן אזוי באַהאַנדעלט ווערען. איז געקומען אַ נייע ערפינדונג — דזשאַבערס.

די נייע ערפינדונג האָט זיך שוין אָנגעפאַנגען באַווייזען אין דער קלאָוק אינדוסטריע פון ניו יאָרק אין 1920, אפשר נאָך אביסעל פריהער, אָבער זיך שטאַרק לאָזען פילען האָבען די דזשאַבערס ערשט אין אַ פּאָר יאָר ארום און זיי זיינען געוואָרען אַ העכסט ערנסטע פּראָבלעם פאַר דער יוניאָן.

דער דזשאַבער פלעגט זאָגען, אז ער האָט מיט פאַבריצירען קלאָוקס גאָר ניט צו טאָן, ער קויפט בלויז קלאָוקס. ער איז ניט קיין מאַנופעקטשורער, נאָר אַ סוחר, אַ „מוירטשענט״. ער האָט דעריבער קיין שום פאַרפליכטונגען ניט צו דער יוניאָן, און ניט נאָר האָט ער צו דער יוניאָן קיין שום פאַרפליכטונגען ניט, נאָר ער האָט מיט איהר קיין שום געשעפטען ניט, ווייל ער באַשעפטיגט ניט קיין ארבייטער.

דאָס איז אָבער ניט געווען אמת. אמאָל אין דער געשיכטע זיינען טאַקע געווען אַזעלכע דזשאַבערס און זיי זיינען טאַקע ניט געווען קיין פּראָבלעם פאַר דער יוניאָן, אָבער די דזשאַ־בערס, וואָס זיינען געוואָרען אַ פּראָבלעם, זיינען געווען ניט וועניגער ווי פאַרשטעלטע מאַנופעקטשורער. זיי האָבען טאַקע זיי־

ערע שעפּער אויפגעגעבען, אָבער זיי האָבען געהאט קאָנטראַק־טאָרס, וואָס האָבען געמאַכט זייער אַרבייט. און זיי האָבען דער־ביי איינגעפירט אַ שענדליכע סיסטעם — זיי פלעגען צווינגען די קאָנטראַקטאָרס, אַז זיי זאָלען איינע די אַנדערע שניידען די העלזער אין זייער קאָנקורענץ צו קריגען די ארבייט. און די, וואָס האָבען געקענט בעסער שניידען, די וואָס האָבען זיך אָנ־געבאָטען צו מאַכען די אַרבייט פאַר דעם ביליגסטען פּרייז, האָ־בען איר געקראָגען. און עס פאַרשטעהט זיך, אַז דער קאָנטראַק־טאָר האָט פון זיינע ניט געוואָלט צולעגען. ער האָט אויך ניט געהאט פון וואַנען, ער האָט דעריבער געמוזט אַראָפּדריקען דעם ארבייטס־לוין פון זיינע אַרבייטער אָדער ארויסדריקען פון זיי וואָס מער ארבייט. די דזשאַבערס זיינען געוואָרען גרויס און רייך און אין פּאַרלויף פון אַ קורצער צייט זיינען זיי געוואָרען דער וויכטיגסטער כח אין דער קלאָוק אינדוסטריע און אויך די גרעסטע צרה פאַר די קלאָוקמאַכער.

די דזשאַבער פראַגע איז געשטעלט געוואָרען אויף דער טאָג־אָרדנונג פון דער יוניאָן, ווען מאָריס זיגמאַן איז געוואָרען פּרע־זידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל. דאָס איז געוועזען אין אָנפאַנג 1923, ווען פּרעזידענט ב. שלעזינגער האָט אויף דעם פערטעל־יער־ליכען מיטינג פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע אין מאָנטרעאַל רע־זיגנירט און זיגמאַן האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ.

די פראַגע פון די דזשאַבערס איז געוואָרען די הויפּט־פּראָבלעם פון דער יוניאָן נאָך איידער זיגמאַן האָט איבערגענומען דעם פּרעזידענט־אַמט פון דער אינטערנעשאָנאַל, אָבער זיגמאַן האָט עס געמאַכט פאַר זיין אויפגאַבע צו לעזען די פּראָבלעם און צו פירען אַ קאַמף פאַר איר לעזונג. דער קאַמף צו באַ־גרעניצען די צאָל קאָנטראַקטאָרס, וואָס אַ דזשאַבער זאָל קענען באַשעפטיגען, וואָס איז שפּעטער אַזוי פּאָפּולער געוואָרען צווישען די קלאָוקמאַכער, האָט זיגמאַן אָנגעפאַנגען. עס איז קיין אונ־טערשיד אויב דאָס איז געוועזען זיינע אַן אָריגינעלע אידייע, אָדער אימיצער אַנדערש האָט איהם ארויפגעפירט אויפ'ן געדאַנק. וויכטיג איז וואָס ער האָט אָנגעפאַנגען פירען אַ קאַמף פאַר דעם.

אין די 18 פאָדערונגען, וואָס דער דזשאָינט באָארד פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט צוזאַמען מיט זיגמאַנ'ען אויסגעאַר־בייט און ארויסגעשטעלט צו די מאַנופעקטשורערס, האָבען די

דזשאבערס פארנומען דעם ערשטען פלאץ. די מייסטע פאָדערונ־ גען האָבען זיך געדרעהט ארום דער „מוירטשענט לײדיס גאר־ מעט אסאָסיאיישאָן", עס הייסט די דזשאבערס. שוין אין דעם ערשטען פונקט ווערט געפאָדערט, אז א דזשאבער מוז מאכען זיין ארבייט אין א יוניאָן שאפ. און דערביי ווערט באשטימט, אז א יוניאָן שאפ איז אזעלכער, וואָס באשעפטיגט ווענינגסטענס 14 אפערייטאָרס און וואָס האָט אן אָפּמאך מיט דער יוניאָן. א ווייטערדיגער פונקט פאָדערט, אז א דזשאבער מוז זיין פאראנט־ וואָרטליך פאר א וואָך שכירות צו די ארבייטער, וואָס זיינען באשעפטיגט פון זיינעם א קאָנטראקטאָר.

צום לעצט האָט די יוניאָן געפאָדערט, אז אלע שטרייטיגקיי־ טען איבער וועלכע מען וועט זיך ניט קענען אייניגען, זאָלען אנט־ שידען ווערען פון אן אונפארטייאישען טשערמאן.

צווישען די 18 פאָדערונגען זיינען פאראן בלויז פיר וואָס זיינען ניט בלויז פאר די דזשאבערס, נאָר אויך פאר די אנדערע ארבייטס־געבער אין קלאָוקס טרעיד. ערשטענס, אז עס זאָל איינ־ געפירט ווערען אן ארבייטסלאָזען פארזיכערונגס־פאָנד, צו וועל־ כען די אונטערנעמער זאָלען צאָלען צוויי פראָצענט פון די שכירות וואָס זיי צאָלען אויס יעדע וואָך צו זייערע ארבייטער, און די אר־ בייטער זאָלען צאָלען 1 פראָצענט פון זייערע שכירות. צווייטענס, אז אן ארבייטס־וואָך זאָל באשטעהן פון 40 שטונדען און פון פינף טעג. די ארבייט זאָל זיך אָנפאנגען 8 אזייגער אין דער פריה און זיך ענדיגען 5 פאר נאכט און 1 שטונדע זאָל דערפון אראָפּגענו־ מען ווערען פאר לאָנטש; דריטענס, אלע ארבייטער, מיט דער אויסנאָם פון באטאָנהאָל מאכער, זאָלען בלייבען ארבייטען פון וואָך; פערטענס, עס זאָל איינגעפירט ווערען א יוניאן לייבעל.

אָנפאנג מערץ 1924 האָט פרעז. זיגמאן און י. פיינבערג, מענעדזשער פון דזשאָינט באָארד, אָנגעפאנגען פארהאנדלונגען מיט דער מוירטשענטס אסאָסיאיישאָן (דזשאבערס), מיט דער מא־ נופעקטשורערס פראָטעקטיוו אסאָסיאיישאָן, און מיט דער אמערי־ קען מאנופעקטשורערס אסאָסיאיישאָן (קאָנטראקטאָרס). מען האָט זיך אָבער ניט געקענט אייניגען. די יוניאָן האָט דעריבער אין יוני, 1924, פאָרגעשלאָגען אז אירע פאָדערונגען זאָלען איבערגע־ געבען ווערען צו ארביטריישאָן. אין יענער צייט איז אלפרעד סמיטה געווען גאָווערנאָר פון ניו יאָרק, און ער האָט זיך פאראינ־

טערעסירט מיט דעם שטרייט פון דער יוניאָן און די מאַנופעק־טשורערס און ער האָט באַשטימט אַ ספּעציעלע באַראַטונגס קאָמיסיע (אַדווייזאָרי קאָמישאָן), וואָס איז געבליבען אין דער היסטאָריע פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן אונטער דעם נאָמען „גאָווערנאָרס קאָמישאָן", אַז זי זאָל העלפען ברענגען צו אַן אָפּמאַך צווישען די שטרייטענדע צדדים. נאָך אייניגע פאַרהערען, וואָס די קאָמיסיע האָט אָפּגעהאַלטען און אויף וועלכע מאָרים הילקוויט האָט פאָרטרעטען די יוניאָן, האָט זי דעם 21־טען יוני אַריינגע־בראַכט אַ רעקאָמענדאַציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען פון דער יוניאָן, פון דער פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן און פון דער אַמעריקען אַסאָסיאיישאָן, אָבער די דזשאָבערס אַסאָסיאיישאָן האָט זיך אָפּגעזאָגט די רעקאָמענדאַציע אָנצונעמען. נאָר ווען די קלאָוק־מאַכער יוניאָן האָט זיך אָנגעפאַנגען גרייטען צו אַ סטרייק, האָבען די דזשאָבערס זיך איבערלעגט און אויך זיי האָבען אָנגענומען די רעקאָמענדאַציע פון דער קאָמיסיע.

די רעקאָמענדאַציע איז אין אַלגעמיין געווען אַ פּשרה, זי האָט אָנערקענט, אַז אין פּרינציפּ איז די יוניאָן גערעכט אין די מייסטע פון אירע פאָדערונגען. זי האָט אָנערקענט, אַז דזשאָבערס דאַרפען פאַקטיש באַטראַכט ווערען פאַר מאַנופעקטשורערס און אַז זיי דאַרפען נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר די באַדינגונגען אין די שעפּער פון די קאָנטראַקטאָרס און סאָב־מאַנו־פעקטשורערס ביי וועמען זיי מאַכען זייער אַרבייט. זי האָט אויך אָנערקענט די פאָדערונג פאַר אַ יוניאָן שאַפּ און די פאָדערונג פאַר 14 מאַשינען. אָבער די קאָמיסיע האָט זיך צוריקגעהאַלטען צו באַפרידיגען די פאָדערונג פון דער יוניאָן וועגען באַגרענעצען די צאָל פון קאָנטראַקטאָרס פאַר די דזשאָבערס, ערקלערענדיג, אַז זי האָט נאָך די פראַגע ניט גענוג אויסגעפאָרשט, און זי האָט אין גאַנצען צוריקגעוויזען די פאָדערונג פון אַ פערציג־שטונדיגער אַרבייטס־וואָך. זי האָט אויך צוריקגעוויזען די פאָדערונג, אַז די דזשאָבערס זאָלען צאָלען דירעקט צו דעם אַרבייטסלאָזען פאָנד. איר רעקאָמענדאַציע איז געווען, אַז צו דעם פאָנד זאָלען צאָלען די דזשאָבערס, די סאָב־מאַנופעקטשורערס און די קאָנטראַקטאָרס. אָנשטאָט אַ יוניאָן לעיבעל האָט די קאָמיסיע רעקאָמענדירט אַ לעיבעל פון דעם „דזשאָינט באָאַרד אָוו סאַניטאַרי קאָנטראָל". וועגען דער פאָדערונג פון אַן אונפּאַרטייאישען טשערמאַן, האָט

די קאָמיסיע רעקאָמענדירט, אז ער זאָל זיין ניט בלויז פאר אויס־גלייכען שטרייטיגקייטען צווישען דער יוניאָן און די דזשאַבערס, נאָר צווישען אַלע, וואָס זיינען באַטייליגט אין דעם טרעיד, עס הייסט צווישען דזשאַבערס, מאַנופעקטשורערס, קאָנטראַקטאָרס און אַרבייטער.

אין לאָקאַל 1 האָט די אנטשיידונג פון דער קאָמיסיע אַרויס־גערופען א שטאַרקע אָפּאָזיציע. אויף א גרויסען טייל פון לאָ־קאל 1 האָט שוין דעמאָלט געהאַט א שטאַרקע ווירקונג די קאָמו־ניסטישע „טרעיד יוניאָן עדיוקיישאָנאַל ליג". די אינטערנעשאָ־נאַל און דער דזשאָינט באָארד פון דער קלאוקמאכער יוניאן זיינען פון אָנפאנג אָן שארף קריטיקירט געווארען פאר וואס זיי האָבען זיך גאָר פארלאָזען אויף דעם „גאָווערנאָר'ס קאָמישאָן". די ווערטער „קלעם קאָלאַבאָריישאָן" — די צוזאַמענאַרבייט פון קלאסען זיינען דעמאָלט געוואָרפען געוואָרען אויף יעדען שריט און טריט. און ווען די קאָמיסיע האָט צוריקגעוויזען די פאָ־דערונג פון א פערציג שטונדיגער ארבייטס־וואָך, איז די קריטיק אין לאָקאַל 1 געווארען נאָך שארפער. אָבער ווען דער דזשאָינט באָארד האָט אויף דעם גרונד פון די רעקאָמענדאציעס פון דעם „גאָווערנאָרס קאָמישאָן" אָנגעפאנגען פירען פארהאנד־לונגען וועגען אָן אָפּמאך מיט די דריי מאַנופעקטשורערס אסאָסי־איישאָנס און האָט דעם 8־טען יולי, 1924, גערופען א גענעראַל סטרייק אין דער קלאָוק אינדוסטריע פון ניו יאָרק, כדי דורכ־צופירען די נויטיגע רעאָרגאַניזאַציע אין די שעפּער, אז עס זאָל זיין אין איינקלאנג מיט די פאָדערונגען, וואס די יוניאן האָט גע־וואונען דורך דער אנטשיידונג פון דעם גאָווערנאָר'ס קאָמישאָן, האָבען אַלע קלאָוקמאכער ווי איין מאַן געפאָלגט דעם רוף פון דער יוניאָן. דער סטרייק האָט אָנגעהאַלטען אַרום 6 וואָכען און איז דעם 19־טען אויגוסט, 1924 פארענדיגט געוואָרען.

עס איז איינגעפירט געוואָרען דער לעיבעל פון „באָארד אוו סאַניטארי קאָנטראָל" און דר. הענרי מאָסקאָוויטש איז באַשטימט געווארען פאר'ן דירעקטאָר פון דעם נייעם לעיבעל דעפּארטמענט. הויירבערט לעהמאַן, וואָס איז איצט גאָווערנאָר פון ניו יאָרק, האָט אָנגענומען צו זיין ציי‌טווייליג דער אונפּארטייאישער טשערמאַן. שפּעטער איז אָנגעשטעלט געוואָרען רעימאָנד אינגערסאָל פאַר דעם אַמט.

## פינף־און־דרייסיגסטער קאַפּיטעל

# דער שטרייט צווישען לאָקאַל 1 און לאָקאַל 17.

אין דעם לעבען פון לאָקאַל 1 האָט פאַרנומען א העכסט וויכטיגען פּלאַץ זיין שטרייט מיט לאָקאַל 17. א שטרייט וואס האָט זיך געצויגען איבער 25 יאָר און וועלכער איז געקומען צו א פרידליכען סוף ערב דעם פופציג יעריגען יובילעאום פון לאָקאַל 1 און וואָס האָט אויך איבערגעביטען דעם נומער „1" אויף נומער 117.

עס איז געווען ניט בלויז א לאַנגער שטרייט, נאָר אָפט אויך א גאַנץ פאַרביטערטער, וואָס האָט געהאַלטען די גאַנצע קלאָוק־מאכער יוניאָן אין אן אויפגערודערטען צושטאַנד.

ווען די ריפער מאכער זיינען צום ערשטען מאָל אָרגאַני־זירט געוואָרען אין 1905, האָט עס קיינעם פון די אַנדערע לאָ־קאַלס שטאַרק ניט געקימערט ווי אזוי דער נייער לאָקאַל 17 איז צונויפגעשטעלט געווארען. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די ארבייטער פון דעם קלאָוק טרייד זיינען שוין דעמאָלט געווען איינ־געטיילט אין באַזונדערע פאַך לאָקאַלס, ווי אפּערייטאָרס, פיני־שערס, פּרעסערס און קאַטערס, זיינען אָבער די ריפער מאכער אַלע צוזאַמען אָרגאַניזירט געוואָרען אין איין לאָקאַל. עס איז געווען אַן אינדוסטריעלע יוניאָן. ביים ארויסגעבען א באַזונ־דערען טשאַרטער צו די ריפער מאכער, האָבען די באַאַמטע פון דער אינטערנעשאָנאַל, לויט ווי מען קען זעהן פון אב. ראָזענ־בערג'ס „ערינערונגען", גענומען אין באַטראַכט, וואָס, ערשטענס איז דער ריפער טרייד דעמאָלט געווען ניט אזוי נאָענט צום קלאָוק טרייד ווי היינט, צווייטענס, וואָס די ריפער מאכער זיי־נען געווען כמעט אַלע „גרינע" און די מייסטע פון זיי זיינען געקומען פון איין געגענד און זיינען געווען עפּעס ווי איין פאַ־מיליע און מען האָט זיי ניט געוואָלט פונאַנדערטיילען. מען

האָט גערעכענט, אז זייער יוניאָן וועט זיך בעסער האלטען, ווען זיי וועלען אַלע זיין צוזאמען. און דער רעכענונג איז אויך געווען א ריכטיגער. נאָר דאָס איז געווען גוט אזוי לאנג ווי ריפער מאכער האָבען געמאַכט בלויז ריפערס, ווען זיי האָבען אָבער אָנגעפאנגען מאכען אויך קלאוקס, האָט זיך אָנגעפאנגען א פראַגע פון יוריסדיקציע.

לויט ווי עס ווערט איבערגעגעבען אין אב. ראָזענבערג׳ס נאָמען, האָט לאָקאל 1 גלייך אין אָנפאנג פּראָטעסטירט געגען דער גרינדונג פון לאָקאל 17.

דאָס ערשטע מאָל, וואָס א יוריסדיקציע פראגע וועגען לאָקאל 17 איז אויפגעהויבען געווארען, איז געווען אויף דער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאל אין 1908. אין אן ארטי־קעל אין דער „גערעכטיגקייט" דערצעהלט אב. ראזענבערג, אז סאל. פּאָליאקאָף האָט אויף יענער פילאדעלפיער קאָנווענשאָן אויפגעהויבען די פראַגע פאר וואָס לאָקאל 17 נעמט אריין מיט־גלידער באָטענהאָל מאכער. אָבער די דאמאלסדיגע קאָנווענ־שאָן אין פילאדעלפיע האָט געהאט א סך גרעסערע דאגות ווי די יוריסדיקציע פראגע, וואס פּאָליאקאָף האָט אויפגעהויבען גע־גען לאָקאל 17. עס איז אפשר געווען וויכטיגער די פראגע ווי אזוי קריגט מען פאר עטליכע ניו יארקער דעלעגאטען באהן־געלד, אז זיי זאלען קאָנען פאָרען צוריק אהיים. אָבער ווי נאָר די קלאָוקמאכער לאָקאלס האָבען אָנגעפאנגען קומען אביסעל צו זיך, האָבען זיך אָנגעפאנגען שטענדיגע טענות געגען לאָ־קאל 17.

די קלאָוקס לאקאלס האָבען אָנגעהויבען צו טענה׳ן, אז אין די שעפּער פון לאָקאל 17 ארבייט מען פאר ביליגערע פּריי־זען און זיי דריקען מיט דעם ארונטער די פּארדינסטען פון די קלאוק אפּערייטאָרס, פינישערס א. ד. גל. די קאטערס זיינען גע־ווען די ערשטע, וואס האָבען אָנגעהויבען צו פּראָטעסטירען גע־גען דעם, אוז לאָקאל 17 האָט געמוזט אפּגעבען די קאטערס צו לאָקאל 10.

געגען טראַנספערירען די פּרעסערס צו לאָקאל 35 האָבען די באַאמטע פון לאָקאל 17 אָנגעפירט א לענגערען קאמף. די פירער פון די ריפער מאכער האָבען גע׳טענה׳ט, אז מ׳וועט מיט דער האנדלונג צוברעכען זייער לאָקאל און פארניכטען די ארבייט,

וואָס זיי האָבען אוועקגעגעבען אויפצובויען זייער יוניאָן. אָבער די אַלע אַרגומענטען האָבען נישט געהאָלפען. די גערעכטיגקייט און דער אָרגאַניזאַציאָנעלער פּרינציפּ פון דער אינטערנעשאָנאַל זיינען געווען אויף דער זייט פון לאָקאַל 35 און ארום 200 מעמ־בערס האָבען געמוזט טראַנספערירט ווערען פון לאָקאַל 17 צו לאָקאַל 35. דער קאַמף איז דעמאָלט איבערגעבליבען פאַר די אפּערייטאָרס און פינישערס.

אויף דער באָסטאָנער קאָנווענשאָן פון 1910 איז אריינגע־טראָגען געווארען א רעזאָלוציע אין גאַנצען אויפצולעזען לאָקאַל 17, ווייל ער נעמט אין זיך אריין ארבייטער פון פארשידענע פאכען פון דער קלאוק אינדוסטריע, און דאָס איז געגען דעם אָרגאַניזאַציאָנס־פּרינציפּ פון דער אינטערנעשאָנאַל. די רעזאָלו־ציאָנס קאָמיטע פון דער קאָנווענשאָן האָט אָבער די רעזאָלוציע אָפּגעוואָרפען. זי האָט צו דער קאָנווענשאָן וועגען דער דעמאָלט שוין אָנגעוועהטאָגטער פראַגע פון לאָקאַל 17 אריינגעטראָגען אַן איינענע קאָמפּראָמיס־רעזאָלוציע, וועלכע האָט געלויטעט:

„די קאָמיטע רעקאָמענדירט, אז דער איצטיגער טשאַרטער פון לאָקאַל 17 זאָל צוריקגערופען ווערען און א נייער זאָל ארויסגע־געבען ווערען מיט'ן נאָמען „אינפאַנטס קלאָוק און ריפער אפּעריי־טאָרס יוניאָן", און אז די אנדערע מיטגלידער פון לאָקאַל 17, וועל־כע זיינען נישט קיין אפּערייטאָרס זאָלען אריינגעהן אין די לאָ־קאַלס פון זייערע טריידס".

די דאָזיגע רעזאָלוציע איז פון דער קאָנווענשאָן אָנגענומען געוואָרען.

לויט דער רעזאָלוציע האָט לאָקאַל 17 באַדאַרפט א היפּש ביסעל פון זיינע מיטגלידער טראַנספערירען צו אנדערע לאָקאַלס פון קלאָוק טרייד אין די גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אינטער־נעשאָנאַל האָט דעם באַשלוס פון דער קאָנווענשאָן באַדאַרפט דורכפירען אין לעבען. אָבער איידער מ'האָט געהאַט א מעג־ליכקייט דאָס צו טאָן איז אויסגעבראָכען דער גרויסער קלאָוק סטרייק פון 1910, און די פראַגע איז אויף עטליכע מאָנאַטען פאַר־געסען געוואָרען.

נאָר נאָכ'ן סטרייק האָבען די באַאמטע פון לאָקאַל 17 זיך אנטזאָגט דורכצופירען דעם באַשלוס פון דער קאָנווענשאָן. זיי האָבען גע'טענה'ט, אז די באָסטאָנער קאָנווענשאָן האָט געהאַנ־

דעלט אין איילעניש, מ'האָט נישט געגוי אונטערזוכט די לאַגע אין זייערע שעפּער, א. אז. וו., א. אז. וו. זיי האָבן דעריבער גע־פאָדערט, אז דאָס דורכפירען פון דעם באשלוס זאָל אָפּגעלייגט ווערען ביז צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן. די גענעראַל עקזעקו־טיווע איז דאמאלסט ווידער געווען צופיל פארנומען מיט אנדערע אָרגאַניזאַציאָנס־ארבייט און האָט נישט געהאַט קיין מעגליכקייט צו פארנעמען זיך ערענסט מיט דער פראַגע פון לאָקאל 17.

די פראַגע איז דעריבער פארהאַנדעלט געוואָרען אויף דער טאָראָנטאָר קאָנווענשאָן פון 1912. די דעלעגאַטען פון לאָקאל 1, סאל. מעטץ, ה. וואַגנער, מ. שטעלצער, פּ. ראָזענבערג, ס. זלאַ־טשין און מ. אשפּיז האָבען אין נאָמען פון זייער לאָקאל אריינגע־בראכט צו דער קאָנווענשאָן א ברייט־מאָטיווירטע קלאַגע געגען לאָקאל 17. נאָכדעם ווי זיי דערמאָנען דעם באשלוס פון דער באָסטאָנער קאָנווענשאָן פון 1910 וועגען דער פראַגע פון לאָקאל 17, ערקלערען די דעלעגאַטען אז —

„נאָך צוויי יאָר זיינען אַוועק און מיר געפינען דאָס, אנשטאָט צו קאָנטראָלירען דעם ריפער טרייד, האָט לאָקאל 17 פארטריבען די ארבייט אין די שעפּער פון די יונייטעד גארמענט וואָירקערס. די ארבייט ווערט אויך געמאַכט אין א סך ניט־יוניאָן שעפּער פון דעם מענער־שניידער פאך.

„די פירמעס, וועלכע פלעגען פריהער מאכען ריפערס האָבען אָנגעפאַנגען מאכען דזשוניאָרס, מיסעס און ליידיס קאָוטס און די פרייזען פאר דער ארבייט זיינען די זעלבע ווי פאר ריפערס.

„דער רעזולטאַט איז, אונזערע ארבייטס סעזאָנען זיינען גע־וואָרען קורצע. מיר האָבען זעקס מאָנאַטען ארבייט דורכ'ן יאָהר, בעת מיט יאָהרען צוריק האָבען מיר געהאַט באשעפטיגונג 9 און 10 מאָנאַטען אין יאָהר."

אלס ביישפּיל ווערט אין דער קלאַגע אָנגעגעבען א פארגלייך פון פרייזען. עס ווערען אויך געבראַכט א גאַנצע רייהע ביישפּילען פון אכט גרעסערע און וויכטיגערע שעפּער, וועלכע ווערען קאָנ־טראָלירט פון לאָקאל 17, וואו די פרייזען זיינען אין איינציגע פאַ־לען א העלפט, און אמאָל נאָך ווייניגער, פון דעם וואס די מיט־גלידער פון לאָקאל באקומען.

די אויבען־דערמאָנטע דעלעגאַטען פון לאָקאל 1 האָבען דע־ריבער אריינגעטראָגען צו דער קאָנווענשאָן פאָלגענדע רעזאָלוציע:

„אין אנבאטראכט, דאס די באסטאנער קאנווענשאן האט באַשטימט אז דער טשארטער פון לאקאל 17 זאל גענעדערט ווערען און זאל זיך לעזען: „אינפענטס ענד ריפערס אפערייטארס יוניאן”, און

„אין אנבאטראכט, דאס די גענעראל עקזעקוטיווע האט נאך ביז איצט ניט דורכגעפירט די באשטימונגען פון דער רעזאלוציע,

„דארום באשליסען מיר צו אינסטרואירען די נייע גענעראל עקזעקוטיווע אויסצופירען די רעזאלוציע ניט שפעטער ווי אין 30 טעג נאך דער קאנווענשאן און צו הייסען דעם דזשאינט באארד פון ניו יארק באשטימען א קאמיטע פאר דעם 1־טען יולי, 1912, וועלכע זאל קלאסיפיצירען די שעפער, און דארט וואו עס זיצען ארבייטער און מאכען קלאוקס, זאלען זיי זיין מיטגלידער אין לאקאל 1, און די, וועלכע ארבייטען אלס אינפענטס און ריפער אפערייטארס זאלען בלייבען מיטגלידער פון לאקאל 17, און

„מיר באשליסען ווייטער, דאס אין פאל לאקאל 17 וועט זיך אנטזאגען צו טראנספערירען די שעפער, וואס באלאנגען ניט אונטער איר יורידיקציע, צו לאקאל 1, זאל די גענעראל עקזעקוטיווע זיין באפולמעכטיגט צוריקצוציהען דעם טשארטער פון לאקאל 17.”

נאך א לאנגער דיסקוסיע, אין וועלכער עס האבען זיך באַטייליגט א גרויסע צאל רעדנער, איז באשלאסען געווארען צו ענדערען דעם טשארטער פון לאקאל 17, ווי דאס האט באשלאסען די באסטאנער קאנווענשאן, און, אז „אלע די, וועלכע זיינען נישט קיין ריפער אפערייטארס זאלען זיך טראנספערירען צו די לאקאלס פון זייער פאך”.

נאך דער קאנווענשאן האט די גענעראל עקזעקוטיווע באַשטימט א קאמיטע, וועלכע האט באדארפט אונטערזוכען די לאגע אין די שעפער פון לאקאל 17. אב. מיטשעל, דאמאלסט וויים־פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנאל, האט געמאכט א גענויע אונטערזוכונג אין די 30 שעפער, וועלכע זיינען קאנטראלירט געווארען פון לאקאל 17, און ער האט אויסגעפונען, אז 332 קלאוק אפערייטארס פון די שעפער דארפען טראנספערירט ווערען צו לאקאל 1 און 522 פינישערס — צו לאקאל 9. די באאמטע פון לאקאל 17 האבען זיך אבער דורך פארשידענע תירוצים בסדר אנטזאגט דאס דורכצופירען.

דער דעצעמבער מיטינג פון דער גענעראל עקזעקוטיווע פון 1912, האָט דעריבער באשלאָסען צו מעלדען די באאמטע פון לאָקאל 17, אז אויב זיי וועלען ביז דעם 1־טען פעברואר, 1913, נישט טראנספערירען די קלאָוק־אפערייטאָרס און פינישערס צו זייערע ענטשפּרעכענדע לאָקאלס, וועט דער אָפיס פון דער אינ־טערנעשאָנאל צוריקציהען דעם טשארטער פון לאָקאל 17.

מאָריס לידער, וועלכער איז אין יענער צייט געוועזען דער מענעדזשער פון לאָקאל 17, האָט געקראָגען פון געריכט אַן אינ־דזשאָנקשאָן צו פארווערען דער אינטערנעשאָנאל דורכצופירען דעם באשלוס פון דער קאָנווענשאָן. דאָס האָט ארויסגערופען א פּראָטעסט און פארביטערונג ניט בלויז אין דער אינטערנעשאָנאל נאָר אויך אין דער גאנצער אידישער ארבייטער באוועגונג. אָבער די גענעראל עקזעקוטיווע האָט שוין צוליב דעם נישט געקאָנט דורכפירען דעם באשלוס פון דער טאָראָנטאָר קאָנווענשאָן פון 1912.

נאָך א רייהע אונטערהאנדלונגען און פארהאנדלונגען האָבען די באאמטע פון לאָקאל 17 מסכים געוועזען צוריקצוציהען זייער אינדזשאָנקשאָן און אז ביידע צדדים זאָלען זיך ווענדען צו דער אמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר צו באשטימען אַן ארביטרײ־שאָן קאָמיטע אויסצוגלייכען דעם גאנצען סכסוך. דזשאָן אלפּין, וויס־פּרעזידענט פון דער אמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר, און יו פריינד, איהר ניו יאָרקער פארטרעטער, זיינען באשטימט גע־ווארען אלס ארביטרייטאָרס. די ארביטרייטאָרס האָבען באשלאָ־סען, אז די לאַגע אין לאָקאל 17 דארף נישט געענדערט ווערען, און אז די פינישערס און קלאָוק אפערייטאָרס דארפען דאָרט בלייבען.

די דאָזיגע אנטשיידונג האָט אָבער ניט געמאכט קיין סוף צום שטרייט. פאקטיש איז אַלץ געבליבען ווי פריהער. די סכסוכים און רייבונגען צווישען די לאָקאלס האָבען נישט אויפ־געהערט. נאָר אזוי ווי עס האָט זיך באלד אָנגעהויבען די הור־וויטש אפּערע, וועלכע האָט אויפגעטרייסעלט די גאנצע יוניאָן, האָט מען אין דער צייט אָפּגעלאָזען די לאָקאל 17־פראגע. עס זיינען געווען מער וויכטיגע פראגען פאר וועלכע צו קעמפען. אויך די קאָנווענשאָן אין קליוולאנד פון 1914 האָט צוליב דעם גרונד מיט דער לאָקאל 17 פראגע זיך נישט פארנומען. די פראגע

איז אָבער ווידער פאַרהאַנדעלט געוואָרען ביי דער פילאַדעלפיער קאָנווענשאָן פון 1916.

די דעלעגאַציע פון לאָקאַל 1, מיט פ. קאַטלער אלס טשער־מאַן, האָט צו דער קאָנווענשאָן אריינגעטראָגען פאָלגענדע רעזאָ־לוציע:

„אַזוי ווי אין ניו יאָרק עקזיסטירען איצט אין קלאָוק און סוט טרייד 2 לאָקאַל יוניאָנס, — לאָקאַל 1 און לאָקאַל 17, וועלכע באַלאַנגען צו איינעם און דעם זעלבען פאַך, כאָטש דער טשאַר־טער פון לאָקאַל 1 איז ארויסגעגעבען געוואָרען פאַר קלאוקס און סוטס און דער טשאַרטער פון לאָקאַל 17 — אויסשליסליך פאַר ריפּערס און קינדערמאַנטלען, און

„אַזוי ווי לאָקאַל 1 האָט ביי דער באָסטאָנער קאָנווענשאָן אין 1910 אריינגעבראַכט קלאַגען געגען לאָקאַל 17, אז ער באַ־שרענקט נישט זיין מיטגלידערשאַפט נאָר אויף ארבייטער ביי ריפּערס און קינדער מאַנטלען, נאָר ער רייסט זיך אויך אריין אין דער יורידיקציע פון לאָקאַל 1 און אז זיינע מיטגלידער זיינען באַשעפטיגט ביי גרויסע פרויען מאַנטלען, ווערט דערמיט באַשאַ־פען אַ קאָנקורענץ אין די שעפּער צווישען די מיטגלידער פון לאָקאַל 1 און לאָקאַל 17. יענע קאָנווענשאָן האָט באַשטימט אַ קאָמיטע צו אונטערזוכען די קלאַגען און די קאָמיטע האָט זיי געפונען ריכטיג, האָט וועגען דעם באַריכטעט צו דער קאָנ־ווענשאָן אין טאָראָנטאָ פון 1912, וועלכע האָט באַשלאָסען גוטצוהייסען דעם רעפּאָרט און אינסטרואירט לאָקאַל 17 זיך צו באַשרענקען לויט די רעכט פון איהר טשאַרטער. די דאַ־מאַלסדיגע גענעראַל עקזעקוטיווע האָט געמאַכט אַ פאַרזוך דורכ־צופירען די רעזאָלוציע פון דער קאָנווענשאָן אין לעבען, אָבער דער פאַרזוך איז צושטערט געוואָרען דורך אן אינדזשאַנקשאָן, וואָס לאָקאַל 17 האָט ארויסגענומען, און

„אַזוי ווי זייט יענער צייט האָט לאָקאַל 17 פאָרטגעזעצט זיך אריינצורייסען אין דער יורידיקציע פון לאָקאַל 1, אין דער אָפּטיילונג פון פרויען קליידער אין פאַרשידענע שעפּער און האָט אין דער זעלבער צייט פאַרנאַכלעסיגט צו אָרגאַני־זירען אַזעלכע שעפּער, וועלכע זיינען ווירקליך אונטער איהר יורידיקציע, און

„אַזוי ווי מיר דענקען, אז זייער האַנדלונג און טאַקטיק

האָט געפירט צו אַ דעמאָראַליזאַציע אין טרייד און אַז פילע באַ־לעבאַטים האָבען זיך באַנוצט מיט דער צוויספּאַלטיגקייט צווישען די צוויי לאָקאַלס און אַרויסגעקראַגען זייער אַרבייט ביליגער, דעריבער זיי עס

„באַשלאָסען, אַז די קאָנווענשאָן זאָל אינסטרואירען די אַריינקומענדע גענעראַל עקזעקוטיווע צו מאַכען אַ פולשטענדיגע אונטערזוכונג פון די איבלען, וועלכע זיינען אַנטשטאַנען צוליב דער עקזיסטענץ פון צוויי לאָקאַלס פון זעלבען פאַך אין איין שטאָדט, און אויב זיי וועלען געפינען די באַדינגונגען אַזוי ווי אויבען אָנגעוויזען, זאָל די גענעראַל עקזעקוטיווע זיין באַפאָל־מעכטיגט און אינסטרואירט אָפּצושאַפען די דאָזיגע איבלען און אויב נויטיג, אויפצולעזען די צוויי עקזיסטירענדע לאָקאַלס און עטאַבלירען פון זיי איין לאָקאַל, איינגעטיילט אין ברענטשעס, אין איינקלאַנג מיט דעם סאָרט אַרבייט, וואָס ווערט געמאַכט פון די צוויי לאָקאַלס, און זיי עס ווייטער

„באַשלאָסען, אַז די דאָזיגע אונטערזוכונג זאָל געמאַכט ווערען אין פאַרלויף פון די קומענדע זעקס חדשים".

די רעזאָלוציאָנס־קאָמיטע פון דער קאָנווענשאָן האָט מיט דער צושטימונג פון די דעלעגאַציעס פון לאָקאַל 1 און לאָקאַל 17 אָנגענומען אַן אַנדער רעזאָלוציע, אין וועלכער עס ווערט פעסטגעשטעלט, אַז ס'איז נישטאָ קיין שאַרפע פונאַנדערטיילונג צווישען דער אַרבייט פון די מיטגלידער פון דיביידע לאָקאַלס, אַז מ'זאָל קענען גענוי אָנווייזען וואו עס ענדיגט זיך די יורים־דיקציע פון איין לאָקאַל און וואו עס הייבט זיך אָן די יורים־דיקציע פון צווייטען. דאָס שאַפט אַ רייהע מיספאַרשטענדע־נישען און קלאַגען פון איין לאָקאַל אויפ'ן צווייטען אין באַצוג צו פרייזען און אַנדערע אַרבייטס־באַדינגונגען. דעריבער ווערט איבערגעגעבען צו דער צוקונפטיגער גענעראַל עקזעקוטיווע צו מאַכען אַ גרינדליכע אונטערזוכונג וועגען דער לאַגע און אויס־אַרבייטען פלענער ווי אַזוי אין דער צוקונפט אויסצומיידען רייַ־בונגען צווישען די צוויי לאָקאַלס. ביידע לאָקאַלס האָבען זיך פאַרפליכטעט אויסצופירען דעם באַשלוס פון דער גענעראַל עק־זעקוטיווע.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז דאָס זעלבע איז אויך גילטיג פאַר די באַציהונגען פון לאָקאַל 9 צו לאָקאַל 17.

די צייט פון דער 13־טער קאָנוועגשאָן ביז דער 14־טער איז געווען פאר לאָקאל 1 זעהר א שווערע. אינערליכע ריי־בונגען און סכסוכים האָבען שיר פארניכטעט דעם גאנצען לא־קאל 1. דאָס איז געווען די צייט פון דער „רובין אפּערע”.

ס'איז דעמאָלט געווען אונמעגליך צו מאכען ראדיקאלע ענדע־רונגען אין די באציהונגען צווישען לאָקאל 1 און לאָקאל 17. די רעזאָלוציע פון דער פילאדעלפיער קאָנווענשאָן איז דעריבער ניט דורכגעפירט געווארען.

אָבער די באציהונגען פון די ביידע לאָקאלס זיינען מיט דעם ניט בעסער געוואָרען. פארקערט, די רייסערייען זיינען געוואָרען נאָך ערגער. זיי האָבען זיך אריבערגעטראָגען צו דעם דזשאָינט באָארד און גאנץ אָפט איהם געשטערט צו פירען די נאָרמאלע רוטינע ארבייט. די רובין אדמיניסטראציע פון לאָקאל 1 האָט די פראגע פון לאָקאל 17 אויסגענוצט כדי צו פארשארפען איהר סכסוך מיט דעם דזשאָינט באָארד און מיט דער גאנצער אינטערנעשאָנאל. זי האָט דאָס געמאכט פאר דער וויכטיג־סטער פראגע פון איר קאמף. די גאנצע יוניאָן האָט אָנגע־הויבען צו ליידען פון דעם. דער פארלאנג איין מאָל פאר אלע מאָל צו שליכטען דעם סכסוך איז געווארען אן אלגעמיינער. דער דזשאָינט באָארד איז שוין אויך געווארען שטארק פאראינטע־רעסירט צו לעזען די פּראָבלעם פון לאָקאל 17.

ביי דעם פערטעל־יעהרליכען מיטינג פון דער גענעראל עק־זעקוטיווע פון אויגוסט, 1917, וואו ס'איז פארהאנדעלט גע־ווארען דער סכסוך צווישען דער דאמאלסדיגער אדמיניסטרא־ציע פון לאָקאל 1 און דעם דזשאָינט באָארד און וואו עס איז באשלאָסען געוואָרען אז לאָקאל 1 מוז צוריק אריינטרעטען אין דעם דזשאָינט באָארד, איז אויך באשטימט געווארען א קאָמיטע פון דריי דורכצופירען א גענויע אונטערזוכונג וועגען דער פראגע פון לאָקאל 17. די קאָמיטע איז באשטאנען פון פרעזידענט שלע־זינגער און די וויס־פרעזידענטען ה. סקולמאן פון שיקאגאָ און ס. קאָלדאָווסקי פון טאָראָנטאָ. די קאָמיטע האָט געדארפט „מאכען א פולשטענדיגע אונטערזוכונג אין דער יורישדיקציע פראגע און אין אלע אנדערע סכסוכים צווישען די ארבייטער פון דעם קלאָוק און ריפער טרייד און אריינברייננגען איהר רעפּאָרט און רעקאָ־מענדאציעס צו דעם אָקטאָבער מיטינג פון דער גענעראל עקזעקו־

טיווע. די קאָמיטע האָט אָנגעשטעלט דעם סטאַטיסטיקער דר. פרענק ס. ראָזענבלאַט איהר צו העלפען אין דער אונטערזוכונג.

ס'איז ווידער געמאַכט געוואָרען א גענויע אונטערזוכונג אין די שעפּער. די קאָמיטע האָט פעסטגעשטעלט, אז ס'איז טאַקע אמת, אז אין די שעפּער פון לאָקאַל 17 ווערט די ארבייט גע־מאַכט ביליגער, הגם די ארבייטער, צוליב דער ביליגקייט פון דעם סאָרט ארבייט און די איינפאַכערע ארבייטס־מעטאָדען, פאַרדי־נען וועכענטליך נישט וויניגער און גאַנץ אָפט נאָך מערער, ווי אין די שעפּער פון לאָקאַל 1. דער רעזולטאַט אָבער איז דאָך, אז עס עקזיסטירט אַ קאָנקורענץ צווישען די מאַנופעקטשורערס פון די שעפּער פון לאָקאַל 17 און לאָקאַל 1, צוליב וועלכען די ארבייטער פון לאָקאַל 1 ליידען זעהר פיל.

די קאָמיטע איז אָבער איבערצייגט, אז דורך ענדערען די יוריסדיקציע פון די לאָקאַלען וועט מען די פּראָבלעם נישט לעזן. זי האָט טיפערע וואָרצלען אין עקאָנאָמישען לעבען. די קאָנקורענץ צווישען די מאַנופעקטשורערס נעמט זיך ניט פון איבערטרעטען די יוריסדיקציע געזעצען פון דער אינטערנעשאָ־נאַל, נאָר פון באַנוצען זיך מיט נייע און איינפאַכערע מעטאָדען פון מאַסען־פּראָדוקציע און א ריי אנדערע אורזאַכען, וואָס מאַכען ביליגער די פּראָדוקציע.

לאָקאַל 1 איז דעמאָלט נאָר וואָס דורכגעגאַנגען דעם פּראָ־צעס פון רעאָרגאַניזאַציע, דורך וועלכען די אדמיניסטראַציע פון מ. רובין איז באַזייטיגט געוואָרען. נישט אַלע אפּערייטאָרס האָ־בען שוין באַלאַנגט צום נייעם רעאָרגאַניזירטען אפּערייטאָרס לאָ־קאַל 1. ער איז נאָך געווען גאָר שוואַך, און די גענעראַל עקזע־קוטיווע האָט, ווייזט אויס, געהאַלטען פאַר נישט צוועקמעסיג אין יענעם מאָמענט דורכצופירען ראַדיקאַלע רעפאָרמען אין די באַציאונגען צווישען לאָקאַל 1 און לאָקאַל 17. זי האָט נאָר באַשלאָסען איניגע פּראַגען, וועלכע האָבען באַדאַרפט צייטווייליג פאַרקלענערען די רייבונגען און סכסוכים צווישען די לאָ־קאַלען.

זי האָט באַשלאָסען, אז:

1) די קלאַגען פון די ארבייטער אין די לאָקאַל 17 שעפּער זאָלען ערלעדיגט ווערען פון דער דזשאָינט באָארד און נישט

פון באזונדערען דעפּאַרטמענט פון לאָקאַל 17, ווי ס'איז געווען פריהער;

2) דער דזשאָינט באָארד זאָל אָנשטעלען מענשען וואָס זיינען גוט באקאנט מיט די פארשידענע קלאַסען ארבייט, וועל־כע ווערען געמאכט אין די שעפּער פון לאָקאַל 17 און מיט דעם סיסטעם פון זייער ארבייט;

3) יעדער גוטשטעהענדער מיטגליד, פון וועלכען עס איז לאָקאַל, וואָס איז פארבונדען מיט דעם דזשאָינט באָארד, זאָל האָבען א רעכט צו ארבייטען אָהן א טראַנספער אין יעדען שאפּ קאָנטראָלירט פון דעם דזשאָינט באָארד;

4) אַלע יוריסדיקציע סכסוכים, וואָס וועלען פאָרקומען צווישען לאָקאַל 17 און אַנדערע לאָקאַלס פון דעם דזשאָינט באָארד, זאָלען איבערגעגעבען ווערען צום פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל, און געגען זיין ענטשיידונג זאָל מען קענען אפּעלירען נאָר צו דער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל.

די אַלע פּאַראָרדנונגען דארפען בלייבען אין קראַפט ביז דער נעקסטער קאָנווענשאָן פון 1918, וואו אַלע יוריסדיקציע פּראָ־גען וועלען אנטגילטיג באשטימט ווערען.

די באַאמטע פון לאָקאַל 17 האָבען צום אָנהויב דאָס נישט געוואָלט אנערקענען. זיי האָבען זיך אנטזאגט איבערצוגעבען זייער „קאָמפּליינט דעפּאַרטמענטס" צום דזשאָינט באָארד און צו שיידען זיך מיט דער ברייטער אויטאָנאָמיע, וואס זיי האָבן געהאט. די גענעראַל עקזעקוטיווע האָט דעריבער געוואָרענט די באַאמטע פון לאָקאַל 17, אז אויב זיי וועלען ביז דעם 1־טען מערץ, 1918, נישט דורכפירען דעם באשלוס, וועט דער לאָקאַל אויסגעשלאָסען ווערען פון דער אינטערנעשאָנאַל. דאָס האָט גע־ווירקט. דער לאָקאַל האָט, ווייניגסטענס פאָרמעל, דורכגעפירט דעם באשלוס פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע.

צווישען די קלאַגען וואָס פּ. קאָטלער, דעמאָלט דער סעק־רעטער פון רעאָרגאַניזירטען לאָקאַל 1, האָט אריינגעבראכט אין דזשאָינט באָארד געגען לאָקאַל 17, איז געווען די באשולדיגונג, אז לאָקאַל 17 האָט זיך באַנוצט מיט דעם כאַאָס וואָס האָט עקזיסטירט אין לאָקאַל 1, ווען די רובין־ביזנאָ אַדמיניסטראַציע איז באזייטיגט געוואָרען דורך דער אינטערנעשאָנאַל און אַלע מיטגלידער פון לאָקאַל האָבען זיך געדאַרפט קומען רעגיסטרירען



די דעלעגאַציע פון לאָקאל 1 צו דער קאָנוועגשאָן פון דער אינטערנעשאָנאל אין טאָראָנטאָ אין 1912.
פון רעכטס צו לינקס, פאָדערשטע רייה: ב. לעווענטאַל, ס. רינגער, מ. סטאָלצער, א. אַקסעלראָד, ה. גראָססמאַן, פּ. ראָזענ-בערג, אייב ראָזענבערג, ס. מעטץ, ב. שלעזינגער, ב. זלאַטשין, ה. וואַגנער; הינטערשטע רייה: י. שעף, מ. י. אַשפּיז.



אָפּיס סטעף פון לאָקאַל 1. — פון רעכטס צו לינקס: לואיס ליוואַי, מענעדזשער; סעלמאַ לעווענטאַל, נ. דייוווידאָף — הויפּט בוכהאַלטער, סיד לעווין, עלסי פריד, ב. גאָלוב — געהילפס-מענעדזשער.

און אַרויסנעמען נייע יוניאָן ביכלעך. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז מערערע, וואָס האָבען סימפּאַטיזירט מיט דער רובין־אַדמיניסטראַציע, זיינען געוואָרען מיטגלידער פון לאָקאַל 17 איידער צו געהן אין דעם רעאָרגאַניזירטען לאָקאַל 1. אין דער קלאַגע ווערט דערצעהלט, אַז די אַרבייטער פון צוויי שעפּער — פון ה. זיידענבערג און ס. פרידמאַן — זיינען געגאַנגען צו א. ביזנאַ פרעגען וואָס צו טאָן, און ער האָט זיי געראַטען, אַז זיי זאָלען בעסער ווערען מיטגלידער אין לאָקאַל 17.

די 14־טע קאָנווענשאָן פון 1918 אין באָסטאָן, האָט זיך ווידער געמוזט ברייט פאַרנעמען מיט דער לאָקאַל 17 פראַגע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז לאָקאַל 17 האָט נישט דורכגעפירט לאָיאַל די פאַראָרדנונגען פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע. לאָקאַל 1 האָט זיך כסדר געמוזט קלאָגען פאַר'ן דזשאָינט באָארד, אַז לאָקאַל 17 פירט נישט דורך די אָנגענומענע באַשלוסען און אַז אין די שעפּער פון לאָקאַל 17 ווערען די מיטגלידער פון לאָקאַל 1 כסדר דיסקרימינירט. מ'לאָזט זיי דאָרט נישט אַרבייטען.

דער דזשאָינט באָארד האָט צו דער קאָנווענשאָן אַריינגעטראָגען 15 קלאַגען, וואָס לאָקאַל 1 האָט צו איהר געמאַכט געגען די האַנדלונגען פון לאָקאַל 17.

ל. לאַנגער, דער סעקרעטאַר פון דזשאָינט באָארד, האָט אין נאָמען פון דזשאָינט באָארד אַריינגעטראָגען א רעזאָלוציע, לויט וועלכער די קאָנווענשאָן ווערט געבעטען צו מאַכען א סוף צו די יוריסדיקציע סכסוכים פון די לאָקאַלס 1 און 9 מיט לאָקאַל 17, ווייל דאָס שטערט כסדר די נאָרמאַלע אַרבייט פון דזשאָינט באָארד.

די דעלעגאַטען פון לאָקאַל 1, — ווּמ. בלום, פּ. קאַפּלאָוויטש, איזראַעל פיינבערג, הערי וואַגנער, מ. י. אַשפּיז, ס. י. רינגער, מ. וואָלבערג, ס. סאַפּין, נ. היינס און א. סטודענט, האָבען אין נאָמען פון זייער לאָקאַל אַריינגעטראָגען א רעזאָלוציע, וואו זיי האָבען געפאָדערט אַז לאָקאַל 1 און לאָקאַל 17 זאָלען פאַראייניגט ווערען אין איין לאָקאַל. די דעלעגאַטען פון לאָקאַל 17 ווידער, האָבען אַריינגעבראַכט א רעזאָלוציע, אין וועלכער זיי האָבען געפאָדערט די קאָנווענשאָן זאָל אָפּשאַפען דעם לעצטען באַשלוס פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע און צוריקגעבען דעם לאָקאַל די אַלע אויטאָנאָמע רעכטען, וואָס ער האָט געהאַט פריהער, און אַז דער לאָקאַל 17 זאָל צוגענומען ווערען פון

דער יוריסדיקציע פון דזשאָינט באָארד און זאָל זיך געפינען אונ־טער דער דירעקטער אויפזיכט פון דער אינטערנעשאָנאל.

די דעלעגאציע פון לאָקאל 1 האָט צו דער קאָנווענשאָן גע־בראכט גאנצע קאסטענס קלאָוקס, וואָס זיינען געמאכט געוואָרען אין לאָקאל 17 שעפּער, צו ווייזען, אז אונטער דער יוריסדיקציע פון לאָקאל 17 געפינען זיך ניט בלויז ריפער־שעפּער נאָר אויך קלאָוק־שעפּער.

נאָך לאנגע דיסקוסיעס און אינטערהאנדלונגען צווישען די דעלעגאציעס פון לאָקאל 1 און 17, מיט דער דירעקטער מיט־הילף פון פּרעזידענט שלעזינגער, האָבעןביידע צדדים זיך געאיי־ניגט אויף איין רעזאָלוציע, וועלכע האָט איבערגעגעבען די גאנצע אויפזיכט איבער אלע שעפּער פון לאָקאל 17 צום דזשאָינט באָארד. אייגענטליך איז די איינינגונג געוועזען ניט קיין גאנץ פרייוויליגע, נאָר גיכער אן ארויפגעצוואונגענע פון פּרעזידענט ב. שלעזינגער. ס'איז אויך באשלאָסען געוואָרען אז קיינע מיטגלידער פון די ביידע לאָקאלס טאָרען נישט פּריווילעגירט ווערען ביים קריגען ארבייט אין די שעפּער. אין אלגעמיין האָט די קאָנווענשאָן באַ־שטעטיגט די באשלוסען פון דער גענעראל עקזעקוטיווע פון נאָ־וועמבער, 1917, נאָר זי האָט זיי גענויער און דייטליכער פאָר־מולירט.

ביי דער קאָנווענשאָן איז אויך, לויט דעם פאַרלאַנג פון לאָ־קאל 9, נאָך א לאנגער דעבאטע, באשלאָסען געווארען, אז די ארום 200 פינישערס, וואָס געפינען זיך אין לאָקאל 17, זאָלען טראנספּער־רירט ווערען צו לאָקאל 9. דער באשלוס איז נאָך דער קאָנ־ווענשאָן דורכגעפירט געווארען. לאָקאל 17 איז דערמיט שוין גע־בליבען אויסשליסליך אן אפּערייטארס לאָקאל.

ס'איז אָבער שטענדיג לייכטער אָנצושרייבען און אָנצונעמען גלאטע, צוגעשליפענע קאמפּראָמיס־רעזאָלוציעס, איידער זיי פּאקט־טיש דורכצופירען. אין פּראקטישען לעבען אָבער ווערען עקאָ־נאָמישע קאָנפליקטען געוועהנליך נישט באזייטיגט דורך רעזאָ־לוציעס, אויב זיי דריקען נישט אויס די אמת'ע באדערפענישען פון די שטרייטענדע גרופּען און צדדים.

די רעזאָלוציע פון דער 14־טער קאָנווענשאָן פון 1918, הגם זי איז אָנגענומען געווארען מיט דער צושטימונג פון ביידע צדדים, האָט אָבער דעם קאָנפליקט נישט אָפּגעשאפט אין לעבען. סכסוכים

און רייבונגען צווישען דיביידע אפערייטאָר לאָקאלס האָבען נישט אויפגעהערט. די פראגע איז אויפגעהויבען געוואָרען אויף דער 15טער און 16טער קאָנווענשאָן, אָבער אָן רעזולטאַטען.

ביי דער 17־טער קאָנווענשאָן אין באָסטאָן, פון 1924, איז די פראגע איבערגעגעבען געוואָרען צו דער גענעראל עקזעקוטיווע מיט דער פולמאכט צו האנדלען ווי זי וועט געפינען פאר נויטיג.

חוץ לאָקאל 17 האָט זיך שוין פון גאָר לאנג געפונען אין ניו יאָרקער דזשאָינט באָארד אויך דער אפערייטאָרס לאָקאל 11, פון בראָנזוויל, וועמעס מיטגלידער האָבען פאקטיש גאנץ אָפט גע־ארבייט אין די ניו יארקער שעפּער.

צום צווייטען פערטעל־יעהרליכען מיטינג פון דער גענעראל עקזעקוטיווע, אָקטאָבער, 1924, איז געקומען א דעלעגאציע פון לאָקאל 1 און געפאָדערט, אז די אפערייטאָרס פון לאָקאל 1, 11 און 17 זאָלען צונויפגעגאָסען ווערען אין איינעם. די דעלעגאַ־ציע האָט ערקלערט, אז די עקזיסטענץ פון די דריי אפערייטאָר־לאָקאלס אין ניו יארק איז געגען דער קאָנסטיטוציע פון דער אינ־טערנעשאָנאל, אז דאָס שאפט א קאָנקורענץ צווישען די אפערייטארס און נידערט אראָפּ זייער ארבייטס־לוין און זייערע פארדינסטען, און ווייל יעדער לאָקאל באזונדער נעמט אריין צו זיך נייע מיט־גלידער, שאפט זיך דורכדעם א גרויסער איבערפלוס פון אפּע־רייטאָרס אין קלאוק־טרייד און דאָס מאכט נאָך ערגער די איצ־טיגע לעבענס־באדינגונגען פון די קלאוק אפערייטאָרס. די אור־זאכען, וועלכע האָבען אמאָל בארעכטיגט די עקזיסטענץ פון לאָקאל 17, זיינען שוין לאנג פארשוואונדען. כמעט אלע ריפער אפּע־רייטאָרס זיינען שוין איצט גוטע קלאוקס אפערייטאָרס און אר־בייטען אין די רעגולערע קלאוק שעפּער. ס'איז דעריבער נישטאָ קיין בארעכטיגונג פאר דער עקזיסטענץ פון די דריי באזונדערע קלאוק אפערייטאָר לאָקאלס אין ניו יארק. פארקערט, זייער עקזיסטענץ ברענגט פיל שאָדען און דעמאָראליזאציע פאר די קלאוקמאכער. די דעלעגאציע איז באשטאנען פון ל. הארָאוויץ, טשערמאן פון לאָקאל, ל. ליוואי, מענעדזשער, ב. שעהן, ב. מאָזער, מ. נאכלין, ס. שעלי און י. וויינשטיין.

נאָך א לאנגע און ערנסטע דיסקוסיע, וועלכע האָט צוגענומען גאנצע זעקס זיצונגען, האָט די גענעראל עקזעקוטיווע דעם 12־טען אָקטאָבער, 1924, באשלאָסען צוריקצוציהען די טשארטערס פון

די לאָקאלס 1, 11 און 17 און שאפּען איין פאראייניגטען אפּעריי־טאָרס לאָקאל. פּרעזידענט זיגמאן האָט באשטימט א קאָמיטע פון 5 וויס־פּרעזידענטען אויסצופירען אָט דעם באשלוס. אין דער קאָמיטע זיינען אריין איזראעל פיינבערג, הערי וואנדער, דזשייקאָב האלפּערן, מאקס אָמדור און מאיר פּערלשטיין. פּערל־שטיין איז געווארען טשערמאן פון דער קאָמיטע און האלפּערן איהר סעקרעטאר.

דעם 28־טען אָקטאָבער האָט דער אָפיס פון דער אינטערנע־שאָנאל, אין א בריף אונטערגעשריבען פון פּרעזידענט מאָריס זיג־מאן און סעקרעטאר־טרעזשורער אב. באראף, געמאָלדען די דריי לאָקאלען, אז זיי ווערען צונויפגעשמאָלצען אין איין לאָקאל, וועל־כער וועט זיך רופען „קלאָוק, סוט ענד ריפער אפּערייטאָרס יוניאָן אָוו גרעיטער ניו יאָרק, לאָקאל נאָמבער 2". דעם 29טען אָקטאָבער איז ארויסגעגעבען געווארען דער נייער טשארטער און דעם 3־טען נאָוועמבער איז אינסטאָלירט געווארען די צייטוויילינע עקזעקוטיווע פון 25 מענשען, באשטימט דורך דער גענעראל עק־זעקוטיווע, וועלכע האָט באדארפט ביז אין אָנהויב פעברואר פאר־וואלטען מיט'ן נייעם לאָקאל. וויס־פּרעזידענט מ. פּערלשטיין איז באשטימט געווארען אלס צייטווייליגער אדמיניסטראטאָר פון נייעם לאָקאל 2.

די פירער פון לאָקאל 17 האָבען אָבער ניט געוואָלט זיך אונטערוואַרפען דעם באשלוס פון דער גענעראל עקזעקוטיווע. זיי האָבען געדונגען דעם באקאַנטען לאָיער סעמיועל סיבורי און ער האָט אויף דעם נאָמען דזשייקאָב העלער, סעקרעטאר פון לאָקאל 17, און הערי סארנער, פּרעזידענט פון לאָקאל, געקראָגען פון געריכט א צייטווייליגען אינדזשאָנקשאָן, וואס פאר־באָט דעם דזשאָינט באָארד און דעם נייעם לאָקאל 2 און דער אינטערנעשאָנאל אָנצוגעהן ווייטער מיט דער ארבייט פון צונויפ־גיסען די דריי לאָקאלס אין איינעם.

דער דאָזיגער אינדזשאָנקשאָן האָט ארויסגערופען זעהר שטארקע פּראָטעסטען און פארדאמונגען אין דער גאנצער אידי־שער ארבייטער באוועגונג געגען די פירער פון לאָקאל 17.

די אידישע ארבייטער באוועגונג איז ניט געווען צוגעוואוינט אז ארבייטער זאָלען זייערע אינערליכע יוניאָן פראגען ברייננען אין געריכט. עס איז געווען געגען דער גאנצער עטיק און מאָ־

ראַל פון דער אידישער ארבייטער באוועגונג צו געהן אין א קאַ־פּיטאַליסטישען געריכט, אז עס זאָל זיך ארײנמישען אין זייערע אינערליכע אָרגאַניזאַציאָנס פראגען.

עס זיינען ארויסגעקומען מיט אַ פּראָטעסט אפילו די מיט־גלידער פון דער עקזעקוטיווע פון לאָקאל 17. דאָס זיינען גע־ווען מ. וויסבלאַט, איזידאָר מאָסקאָוויטש און ב. מען.

דעם 17־טען נאָוועמבער איז פאָרגעקומען אין געריכט דער פאַרהער וועגען מאכען דעם צייטווייליגען אינדזשאָנקשאָן פאר א שטענדיגען.

לאָקאל 17 איז געווען פארטרעטען דורך סעמיועל סיבורי, און די אינטערנעשאָנאל האָט פארטראָטען מאָרים הילקוויט. אויס־הערענדיג די ארגומענטען פוןביידע לאָיערס האָט דער ריכטער זיי געבעטען אליין צו קומען צווישען זיך צו א פארשטענדיגונג און ניט צווינגען איהם ארויסצוגעבען א באשלוס.

די פירער פון דער אינטערנעשאָנאל האָבען מיט אלע מעג־ליכקייטען געוואָלט אויסמיידען, אז די פראגע זאָל ענטשידען ווע־רען דורכ'ן געריכט. זיי האָבען דעריבער פאָרגעשלאָגען, אז די גאנצע פראגע וועגען פאראייניגען די דריי אפערייטאָר לאָקאלס זאָל איבערגעהן צו א רעפערענדום פון אלע מיטגלידער פון דער אינטערנעשאָנאל. די פירער פון לאָקאל 17 האָבען אָבער עס צוריקגעוויזען. זיי האָבען גאנץ גוט געוואוסט, אז די ברייטע מיט־גלידערשאפט פון דער אינטערנעשאָנאל שטעהט מיט דער גענע־ראל עקזעקוטיווע.

אין דעם שטרייט האָט זיך אויך ארײנגעמישט דער דאַ־מאָלסדיגער פּרעזידענט פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייד־באָר, גאָמפּערס, צו וועמען די פירער פון לאָקאל 17 האָבען זיך געווענדעט. ער האָט אָבער צוויי מאָל אויסדריקליך אויפגעפאָ־דערט דזש. העלער'ן אויסצופירען די באשלוסען פון דער אינ־טערנעשאָנאל.

נישט האָבענדיג קיין שטיצע און קיין סימפּאַטיע פון וועל־כען עס איז טייל פון דער ארבייטער באוועגונג, און נישט זייענ־דיג זיכער, אז דער באשלוס פון קאורט וועט זיין צו זייער גונס־טען, האָבען די פירער פון לאָקאל 17 סוף כל סוף געמוזט אויפ־געבען זייער קאמף.

אין דער ווירקליכקייט האָט דער אינדזשאָנקשאָן ניט גע־

קענט דורכגעפירט ווערען, ווייל די מיטגלידער פון לאָקאל 17 האָבען זיך געמוזט טראנספערירען צו לאָקאל 2, ווייל די מיט־גלידער פון די אנדערע לאָקאלס האָבען מיט זיי ניט געוואָלט ארבייטען צוזאמען ווי לאנג זיי האָבען ניט געפאָלגט דעם באַ־שלוס פון דער יוניאָן.

די שפּעטערדיגע יאָהרען זיינען פאר דער אינטערנעשאָנאל געווען זעהר שווערע. די יוניאָן האָט אָנגעהויבען שטארק צו ליי־דען פון דער שלעכטער לאגע אין טרייד, וואס איז געווען א רע־זולטאט פון א גאנצע רייהע אינערליכע ענדערונגען אין דער קלאוק און דרעס אינדוסטריע. ס'האָט זיך אָנגעהויבען דער אינערליכער קאמף מיט די קאָמוניסטען. די יוניאָן האָט איבערגעלעבט דעם אומגליקליכען גענעראל סטרייק פון די קלאוק מאכער אין ניו יאָרק פון 1926, געפירט פון די קאָמוניסטען. עס איז נאָכדעם געקומען די רעאָרגאניזאציע פון די לאָקאלס פון דער קלאָוק־מאכער און דרעסמאכער יוניאָן און דער גרויסער אינערליכער קאמף, וואָס האָט צוטרייסעלט די גאנצע יוניאָן.

דער קאמף וואס זיגמאן האָט אונטערגענומען מיט די קאָ־מוניסטען האָט זיך ארויסגעוויזען א סך שווערער ווי ער האָט זיך עס פאָרגעשטעלט. און נאָך ערגער איז געווען וואס אין דער פירערשאפט פון דער אינטערנעשאָנאל האָבען זיך אָנגעפאנ־גען באַווייזען מיינונגס־פארשידענהייטען. עס האָבען זיך אָנ־געפאנגען רייבונגען אין די אייגענע רייהען. די קלאוקמאכער יוניאָן איז געווען אינעווייניג צוריסען און וואָס ווייטער דער קאמף האָט אָנגעהאלטען אלץ שטארקער איז געוואָרען ביי מערערע דער צווייפעל אויב מען קען איהם אויף דעם וועג, וואס זיגמאן פירט איהם, געווינען. ביסלעכווייז האָט זיך אויסקריסטאליזירט א גרופּע אין דער פירערשאפט פון דער אינטערנעשאָנאל, וואס האָט באשלאָסען, אז מען דארף ענדערען דעם פראָנט און אָנ־נעמען א נייע טאקטיק. און א טייל פון פּראָגראם איז געווען צוריק צו עטאבלירען לאָקאל 17, כדי צו פארשטארקען די איי־גענע רייהען.

אב. ראָזענבערג, דער געוועזענער פּרעזידענט פון דער אינ־טערנעשאָנאל, האָט געשריבען זיגמאנ'ען א פּריוואטען בריף וועגען דער לאגע אין דער יוניאָן ווי ער זעהט איהר. ער שטעלט זיך באזונדערס אָפּ וועגען דער לאָק. 17 פראגע און שרייבט אזוי:

„איהר ווייסט אפשר ניט, אז אין דער צייט פון דעם „דזשאָינט עקשאָן״ קאמף זיינען די געוועזענע לאָקאל 17 מיטגלידער גע־ווען שטאָל און אייזען מיט דער דזשאָינט עקשאָן קאָמיטע. פאר־געסט ניט, אז די צוויי טויזענט מיטגלידער, וואס לאָקאל 17 האָט געהאט, האָבען געזוכט צו נעמען נקמה פון אייך פאר דער אויפלייזונג פון זייער לאָקאל. ביי דער איצטיגער צייט, ווען די קאָמוניסטען שטעלען זיך ניט אָפּ פאר קיינע געמיינהייטען אונזער אינטערנעשאָנאל צו צוברעכען, וואָלטען מיר ווענינסטענס גע־דארפט האָבען אין אונזערע רייהען אזעלכע מיטגלידער, וואס זאָלען וועלען טאָן די ארבייט וואָס נויטיגט זיך. נאָר אָנשטאָט דעם האָבען מיר אין אונזערע רייהען שונאים״.

דער שרייבער פון בריף באמערקט, אז אויף די עלטערע מיטגלידער פון לאָקאל 1 קען מען זיך ניט פארלאָזען, אז זיי וועלען פירען דעם קאמף און א פשיטא שוין ניט אויף די פינישערס, און ער קומט דעריבער צום שלוס, אז דער איינציגער וועג איז „צוריק עטאבלירען לאָקאל 17, וועלען זיי, ערש־טענס, האָבען א צוויי טויזענד פריינד אנשטאָט שונאים. אויך וועלען זיי זיך אריינוואָרפען אין קאמף און זיי וועלען שוין פארטיג ווערען מיט די קאָמוניסטען. זיי קענען און זיי זיינען וויליג צו טאָן די ארבייט. זיי זיינען צוזאמענגעשטעלט פון א אינגערען עלעמענט און זיי וועלען זיכער וועלען ווייזען וואס זיי קענען אויפטאָן.״

צום סוף פון בריף דערצעהלט ער זיגמאנ׳ען, אז ער האָט וועגען דעם גערעדט מיט ד. דובינסקי, דזש. ברעסלאו און ב. שלעזינגער, און אלע דריי האָבען איהם געזאָגט, אז אויב לאָקאל 17 וועט ניט צוריק עטאבלירט ווערען, קען מען ניט ערווארטען קיין ערפאָלג אין דעם איצטיגען קאמף.

אויף דער 19-טער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאל אין באָסטאָן, אין 1928, איז אריינגעבראכט געווארען פון 30 דע־לעגאטען פון די לאָקאלס 10, 3, 21, 23, 48, 35, 82, 22 און 2, א רעזאָלוציע צוריק אויפצולעבען דעם ריפער מאכערס לאָ־קאל אין ניו יאָרק. די רעזאָלוציע איז אונטערגעשריבען געווא־רען פון י. נאגלער, ס. פערלמוטער, ד. דובינסקי, ס. נינפאָ, י. ברעסלאו און אנדערע.

די יוריסדיקציע קאָמיטע פון דער קאָנווענשאָן, וועלכע האָט פאַרהאַנדעלט וועגן דער רעזאָלוציע, האָט אַריינגעבראַכט אַ רעקאָמענדאַציע, אַז אַ קאָמיטע פון 4 מיטגלידער, וועלכע זאָלן רעפּרעזענטירען 4 שטעדט אויסער ניו יאָרק, צוזאַמען מיט אַ פאַרטרעטער פון עקזעקוטיוו קאָונסיל פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר, זאָלען אין פאַרלויף פון 90 טעג מאַכען אַ גרינדליכע אונטערזוכונג וועגען דער פראַגע. זייער באַשלוס זאָל זיין פאַרפליכטענד פאַר דער צוקינפטיגער גענעראַל עקזעקוטיווע. די קאָנווענשאָן האָט די רעקאָמענדאַציע אָנגענומען און בשטימט אַ קאָמיטע פון אַ. גילבערט, פון סט. לואיס; לואיס פרענד, פון קליוולאַנד; דזש. רובין, פון פילאַדעלפיע און מ. נאָוואַק, פון שיקאַגאָ. די אַמעריקען פעדערישאָן אָוו לייבאָר האָט שפּעטער צוגעשיקט איהר וויצע-פּרעזידענט מעטיו וואָל, וועלכער איז אויך געוואָרען דער טשערמאַן פון דער קאָמיטע.

צום צווייטען פערטעל-יעהרליכען מיטינג פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע אין אָקטאָבער, 1928, האָט די קאָמיטע צוגעשטעלט איהר רעפּאָרט, מיט דער רעקאָמענדאַציע אַז עס דאַרף צוריק עטאַבלירט ווערען אַ באַזונדער לאָקאַל יוניאָן אונטער דעם נאָמען „אינפענטס, טשילדרען און ריפער מאַכערס", און אַז די יוריסדיקציע פון דעם לאָקאַל 17 זאָל זיין באַגרענעצט צו „אינפענטס, טשילדרענס און ריפער גאַרמענטס ביז צום סאַיז 16 אָדער 17, און אַלע אַנדערע גאַרמענטס, מאַכט ניט אויס וואָס פאַר אַ סאָרט קוואַליטעט, און פון סאַיז 17 אָדער העכער, זאָל זיין די אַרבייט פון די מיטגלידער פון לאָקאַל יוניאַן נומער 2". די קאָמיטע האָט אויך פאָרגעשלאָגען אַ רייהע רעקאָמענדאַציעס, וועלכע דאַרפען אין דער צוקונפט רעגולירען די באַציהונגען און דאָס צוזאַמענלעבען פון לאָקאַל 2 און לאָקאַל 17.

אין דער מאָטיווירונג פון איהר באַשלוס ערקלערט די קאָמיטע, אַז „דער באַריכט איז אין גאַנצען באַגרינדעט אויף דעם יסוד פון אַ ברייטער אויספאָרשונג און די ספּעציעלע קאָמיטע קען איצט, נאָך דער אונטערזוכונג און אויספאָרשונג, ניט געפינען קיין שום אורזאַך פון קריטיק וועגען דעם באַשלוס, וואָס עס איז געמאַכט געוואָרען ביי דער גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאַן מיט 4 יאָהר צוריק. פאַרקערט, די קאָמיטע איז איבערצייגט, און גלויבט,

אז דער דאמאלסדיגער באשלוס איז געווען פאָלשטענדיג באַרעכטיגט".

„די קאָמיטע האָט באטראכט די פראַגע פון אַלע איהרע זייטען, פון אַן אינדוסטריעלען אזוי גוט ווי פון אַן אָרגאַניזאַציאָנעלען שטאַנדפונקט, און אונזערע באַשלוסען זיינען ווי פאָלגט:

„פון אַן אינדוסטריעלען שטאַנדפונקט, גלויבט די ספּעציעלע קאָמיטע, אז ס'איז נישטאָ קיין שום בארעכטיגונג פאר א לאָקאל יוניאָן נומער 17, און לאָקאל 2 איז אין דער פראַגע גערעכט.

„פון אַן אָרגאַניזאַציאָנעלען שטאַנדפונקט, וואָס וועט זיין מער קאָרעקט, ווען מיר וועלען דאָס אָנרופען פון א פּאָליטישען שטאַנדפונקט, איז די מאַיאָריטעט פון דער קאָמיטע מיט דעם גלויבען, אז פאר דער צוטיילונג פון לאָקאל 2 אין צוויי באַזונדערע לאָקאלס — לאָקאל 2 און לאָקאל 17 — איז פאַראַן א באַרעכטיגונג". (רעפּאָרט פון דער ספּעשעל קאָמיטע, אין דער „גערעכטיגקייט" פון 2־טען נאָוועמבער, 1928.)

לויט דעם באַשלוס פון דער ניינצענטער קאָנווענשאָן אין באָסטאָן איז די רעקאָמענדאציע פון אָט דער קאָמיטע געווען בינדענד פאר דער גענעראל עקזעקוטיווע. זי האָט די רעקאָמענדאציע געמוזט דורכפירען אין לעבען.

די עקזעקוטיווע פון לאָקאל 2 האָט אויך פּראָטעסטירט געגען באשלוס פון דער ספּעציעלער קאָמיטע ארויסצוגעבען א טשאַרטער צו די ריפער מאכער. דער באַשלוס פון דער קאָמיטע איז אָבער דורכגעפירט געווארען און פרייטאג, דעם 4־טען יאנואר, 1929, איז צוריקגעגעבען געווארען דער טשארטער פאר א ריפער מאכער לאָקאל צו די אמאָליגע מיטגלידער פון לאָקאל 17.

לאָקאל 2 האָט לאָיאל דורכגעפירט דעם באַשלוס פון דער קאָמיטע און אַלע אינסטרוקציעס פון דער גענעראל עקזעקוטיווע, וואָס זיינען געווען פארבונדען מיט'ן דורכפירען דעם באַשלוס. אָבער די סכסוכים צווישען לאָקאל 2 און לאָקאל 17 האָבען זיך גלייך ווידער אָנגעהויבען. ס'האָט זיך ארויסגעוויזען, אז מ'האָט געצוואונגען מיטגלידער פון לאָקאל 2 צו טראַנספערירען זיך אין לאָקאל 17, אנדערע האָט מען טראַנספערירט אָהן דעם וויסען פון לאָקאל 2, וואס איז געווען געגען דעם באַשלוס פון דער גענעראל עקזעקוטיווע. לאָקאל 2 האָט ווידער געמוזט אָנהויבען

איבערצושיקען זיינע קלאַגעס און טענות צו דער דזשאָינט באָארד און צו דער אינטערנעשאָנאל.

דער קאַמף האָט ניט געקענט אויפהערען. עס זיינען אין איהם געוועזען פארבונדען עקאָנאָמישע אינטערעסען. מערערע פון די מיטגלידער פון לאָקאַל 17 האָבען פראָפּיטירט פון דעם, וואָס זיי זיינען ניט געשטאנען אונטער דעם קאָנטראָל פון לאָקאַל 1. עס האָט זיי געגעבען אַ געלעגענהייט צו האָבען מעהר ארבייט און ממילא מעהר צו פארדינען. לאָקאַל 1 האָט כסדר אָנגעוויזען, אַז דאָס איז אויפ'ן חשבון פון זיינע מיטגלידער, ווייל זיי נעמען אַוועק פון זיי די ארבייט, וואָס באַלאַנגט צו זיי. דאָ איז ניט געוועזען קיין פראַגע פון לאָקאַל פּאַטריאָטיזם. דער פּאַטריאָטיזם איז אויפגעוואַרעמט געוואָרען פאַר'ן צוועק פון די אינטערעסען. אויב לאָקאַל פּאַטריאָטיזם וואָלט אין דעם שטרייט געשפּילט די הויפּט ראָלע וואָלט אויך לאָקאַל 11 אָנגעפירט אַ קאַמף, ווען מען האָט איהם פאראייניגט מיט לאָקאַל 1. און צוליב פּאַטריאָטיזם האָט לאָקאַל 1 ניט געדאַרפט דערלאָזען, אַז מען זאָל פון איהם מאַכען אַ לאָקאַל 2.

און ווייל עס איז געוועזען אַ פראַגע פון אינטערעסען איז דער קאַמף געוועזען אַזאַ לאַנגער און אַזאַ פאַר'עקשנ'טער.

### זעקס־און־דרייסיגסטער קאַפּיטעל

## די גרופּען און די ליגס אין לאָקאַל 1

צו דעם שטענדיגען קאַמף וואָס די יוניאָן האָט כּסדר גע־דאַרפט פירען מיט די באַלעבאַטים האָט זי אויך געהאַט אַ גאַנץ שווערען קאַמף אין אירע אייגענע רייהען. עס האָבען זיך שוין פון פריהער אָנגעפאַנגען אָרגאַניזירען פאַרשידענע גרופּען, אָדער ליגס, אין די לאָקאַלס, וועלכע האָבען געפירט אַ קאַמף איינע געגען די אַנדערע, נאָר וואָס ווייטער איז געוואָרען דער קאַמף שאַרפער און עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז די אינטער־נעשאָנאַל האָט זיך געפילט געצוואונגען צו נעמען אַ שטרענגע שטעלונג געגען דער פאָרמירונג פון גרופּען אין די לאָקאַלס און זיי ערקלערען פאַר אונגעזעצליך.

אָט די פאַרשידענע גרופּען, ליגס, קלובס א. אַז. וו. האָבען אין דער געשיכטע פון לאָקאַל 1 געשפּילט זעהר אַ וויכטיגע ראָלע.

אייגענטליך זיינען אין לאָקאַל 1 און אין אַלע אַנדערע לאָ־קאַלס פון דער יוניאָן כּמעט אַלע מאָל פאָרגעקומען אינערליכע קאַמפען צווישען פאַרשידענע גרופּירונגען. עס איז געננג צו דערמאָנען דעם קאַמף אין לאָקאַל 1 אונטער דער רובין אַדמי־ניסטראַציע. מיינונגס־פאַרשידענהייטען עקזיסטירען שטענדיג און אַרום די מיינונגס־פאַרשידענהייטען גרופּירען זיך מענשען, וואָס קעמפען, אָבער די דאָזיגע גרופּירונגען זיינען געוועהנליך צופעליגע, וואָס ווערען געשאַפען אַרום שטרייט־פראַגען, וואָס אַנטשטעהען אין דער יוניאָן. די גרופּירונגען זיינען אין דעם פאַל ניט קיין שטענדיגע. די מענשען, וואָס זיינען היינט גע־שטאַנען צוזאַמען אין איין שטרייט־פראַגע קענען מאָרגען זיין צו־טיילט אין אַן אַנדער שטרייט פראַגע. אָבער די גרופּען, אָדער ליגס וועגען וועלכע עס האַנדעלט זיך דאָ, זיינען באַשטאַנען פון אַ פאַרבינדונג פון אַ געוויסער גרופּע מענשען, וואָס האָבען גע־

האָט זייער שטענדיגע אָרגאַניזאַציע מיט אַ באַשטימטער פּראָגראַם און זיי זיינען שטענדיג אַרויסגעטראָטען צוזאַמען ניט בלויז אין די פאַרשידענע טאָג־טעגליכע שטרייט־פראַגען אין דער יוניאָן, נאָר האָבען געהאַט אַ געמיינשאַפטליכע אידעע וואָס די יוניאָן דאַרף זיין און ווי זי דאַרף זיך פירען.

אָנגעפאַנגען האָבען זיך די גרופען גראָד ניט אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן נאָר אין דער ניו־יאָרקער ווייסט און דרעסמאַכער יוניאָן. דער אָנפאַנג איז געווען אַ גאַנץ אומשולדיגער מיט דער אָרגאַניזירונג, אין 1917, פון אַ „קאָרענט איווענטס קאָמיטע", וואָס האָט געהאַט דעם צוועק אַריינצוגעבען מעהר נשמה אין דער יוניאָן און אַז דער קאַמף פון דער יוניאָן זאָל זיין ניט בלויז פאַר מעהר ברויט און פוטער, נאָר אויך פאַר אַ העכערען קולטורעלען און גייסטיגען לעבען. אויף די פאַרזאַמלונגען פון דער קאָמיטע האָט מען, נאַטירליך, גערעדט עפּעס וואָס צו זאָגען וועגען די באַאַמטע פון לאָקאַל 25 און אויך וועגען די באַאַמטע פון דער אינטערנעשאָנאַל. אָבער די „קאָרענט איווענטס קאָמיטע" האָט ניט לאַנג עקזיסטירט. מיט אָנדערטהאַלבען יאָהר שפּעטער האָט זיך אָרגאַניזירט אַ גרופּע אונטער דעם נאָמען „וואָירקערס קאַונסיל" און באַלד נאָכדעם אַ נייע אָרגאַניזאַציע אונטער דעם נאָמען „וועלפער ליג". אין דעמזעלביגען יאָהר האָבען זיך אָט די „ליגס", „קאַונסילס" און קאָמיטעס אויך באַוויזען אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן. די הויפּט־פּראָגראַם פון ביידע גרופּעס איז געווען איבערצובויען די יוניאָנס אויף אַן אינדוסטריעלען באַזיס און די פאַרוואַלטונג זאָל זיך געפינען אין די הענט פון אַ קערפּערשאַפט צוזאַמענגעשטעלט פון פאַרטרעטער פון די שעפּער.

דער אונטערשייד צווישען די צוויי גרופּען איז געווען אין דער טאַקטיק און אין די מעטאָדען וואָס דאַרפען אָנגעווענדעט ווערען צו דערגרייכען דעם ציל. עס איז געווען די פראַגע אויב דאָס קען דערגרייכט ווערען דורך „בויערען פון אינווענינג" אָדער דורך „ברעכען פון אויסווענינג". דער „קאַונסיל" איז געווען מיט דער מיינונג, אַז מען קען די אַלטע יוניאָנס ניט איבערמאַכען. זיי זיינען געווען נענטער צו דער מיינונג פון די „אַי דאַבליו דאַבליו", אַז מען דאַרף די יוניאָנס איבערבויען פון דאָס ניי, פון יסוד אויס. די „וועלפער און פּראָפּאַגאַנדאַ ליעג" אָבער

האָט געהאַלטען, אַז מען דאַרף אַרבייטען אין די עקזיסטירענדע יוניאָנס און זיי געווינען פאַר דער אידעע און אויף אַזאַ אופן זיי רעפאָרמירען אָדער איבערבויען פון אינווייניג.

קיין פּראָגראַמען האָבען אין יענער צייט אין אַלגעמיין ניט געפעלט. עס איז געווען אַ צייט, ווען די גאַנצע וועלט איז געווען אויפגערודערט. די גרויסע רוסישע רעוואָלוציע, די איבער־קערעניש אין דייטשלאַנד, עסטרייך און אַנדערע לענדער מיט דער פאַרענדיגונג פון דער מלחמה האָבען צוטרייסעלט די גאַנצע מענשליכע געזעלשאַפט. אין דער אַרבייטער באַוועגונג פון אַלע לענדער איז די שטימונג געווען אַ שטאַרק געהויבענע, אַ רעוואָ־לוציאָנערע. די אַרבייטער האָבען אָנגעפאַנגען פילען שטאַרקער זייער וויכטיגקייט און זייער מאַכט. עס האָט אויסגעוויזען, אַז די אָנקומפט פון אַ נייער סאָציאַלער עפּאָכע איז גאַנץ נאָהענט און דאָס וואָרט „סאָציאַלע רעוואָלוציע" איז געלעגען ביי אַלעמען אויפ'ן צונג. און די גאַנץ גרויסע מאַיאָריטעט פון די מיט־גלידער פון דער יוניאָן איז געווען אַ יונגע און זי האָט ניט געקענט בלייבען רוהיג ווען אומעטום האָט זיך גערודערט. זיי האָבען קריטיקירט די אַלטע פירונגען פון דער יוניאָן, דערביי נאַטירליך אויך די באַאַמטע. זיי האָבען געזוכט נייע פאָרמען פון אָרגאַניזאַציע, האָבען געפאָדערט אַ נייעם גייסט אין דער יוניאָן א. אז. וו.

נאָר אַ מער באַשטימטע באַוועגונג פאַר רעפאָרמען אין דער יוניאָן האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט דער פאָדערונג איינצופירען אַ „שאַפּ דעלעגאַטען סיסטעם", אויף דעמזעלביגען אופן ווי די „שאַפּ סטיוארד סיסטעם" אין ענגלאַנד. אויך אָט די באַוועגונג האָט זיך אָנגעפאַנגען פון דער ניו־יאָרקער דרעס און וויסט־מאַכער יוניאָן לאָקאַל 25. דאָרטען איז אָרגאַניזירט געוואָרען די ערשטע „שאַפּ דעלעגייט ליג", וואָס האָט באַלד געפונען אַן אָפּקלאַנג אויך אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן. לויט דעם פּלאַן פון אָט דער „שאַפּ דעלעגאַטען ליג" האָט דער שאַפּ געדאַרפט ווערען דער יסוד פון דער יוניאָן אָרגאַניזאַציע און פון דער יוניאָן קאָנטראָל. די אַרבייטער פון יעדען שאַפּ האָבען געדאַרפט אויסקלייבען צוויי דעלעגאַטען און זיי, די דעלעגאַטען פון אַלע שעפּער, האָבען געדאַרפט ווערען די רעגירענדע און געזעצגע־בענדע קערפּערשאַפט פון דער יוניאָן. די פאַרזאַמלונג פון די

שאָפּ־דעלעגאַטען האָט פון זיך געדאַרפט אויסוועהלען אַן עק־זעקוטיוו קאָמיטע, וואָס האָט געדאַרפט אָנפירען מיט די געשעפ־טען פון דער יוניאָן און באַריכטען צו די שאָפּ דעלעגאַטען.

די גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאָנאַל האָט פון אָנפאַנג אָן באַטראַכט די שאָפּ דעלעגאַטען באַוועגונג פאַר זעהר אַ געפערליכע, אָבער ב. שלעזינגער, וואָס איז דעמאָלט געווען דער פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל, האָט געגלויבט, אַז מען וועט איהר קענען לייכט אָפּשטעלען, ווען מען וועט לאָקאַל 25 צוטיילען אויף צוויי — די וויסטמאַכער באַזונדער און די דרעסמאַכער באַזונדער. מען האָט גערעכענט, אַז דער גאַנצער ראַדיקאַליזם קומט פון די וויסטמאַכער און זיי זיינען געווען דער קלענערער טייל פון לאָקאַל. די צאָל וויסטמאַכער איז געוואָרען אַלץ קלענער און די צאָל דרעסמאַכער איז געוואַקסען. די גענעראַל עקזעקוטיווע האָט אַזאַ רעקאָמענדאַציע געבראַכט צו דער קאָנווענשאָן אין שיקאַגאָ, אין 1920, און זי איז אָנגענומען געוואָרען. עס איז געשאַפען געוואָרען די דרעסמאַכער יוניאָן לאָקאַל 22. אָבער דער מיטעל האָט ניט געהאָלפען. די שאָפּ דעלעגאַטען באַוועגונג האָט זיך דאָך פאַרשפּרייט ווייטער. אין 1920 האָט זיך געגרינדעט אַ שאָפּ דעלעגאַטען ליג פון די אָפּערייטאָרס אין לאָקאַל 1, באַלד אויך אין לאָקאַל 9 און אַפילו אין דעם ניי אָרגאַניזירטען דרעסמאַכער לאָקאַל 22.

דער באָדען אין לאָקאַל 1 איז דעמאָלט געווען זייער אַ גינסטיגער פאַר דעם מין גרופּען. נאָך זיינען ניט געווען פאַר־היילט די וואונדען פון דער רובין אַפּערע. אַ היבשע צאָל פון די אַקטיווסטע קלאָוק אָפּערייטאָרס זיינען נאָך געווען אויסגע־שלאָסען פון דער יוניאָן און האָבען געאַרבייט אין שאָפּ מיט די „וועלפישע פּאַספּאָרטען", ווי מען פלעגט עס רופען אין דער אַמאָליגער רוסלאַנד. די קריוודעס, וואָס זיי האָבען געהאַט צו דעם דזשאָינט באָארד, די לאָקאַל 17 פּראָגע, די דאָמינירונג פון די קלענערע לאָקאַלען אין דזשאָינט באָארד, די דערוועהלונג פון ביזנעס אַגענטען פאַר די אָפּערייטאָרס דורך די שטימען פון די אַרבייטער פון אַנדערע פאַכען — אַט די אַלע קריוודעס זיינען ניט אָפּגעשאַפט געוואָרען. די אַדמיניסטראַציע פון לאָקאַל איז געלעגען אין די הענט פון די וואָס האָבען זיך באַטייליגט אין דער רעאָרגאַניזאַציע פון לאָקאַל און אין דער אויסשליסונג פון

די אַקטיווע מיטגלידער. דער געפיהל פון פאַרביטערונג איז נאָך געווען שאַרף. דערפאַר האָט די באַוועגונג איינצושטעלען אַ שאַפּ דעלעגאַטען סיסטעם און די ליג, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרען פאַר דעם צוועק, געפונען אַ שטאַרקען אָפּקלאַנג צווישען די אָפּערייטאָרס און אַ גרויסע צאָהל מיטגלידער האָבען זיך דאָרט אָנגעשלאָסען.

די ערשטע גרינדער פון דער „קלאָוקמאַכער שאַפּ דעלעגאַטען ליג" זיינען געווען לואיס ליוויי, ניקאָלאַי קווירצמאַן (פון לאָק. 9), ס. ראָטמאַן, מ. רובין, מ. ווילסאָן, פּ. קורינסקי און נאָך אייניגע. אין משך פון אַ קורצער צייט האָבען זיך אַלע אומצופרידענע עלעמענטען אין לאָקאַל, די ראַדיקאַלען פון אַלערליי שאַטירונגען, אָנגעשלאָסען אָן דער שאַפּ דעלעגאַטען ליג. דער איינפלוס פון דער ליג איז שנעל געוואַקסען, אַז שוין אין די וואַהלען פאַר אַ נייער אַדמיניסטראַציע, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דעצעמבער פון דעם זעלבען יאָהר, איז איהר געלונגען צו ערוועהלען 14 פון די 24 מיטגלידער אין דער עקזעקוטיווע, אַריינקריגענדיג אויף דעם אופן דעם קאָנטראָל איבער'ן לאָקאַל. באַנוצענדיג זיך מיט דער מאַיאָריטעט, האָט די עקזעקוטיווע באַשלאָסען צו פאַראייניגען די צוויי עמטער פון מענעדזשער און סעקרעטער פון לאָקאַל אין איינעם און ערוועהלען איין פּערזאָן אַלס מענעדזשער־סעקרעטער. צו יענער צייט איז קאָטלער געווען דער מענעדזשער פון לאָקאַל און ס. רינגער דער סעקרעטער. מיט'ן פאַראייניגען די צוויי עמטער האָט איינער פון זיי געדאַרפט אַרויספאַלען. ביי די נעקסטע וואַהלען פאַר מענעדזשער, וואָס זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען סוף יוני 1921, האָט קאָטלער ניט אָנגענומען די נאָמינאַציע. די „ליג" האָט נאָמינירט בערנאַרד שעהן אַלס מענעדזשער און די נאָכפאָלגער פון דער אַלטער אַדמיניסטראַציע האָבען נאָמינירט רינגערען. דער וואַהל־קאַמף איז געווען אַ גאַנץ הייסער, און ב. שעהן איז ערוועהלט געוואָרען.

דער אינערליכער קאַמף אין לאָקאַל האָט זיך אָבער ניט אָפּגעשטעלט נאָך די וואַהלען. די נייע פירער פון לאָקאַל זיינען פון די פריהערדיגע פירער גערופען געוואָרען מיט דעם נאָמען „צושטערער" און אַזוי ווי זיי זיינען אַלע געווען יונגע פלעגט מען זיי אויך רופען מיט דעם ביטול־נאָמען „אינגלעך".

די נייע אַדמיניסטראַציע פון לאָקאַל 1 האָט ניט געהאַט

קיין איבעריגס גוט לעבען מיט'ן דזשאָינט באָארד. די נייע עקזעקוטיווע האָט אויסגעארבייט א גאנצע פּראָגראַם פון רע־פאָרמען, וואָס זי האָט צוגעשטעלט צום דזשאָינט באָארד. צווי־שען זיי אויך די פאָדערונג, אז עס זאָל צוריק איינגעפירט ווערען וואָכלען פאַר ביזנעס אַגענטען. אין 1920 האָט נעמליך דער דזשאָינט באָארד איינגעפירט, אז ביזנעס אַגענטען זאָלען ניט געוועהלט ווערען נאָר באַשטימט ווערען. מיט לאָקאל 1 האָט זיך אין דער פראַגע פאראייניגט לאָקאל 9, נאָר זיי האָבען אויך צוזאַמען ניט געקענט קריגען אין דזשאָינט באָארד די נויטיגע מאַיאָריטעט. זיי האָבען אָבער אַזוי לאַנג געארבייט צווישען די אַנדערע לאָקאלס ביז זיי האָבען ענדליך געקראָגען א מאַיאָרי־טעט צוריק איינצופירען וואָהלען פאַר ביזנעס אַגענטען. צווישען לאָקאל 1 און לאָקאל 9 האָט זיך דעמאָלט אין אַלגעמיין איינגע־שטעלט א נאָהענטע פריינדשאַפט און א געמיינשאַפטליכע מיט־ארבייטערשאַפט. זיי האָבען געמיינשאַפטליך אָנגעפירט בילדונגס טעטיגקייט און האָבען צוזאמען געקעמפט פאַר „ריקאָל“ (צוריק־רוף) פון געוועהלטע באַאַמטע.

די געגנערישע האַלטונג פון דעם דזשאָינט באָארד צו דער נייער אַדמיניסטראַציע פון לאָקאל 1 האָט פיל געהאָלפען צו פארשטארקען די סימפּאַטיע פון די אפּערייטאָרס צו דער ליג. דער דזשאָינט באָארד האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיין זאַך ניט צו דערלאָזען לאָקאל 1 קריגען דעם איינפלוס אין דער יוניאָן, וואָס עס האָט איהם געקומט לויט דער צאָהל מיטגלידער און זייער וויכטיגקייט אין טרייד. אלס ביישפּיל קען דינען דער פאָלגענדער אינצידענט: ווען דער נייער דזשאָינט באָארד פאַר'ן יאָהר 1921 האָט זיך אָרגאַניזירט, האָט עס געהאַלטען דערביי, אז לאָקאל 1 זאָל קריגען זיינעם א פאַרטרעטער אין דער פינאַנץ־קאָמיטע. כדי עס ניט צו דערלאָזען, האָט מען גע'־פּסל'ט איינעם פון די ניי אריינגעשיקטע דעלעגאַטען פון לאָקאל 1, אז ער זאָל ניט קענען שטימען ביי דעם מיטינג. דעם קאַנ־דידאַט פאַר דער פינאַנץ־קאָמיטע פון לאָקאל 1 האָט טאַקע גע־פעלט בלויז די איין שטימע געוועהלט צו ווערען.

וואָס מעהר אָבער דער דזשאָינט באָארד האָט פּרובירט שטע־רען די אַדמיניסטראַציע פון לאָקאל 1, אַלץ שטאַרקער האָבען איהר געשטיצט די אפּערייטאָרס. דער רעזולטאַט איז געווען,

אז אין די נעקסטע וואַלען פאַר עקזעקוטיווע, סוף פעברואַר 1921, האָט שוין די שאַפּ־דעלעגאַטען ליג ערוועהלט די פולע עקזעקוטיווע פאַר׳ן לאָקאַל, טראָץ דעם שטאַרקען וואהל־קאַמף פון צווייטען צד, וואָס האָט זיך שוין דעמאָלט געהאַט אָרגאַניזירט אין א גרופּע מיט׳ן נאָמען „פיור ענד סימפּעל טרייד יוניאָן ליג״.

די „פיור ענד סימפּעל טרייד יוניאָן ליג״ איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין יאַנואַר 1921, גלייך נאָך דעם ווי די אָפּאָזיציע האָט ערוועהלט א מאַיאָריטעט אין דער עקזעקוטיווע. די הויפּט גרינדער זיינען געווען דזש. וויינשטיין, י. גאָלד, ה. אוונער, י. עטקין, ה. פיין, א. אולמאַן און אנדערע. די גרופּע האָט אין אָנפאַנג ניט ארויסגעוויזען קיין פיל טעטיגקייט, זי איז אָבער געווען שטאַרק אַקטיוו אין דער צייט פון וואהלען. זי פלעגט האָבען איהר אייגענעם וואהל־צעטעל (סלעיט) און פלעגט ארויסגעבען א היפּש ביסעל וואהל־קאַמף־„ליטעראַטור״. די גרופּע האָט זיך אַקטיוו באַטייליגט אין די וואהלען פאַר מענעדזשער אין יוני 1921 און האָט אָנגעפירט א זעהר ענערגישען וואהל־קאַמף אין 1922 און 1923.

עס האָבען אָבער שפּעטער זיך אָנגעפאַנגען קריגערייען אין דער „שאַפּ דעלעגאַטען ליג״. די ערשטע רייבונגען צווישען די פירער פון דער ליג האָבען זיך אָנגעהויבען ביי דער קאָנווענשאָן אין קליוולאַנד, אין מאַי 1922. דאָס איז געקומען פון דעם וואָס די קאָמוניסטען האָבען פּראָבירט צו פאַרכאַפּען און דאָמינירען די ליג.

אַזוינע גרופּען ווי די „קלאָוקמאַכער שאַפּ דעלעגאַטען ליג״ האָבען זיך דורך די צוויי יאָהר אָרגאַניזירט אין א היפּשע צאָהל לאָקאַלס פון דער אינטערנעשאָנעל אין ניו־יאָרק און אין אַנדערע שטעט. ביי דער קאָנווענשאָן אין קליוולאַנד האָט דער ראַדיקאַלער טייל געהאַט 54 דעלעגאַטען, וואָס איז געווען א שטאַרקע מינאָריטעט. די פירער פון די יוניאָס, איינגעשלאָסען דעם ניו־יאָרקער דזשאָינט באָארד און די אינטערנעשאָנעל, האָבען געטאָן אַלץ, וואָס איז געווען מעגליך צו פאַרקלענערען די צאָל דעלעגאַטען פון דער אָפּאָזיציע. אייניגע זיינען גע׳פּסל׳ט געוואָרען.

ווי געוועהנליך ביי קאָנווענשאָנס, האָט די אָפּאָזיציע אָפּגעהאַלטען קאָקוס־מיטינגען צו באַשליסען ווי אַזוי צו האַנדלען

איבער די פאַרשיידענע פראַגען ביי דער קאָנווענשאָן. ביי איין מיטינג אַזאַ, וואו עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אַרויסגעבען אַ דעקלאַראַציע פון די ראַדיקאַלע דעלעגאַטען צו דערקלערען זייער פּראָגראַם, זיינען אַריינגעקומען צוויי פאַרטרעטער פון די קאָמוניסטען, וועלכע זיינען ניט געווען קיין דעלעגאַטען און ניט קיין מיטגלידער פון דער אינטערנעשאָנעל, און האָבען געבראַכט אַ פאַרטיג אָנגעשריבענע דעקלאַראַציע פאַר די דעלעגאַטען אונטערצושרייבען. פון די צוויי פאַרטרעטער איז איינער געווען אַ. ביזנאָ. די מאַיאָריטעט פון די אָפּאָזיציע דעלעגאַטען, וועלכע זיינען ניט געווען קיין קאָמוניסטען, האָט די האַנדלונג שטאַרק אויפגערעגט. וואָס עס האָט זיי נאָך מעהר פאַרדראָסען איז געווען, וואָס די פאַרטיגע דעקלאַראַציע, וועלכע איז הפּנים געשריבען געוואָרען אין איילעניש, האָט זיך אָנגעהויבען מיט די ווערטער „מיר, קאָמוניסטישע דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן פון דער אַ. ל. ג. וו. יו.". די שורה איז, אמת, געווען פאַרמעקט און אונטער דעם איז געשריבען געווען „מיר ראַדיקאַלע דעלעגאַטען". די אויסגעמעקטע שורה האָט מען אָבער דייטליך געקענט לייענען און דאָס האָט די ניט-קאָמוניסטען שטאַרק אויפגעבראַכט. לואיס ליוואַי, וואָס איז דעמאָלט געווען טשערמאַן, האָט צו די קאָמוניסטישע שלוחים געזאָגט, אַז „דאָ זיינען פאַרזאַמעלט דעלעגאַטען, מיטגלידער פון דער אינטערנעשאָנעל, וועלכע קענען באַשליסען אַליין וואָס צו טהאָן, אָהן דער אַריינמישונג פון זייטיגע מענשען".

דער ריס מיט די קאָמוניסטען איז נאָך שטאַרקער געוואָרען מיט אַ וואָך שפּעטער, ווען די דעלעגאַטען פון דער אָפּאָזיציע האָבען אויף דער קאָנווענשאָן געשטיצט אַ רעזאָלוציע, וואָס האָט געפאָדערט די באַפרייאונג פון די סאָציאַליסטען און אַנאַרכיסטען פון די רוסישע טורמעס.

דער לעצטער שטרוי איז געווען, ווען די קאָמוניסטען האָבען געזוכט דורכצופיהרען, אַז די „שאָפּ דעלעגאַטען ליג" זאָל זיך אָנשליסען אָן דער „טרייד יוניאָן עדיוקיישאָנעל ליג", וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין נאָוועמבער 1920, אין שיקאַגאָ, אונטער דער פירערשאַפט פון ז. פאָסטער, און האָט זיך שפּעטער אָנגעשלאָסען אָן רויטען טרייד יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל. די ניט-קאָמוניסטישע עלעמענטען אין „שאָפּ דעלעגאַטען ליג" האָ־

בען אָבער בשום אופן ניט געוואָלט עס נאָכגעבען. דער רע־זולטאַט איז איז געווען, אַז אין נאָוועמבער 1922 האָט זיך די „שאַפּ דעלעגאַטען ליג" געשפּאָלטען. די אָפּגעשפּאָלטענע צווישען וועלכע עס זיינען געווען באָרוכאָוויטש, סטענזאָר, סטיגליץ, מאַרקס און ר. צוקערמאַן האָבען אָרגאַניזירט די נאָדעל טרעיד סעקציע פון דער „טרייד יוניאָן עדיוקיישאָנעל ליג". די אַנדערע ראַדי־קאַלע עלעמענטען האָבען אָרגאַניזירט די „אינדעפּענדענט שאַפּ דעלעגאַטען ליג".

נאָך דער שפּאַלטונג זיינען שוין אַלזאָ געווען דריי גרופּען אין לאָקאַל 1 — די „טרייד יוניאָן עדיוקיישאָנעל ליג"; די „אינ־דעפּענדענט קלאָוקמאַכער שאַפּ דעלעגאַטען ליג" און די „פּיור ענד סימפּעל טרייד יוניאָן ליג" — וועלכע האָבען זיך געגענזיי־טיג שאַרף באַקעמפט.

די שפּאַלטונג אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס איז אין יענער צייט פאָרגעקומען, האָט די באַציהונגען צווישען די פאַרשידענע גרופּען אין לאָקאַל 1, נאָך שאַרפער געמאַכט. דער קאַמף צווישען די סאָציאַליסטען און די קאָמוניסטען האָט אָנגענומען אַ מער פאַרביטערטע פאָרמע אין דעם אידישען טייל פון די צוויי פאַרטייען, עס הייסט אין דעם אידיש־רעדענדען. דאָס איז אפשר געווען ניט בלויז צוליב דעם, וואָס דער אידישער טייל איז געווען גרעסער אין פּראָפּאָרציע און מעהר אַקטיוו אין דעם קאַמף, נאָר אויך צוליב דעם, וואָס ביידע קעמפענדע צדדים האָבען געהאַט טעגליכע צייטונגען און האָבען געהאַט וואו צו געבען מעהר אויסדרוק צו זייער געגענזייטיגער פאַרביטערונג. און לאָקאַל 1 האָט צווישען זיינע מיטגלידער אַלע מאָל געהאַט אַ באַדייטענדע צאָל סאָציאַליסטען פון פאַרשידענע שאַטירונגען. און ווען די שפּאַלטונג איז פאָרגעקומען אין דער סאָציאַליסטי־שער פּאַרטיי, האָט דער אָפּקלאַנג פון דער שפּאַלטונג זיך גע־מוזט לאָזען שטאַרק הערען אין לאָקאַל 1.

די אַלע פאַרשידענע ליגס, וועלכע זיינען געווען, אין איין פאָרם אָדער אין אַ צווייטער, אַן אויסברוך פון אַן אָפּאָזיציאָנעלער שטימונג אין דער יוניאָן, האָבען געקראָגען אַ שטאַרקערען איינפלוס אין דער קריזיס צייט פון 1920 און 1921.

די „טרייד יוניאָן עדיוקיישאָנאַל ליג" האָט געקראָגען אין לאָקאַל אַליץ מעהר איינפלוס. די סאָב־קאָמיטע פון דער עקזע־

קוטיווע הויבט זיך אויך אָן פאַרנעמען מיט פּאָליטישע פראַגען. דעם 22טען מערץ 1923 באַשליסט די סאָב-קאָמיטע, אַז לאָקאַל 1 זאָל זיך אָנשליסען אָן דער ניי־געגרינדעטער „אַמעריקען פאַרמער לייבאָר פּאַרטיי" און פּראָמעסטירט פאַרוואָס זי נעמט ניט אַריין די „וואָירקערס פּאַרטי" (פון די קאָמוניסטען), וואָס ווילען אין איהר אַריינטרעטען. דעם 21טען אַפּריל 1923 ווערט פון דער סאָב־קאָמיטע באַשלאָסען צו אינדאָרסירען די רעזאָלוציע פון דער „טרעיד יוניאָן עדיוקיישאָנעל ליג", אַז עס זאָל געגרינדעט ווערען איין אַרבייטער פּאַרטיי פון אַלע אַרבייטער יוניאָנס און אַלע פּאָליטישע אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס. עס ווערט אויך פאַר־האַנדעלט אַ רעזאָלוציע צו פאַראייניגען אַלע נאָדעל טרעידס אין איין יוניאָן. אָבער קיין באַשלוס ווערט ניט אָנגענומען. די פראַגע ווערט אָפּגעלעגט אויף 4 וואָכען. אויף דעמזעלביגען מיטינג ווערט אויך באַשלאָסען זיך צוריקצוציהען פון די ערשטע מאַי קאָנפערענצען פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען און אַנדערע און אַז דער לאָקאַל זאָל פייערען דעם ערשטען מאַי באַזונדער כדי אויסצומיידען דעם פּאַרטיי־קאַמף צווישען די סאָ־ציאַליסטען און קאָמוניסטען.

אין די טרעיד פראַגען אָבער איז די ליניע ניט קיין ראַדי־קאַלע, צייטענווייז אפילו אַ ביסעל קאָנסערוואַטיוו. עס ווערט, למשל, דעם 30טען אויגוסט 1923 פאַרהאַנדעלט די פראַגע וועגען אַריינעמען צוויי פרויען אָפּערייטאָרינס אַלס מיטגלידער אין לאָקאַל. די פרויען האָבען, נעמליך, געאַרבייט אין אַ ניט־יוניאָן שאָפּ, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרען. און עס ווערט באַשלאָסען פאָרלויפיג ניט אַריינצונעמען זיי אין דער יוניאָן און אויך זיי ניט ערלויבען צו אַרבייטען ביי דער מאַשין.

סוף סעפּטעמבער, 1923, איז ל. ליוואַי, וואָס איז געוועזען דעמאָלט דער טשערמאַן פון לאָקאַל, געוועהלט געוואָרען אַלס מענעדזשער אויף דעם פּלאַץ פון ב. שעהן, וועלכער איז באַשטימט געוואָרען פון דזשאָינט באָארד פאַר'ן מענעדזשער פון דעם ניי־געשאַפענעם אָרגאַניזאַציאָנס דעפּאַרטמענט. דער טשערמאַן פון לאָקאַל איז געוואָרען ל. האָראָוויץ און צווישען די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע זיינען אויך געוועהלט געוואָרען ר. צוקערמאַן, דער איצטיגער טשערמאַן פון לאָקאַל 1, י. סטענזאָר, א. סטודענט, ס. שעלי און מ. נאַבלין.

די ליגס האָבען זעהר שטאַרק באַאומרוהיגט די גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאָנעל און זי איז געגען זיי אַרויסגעטראָטען גאַנץ שאַרף ביי יעדער געלעגענהייט. אָבער פּרעזידענט שלעזינגער האָט ביי זיך דאָך ניט געקענט באַשליסען, אַז די אינטערנעשאָנעל זאָל אַרויסקומען מיט אַ שטרענגען פאַרבאָט געגען די ליגס. ער האָט מורא געהאַט, אַז אַזאַ פאַרבאָט זאָל ניט די לאַגע ערגער מאַכען. די טאַקטיק פון דער אינטערנעשאָנאַל האָט זיך אָבער געענדערט, ווען ב. שלעזינגער האָט רעזיגנירט אַלס פּרעזידענט און מאָרים זיגמאַן האָט אין אַ קורצע צייט אַרום פאַרנומען זיין פּלאַץ. זיגמאַן האָט אָנגענומען אַן אויסגעשפּראָכענע אַגרעסיווע ריכטונג געגען די ליגס, און דעם 16טען אויגוסט 1923 האָט די גענעראַל עקזעקוטיווע אַרויסגעגעבען אַ שטרענגען פאַרבאָט געגען אַלע ליגס אין די יוניאָנס און אַז זיי מוזען גלייך אויפגעלעזט ווערען און אַז יעדער מיטגליד פון דער אינטערנעשאָנעל מוז אויפגעבען זיין טעטיגקייט אין די ליגס. די פאַראָרדנונג איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אויף דעם גרונד פון דער קאָנסטיטוציע פון דער אינטערנעשאָנעל, וואָס פאַרבאָט דואַל יוניאָנס און די „טרעיד יוניאָן עדיוקיישאָנעל ליג”, ווי אויך אַנדערע ליגס, זיינען פּאַקטיש דואַל יוניאָנס, האָט די גענעראַל עקזעקוטיווע ערקלערט. דעם 29טען סעפּטעמבער 1923 האָט די אינטערנעשאָנעל אַרויסגעגעבען אַ וואָרנונג, אַז אַלע די וואָס ווילען ניט פאָלגען דעם פאַרבאָט, ווילען אָנגעקלאָגט ווערען און באַשטראָפט ווערען. און די וואָרנונג איז אויך דורכגעפירט געוואָרען. מערערע זיינען אויסגעשלאָסען געוואָרען פון דער יוניאָן פאַר ניט פאָלגען דעם פאַרבאָט.

דער באַשלוס פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע האָט, נאַטירליך, די גרופּען ניט אָפּגעשאַפט. עס האָט זיי בלויז פאַרטריבען אונטער דער ערד. אין נאָוועמבער פון דעם זעלביגען יאָהר איז פאָרגעקומען דער משפּט אין לאָקאַל 1 איבער 28 מיטגלידער פון דער „טרייד יוניאָן עדיוקיישאָנאַל ליג”, צווישען וועלכע עס זיינען געווען 7 מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע. נאָכדעם ווי די אָנגעקלאָגטע האָבען, דורך פאַרשיידענע טעכנישע מיטלען, אָפּגעצויגען דעם משפּט פאַר 2 וואָכען צייט, האָבען אַלע אָנגעקלאָגטע אונטערגעשריבען, אַז זיי וואַרפען זיך אונטער דעם באַשלוס און ציהען זיך צוריק פון דער ליג. דאָס האָט אָבער

זיי נים געשטערט ווייטער אָנצוהאַלטען די גרופּע און אָנגעהן מיט דער ארבייט.

וואָס דער פּאַרבאָט געגען די גרופּען האָט יאָ אויפגעטאָן, איז געווען, וואָס עס האָט צייטווייליג אָפּגעשטעלט די רייסערייען צווישען די גרופּען און האָט זיי דערנעהענטערט איינע צו די אַנדערע, אַזוי, אַז סוף 1923 האָבען אַלע 3 גרופּען געשלאָסען אַן אָפּמאַך, לויט וועלכען מען האָט אויך דער „פיור ענד סימפּעל טרעיד יוניאָן ליג" געגעבען אַ פּאַרטרעטערשאַפט אין דער עקזעקוטיווע. צוליב דעם אָפּמאַך זיינען אויך נים געמאַכט געוואָרען קיין וואַהלען פאַר באַאַמטע אין עקזעקוטיווע פאַר'ן יאָהר 1924. דאָס איז אַרויסגעקומען אַזוי: ווען די עקזאַמענאַציאָנס קאָמיטע האָט פאַררופען די נאָמינירטע קאַנדידאַטען זיי צו עקזאַמענירען, זיינען געקומען דריי פאַרטרעטער פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע—פּערלשטיין, זיידמאַן און רייסבערג—און האָבען ערקלערט, אַז זיי זיינען אַ קאָמיטע, וואָס פּרעזידענט זיגמאַן האָט באַשטימט אויפצופּאַסען ווי אַזוי די נאָמינירטע קאַנדידאַטען ווערען עקזאַמענירט. די עקזעקוטיווע פון לאָקאַל האָט קיין זאַך נים פאַרדעכטיגט. אָבער זי האָט באַלד אויסגעפונען, אַז די קאָמיטע איז געקומען נים סתם אַזוי זיך צוקוקען ווי מען עקזאַמענירט קאַנדידאַטען. די קאָמיטע האָט נעמליך געלאָזט וויסען די עקזעקוטיוו פון לאָקאַל, אַז זיבען קאַנדידאַטען קענען נים געשטעלט ווערען אויפ'ן באַלאָט, ווייל זיי האָבען נים אויסגעפאָלגט דעם באַשלוס פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע און זיי זיינען פאַרבליבען מיטגלידער אין דער „טרעיד יוניאָן עדיוקיישאָנעל ליג". געגען דעם האָט די עקזעקוטיווע פון לאָקאַל פּראָטעסטירט. זי האָט געזאָגט, אַז די דרייער קאָמיטע פון דער אינטערנעשאָנעל שאַפט אָפּ די אויטאָנאָמע רעכטען פון לאָקאַל. לאָקאַל 1 האָט דעריבער אַפּעלירט צו דער גענעראַל עקזעקוטיווע אויף איהר פערטעל יערליכען מיטינג אין פילאַדעלפיע, אָבער די גענעראַל עקזעקוטיווע האָט געענטפערט, אַז עס האָט גאָר נים צו טאָן מיט דער אויטאָנאָמיע פון לאָקאַל, נאָר מיט אויספאָלגען דעם פאַרבאָט געגען ליגס. די עקזעקוטיווע פון לאָקאַל האָט נים איינגעשטימט מיט דער ערקלערונג פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע און האָט די וואַהלען אין גאַנצען נים דורכגעפירט. זי האָט גערופען אַן אַלגעמיינעם מיטגלידער מיטינג, וואו עס איז

באַשלאָסען געוואָרען גוט־צו־הייסען דעם באַשלוס פון דער עקזעקוטיווע און אַפּעלירען צו דער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנעל.

עס האָבען זיך פאַר דעם צוועק פאַראייניגט די „טרעיד יוניאָן גרופּע", די פּיור ענד סימפּעל ליג" און די לינקע. אין די שפּעטערדיגע וואַהלען צו דער עקזעקוטיווע זיינען די זיבען טרעיד עדיוקיישאָנעל מיטגלידער, וואָס די אינטערנעשאָנאַל קאָמיטע האָט אַראָפּגענומען פון באַלאָט, געוועהלט געוואָרען. עס זיינען אויך געוועהלט געוואָרען אין דער עקזעקוטיווע זיבען מיטגלידער פון דער „פּיור ענד סימפּעל ליג".

דאָך האָבען די אינערליכע סיכסוכים ניט פיל געשטערט דער יוניאָן אָנצוהאַלטען איהרע פּאָזיציעס און קעמפען פאַר זיי. לאָקאַל 1 האָט זיך אין דעם יאָהר איינגעשאַפט אַן אייגען הויז; האָט פאַרגרעסערט דעם טובערקולאָזיס פאָנד, פאַר וועלכען יעדער מיטגליד האָט געצאָלט צוויי דאָלאַר אַ יאָהר; האָט אַרויסגעגעבען איבער צוויי טויזענד און זיבען הונדערט דאָלאַר שטיצע צו נויטליידענדע מיטגלידער; האָט אָנגעפירט אַ ברייטע בילדונגס טהעטיגקייט. עס זיינען אַראַנזשירט געוואָרען 88 לעקציעס וועגען פאַרשידענע טעמאַס מיט פאַרשידענע לעקטאָרס.

דעם ערשטען מאַרטש 1924 פאָדערט אויף ל. האָראָוויץ די סאָב־קאָמיטע פון דער עקזעקוטיווע, אַז זי זאָל נעמען אַ שטעלונג צו דעם, וואָס קיין איינציגער פאַרטרעטער פון לאָקאַל 1 אין דזשאָינט באָארד איז ניט געוועהלט געוואָרען אין דער פינאַנץ קאָמיטע, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די קאָמיטע איז פאַרגרעסערט געוואָרען פון דריי מיטגלידער אויף פינף. ער ווייזט דערביי אָן, אַז די פינאַנץ קאָמיטע איז הויפּטזעכליך צוזאַמענגעשטעלט פון פאַרטרעטער פון די קליינע לאָקאַלס.

אין יענער צייט זיינען פאַראייניגט געוואָרען די לאָקאַלס 1, 11 און 17 אין איין לאָקאַל אונטער דעם נומער 2. דאָס איז געווען אַן אָנפאַנג פון אַ נייעם קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון דער קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן. אַ לאַנגער קאַמף פון יאָרען האָט זיך געקרוינט מיט אַ זיג, אָבער דער נייער קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון די אָפּערייטאָרס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין אַ שלעכטער צייט. עס איז געווען די צייט, ווען די אינטערנעשאָנאַל האָט אָנגעפאַנגען איהר קאַמף מיט די ליגס אין די לאָקאַלס און ווען דער איינפלוס

פון די קאָמוניסטען אין לאָקאַל 1 איז געוואָרען אַלץ שטאַרקער. פערלשטיין, וועלכער איז געווען דער אדמיניסטראטאָר פון דעם פאַראייניגטען לאָקאַל 2, האָט זיך אין דעם קאַמף אריינגעוואָרפען גאַנץ ענערגיש, אָבער ער האָט גלייך דערפילט, אז עס איז א גאַנץ שווערער קאַמף.

דעם 1טען דעצעמבער 1924 האָט פערלשטיין ארויסגעגעבען א וואָרנונג צו די מיטגלידער פון לאָקאַל 2 ניט צו באַזוכען קיין מיטינגען וואָס ווערען איינגערופען פון זייטיגע פערזאָנען צו דיסקוטירען יוניאָן פראַגען, ווייל דאָס וועט ווערען באַטראַכט אַלס א פארברעכען געגען דער פאַראָרדנונג פון דער אינטערנעשאָנעל אין באַצוג צו ליגס א. אַז. וו. דאָס איז געווען, קען מען זאָגען, דער ערשטער אָפיציעלער פאַרזוך אָפּצוהאַלטען די מיטגלידער פון לאָקאַל 2 צו באַזוכען די מיטינגען פון דער „טרעיד יוניאָן עדיוקיישאָנעל ליג". אָבער ניט קיין ערפאָלגרייכער. ווייל דאָס איז געווען צו פיל פאַרלאַנגט און האָט ניט געקענט דורכגעפירט ווערען.

דער איינפלוס פון דער „טרעיד יוניאָן עדיוקיישאָנעל ליג" איז געוואָרען נאָך שטאַרקער אין לאָקאַל, ווען זי האָט געזיגט אין די וואַהלען פון 1925 און דזש. באָראָכאָוויטש ווערט דער מענעדזשער פון לאָקאַל, י. סטענזאָר, טשערמאַן און מארקס, סעקרעטער. אייגענטליך זיינען די וואַהלען געווען א רעזולטאַט פון דעם, וואָס דער איינפלוס פון דער „טרעיד יוניאָן עדיוקיישאָנעל ליג" איז שטאַרקער געוואָרען אין לאָקאַל.

ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די וואַהלען פאַר דער נייער אדמיניסטראַציע פון פאַראייניגטען לאָקאַל זיינען דורכגעפירט געוואָרען אונטער דער אויפזיכט פון דער קאָמיטע פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע, זיינען דאָך אויך די קאָמוניסטען ארויפגעשטעלט געוואָרען אויפ'ן באַלאָט. די קאָמיטע האָט זיך באַגנוגענד מיט דעם, וואָס זיי האָבען אונטערגעשריבען א פּאַפּיר, אַז זיי באַלאַנגען ניט צו קיין ליג אָדער גרופּע. די 3 גרופּען האָבען געהאַט באַזונדערע וואַהל-צעטלען (סלעיטס), א חוץ דעם זיינען „געלאָפּען" אויך אונאָפּהענגיגע קאַנדידאַטען. ארום און ארום זיינען „געלאָפּען" 88 קאַנדידאַטען פאַר עקזעקוטיווע מיטגלידער. אָבער די גרופּע פון דער „טרעיד יוניאָן עדיוקיישאָנעל ליג" האָט אָפּגעהאַלטען א גרויסען זיג און געוואונען די וואַהלען. אַלע

איהרע קאַנדידאַטען זיינען געוועהלט געוואָרען. אין דער זעלבער צייט איז די „טרייד יוניאָן עדיוקיישאָנעל ליג״ גרופּען אויך גע־לונגען צו ערוועהלען זייערע עקזעקוטיוועס און באַאַמטע אין די לאָקאַלס 9 און 22. אזוי ווי די גרופּען האָבען באַלאַנגט צו איין צענטראַלער קערפּערשאַפט, „די נאַדעל טרייד סעקציע״, האָבען זיי נאַטירליך געאַרבייט האַנט־אין־האַנט אין אַלע זייערע ארויסטרעטונגען אין דעם דזשאָינט באָארד.

וואָלטען די קאָמוניסטען דעמאָלט געווען פּאָרזיכטיגער און געהאַנדעלט מעהר דיפּלאָמאַטיש; וואָלטען זיי פּרובירט צו־ציהען דעם ראַדיקאַלערען עלעמענט און צוזאַמענאַרבייטען מיט דער „שאַפּ דעלעגאַטען ליג״, וואָלטען זיי דעמאָלט געהאַט די בעסטע געלעגענהייט איבערצונעמען די פּירערשאַפט פון דעם ניו־יאָרקער דזשאָינט באָארד און, מיט דער צייט אויך פון דער אינטערנע־שאָנעל. די 3 לאָקאַלס, וואָס זיי האָבען קאָנטראָלירט, זיינען געווען די גרעסטע און די וויכטיגסטע אין דעם דזשאָינט באָארד. די צאָהל לאָקאַלס אין דעם דזשאָינט באָארד איז פּאַרקלענערט געוואָרען, דורך דעם אָפּשאַפען פון לאָקאַלס 11 און 17. דאָס האָט די פּאָזיציע פון די גרעסערע לאָקאַלס פאַרשטאַרקט. די אַנדערע יוניאָנס פון דער אינטערנעשאָנעל איבער'ן לאַנד, און אין ניו יאָרק, זיינען נאָך דעמאָלט ניט געווען אזא וויכטיגער פאַקטאָר, ווי זיי זיינען עס איצט. וואָלטען, אַלזאָ, די קאָמו־ניסטען דעמאָלט קאָנצענטרירט זייער גאַנצע מאַכט איינצו־פירען פּראָפּאָרציאָנעלע פּאַרטרעטערשאַפט, וואָלטען זיי געהאַט אַ גוטע געלעגענהייט צו קריגען קאָנטראָל איבער דער אינטער־נעשאָנעל.

נאָר אנשטאָט צוציהען די אַנדערע ראַדיקאַלע עלעמענטען, האָבען זיי נאָר זיי אָפּגעשטויסען פון זיך. זיי האָבען גענומען אָפּען פירען אַ ריין־קאָמוניסטישע פּאָליטיק אין דער יוניאָן. זיי האָבען גענומען שטיצען פינאַנציעל אַלע קאָמוניסטישע אונ־טערנעמונגען מיט אַ פרייער האַנט. זיי זיינען געגאַנגען אזוי ווייט, ווי פאַרזיכערען אַ הלואה פון צוויי טויזענט דאָלער פּאַר'ן „קעמפּ ניטגעדאַיגעט״ דורך איינלייגען אַלס משכון באַנדס פון דער קאַסע פון לאָקאַל 22.

די אַדמיניסטראַציע פון לאָקאַל האָט עס באַרעכטיגט דער־מיט, וואָס אַנדערע יוניאָנס האָבען, לויט זייער באַהויפּטונג,

געטאָן ענליכע זאכען פאר סאָציאַליסטישע אָדער אנארכיסטישע אינסטיטוציעס.

די באַציהונגען צווישען לאָקאל 1 און דעם דזשאָינט באָארד, ווי אויך די אינטערנעשאָנעל, האָבען זיך אָנגעפאנגען פארשארפען. די נייע אדמיניסטראציע פון לאָקאל פאַנגט אָן פאָדערען פון דער אינטערנעשאָנעל, אז זי זאָל אראָפּנעמען איהר ספּעציעלע השגחה פון לאָקאל 2 און צוריקציהען פערלשטיינען אלס אויפ־זעהער. אויף אַ מיטינג פון 20טען אפּריל ווערט אָנגענומען אַ שארפע רעזאָלוציע וועגען דער „גאָווערנאָרס קאָמישאָן", אין איינקלאַנג מיט דער שטעלונג פון דער קאָמוניסטישער פּארטיי, און עס ווערט באַשלאָסען, אז די יוניאָן זאָל ארויסשטעלען די פאָלגענדע פאָדערונגען:

יעדער מאַנופעקטשורער מוז גאראנטירען ווענינגסטענס 36 וואָכען ארבייט אַ יאָהר, אַ 40 שטונדיגע ארבייטס וואָך, העכע־רונג פון 10 דאלאר אַ וואָך אויפ'ן מינימום ארבייטסלוין, קיין אָווערטיים, אָן ארבייטס ביוראָ, וואו אלע ארבייטסלאָזע זאָלען רעגיסטרירט ווערען און וואו די באַלעבאָטים זאָלען זיך מוזען ווענדען פאר ארבייטער, באַגרעניצונג פון קאָנטראקטאָרס, פאר־אַנטוואָרטליכקייט פון די דזשאָבערס פאר ארבייטס באַדינגונגען אָן די שעפּער פון זייערע קאָנטראקטאָרס, די יוניאָן זאָל האָבען פולע רעכט צו אונטערזוכען ביכער און די יוניאָן זאָל האָבען דאָס רעכט צו רופען סטרייקס.

אין מאַי 1925 באַשליסט די עקזעקוטיווע, אז אַ פּאָנד פון פינף טויזענד דאָלאר זאָל אוועקגעלעגט ווערען אויפ'ן נאָמען פון מענעדזשער פון לאָקאל און צוויי מיטגלידער פון דער עק־זעקוטיווע. מען קען אָננעמען, אז די אדמיניסטראציע פון לאָקאל האָט אָנגעפאנגען זיך צוגרייטען פאר מעגליכע טראָבעל מיט דער אינטערנעשאָנעל און זיך זיכערען אין אַ פאל, ווען די אינטערנעשאָנעל וועט ארויפלעגען די האנד אויף דעם פאר־מעגען פון לאָקאל.

און דער טראָבעל מיט דער אינטערנעשאָנעל האָט אויף זיך לאנג ניט געלאָזען ווארטען. ער איז געקומען נאָך דער פייערונג פון ערשטען מאַי און ער האָט געשאַפען אַ קאַפּיטעל געשיכטע ניט בלויז אין לאָקאל 1, נאָר אין דער גאנצער קלאָוקמאכער יוניאָן און אין דער אינטערנעשאָנעל.

## זיבען־און־דרייסיגסטער קאַפּיטעל

# דער קאַמף געגען דעם קאָנטראָל פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין דער יוניאָן.

מיט דעם אריינקומען פון דער באָרוכאָוויטש אדמיניסטראַציע אין לאָקאַל 2 איז די אפּרייטאָרס יוניאָן אָוועקגעשטעלט גע־וואָרען אונטער דער קאָנטראָל פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. און דאָס מיינט, אַז די יוניאָן האָט געדאַרפט טאָן דאָס, וואָס די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט געהייסען. די קאָמוניסטישע פּאַר־טיי איז דעמאָלט געווען גאַנץ שטרענג אין דעם פּרט. די פּראָ־גראַם און די טאַקטיק, די פראַגען און האַנדלונגען פון אַ יוניאָן וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער אַדמיניסטראַציע פון קאָ־מוניסטען, זיינען באַשטימט געוואָרען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און איז פון איהר קאָנטראָלירט געוואָרען.

די פראַגע וועגען דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין די יוניאָנס פון דער אינטערנעשאָנעל איז אויפגענומען געוואָרען אויף דער קאָנווענשאָן פון 1924 אין באָסטאָן און עס איז באַשלאָסען גע־וואָרען אָנצופירען אַ קאַמף געגען אָט דער קאָמוניסטישער טאַקטיק.

דעם קאַמף האָט די אינטערנעשאָנאַל, דורך איהר גענעראַל עקזעקוטיווע, אייגענטליך שוין אָנגעפאַנגען אַ רעכט ביסעל פריהער. דער פּאַרבאָט, וואָס די גענעראַל עקזעקוטיווע האָט ארויפגעלעגט אין 1923 אויף די ליגס אין די לאָקאַל יוניאָנס, איז געווען געצילט הויפּטזעכליך געגען דער קאָמוניסטישער „טרעיד יוניאָן עדיוקיישאָנעל ליג", וועלכע איז געווען די אַגענ־טור פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וואָס האָט געהאַט די אויפ־גאַבע צו געווינען אין די יוניאָנס די קאָנטראָל פאַר דער קאָמו־ניסטשער פּאַרטיי.

די פירער פון דזשאָינט באָארד און פון דער אינטערנע־

שאַנעל זיינען געווען איינשטימיג, אַז עפּעס אַנטשיידענעס מוז געטאָן ווערען. די פראַגע איז בלויז געווען ווי, וואָס און ווען. אָבער דאָס איז טאַקע געווען די שווערסטע פראַגע און עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזען, אַז אין דער אַנטשיידונג פון דער פראַגע איז געמאַכט געוואָרען דער גרעסטער פעלער.

די געשיכטע פאַרגיט פעלערען, ווען זיי האָבען געפירט צו אַן ערפאָלג. זיי ווערען דעמאָלט גאָר פאַרשריבען אַלס קלוגע אויסגערעכענטע טאַקטיק. אָבער ווען זיי זיינען אַ דורכפאַל, ווערען זיי פאַרשריבען פאַר פעלערען.

אַז דער קאַמף פון די פירער פון דזשאָינט באָארד און פון דער אינטערנעשאָנעל איז געווען אַ גערעכטער, האָבען היינט די קאָמוניסטען מיט זייערע אייגענע האַנדלונגען אליין עס צוגע־געבען. האָבען זיי דאָך אליין, נאָך לאַנגע יאָהרען פון ביטערען קאַמף און ביטערע ערפאַרונגען אויסגעפונען, אַז דער ריכטיגער וועג פון טרעיד יוניאָניזם, פון האַלטען די אַרבייטער פאַראייניגט, איז דער, וואָס די אינטערנעשאָנעל האָט אויסגעקליבען. און עס קען דאָך ניט זיין קיין פראַגע וועגען דעם, אַז דער וועג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין די יוניאָנס האָט געמוזט פירען צו שפּאַלטונגען און האָט עס אויך געפירט. און איז עס דאָך קיינמאָל ניט געווען דער קאַמף וועגען דעם, וואָס עס מעגען זיין די פּאָליטישע מיינונגען און פּאָליטישע איבערצייגונגען פון די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאָנעל. עס איז אַלע מאָל געווען די טראַדיציע פון דער אינטערנעשאָנעל און פון איהרע לאָקאַל יוניאָנס, אַז יעדער איז פריי אויסצודריקען זיינע פּאָליטישע אי־בערצייגונגען און צו באַלאַנגען צו וועלכער פּאָליטישער פּאַרטיי איהם געפעלט. און עס זיינען אַלע מאָל געווען פאַרטראָטען אין דער אינטערנעשאָנעל ראַדיקאַלע פּאָליטישע ריכטונגען און שאַ־טירונגען פון סאָציאַליסטישען געדאַנק און אַלע זיינען געווען גלייכבארעכטיגט. דער קאַמף איז דעריבער ניט געווען געגען דער קאָמוניסטישער אידעע אָדער געגען דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, נאָר געגען דעם קאָנטראָל פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איבער די יוניאָנס און, באַזונדערס, געגען דעם מעכאַני־שען קאָנטראָל, וואָס די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט זיך גענומען איינפירען.

די פירער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָבען אויסגעפונ־

נען, אַז עס איז אַ גאַנץ שווערער און לאַנגזאַמער וועג צו גע־ווינען אַן אידעאישען איינפלוס אויף די מיטגלידער פון די יוניאָנס און זיי געווינען פאַר דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. זיי האָבען זיך דעריבער גענומען צו אַ לייכטערען און אַ קירצערען וועג צו באַהערשען די יוניאָנס. זיי האָבען אַלע זייערע אָנשטרענגונגען, און זייער גאַנצע סטראַטעגיע, געווענדעט צו שאַפען אַ קאָמוניסטישע „מאַשין", אַריינצוקריגען אין קאָמו־ניסטישע הענד די קאָנטראָלירענדע פּאָזיציעס אין דער יוניאָן. זאָלען די מיטגלידער פון דער יוניאָן זיין וואָס זיי ווילען אַבי די באַאמטע זייערע זאָלען זיין קאָמוניסטען אָדער אַזעלכע, וואָס לאָזען זיך פירען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אָבער דער גערעכטער און באַרעכטיגטער קאַמף פון דזשאָינט באָארד און פון דער אינטערנעשאָנעל איז אָנגעפאַנגען געוואָרען זעהר ניט געראָטען. עס איז אויסגעקליבען געוואָרען ניט דער ריכטיגער מאָמענט, ניט דער ריכטיגער אָנגריפס־פּונקט און אויך ניט קיין געראָטענע מאָטיווירונג. שפּעטער איז די מאָטיווירונג אויסגעבעסערט געוואָרען, אָבער עס איז געווען צו שפּעט. דער איינדרוק איז געמאַכט געוואָרען, אַז עס איז אַ קאַמף געגען פריי־הייט פון מיינונגען און פּאָליטישע איבערצייגונגען.

עס האָט זיך אָנגעפאַנגען פון דער מאַי־פייערונג, וואָס די לאָקאַלס 2, 9 און 22 האָבען בשותפות אָרגאַניזירט אין מעטראָ־פּאָליטאַן אָפּערא הויז, אין 1924, צו וועלכער דר. מ. אָלגין, רעדאַק־טאָר פון דער קאָמוניסטישער „פרייהייט", איז איינגעלאַדען געוואָ־רען אַלס הויפּט־רעדנער, און די גאַנצע פייערונג איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ קאָמוניסטישען יום טוב. וויס־פּרעזידענט מ. פּערלשטיין, דער „אויפזעהער" פון לאָקאַל 2, איז געווען דער ערשטער אַרויסצוקומען אין דער עפענטליכקייט מיט אַן אַטאַקע. אין אַן אַרטיקעל „אונטער'ן קנאַפּעל פון דער קאָמוניסטישער דיקטאַטור", אין „גערעכטיגקייט" פון דעם 8טען מאַי 1925, מאַכט פּערלשטיין אַן אַלגעמיינעם שאַרפען אָנגריף אויף דער אַדמיניסטראַציע פון לאָקאַל 2 און שטעלט זיך באַזונדערס אָפּ אויף דער מאַי-פייערונג אין מעטראָפּאָליטאַן אָפּערא הויז. ער שרייבט דאָרטען:

„אַלס פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז דער מיטינג און די באַשרייבונגען וועגען דעם מיטינג אין די

ציימונגען זיכער געווען אַן ערפאָלג. דער יוניאָן אָבער, די אָפּערייטאָרס, טוען אַזעלכע מיטינגען נים נאָר קיין גוטס נים, נאָר פיל שאָדען, וואָס אַלע אירע שונאים צוזאַמענגענומען וואָלטען עס נים געקענט טאָן.

„אַמעריקע איז נאָך נים אויף דעם שוועל פון אַ קאָמוניסטישער רעוואָלוציע און האָפענטליך, אַז זי וועט דאָס קיינמאָל נים זיין. און ווען די יוניאָן שטעלט זיך אין דער לאַגע פון זיין אַ שריפּעל פון דער וואָרקערס פּארטיי, שרייבט זיך די יוניאָן מיט דעם אַליין אונטער איהר אייגענעם טויט־אורטייל".

און די אויספירונג, צו וועלכער מ. פערלשטיין קומט אין זיין אַרטיקעל, איז:

„ווען די עקזעקוטיווע פאַנגט אַן פאַרשלעפּען דעם אָפּערייטאָרס לאָקאַל אין קאָמוניסטישען זומפּ און האַנדעלט ווי די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אָרדערט זיי, הערען זיי אויף צו רעפּרעזענטירען דעם אָפּערייטאָר לאָקאַל און זיי רעפּרעזענטירען נים מעהר די יוניאָן און זיי האָבען מעהר קיין רעכט נים צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ, וועלכען זיי פאַרנעמען".

דאָס איז אַן אָפענע אַנצוהערעניש, אַז מען וועט עפּעס טאָן, אָבער די מאָטיווירונג איז זעהר נים קיין געראָטענע, ריכטיגער, אַ גאַנץ שלעכטע. עס ווערט געשאַפען דער איינדרוק, אַז די קאָמוניסטישע מאַי־פייערונג ווערט געמאַכט פאַר דעם הויפּט־אָנקלאָג־פּונקט.

נאָר דאָס וואָלט נים געווען אַזוי וויכטיג, ווען אין דער שפּעטערדיגער פאָרמעלער אָנקלאַגע, וואָס איז אריינגעבראַכט געוואָרען אין דזשאָינט באָארד, וואָלט די מאַי-פייערונג אין מעטראָפּאָליטאַן אָפּערא הויז נים פיגורירט אַזוי פּראָמינענט.

פאַר די פירער פון דער יוניאָן האָט עס געמעגט אויסקוקען, אַז זיי האָבען אַ שטאַרקע קלאַגע, אַז זיי האָבען עטוואָס ממשות'דיגעס, קאָנקרעטעס אויף וואָס אָנצואווייזען: אָט איז געווען אַ מאַי־פייערונג, וואָס יוניאָנס פון דער דזשאָינט באָארד האָבען אראָנזשירט און האָבען עס פאַרוואַנדעלט אין אַ קאָמוניסטישען יום טוב. איז נויטיג אַ בעסערער און איבערצייגענדער באַווייז, אַז די באַטייליגטע יוניאָנס געפינען זיך „אונטער דעם קנאַפּעל פון דער קאָמוניסטישער דיקטאַטור?" אָבער זיי

האָבען ניט גענוג נאָכגעטראַכט אויף וויפיל דאָס וועט זיין אַ שטאַרקער ארגומענט פאַר די דורכשניטליכע מיטגלידער פון דער יוניאָן און אויף דעם זייטיגען עולם. זיי האָבען ניט נאָכגעטראַכט, אַז זייער אָנקלאַגע וועט באַטראַכט ווערען פאַר אַן אָנגריף אויף פרייער רעדע און פרייהייט פון פּאָליטישע איבערצייגונגען.

מען האָט לייכט געקענט פרעגען, פאַר וואָס מעג מען סאָציאַליסטישע רעדנער יאָ איינלאַדען צו די ערשטער־מאַי פייערונגען פון די יוניאָנס און קאָמוניסטישע ניט?

דערצו איז די צייט געווען ניט קיין גינסטיגע. אין די לאָקאַלס האָט זיך דעמאָלט שטאַרק געטומעלט וועגען דער העכערונג פון דיוס וואָס דער דזשאָינט באָארד האָט איינגעפירט— פון 35 סענט אַ וואָך אויף 50. די קאָמוניסטען האָבען געגען דער העכערונג פון דיוס אָנגעפירט אַ העפטיגע אַגיטאַציע. די אדמיניסטראַציע פון לאָקאַל 2 האָט ערקלערט, אַז זי קען מאַכען אַזוי פיל עקאָנאָמיע, אַז דער דעפיציט פון לאָקאַל וועט ווערען אַזוי קליין, אַז מען וועט קענען דורכקומען מיט 35 סענט דיוס אַ וואָך. העכסטענס קען זיין נויטיג 40 סענט. און עס איז אַן אַלטער כּלל, אַז די פּאָפּולערסטע מענשען אין אַ יוניאָן זיינען די, וואָס טרעטען אַרויס געגען שטייערען און געגען העכערען דיוס. דערצו האָט זי נאָך געפירט אַ קאַמף פאַר פּראָפּאָרציאָנעלע פאַרטרעטערשאַפט, רעפערענדום פאַר אינטערנעשאָנאַל באַאמטע, וואָס האָט אַפּעלירט צום עולם.

און ערגער ווי אַלץ איז געווען, וואָס דער ביסען איז געווען אַ צו גרויסער און ער איז געווען ניט בלויז שווער צו פאַרדייהען נאָר אויך צו צוקייען. די אַקציע איז אונטערגענומען געוואָרען געגען דריי גרעסטע לאָקאַלס מיט אַ מאָל. און מען דאַרף ניט פאַרגעסען, אַז די קאָמוניסטען האָבען געהאַט אַ באַדייטענדע צאָהל אָנהענגער אויך אין די אַנדערע לאָקאַלס פון דזשאָינט באָארד און פון דער אינטערנעשאָנאַל אין אַלגעמיין.

נאָר די זאַך איז געטאָן געוואָרען. דעם 11טען יוני, 1925, האָט וויים־פּרעזידענט פיינבערג, דער מענעדזשער פון ניו־יאָרקער דזשאָינט באָארד, אריינגעבראַכט, אַלס מיטגליד פון לאָקאַל 2, אַ שריפטליכע קלאַגע געגען דער עקזעקוטיווע פון זיין לאָקאַל

און באַזונדערע אָנקלאַגע, אַלס מענעדזשער פון דזשאָינט באָארד, געגען יעדער עקזעקוטיווע פון די לאָקאַלס 2, 9 און 22 און אויפ'ן גרונט פון די אנקלאַגען זיינען די עקזעקוטיוועס גלייך סוספּענדירט געוואָרען. די קלאַגען זיינען געווען, אַז די עקזעקוטיוועס פון די דערמאָנטע לאָקאַלס האָבען געטאָן אַלץ צו שעדיגען דעם נאָמען און די אינטערעסען פון דער יוניאָן און אַז די פאָנדען פון דער יוניאָן זיינען מיסברויכט געוואָרען.

צוזאַמען מיט די עקזעקוטיוועס פון די לאָקאַלס זיינען אויך סוספּענדירט געוואָרען זייערע מענעדזשערס און אַנדערע זיינען פון דזשאָינט באָארד אָנגעשטעלט געוואָרען אויף זייער פּלאַץ. מ. י. אַשפּיז איז אַריינגעשטעלט געוואָרען אין לאָקאַל 2, אויף דעם פּלאַץ פון דזש. באָרוכאָוויטש.

די אָפיסעס פון לאָקאַל 2 און פון לאָקאַל 9 זיינען פארנומען געווארען פון דזשאָינט באָארד דיזעלביגע נאַכט, אָבער דער אָפיס פון לאָקאַל 22 איז געבליבען ביי די אויסגעשלאָסענע און עס איז ארום דעם אָנגעגאַנגען א לאַנגער קאַמף, אָבער ער איז געבליבען ביז צום סוף די פעסטונג פון די אויסגעשלאָסענע.

די סוספּענדירטע עקזעקוטיוועס האָבען גלייך באַקאַנט געמאַכט, אַז די אינטערנעשאָנעל האָט אויסגעשלאָסען די דריי לאָקאַלס. זיגמאַן איז אַרויסגעקומען מיט אַן ערקלערונג, אַז דאָס איז א ליגען, אָבער זאָגען ליגען איז דעמאָלט געווען פון די קלענסטע זאַכען.

נאָך א לאַנגען משפט האָט די קאָמיטע, וואָס איז אויסגעקליבען געווארען פון דזשאָינט באָארד צו משפט'ן די אָנגעקלאָגטע, אריינגעבראַכט אַן איינשטימיגען אורטייל פון שולדיג.

די רעקאָמענדאַציע פון דער קאָמיטע איז געווען, אַז דזש. באָרוכאָוויטש, דזש. בערלאַנד, ה. בראַווין, א. קאָהען, ל. פייערשטיין, ד. גאָלדבאום, דזש. גאָלדבערג, מ. גייבעל, ה. האָכשטיין, א. שייפער, י. סטיינזאָר, ד. ספּאַטער, א. וויז, א. בלאַק, מ. קופּער, ד. קראַוועץ, דזש. מילעט, א. סאַמערגראַד, ל. זעלעזניק, ה. זעלעזניק, ס. סטייגליץ און י. בלום זאָלען אַראָפּגעזעצט ווערען פון זייערע עמטער און זאָלען ניט זיין בארעכטיגט צו האַלטען קיין אמט אין דער יוניאָן פאַר דער צייט פון דריי יאָהר. וועגען די אַנדערע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע פון לאָקאַל 2 — י. ראַבינאָוויטש, וו. בלאַנמאַן און ב. רייזנער האָט די קאָמיטע

באַאַמטע און מיטגלידער פון אַפּרייטאָרס לאָקאל 1. — אונטערשטע רייה, פון רעכטס צו לינקס: י. עטקין, בענדזשאַמין קאַפּלאַן, י. סטענזאר — רעקאָרדינג סעקרעטער; ר. צוקערמאַן — טשערמאַן; ל. ליוואַי מענעדזשער; ב. גאָלוב — אסיסטענט מענעדזשער; מ. דזש. אַשפּיז, מ. פיינבערג, מ. באַגנאַ, א. סטודענט; מיטעלסטע רייה, פון רעכטס צו לינקס: פּ. קאָטלער, פּ. קעץ, פּ. שאָר, ס. וויארסט, י. בראַוונער, ב. דווידאָף — הויפּט בוכהאַלטער, מ. קושנער, י. בלאַק, ל. גאָלדשטיין, ה. פריד; אויבערשטע רייה, פון רעכטס צו לינקס: פּ. קאַפּ, ס. מעץ, י. מילער, ה. פיין, א. נאַגאַשינער, י. גאָלד, א. גלאַטשטיין, ע. וועטער, ס. זעלדין, פּ. קאַופמאַן.

עקזעקוטיוו באָארד מיטגלידער פון אָפּעריטאָרס לאָקאַל 1. — אונטערשטע רייה, פון רעכט צו לינקס: ל. פּארבער, ל. אלענאָף, ה. מילער, א. אייבראַמסאָן — וויס-טשערמאַן, ר. צוקערמאַן — טשערמאַן, ל. ליוואַי — מענעדזשער, י. סטענזאר — רעקאָרדינג סעקרעטער, י. בעלזער, ד. לעוועסאָן, מ. דייטש, א. אייזענבערג, ס. בלום; מיטעלסטע רייה, פון רעכטס צו לינקס: א. סטודענט, ס. רעזניק, דזש. פרידמאַן, ס. רודין, ה. פריימאַן, א. דייוויס, ס. טאַפּעל, ס. היימאַן, דזש. לאַסקאָווסקי, דזש לינדענבאום, א. טשערנאָף, ד. סענדערס, ל. ראָזענאָוויץ; אויבערשטע רייה, פון רעכטס צו לינקס: י. גאָלד, י. הורוויץ, וו. פריד, מ. וויינקראַנץ, ה. קאַטלער, ל. האוזער, ד. גלאַט, ס. קאָהן, מ. ווילקאָן, טש. לאַסקאָוויץ, פּ. סאַסנא, ה. פינקעלשטיין, נ. לענז.

רעקאָמענדירט, אַז זיי זאָלען אַראָפּגעזעצט ווערען פון זייער אַמט און זיי זאָלען ניט זיין בּאַרעכטיגט צו קיין אַמט אין דער יוניאָן פאַר אַ יאָהר צייט.

אין דער ערקלערונג פון דער קאָמיטע, אויף וועלכען גרונד זי האָט אַרויסגעגעבען איר אורטייל, פאַרנעמט די מאַי־פייערונג אין מעטראָפּאָליטען אָפּערא הויז דעם וויכטיגסטען פּלאַץ. די ערקלערונג ענדיגט זיך מיט די פאָלגענדע ווערטער:

„אויף דעם גרונד פון די פאַקטען, געפינט אייער קאָמיטע איינשטימיג, דאָס אַלע באַאַמטע און מעמבערס פון די עקזעקוטיוו בּאָארדס פון די דריי לאָקאַלס האָבען אַקטיוו אָדער פּאַסיוו פאַרגוואַלדיגט זייערע פליכטען, אַלס באַאַמטע און עקזעקוטיוו בּאָארד מעמבערס, און זיינען שולדיג אין אַן אויפפירונג, וואָס פּאַסט זיך ניט פאַר׳ן כבוד פון די אָפּיסעס, וואָס זיי האָבען פאַרנומען. די באַאַמטע און די מעמבערס פון עקזעקוטיוו בּאָארד, וועלכע האָבען אַנטייל גענומען אין דער אַראַנזשירונג פון דעם מיטינג אין מעטראָפּאָליטען אָפּערא הויז האָבען גאַנץ איבערגע־לעגט געמאַכט זיך פאַר פּאַרטנערס מיט די שונאים און צושטערער פון אונזער יוניאָן. די אַנדערע באַאַמטע האָבען אַרויסגעוויזען, דאָס עס פעהלט זיי יעדער געפיהל פון פאַראַנטוואָרטליכקייט צו דער אָרגאַניזאַציע דערמיט, וואָס זיי האָבען איבערגעלאָזען אַזאַ וויכטיגען ענין אין די הענט פון אַ קאָמיטע, און גאָרניט געפאָדערט קיין רעפּאָרט, און אויך דערמיט, וואָס זיי האָבען ניט פּראָטעסטירט געגען דער האנדלונג פון דער קאָמיטע ווען זי איז באַקאַנט געוואָרען, און וואָס זיי האָבען צוגעשטימט צו דעם גאַנצען שענדליכען אויפטו״.

דער קאַמף האָט זיך צופלאַקערט אויף דער גאַנצער ליניע. ניט נאָר דער גאַנצער דזשאָינט באָארד איז אַריינגעצויגען גע־וואָרען אין דעם קאַמף, נאָר אויך די גאַנצע אינטערנעשאָנעל און עס האָט זיך באַלד אָנגעפאַנגען אַרויסוויזען, אַז די פירער פון דזשאָינט באָארד און פון דער אינטערנעשאָנעל האָבען איבער־שאַצט זייערע אייגענע כוחות און אונטערשאַצט די כוחות פון זייערע געגנער.

די דריי סוספּענדירטע עקזעקוטיווס האָבען זיך פאַראייניגט אין אַ קאָמיטע פון געמיינשאַפטליכער אַקציע, וואָס איז באַקאַנט געוואָרען אונטער דעם נאָמען „דזשאָינט עקשאָן קאָמיטע״, וועלכע

האָט געאַרבייט זעהר ענערגיש. די מאַסען־פאַרזאַמלונג, וואָס זי האָט איינגערופען אין יענקי סטאַדיום, דעם 9טען יולי, איז אמת ניט געווען אזוי גרויס ווי זי האָט זיך באַרימט, אָבער עס איז געווען גרויס גענוג צו ווייזען, אַז זי האָט אַ גרויסע נאָכפאָלגער־שאַפט צווישען די קלאָוקמאַכער און די דרעסמאַכער. און אין דער צייט ווען די „דזשאָינט עקשאָן קאָמיטע" האָט געאַרבייט מיט פאַראייניגטע כוחות, זיינען די כוחות אין דזשאָינט באָארד געווען ווייט ניט אזוי אייניג. לאָקאַל 35 האָט זיך פאַרהאַלטען גאַנץ קאַלט צו דעם גאַנצען קאַמף. דאָס איז אויך אזוי געווען מיט לאָקאַל 48. און מערערע פון די מיטגלידער פון פריהערדי־גען לאָקאַל 17, וואָס זיינען געווען אין כעס וועגען דער פאַר־אייניגונג מיט לאָקאַל 1, האָבען דירעקט געהאָלפען דער „דזשאָינט עקשאָן קאָמיטע", הגם פּרינציפּיעל זיינען זיי מיט איהר ניט געווען איינפאַרשטאַנען. און באַלד האָבען זיך אָנגעפאַנגען רע־זיגנאַציעס פון פירער. דאָנערשטאַג, דעם 30טען יולי 1925, האָט י. פיינבערג אריינגעגעבען זיין רעזיגנאַציע אַלס מענעדזשער פון דזשאָינט באָארד. אין דערזעלבער צייט האָט אויך מ. פּערלשטיין אָנגעגעבען זיין רעזיגנאַציע אַלס מענעדזשער פון דעם דעפּאַרטמענט, וואָס האָט די אויפזיכט אויף די שעפּער פון דער פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן. עס האָט זיך געמליך געגען זיי געשאַפען אַ שטאַרקע געגנערשאַפט אין די אייגענע רייהען. די רעזיגנאַציעס זיינען לאַנג און הייס דיסקוטירט געוואָרען אין דזשאָינט באָארד און מען האָט זיי ניט געוואָלט אָננעמען, ווייל די אורזאַכען וואָס זיינען געווען אָנגעגעבען אין די רעזיגנאַציעס, זיינען ניט געווען איבערצייגענד, אַז אַזעלכע אַקטיווע טוער, וואָס זיינען געווען אזוי לאַנג פאַרבונדען מיט דער יוניאָן, זאָלען אין אַזאַ קריטישער צייט אַוועקגעהן פון דער יוניאָן. באַזונדערס שטאַרק איז געווען די געגנערשאַפט אָנצונעמען פיינבערג׳ס רע־זיגנאַציע. נאָך זיצמאַן האָט אין אַ לענגערער רעדע וועגען דער סיטואַציע אין דער יוניאָן קלאָר געמאַכט פאַר וואָס די רעזיגנאַ־ציע מוז אָנגענומען ווערען.

„איך וויל אייך איצט ניט אָנגעבען די ריכטיגע גרינדע פאַר פיינבערג׳ס רעזיגנאַציע", האָט ער ערקלערט, „איך ווייס, אַז איהר אַלע, וואָס פּראָטעסטירט געגען די רעזיגנאַציע פון וויס־פּרעזידענט פיינבערג ,זאָגט ניט אַלעס, וואָס איהר וואָלט

געוואָלט זאָגען. און איך ווייס ניט, אויב איך וואָלט געוואָלט זאָגען איצט דעם גאַנצען אמת. בעסער דערפאַר זיך צוריק־האַלטען פון אָנגעבען אַלערליי אורזאַכען. איך זאָג אייך אָבער, אַז די רעזיגנאַציעס פון פיינבערג׳ן און פערלשטיינען מוזען אָנגע־נומען ווערען, ווייל דאָס פאָדערען די העכסטע אינטערעסען פון דער יוניאַן. „פון דעסטוועגען", האָט ווייטער פאָרטגעזעצט פּרע־זידענט זיגמאַן, „וועל איך אייך דאָס זאָגען: עס זיינען ניט די קאָמוניסטישע לומפּען, וואָס מאַכען אונזערע וויס־פּרעזידענ־טען צו רעזיגנירען. עס איז איהר מיט אייער גאַרניט טאָן, מיט דער קנאַפּער מיטהילף, וואָס איהר האָט זיי געגעבען — דאָס איז, וואָס האָט געווירקט און געמאַכט זיי באַשליסען אַריינצוגעבען זייער רעזיגנאַציע, און וואָס איהר מיט אייער באַשלוס קענט ניט ענדערען". (ציטירט פון דער „גערעכטיגקייט").

דאָס איז געווען די לאַגע. אָבער זי איז אויך ניט בעסער געוואָרען, ווען פּרעזידענט זיגמאַן האָט איבערגענומען די פאַר־וואַלטונג פון דזשאָינט באָארד. דער קאַמף אין די שעפּער, אַרום די שעפּער, אויף פאַרזאַמלונגען און אין די גאַסען האָט ניט אויפגעהערט. און עס איז געווען אַ קאַמף ניט בלויז מיט ווער־טער און רעזאָלוציעס.

דעם 11טען אויגוסט זיינען פאָרגעקומען וואַהלען אין לאָקאַל 2. עס האָבען זיך באַטייליגט 994 מיטגלידער און דאָס האָט אונטער די אומשטענדען געדאַרפט באַטראַכטען ווערען פאַר אַ גאַנץ גרויסע צאָהל. מ. אַשפּיז איז געוועהלט געוואָרען מענעדזשער און נ. היינס—טשערמאַן.

אין דער עקזעקוטיווע זיינען געוועהלט געוואָרען:

א. אַבראַמסאָן, ה. אינגבער, דזש. בלאָק, ב. בעקער, וויליאַם בלום, מ. גאַנז, ס. גינזבערג, ס. גאָרדאָן, ד. געגזער, דזש. גוטער־מאַן, א. גאָלדשטיין, י. ב. האָלענדער, ע. וועטער, ה. לאַפּידוס, ב. מילער, א. נאַגאָשינער, ה. פּערלמוטער, ר. צוקערמאַן, ב. קאַפּלאַן, ס. רודין, מאַקס רובין, ל. ראָזענצווייג, ס. רעזניק און פיליפּ שייפער (סאַפּיר).

דעם 4טען סעפּטעמבער איז פּרעזידענט זיגמאַן אַרויסגע־קומען מיט אַן אויפרוף צו אַלע מיטגלידער פון דער אינטערנע־שאָנעל, אין וועלכען ער דערצעהלט וואָס פאַר אַ שווערען קאַמף ער דאַרף איצט פיהרען און וועלכע רעפאָרמען ער וויל דורכפיהרען

אין דער יוניאָן. ער זאָגט אין איהם, אַז זיין קאמף איז ניט בלויז מיט די קאָמוניסטען, פון וועמענס הענד ער האָט באשלאָסען די יוניאָן ארויסצוראטעווען, נאָר, אז ער האָט פאר זיך נאָך אַן אויפגאבע. ער זאָגט:

„איך האָב געוואוסט, אַז אין דער יוניאָן געהט ניט אַלעס, ווי עס דאַרף זיין אין אַן עהרליכער, פּראָגרעסיווער יוניאָן. אַז עס געשעהן פילע אונגערעכטיגקייטען, וועלכע וואָלטען ניט באַדאַרפט פּאָרקומען; אַז עס זיינען דאָ פילע וואונדען אין דער יוניאָן, וועלכע דאַרפען געהיילט ווערען; אַז די פיהרונגען אין אונזער יוניאָן זיינען ניט אַלע מאָל אַזעלכע, מיט וועלכע מיר זאָלען קענען זיך באַריהמען. איך האָב באשלאָסען צו ווענדען מיין אויפמערקזאמקייט אויך צו דער דאָזיגער זייט פון דער יוניאָן.

„מעהר נאָך, איך האָב איינגעזעהן, אַז כדי צו פאַרטרייבען די קאָמוניסטישע פעסט פון דער יוניאָן, מוז די יוניאָן אויסגעלייטערט ווערען אויך פון אנדערע שלעכטע, ניט־ווינשענסווערטע יוניאָן־עלעמענטען, וועלכע זיינען איינע פון די אורזאכען, דורך וועלכע די קאָמוניסטישע מגפה פאַרשפּרייט זיך אַזוי שנעל”.

און ער לייגט פאָר זיין פּראָגראַם, וואָס „איר גרונדמאָטיוו איז — מעהר דעמאָקראטיע און מעהר פרייהייט אין דער יוניאָן”.

דאָנערשטאג, דעם 20־טען אויגוסט, האָט די „דזשאָינט עקזעקוטיוו־קאָמיטע” גערופען פאַר דריי אַ זייגער אַ „סטאָפּעדזש” אין די שעפּער אַלס אַ פּראָטעסט געגען דער אינטערנעשאָנעל און געגען דזשאָינט באָארד. אין דעם סטאָפּעדזש האָבען זיך גאַנץ פּראָמינענט באטייליגט לאָקאל 17 שעפּער. דער אונטערשיד אין די ציפערען, וואס זיינען אָנגעגעבען געוואָרען פון ביידע צדדים וועגען באטייליגטע אין „סטאָפּעדזש”, איז געווען אַ גאַנץ גרויסער, אָבער מען מוז נעמען פאַקטען לויט זייער ווירקונג. און די ווירקונג פון „סטאָפּעדזש” איז געווען, אַז מען האָט אָנגעפאַנגען זוכען וועגען פאר אַ שלום. אין קנאַפּע 2 וואָכען ארום נאָכ'ן „סטאָפּעדזש”, דעם 2טען סעפּטעמבער, איז איינגערופען געוואָרען אַ שאָפּ־טשערמאַן מיטינג, אויף וועלכען פּרעזידענט זיגמאַן האָט פאָרגעלייגט אַ פּראָגראַם פון רעפאָרמען פאַר דער יוניאָן און אַ פּלאַן פון פרידען. דאָנערשטאג, דעם 10טען סעפּטעמבער, איז פאָרגעקומען אַ צווייטער שאָפּ־טשערמאַן מיטינג, אַלס אַ פּאָרטזעצונג פון ערשטען, און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אַ קאָ־

מיטע פון 15 איז אויסגעקליבען געוואָרען, וואָס זאָל האָבען די אויפגאַבע צונויפצוברענגען די שטרייטענדע צדדים און שאַפען פרידען אין דער יוניאָן.

גלייכצייטיג ווערט אָנגענומען פון דזשאָינט באָארד, אַז דער באַשלוס וועגען העכערען דיוס זאָל איבערגעגעבען ווערען צו אַ רעפערענדום. די אינטערנעשאָנעל ווידער גיט אַרויס אַן אויפרוף וועגען וואַהלען צו דער קאָנווענשאָן, וואָס וועט זיך עפענען אין פילאַדעלפיע, דעם 30טען נאָוועמבער (דער באַשלוס, אַז די קאָנווענשאָן זאָל פאַרקומען מיט עטליכע חדשים פאַר דער געוועהנליכער צייט איז שוין אָנגענומען געוואָרען פריהער פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע). אין צוזאַמענהאַנג מיט די אַלע פּאַסירונגען רעזיגנירען די וויס-פּרעזידענטען י. ברעסלאַו און מ. פּערלשטיין פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע.

די 15נער פרידענס קאָמיטע, פון וועלכער דריי מיטגלידער פון לאָקאַל 2 — הורוויטש, שעלי און פריד — זיינען געווען די באַאַמטע, איז געווען ערפאָלגרייך אין איהר אַרבייט. דעם ערשטען אָקטאָבער האָט זי אויף אַ שאַפ-טשערלייט מיטינג געבראַכט אַן אויסגעאַרבייטען שלום, וועלכער איז אויך אָנגענומען געוואָרען.

דאָס איז דער שלום-אָפּמאַך (ציטירט פון דער „גערעכטיגקייט”):

„1) די פראַגע פון טאָלעראַנץ און פּאָליטישע מיינונגען. עס ווערט איינשטימיג באַשלאָסען פון אַלע קאָנפערירענדע צדדים, אַז עס דאַרף איינגעשטעלט ווערען אין דער יוניאָן טאָלעראַנץ און עס זאָלען אָפּגעשאַפט ווערען אַלע דיסקרימינאַציעס פאַר האָבען פּאָליטישע מיינונגען.

„2) איבער דער פראַגע פון פּראָפּאָרציאָנעלער פאַרטרעטערשאַפט ווערט אָנגענומען. אזוי ווי די איצטיגע פאַרטרעטערשאַפט צו די קאָנווענשאָנס אין דער אינטערנעשאָנעל און צו די דזשאָינט באָארדס פאַראורזאַכט אונצופרידענהייט אין אונזער יוניאָן, איז עס דעריבער די איינשטימיגע מיינונג פון אַלע קאָנפערירענדע צדדים, אַז די פראַגע פון פאַרטרעטערשאַפט זאָל אויפגענומען און געשליכטעט ווערען ביי דער קומענדער קאָנווענשאָן. כדי צו לייזען די פראַגע אויף אַ געהעריגען און צופרידענשטעלענדען אופן, איז אונזער מיינונג, אַז די קומענדע קאָנווענשאָן זאָל די פראַגע איבערגעבען צו אַן אַלגעמיינע אָפּשטימונג פון דער מעמ־

בערשיפ פון אונזער אינטערנעשאָנעל און די מאַיאָריטעט און מינאָריטעט שטאנדפונקט זאָלען גען פאר א רעפערענדום אָפּ־שטימונג.

„3) ווען די פראגע פון פארטרעטערשאפט וועט באשטימט ווערען ביים קאָנווענשאָן און וועט איבערגעגעבען ווערען צו אַן אָפּשטימונג פון דער מיטגלידערשאפט, זאָל די קאָמיטע וואָס די קאָנווענשאָן וועט ערוועהלען אָדער באשטימען דורכצופיהרען דעם רעפערענדום האָבען אין זיך פארטראָטען אין א גלייכער צאָהל אַלע ריכטונגען אין דער פראגע.

„4) אין די וואהלען צום קאָנווענשאָן אין יעדען פאל וואו א פאָדערונג פון קאנדידאטען וועט זיין, אז מען זאָל זיי ער־לויבען אויפצופאסען אויף די וואהלען, ווערט פארשטאנען, אז דער פרעזידענט וועט זיי געבען די מעגליכקייט דאָס צו טאָן.

„5) אין דער פראגע פון די סוספענדירטע עקזעקוטיוו באארדס ווערט פארשטאנען, אז די קאָמיטע פון די טשערלייט וועט מאכען אַן אַלגעמיינעם אפיל ביי דעם גענעראל עקזעקוטיוו באָארד פאר די סוספענדירטע עקזעקוטיווו און באאמטע און פאר־לאנגען, אז מען זאָל באזייטיגען די ענטשיידונג פון דעם דזשאָינט באָארד. די גענעראל עקזעקוטיוו באָארד וועט האנדלען אין דעם אפיל אין איינקלאנג מיט רעזאָלוציע נומער 1 פון דיזען אָפּמאך.

„6) נאָך דעם ווי דער אורטייל פון דעם דזשאָינט באָארד וועט באזייטיגט ווערען פון דעם גענעראל עקזעקוטיוו באָארד, וועלען אַלע מיטגלידער האָבען א רעכט צו לויפען אַלס קאנדי־דאטען צו די קומענדע וואהלען פאר עקזעקוטיוועס און באאמטע, וועלכע זאָלען זאָפאָרט געמאכט ווערען אין די לאָקאלען 2, 9 און 22.

„7) אין דער פראגע פונ'ם אָפּיס סטעף און גענעראל מע־נעדזשער, ווערט באשלאָסען, אז די וואהלען פון אַלע באאמטע פון דעם דזשאָינט באָארד זאָלען אָפּגעהאלטען ווערען ניט שפּע־טער ווי צוויי וואָכען נאָכדעם ווי די וואהלען וועלען פאָרקומען פון די 3 לאָקאלען. די וואהלען זאָלען געפיהרט ווערען פון דעם דזשאָינט באָארד צוזאמען מיט דער 15נער קאָמיטע פון די שאפּ טשערלייט. דער באזיס פאר דיזע וואהלען זאָל זיין דער זעלבער ווי פון לעצטען יאָהר.

„8) וואס אנבאלאנגט די מיטגלידער פון די אנדערע לאָ־

קאַלען פון דעם דזשאָינט באָארד פון ניו־יאָרק, וועלכע האָבען געהאָלפען די סוספּענדירטע עקזעקוטיוועס אין די לאָקאַלען 2, 9 און 22 און וועלכע זיינען באַשטראָפט געוואָרען פאַר אַזא פּאָ־ליטישע האַנדלונג, זאָל פאַר זיי די קאָמיטע פון די שאַפּ טשערלייט אריינגעבען אינדיווידועלע אַפּילס און אין פעלע וואו עס וועט זיין א צווייפעל צי דאָס זיינען אַפּילס פון פּאָליטישע באַשטראָפטע, זאָלען די, אויף דעם פאַרלאַנג פון גענעראַל עקזעקוטיווע ערשיי־נען פאַר דער אַפּיל קאָמיטע פון דער אינטערנעשאָנאַל ווען זייערע אַפּילס וועלען פאָרגענומען ווערען. די אַפּיל קאָמיטע פון דער אינטערנעשאָנעל וועט האַנדלען אין דיזע פּאָליטישע פאַלען אין איינקלאַנג מיט דעם באַשלוס וועגען די סוספּענדירטע עקזע־קוטיוועס.

„9) אין דער פראַגע פון אַלע פּאָליטישע באַשטראָפטע מיט־גלידער פון דער אינטערנעשאָנאַל איז עס די מיינונג פון פּרע־זידענט זיגמאַן, דאָס אַזוי ווי די קומענדע קאָנווענשאָן וועט זיין א האַרמאָניע קאָנווענשאָן, וועט זי זיכער אָננעמען א פּונקט וועגען אַמנעסטיע.

„10) עס ווערט אויך פאַרשטאַנען, אַז די דזשאָינט באָארד באַאַמטע פון די לאָקאַלען 2, 9 און 22 ווערען ריאינסטייטעט.

„11) אין דער פראַגע וועגען די דיוס ווערט פון די קאָנפע־רירענדע צדדים אָנגענומען אַז דער רעפערענדום זאָל דורכגע־פירט ווערען אין דעם טאָג פון די וואהלען פון די לאָקאַלען 2, 9 און 22 און אויף דעם רעפערענדום באַלאָט זאָל מען קענען שטימען פאַר דריי פאָרמען פון דיוס: פאַר 35 סענט אַלס די אַלטע דיוס, פאַר 40 סענט אויף דעם גרונד פון דעם געהע־בערטען פּער קאַפּיטאַ צו דער אינטערנעשאָנעל און פאַר 50 סענט, וואָס דער דזשאָינט באָארד האָט לעצטען יאָהר באַשלאָסען. דיזער רעפערענדום זאָל דורכגעפירט ווערען אונטער דער אויפ־זיכט פון דער שאַפּ טשערמאַן קאָמיטע מיט צוגעזעצטע קאָמיטעס פון די לאָקאַלען. עס איז אויך פאַרשטאַנען, אַז די ניי־באַשטימ־טע דיוס זאָל אריין אין קראַפט פון דעם ערשטען דזשולײ, 1925 און ביז דזשולײ, 1925 זאָלען די מעמבערס אָפּצאָהלען זייערע דיוס אויף 50 סענט.

„12) די פראַגע וועגען עקאָנאָמיע אין דער יוניאָן ווערט אויפגענומען און עס ווערט פאַרשטאַנען פון אַלע צדדים, אַז

גלייך נאָך די וואהלען פון די דריי לאָקאלען זאָל די פראגע פון עקאָנאָמיע אין דער יוניאָן אויפגענומען און באשלאָסען ווערען ביי דעם דזשאָינט באָארד.

„13) אין דער פראגע פון אָרגאניזאציאָנס טעטיגקייט און אָרגאניזאציאָנס ארבייט אין דעם דזשאָינט באָארד ווערט פאר־שטאנען, אז גלייך נאָך די וואהלען פון די 3 לאָקאלען זאָל די פראגע אויפגענומען ווערען און עס זאָלען אריינגעצויגען ווערען פאר דעם צוועק אלע אקטיווע מיטגלידער פון דער יוניאָן.

„14) אין דער פראגע פון אונזערע פאָדערונגען צו די באַ־לעבאטים, און וועגען דער גאָווערנאָר'ס קאָמישאָן, וואָס מיר קענען ערווארטען און ווי די יוניאָן דארף אויף דעם רעאגירען, ווערט באשלאָסען, אז גלייך נאָך די וואהלען פון די 3 לאָקאלען זאָלען גערופען ווערען שאפּ־טשערמאן־ און מעמבער־מיטינגען, ביי וועלכע די מיטגלידער זאָלען וועגען דעם דיסקוטירען און האנדלען.

„15) עס איז פארשטאנען פון די צדדים, אז דיזער אָפּמאך וועט אריין אין קראפט נאָכדעם ווי דער שאפּ־טשערמאן־מיטינג וועט איהם גוטהייסען.

„עס איז די אלגעמיינע מיינונג פון די קאָנפערירענדע צדדים, אז מיר דארפען זיך איצט אלע נעמען צו דער ארבייט פון אויפ־בויען אונזער יוניאָן אויף אזא אופן, וואָס זאָל האָבען דעם פולען כח צו פארטיידיגען און פארבעסערען די לעבענס באדינ־גונגען פון די ארבייטער אין אונזער יוניאָן".

דעם 25טען אָקטאָבער זיינען פאָרגעקומען וואהלען אין לאָ־קאל 2. די פריהערדיגע געוועהלטע באאמטע האָבען פריוויליג רעזיגנירט. דער רעזולטאט פון די וואהלען איז געווען, אז י. באָרוכאָוויטש איז געוועהלט געוואָרען פאר מענעדזשער, י. סטענזאָר פאר טשערמאן און ה. בראווין, ס. בראון, א. קאלאָוו, ה. קאָטלער, ז. פייערשטיין, מ. פישער, דזש. גאָלדבערג, ס. גערבסט, מ. גייבעל, מ. קאנאָוויטש, י. מאָסקאָוויטש, ב. מילער, דזש. מי־לעט, דזש. אלקען, י. ראדיש, ב. רייזנער, ס. ראבינאָוויטש, דזש. סילקאָוויטש, א. סאמערגאָד, א. שייפער, א. שפּאטער, א. וויים און ס. וויינטרויב אין דער עקזעקוטיווע. אלע פון דעם לינקען צעטעל.

די אָפּשטימונג וועגען דיום איז געווען, אַז עס זאָל בלייבן 35 סענט. די באַטייליגונג אין דער אָפּשטימונג איז געווען אַ גאַנץ גרויסע.

נאָך דעם שלום־אָפּמאַך האָבן אָנגעפאַנגען אַריינקומען אין דזשיאָנט באָארד רעזיגנאַציעס פון באַאַמטע פון פאַרשידענע לאָקאַלס. עס האָט אויך רעזיגנירט ש. יאַנאָווסקי, דער רעדאַק־טאָר פון דער „גערעכטיגקייט", אָבער ער איז געבליבן ביז נאָך דער קאָנווענשאָן. דעם 29טען אָקטאָבער זיינען פאָרגעקומען וואַהלען פאַר מענעדזשער פון דזשאָינט באָארד און פאַר ביזנעס אַגענטען. לואיס היימאַן איז געווען דער איינציגער קאַנדידאַט פאַר מענעדזשער פון דזשאָינט באָארד. אין אַלגעמיין זיינען געוועהלט געוואָרען אַלע קאַנדידאַטען, וואָס עס האָט אַרויסגע־שטעלט די גרופּע, וואָס האָט זיך אַ נאָמען געגעבען „די פּראָגרע־סיווע קלאָוק און דרעסמאַכער", וועלכע איז פאַקטיש געווען די אַלטע „טרעיד יוניאָן עדיוקיישאָנעל ליג".

דערמיט האָט זיך פאַרענדיגט דער ערשטער קאַפּיטעל פון דעם קאַמף געגען דער קאָמוניסטישער קאָנטראָל אין דער יוניאָן. און ער האָט זיך שלעכט פאַרענדיגט, ווייל די קאָמוניסטישע קאָנטראָל איז נאָך שטאַרקער געוואָרען.

## אכט־און־דרייסיגסטער קאַפּיטעל

# אונטער קאָמוניסטישער קאָנטראָל און דער סטרייק פון 1926

די 18־טע קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל איז פילאַ־דעלפיע האָט זיך דעם 30טען נאָוועמבער, 1925, גאַנץ פייערליך געעפענט, אָבער דאָס איז געווען דער איינציגער פייערליכער טאָג פון דער קאָנווענשאָן.

דער באַריכט פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע צו דער קאָנ־ווענשאָן איז געווען גאָר ניט קיין פרעהליכער. עס איז געווען זעהר א לאַנגער באַריכט, אָבער אויך זעהר אַ פּעסימיסטישער. אין דעם באַריכט איז דערצעהלט געוואָרען אויספירליך וועגען די אינערליכע קאַמפען אין דער יוניאָן, און עס האָט זיך באַקומען אַ גאַנץ טרויעריג בילד. און אויך ניט פרעהליכער איז געווען דער באַריכט וועגען דער לאַגע אין טרעיד, וועגען דער ארבייטס־לאָזיגקייט און וועגען דעם שטענדיגען שווערען קאַמף מיט די מאַנופעקטשורערס.

אָבער דאָס איז געווען געשיכטע פון דער פאַרגאַנגענהייט. די קאָנווענשאָן איז גערופען געוואָרען פאַר די פראַגען פון היינט און פון מאָרגען. און מען האָט גלייך אין אָנפאַנג געזעהן, אַז עס וועט זיין אַ שטורעמדיגע קאָנווענשאָן. דער קאַמף האָט זיך גלייך אָנגעפאַנגען ארום דער קרעדענשעל קאָמיטע. עס האָט זיך אהין אַ שאָט געטאָן קלאַגען און פּראָטעסטען פון אַלע זייטען. עס האָט אויסגעוויזען, אַז כמעט אַלע דעלעגאַטען זיינען געוועהלט געוואָרען אומגעזעצליך, אָדער אַז כמעט יעדער פון זיי האָט עפּעס אַ חטא אויף זיך, צוליב וועלכען מען דאַרף איהם ניט צולאָזען צו דער קאָנווענשאָן. עס איז געווען גאַנץ איינפאַך: די רעכטע האָבען אריינגעבראַכט קלאַגען געגען די לינקע, כדי זיי צו פּסל'ען

פאר דעלעגאטען און די לינקע האָבען געטאָן דאָס זעלביגע וועגען די רעכטע.

די קרעדענשעל קאָמיטע האָט רעקאָמענדירט, אַז 285 דעלע־גאטען זאָלען צוגעלאָזען ווערען. אָבער די פּראָטעסטען, וואָס זיינען אריינגעקומען געגען דעלעגאציעס פון גאנצע לאָקאלס, האָט זי באשלאָסען איבערצוגעבען צו דער אַפּיל קאָמיטע. געגען דעם באשלוס זיינען העפטיג ארויסגעטראָטען די לינקע און עס איז געוואָרען אַ ווערטער־שלאכט, וואָס האָט אָנגעהאַלטען ביז אין אָוועגד פון דעם דריטען טאָג פון דער קאָנווענשאָן. דער רעזול־טאט איז געווען, אַז 158 האָבען געשטימט פאר'ן באריכט פון דער קרעדענשעל קאָמיטע און 107 געגען. פון דער אָפּשטימונג האָבען די קאָמוניסטען און זייערע מיטגעהער געוואוסט וואו זיי האַלטען אויף דער קאָנווענשאָן.

נאָך אויב דער באריכט פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע צו דער קאָנווענשאָן איז געווען אַ טרויעריגער, איז אָבער די קאָנ־ווענשאָן גופא געווען זעהר אַ „פרעהליכע”. דאָס האָט מען גע־האט די קאָמוניסטען צו פארדאנקען, סאַי די דעלעגאטען, סאַי די געסט. די לעצטע האָבען גענומען אַ גאַנץ באזונדערס אקטיווען אנטייל אין דער קאָנווענשאָן. זיי האָבען אַפּלאָדירט, פּראָטעס־טירט און געמאכט כמעט אַלע טאָג דעמאָנסטראציעס. דאָס איז אויך געווען די לענגסטע קאָנווענשאָן, וואָס די אינטערנעשאָנאַל האָט ווען עס איז געהאט. זי האָט געדויערט 18 טעג.

אייגענטליך זיינען די אַלע דעבאטען, דיסקוסיעס און ער־קלערונגען ניט געווען פאר'ן צוועק איינער דעם צווייטען צו איבערצייגען, אָדער אריבערצוגעווינען. עס זיינען בלויז געווען עטליכע דעלעגאטען, וואָס האָבען אַ מאָל געשטימט מיט איין צד און אַ מאָל מיט'ן צווייטען, די איבעריגע אָבער זיינען געשטאַנען אויף זייערע פּאָזיציעס פעסט ווי שטאָל. דער קאַמף האָט זיך געפירט ניט אויפצוקלערען איינער דעם צווייטען אין דעם קאָנ־ווענשאָן זאָל, נאָר פאר די גרויסע מאסען פון די יוניאָן מיט־גלידער אויסער דער קאָנווענשאָן.

אַ שארפער צוזאמענשטויס איז געקומען וועגען דער פראַגע פון פּראָפּאָרציאָנעלע פארטרעטערשאַפט אויף קאָנווענשאָנס. די געזעץ קאָמיטע האָט רעקאָמענדירט, אַז לאָקאלס וואָס האָבען 300 מיטגלידער זאָלען זיין בארעכטיגט צו צוויי דעלעגאטען; לאָקאלס

מיט טויזענד מיטגלידער — צו 3 דעלעגאַטען; לאָקאַלס וואָס האָבען מער ווי טויזענד מיטגלידער זאָלען זיין בארעכטיגט צו 1 דעלעגאַט פאַר יעדען איבעריגען טויזענד. די קאָמוניסטישע דעלעגאַטען האָבען די רעקאָמענדאַציע זעהר ביטער באַקעמפט, ווייל זי גיט ניט קיין ריכטיגע פּראָפּאָרציאָנעלע פאַרטרעטערשאַפט. דערביי האָבען זיי געזאָגט, אַז אין דעם פרידענס אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען צווישען די שטרייטענדע צדדים פאַר דער קאָנווענשאָן איז דאָ אַ פּונקט, אַז די ענדליכע לעזונג פון דער פראַגע וועגען פּראָפּאָרציאָנעלע פאַרטרעטערשאַפט וועט געהן צו אַ רעפערענדום, וואו עס וועט אָנגענומען ווערען דער שטאַנד־פּונקט פוןביידע צדדים. אויף דעם האָט ד. דובינסקי, וואָס איז געווען טשערמאַן פון דער זיצונג, געענטפערט, אַז אַן אָפּמאַך, וואָס ווערט געשלאָסען פון די גענעראַל באַאַמטע פון דער אינ־טערנעשאָנאַל, איז אונטערוואָרפען צו דער צושטימונג אָדער צוריקווייזונג פון דער קאָנווענשאָן, וועלכע איז די העכסטע קער־פּערשאַפט פון דער אינטערנעשאָנאַל. נאָך דעם ענטפער האָבען די פירער פון די קאָמוניסטישע דעלעגאַטען ערקלערט, אַז זיי פאַרלאָזען די קאָנווענשאָן. צוזאַמען זיינען אַוועק 109 דעלע־גאַטען און צוזאַמען מיט די געסט איז עס אַרויסגעקומען אַ גאַנץ טומעלדיגע דעמאָנסטראַציע.

נאָר נאָכ'ן אַוועקגעהן האָבען זיך די קאָמוניסטען געכאַפּט, אַז זיי האָבען געמאַכט אַ פעלער. עס וועט איינפאַך הייסען, אַז זיי האָבען געשפּאַלטען די קאָנווענשאָן און זיי האָבען דאָך די גאַנצע צייט פאַרזיכערט, אַז זיי ווילען ניט שפּאַלטען די יוניאָנס, נאָר ווילען אויפהאַלטען זייער גאַנצקייט. זיי זיינען דעריבער שפּעטער געקומען צוריק מיט אַן ערקלערונג, אַז זיי האָט אויס־געוויזען, אַז מיט דער רעזאָלוציע וועגען פּראָפּאָרציאָנעלע פאַר־טרעטערשאַפט איז די מאַיאָריטעט פון דער קאָנווענשאָן אויסען געווען צו ברעכען דעם פרידענס־אָפּמאַך, אָבער אַזוי ווי מען האָט זיי געלאָזט וויסען, אַז דאָס איז ניט געווען די אבזיכט, זיינען זיי געקומען צוריק.

נאָר באַלד האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ נייער קאַמף וועגען פּראָפּאָרציאָנעלער פאַרטרעטערשאַפט אין די דזשאָינט באָארדס און וועגען דעם רעכט פון לאָקאַלס צו וועהלען זייערע באַאַמטע און ביזנעס אַגענטען. אָבער דער קאַמף איז דאָס מאָל ניט געווען

אזא פארביטערטער. וואָס איז שייך צו די וואהלען פון באאמטע און ביזנעס אגענטען איז אויף דער קאָנוועגשאָן ניט געווען קיין גרויסער שטרייט. דער הויפּט שטרייט איז געווען וועגען דער פּארטרעטערשאפט אין די דזשאָינט באָארדס און עס איז אָנ־גענומען געוואָרען אַ פּשרה רעזאָלוציע פון ד. דובינסקי, וואָס באשטימט, אַז לאָקאלס מיט 250 מיטגלידער זאָלען זיין בארעכ־טיגט צו איין דעלעגאַט; די וואָס האָבען 500 מיטגלידער זאָלען זיין בארעכטיגט צו צוויי דעלעגאַטען; די וואָס וואָס האָבען טויזענד זאָלען זיין בארעכטיגט צו דריי דעלעגאַטען; די וואָס האָבען דריי טויזענד זאָלען זיין בארעכטיגט צו פינף דעלעגאַטען און די וואָס האָבען מער ווי 3,000 מיטגלידער זאָלען זיין בארעכ־טיגט צו ניט מער ווי 8 דעלעגאַטען. אין אזעלכע שטעדט וואו קיין לאָקאל האָט ניט קיין מיטגלידערשאפט פון טויזענד זאָל די פּארטרעטערשאפט אין דזשאָינט באָארד זיין אַ גלייכע פון אַלע לאָקאלס (די קאָמוניסטישע דעלעגאַציע האָט געפאָדערט פאר די גרעסערע לאָקאלס מער דעלעגאַטען: פאר טויזענד, דריי דעלע־גאַטען און פאר יעדען טויזענד מער מיט איין דעלעגאַט מער. די העכסטע צאָל דעלעגאַטען פון אַ לאָקאל זאָל זיין ניט מער ווי צען). וואָס איז שייך צו די וואהלען פון באאמטע און ביזנעס אגענטען אין די לאָקאלס האָט די גרעסטע קאָמיטע אריינגעבראַכט אַ רעזאָלוציע, אַז די לאָקאלס זאָלען האָבען אַ רעכט צו וועהלען די ביזנעס אגענטען, וואָס קומט אויס אויף זייער חלק, לויט זייער פּארטרעטערשאפט אין דזשאָינט באָארד, אָבער דער דזשאָינט באָארד האָט דאָס רעכט צו באשטימען וויפיל מען דארף זיי צאָלען און וואָס זייערע אויפגאבען און ארבייט זאָל זיין.

איז אָבער לואי היימאַן, איינער פון די פירער פון דער „פּראָ־גרעסיווע" דעלעגאַטען ארויסגעטראָטען געגען דער רעקאָמענדאַציע און געפאָדערט, אַז ניט די לאָקאלס, נאָר די גאַנצע מיטגלידער־שאפט פון דער יוניאָן זאָל וועהלען די ביזנעס אגענטען. דאָס האָט ארויסגערופען אַ רעכט ביסעל לוסטיגקייט אויף דער קאָנ־ווענשאָן. מען האָט היימאַנען דערמאָנט, אַז גאָר ניט איבריגס לאַנג צוריק האָט ער אַליין געקעמפט פאר דעם, וואָס די גרעסטע קאָמיטע שלאָגט פאָר.

די קאָנווענשאָן האָט געוויזען, אַז די האָפנונגען אויף אַ פרידליכען צוזאמענלעבען זיינען ניט קיין באזונדערס פאר־

שפּרעכענדע. אמת, אַלץ האָט זיך געענדיגט גוט. פון די אַזוי־גערופענע „פּראָגרעסיווע" זיינען אַריין דריי — לואיס היימאַן, דזש. באָרוכאָוויטש און דזשאָו פּאָרטנאָי אין דער גענעראַל עקזעקוטיווע*) און אין דער „גערעכטיגקייט" איז מיט גרויסע ווערטער געמעלדעט געוואָרען „שלום און איינגקייט אין די רייהען פון אונזער יוניאָן", אָבער מען האָט געדאַרפט זיין אַ גרויסער אָפּטימיסט אין דעם צו גלויבען. פון אויבען אויף האָט עס אויסגעזעהן, אַז אַלץ איז גלאַט. די „פּראָגרעסיווע" האָבען געהאַט די פולע קאָנטראָל איבער'ן דזשאָינט באָארד. ל. היימאַן, ווי שוין דערמאָנט, איז געוועהלט געוואָרען מענעדזשער און אין יאַנואַר 1926, ווען אַ נייער דזשאָינט באָארד איז געוועהלט געוואָרען, איז י. סטענזאָר געוועהלט געוואָרען פאַר טשערמאַן. אויך לאָקאַל 35 האָט שוין באַלאַנגט צו די „פּראָגרעסיווע". דעם 2־טען פעברואַר 1926 איז געשטימט געוואָרען אַ 20 דאָלאַר שטייער פאַר אַ קאַמפּס פאָנד. י. באָרוכאָוויטש, דער מענעדזשער פון לאָקאַל 2, האָט אין אַ ספּעציעלען אויפרוף זיך געווענדעט צו די מיטגלידער פון לאָקאַל 2, אַז זיי זאָלען שטימען פאַר'ן שטייער. און דער שטייער איז אויך אָנגענומען געוואָרען מיט אַ גרויסער מאַיאָריטעט. אָבער אינוועניג אין די רייהען פון דער יוניאָן איז עס גאָר ניט געווען אַזוי גלאַט. די אָפּאָזיציע האָט זיך אָרגאַניזירט און די פּראָטעסט־שטימונג געגען דער קאָנטראָל פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי דורך דער „טרעיד יוניאָן עדיוקיישאָנאַל ליג" איבער דער יוניאָן איז געוואָרען אַלץ שטאַרקער.

איידער עס איז געמאַכט געוואָרען שלום מיט דער „דזשאָינט עקשאָן קאָמיטע" איז די פירערשאַפט פון די רעאָרגאַניזירטע לאָקאַלס געלעגען אין די הענט פון צוויי גרופּעס — פון דער שאַפּ דעלעגאַטען ליג און די „פיור און סימפּל" און זיי האָבען געאַרבייט האַרמאָניש צוזאַמען. אַזוי שנעל אָבער ווי עס איז געמאַכט געוואָרען דער שלום און צו די קאָמוניסטען איז פּאַקטיש איבערגעגעבען געוואָרען די פולע מאַכט אין די 3 לאָקאַלס און אין דעם דזשאָינט באָארד, האָבען זיך די קאָנסערוואַטיווערע

---

*) די אַנדערע מיטגלידער זיינען געווען מאַקס אַמדור, לואידזשי אַנטאָניני, ה. גרינבערג, ד. גינגאָלד, א. גאָרעס, דייוויד דובינסקי, דזש. האַלפּערין, דזשוליוס האָכמאַן, ס. נינפאָ, מאָלי פרידמאַן, טשאַרלז קריינדלער, ע. רייזבערג, מאַריס זיגמאַן, פּרעזידענט און אַב. באַראָף, סעק.־טרעזשורער.

עלעמענטען צוריקגעצויגען פאַר א ווײלע פון טעטיגקײט, דער ראַדיקאַלער עלעמענט אָבער פון דער „שאַפּ דעלעגאַטען ליג״ האָט זיך גלײך רעאָרגאַניזירט אונטער דער פירערשאַפט פון די אַנאַרכיסטען אין דער „טרעיד יוניאָן גרופּע״ און האָבען באַשלאָסען פאַרצוזעצען דעם קאַמף געגען דער קאָמוניסטישער הערשאַפט אין דער יוניאָן.

די גרופּע איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין אָקטאָבער 1925.

די גרינדער זײנען געווען מיטגלידער פון די דרײ לאָקאַלס 2, 9 און 22. פון לאָקאַל 2 זײנען געווען לואיס ליוואַי און מ. באַנגאַ. די גרופּע האָט גלײך אָנגעפאַנגען אַרויסגעבען א וואָכענשריפט דער „יוניאָן אַרבײטער״.

די האַלטונג פון די קאָמוניסטען, וועלכע האָבען זיך געפילט אַלס זיגער, איז געווען אַזאַ, אַז זי האָט אַלץ מער געהאָלפען צו פאַראײניגען זײערע געגנער געגען זיך.

א פּאָר חדשים נאָך דער פילאַדעלפיער קאָנווענשאָן איז צו די פריהערדיגע גרופּען צוגעקומען א נײע, אונטער דעם לאַנגען נאָמען „קלאָוק און דרעסמאַכער פאַר סאָלידאַריטעט און טאָלעראַנץ אין דער יוניאָן״. נאָר אין טעגליכען געברויך האָט מען איהר נאָמען אָפּגעקירצט און מען פלעגט זי רופען „טאָלעראַנץ גרופּע״. זי איז באַשטאַנען פון ראַדיקאַלע מיטגלידער, וועלכע האָבען צום גרעסטענטײל פריהער סימפּאַטיזירט מיט די קאָמוניסטען אין דער יוניאָן, ווען זײ זײנען נאָך געווען אין דער אָפּאָזיציע. זי איז אַרויסגעוואַקסען פון דער שלום קאָמיטע, וואָס האָט געמאַכט שלום צווישען דער אינטערנעשאָנאַל און דער „דזשאָינט עקשאָן קאָמיטע״. די פירער פון דער נײער גרופּע זײנען געווען ב. קאַפּלאַן, ה. פריד, מאָריס פײנבערג, י. גוטערסאָן און י. דײטש.

די גרופּע איז געשאַפען געוואָרען, לויט איר ערקלערונג אין דער „גערעכטיגקײט״ פון 21־טען מאַי, װײל זי איז שטאַרק אַנטוישט געוואָרען מיט דער פירונג פון די קאָמוניסטען אין דער יוניאָן, און מיט דעם ווילקיר וואָס זײ האָבען באַשאַפען בײ די מיטינגען. נאָר ווען די גרופּע האָט זיך אַלץ מער דערנעענטערט צו די געגנער פון די קאָמוניסטען, האָט זי זיך געשפּאָלטען. אָבער דאָס האָט זי ניט אָפּגעשוואַכט. פאַר־

קערט, זי איז געוואָרען אַלץ שטאַרקער. זי האָט אויך אָנגעפאַנגען אַרויסגעבען אַן אייגענע צייטשריפט „דאָס פרייע וואָרט".

צווישען דזשאָינט באָארד און דער אינטערנעשאָנאַל האָט אויך ניט עקזיסטירט קיין גרויס פריינדשאַפט. מען האָט, אמת, זיך אויסגעמיידט צו קריגען, אָבער קיינער האָט ניט געזוכט צו באַהאַלטען דעם סוד, אַז די געגענזייטיגע באַציהונגען זיינען ניט קיין איבעריגס פריינדליכע. און דאָס האָט אויך אַנדערש ניט געקענט זיין. מיט דעם שליסען פון אָפיציעלען שלום האָבען זיך ניט געענדערט די מיינונגען. און אויך האָבען זיך ניט געענדערט די אורזאַכען וואָס האָבען אַרויסגערופען די געגענזייטיגע אונ־פריינדליכע באַציהונגען. די קאָמוניסטישע פאַרטיי האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון איהר פריהערדיגער טעאָריע און טאַקטיק ווענען יוניאָנס און די פירער פון דזשאָינט באָארד האָבען דער קאָמוניס־טישער פאַרטיי ניט ווייניגער געפאָלגט ווי פריהער.

נאָר אַלע באַמיהונגען זיינען געמאַכט געוואָרען אויפצו־האַלטען איינינקייט אין דער יוניאָן, ווייל מען איז געשטאַנען ערב אַ גרויסען קאַמף. עס איז געווען אַזוי גוט ווי זיכער, אַז עס וועט זיין אַ קלאָוקמאַכער גענעראַל סטרייק. מען האָט בלויז געוואַרט אויף דעם באַריכט פון דער „גאָווערנאָרס קאָמישאָן", וועלכע האָט באַדאַרפט פאַרענדיגען איהר אַרבייט, וואָס זי האָט איבערגעלאָזען פון 1924, ווען זי איז באַשאַפען געוואָרען. די רעקאָמענדאַציעס, וואָס זי האָט דעמאָלט אַריינגעבראַכט, זיינען געווען ניט קיין פאַרענדיגטע און ניט קיין אַנטגילטיגע. איהר לעצטע און אַנטגילטיגע רעקאָמענדאַציע האָט זי געדאַרפט אַריינ־ברייגנען אין 1926, ווען דער אָפּמאַך מיט די באַלעבאַטים האָט געדאַרפט באַנייט ווערען. אָבער מען האָט פאָראויס געוואוסט, אַז די רעקאָמענדאַציעס פון דער גאָווערנאָרס קאָמיסיע וועלען זיכער ניט באַפרידיגען די פאָדערונגען פון דער יוניאָן. דערצו איז די נייע פירערשאַפט פון דער יוניאָן געווען באַקאַנט מיט איהר אַלגעמיינער נעגנערשאַפט צו דעם גאָווערנאָרס קאָמיסיע. די אַלע, וואָס זיינען געווען פאַרבונדען מיט דער נייער פירער־שאַפט פון דער יוניאָן האָבען גענומען אַ שאַרפע שטעלונג געגען דער גאָווערנאָרס קאָמיסיע פון דעם טאָג, וואָס זי איז געשאַפען געוואָרען, און זיי האָבען ביי יעדער געלעגענהייט ערקלערט, אַז די יעניגע, וואָס האָבען איינגעשטימט, אַז די גאָווערנאָרס קאָמיסיע

זאָל געשאַפען ווערען, האָבען פאַרראַטען די יוניאָן און די אינ־טערעסען פון די קלאָוקמאַכער. דאָס איז כסדר ווידערהאָלט געוואָרען אין דער קאָמוניסטישער פּרעסע. מען האָט דעריבער ניט געקענט דערוואַרטען, אַז די זעלביגע מענשען, וואָס האָבען די גאַנצע צייט געהאַט אַזא שאַרפע געגנערישע באַציהונג צו דער גאָווערנאָרס קאָמיסיע, זאָלען אָננעמען דאָס וואָס זי רעקאָמענדירט.

די יוניאָן האָט דערביי אַרויסגעשטעלט אַ צעטעל פאָדע־רונגען, וואָס מען האָט אונטער די אומשטענדען ניט געקענט האָפען, אַז זיי וועלען געוואונען ווערען אויף אַ פרידליכען וועג. מען האָט, אמת, אונטער די אומשטענדען אויך געדאַרפט שטאַרק צווייפלען, אויב זיי קענען געוואונען ווערען אין אַן אָפענעם קאַמף. די לאַגע אין טרעיד איז געווען אַ גאַנץ שלעכטע. עס איז געווען ווייניג אַרבייט און אַ סך אַרבייטסלאָזע. אָבער די פירערשאַפט פון דער יוניאָן האָט געהאַט אַ פאַרפליכטונג צום סטרייק. די זעלביגע מענשען, וואָס זיינען איצט געשטאַנען ביים רודער פון דער יוניאָן, האָבען געפאָדערט אַ סטרייק זינט די גאָווערנאָרס קאָמיסיע איז געשאַפען געוואָרען. זיי האָבען כסדר געהאַלטען אין ערקלערען, אַז אָהן אַן אמת'ן גענעראַל סטרייק וועט זיך די לאַגע פון דעם קלאָוק טרעיד ראַדיקאַל ניט קענען ענדערען. און איצט האָבען זיי געקראָגען די מעגליכקייט צו טאָן דאָס, וואָס זיי האָבען די גאַנצע צייט געזאָגט, אַז מען דאַרף טאָן. זיי זיינען איצט די פירער פון דער יוניאָן.

און דאָן זיינען געקומען די רעקאָמענדאַציעס פון דער גאָ־ווערנאָרס קאָמיסיע, וועלכע זיינען געווען צום גרויסען טייל ניט גינסטיג פאַר דער יוניאָן. באַזונדערס די רעקאָמענדאַציע צו געבען די מאַנופעקטשורערס אַ רעכט פון צען פּראָצענט רעאָר־גאַניזאַציע יעדען יאָהר. אמת, די רעקאָמענדאַציע איז געווען מיט באַגרעניצונגען. בלויז אַזעלכע מאַנופעקטשורערס, וואָס באַשעפטיגען ניט ווייניגער ווי 35 אַרבייטער זאָלען האָבען אַזא רעכט. דערביי זאָל פאַרמידען ווערען אומגערעכטע דיסקרימי־נאַציע און די פלעצער פון די „רעאָרגאַניזירטע" זאָלען פאַרנעמען אַרבייטער, וואָס וועלען געשיקט ווערען פון דער אַרבייטער ביוראָ, וואָס דאַרף געגרינדעט ווערען. אָבער מיט אַלע איהרע באַגרע־נעצונגען איז די רעקאָמענדאַציע געווען אַן אומגינסטיגע פאַר דער יוניאָן. צוויי רעקאָמענדאַציעס זיינען געווען צו גונסטען פון

דער יוניאָן — באַגרענעצונג פון קאָנטראַקטאָרס און אַ העכערונג פון אַרבייטס־לוין פון 3 ביז 6 דאָלאַר אַ וואָך (פאַר אָפּעריייטאָרס איז די העכערונג געווען 4 דאָלאַר — פון 50 אויף 54 דאָלאַר אַ וואָך). די יוניאָן איז אָבער געווען ניט צופרידען, וואָס עס איז אין גאַנצען אויסגעלאָזען געוואָרען איהר פאָדערונג פון גאַראַנטירען 36 וואָכען אַרבייט אַ יאָהר און אַ 40־שטונדיגע אַרבייטס־וואָך. זי איז אויך ניט געווען צופרידען, וואָס די רעקאָמענדירטע אַרבייטס ביוראָ זאָל אין גאַנצען שטעהן אונטער דער פאַרוואַלטונג פון אַרבייטסלאָזען פאָנד. די יוניאָן האָט פאַרלאַנגט, אַז די אַרבייטס ביוראָ זאָל האָבען אַ באַזונדערען מענעדזשער.

נאָר די רעקאָמענדאַציעס פון דער גאָווערנאָרס קאָמיסיע זיינען געווען בלויז אַ באַזיס פאַר אַ נייעם אָפּמאַך. די באַלע־באַטים, ווען זיי וואָלטען נאָר געוואָלט, האָבען געקענט אין קאָנ־פערענצען מיט דער יוניאָן אויסגלייכען די שטרייטבאַרע פּונקטען, אָבער זיי האָבען עס ניט געוואָלט.

י. באָרוכאָוויטש האָט אין נאָמען פון לאָקאַל 2 אַרויסגע־שטעלט די פאָלגענדע פאָדערונגען:

1) אַלע בעל־מלאכות אין דער קלאָוק אינדוסטריע זאָלען גאַראַנטירט ווערען מיט 36 וואָכען אַרבייט אין אַ קאַלענדאַר־יאָהר.

2) אַ 40־שטונדיגע אַרבייטס־וואָך און 5 טעג אַ וואָך.

3) אַ העכערונג פון 10 דאָלאַר אויפ'ן מינימום סקעיל.

4) קיין אָווערטאַים זאָל ערלויבט ווערען.

5) אַן אַרבייטס ביוראָ זאָל עטאַבלירט ווערען אין אונזער אינדוסטריע.

6) עס זאָל איינגעפירט ווערען פאַר יעדען דזשאָבער און מאַנופעקטשורער אַ באַגרענעצונג פון דער צאָל קאָנטראַקטאָרס לויט די גרויס פון זיין ביזנעס.

7) יעדער דזשאָבער און מאַנופעקטשורער זאָל זיין פאַר־אַנטוואָרטליך פאַר זיינע קאָנטראַקטאָרס בנוגע אַרבייטס באַדינ־גונגען, ווייזשעס, א. ז. וו.

8) די יוניאָן זאָל האָבען צוטריט צו אַלע רעקאָרדס און ביכער פון די דזשאָבערס און מאַנופעקטשורערס.

9) קיין אַרבייטער זאָל ניט אָפּגעזאָגט ווערען איידער ער

קריגט אַ פּראָבע פון איין וואָך, סיידען עס ווערט באַוויזען, אַז די באַטרעפענדע פּערזאָן איז אונפעהיג.

10) דער ארבייטסלאָזער פאַרזיכערונגס פאָנד זאָל אָנגעהאַל־טען ווערען אין דער אינדוסטריע און צו זיין אויפהאַלטונג זאָל בייגעשטייערט ווערען בלויז פון די מאַנופעקטשורערס און זאָל קאָנטראָלירט ווערען פון דער יוניאָן.

11) קיין אָפּמאַך זאָל אונטערגעשריבען ווערען מיט איר־גענד וועלכען מאַנופעקטשורער, לויט וועלכען דאָס רעכט צו סטרייקען ווערט אויפגעגעבען.

נאָר צו דער קאָנפערענץ מיט די באַלעבאַטים האָט די יוניאָן צוגעשטעלט די פאָדערונגען אין אַ ביסעל אַנדער פאָרם.

אָבער עס איז ניט פאַרנומען געוואָרען פיל צייט מיט די קאָנפערענצען. דעם 15־טען יוני איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען די ערשטע קאָנפערענץ און דעם 29־טען יוני איז אויף אַ מאַסען־פאַרזאַמלונג אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען ערקלערט געוואָרען דער סטרייק און דעם 1־טען יולי האָט ער זיך אָנגעפאַנגען. מען האָט איהם אפילו ניט געשטעלט אויף אַ רעפערענדום אָפּשטימונג. מען האָט זיך באַגנוגענט מיט דער אָפּשטימונג פון דער מעדיסאָן סקווער גאַרדען פאַרזאַמלונג.

די פירער פון סטרייק האָבען שפּעטער ערקלערט, אַז דאָס איז געטאָן געוואָרען אויף דעם ראַט פון מאָרים הילקוויט.

עס איז געווען אַ לאַנגער און אַן אומגליקליכער סטרייק. נאָר ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס אין דער יוניאָן זיינען געווען פאַרשידענע גרופּען, וואָס האָבען געקעמפט איינע געגען די אַנ־דערע, און ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ביים צונויפשטעלען די אָרגאַניזאַציע פון סטרייק האָבען די פירער פון דער יוניאָן געהאַט שטאַרק אין זינען, אַז די וויכטיגסטע קאָמיטעס זאָלען קאָנטראָלירט ווערען פון אייגענע מענשען און עס איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז פּרעזידענט זיגמאַן איז נידערגעשטימט געוואָרען פאַר טשערמאַן פון דער גענעראַל סטרייק קאָמיטע און לואיס היימאַן איז געוועהלט געוואָרען, זיינען די רייהען פון די סטריי־קער ניט געבראָכען געוואָרען אפילו נאָך 19 וואָכען סטרייקען און ווען מען האָט שוין אָנגעפאַנגען פילען, אַז דער קאַמף איז אַ פאַרלאָרענער.

עס איז געווען נאַטירליך, אַז די פירער פון דזשאָינט באָארד,

וועלכע האבען געטראגען די פאראנטוואָרטליכקייט פון סטרייק און ווי ער איז געפירט געוואָרען, זאָלען אָנפאנגען צוגרייטען דעם באָדען אויף וועמען צו ווארפען די שולד, ווען זיי האָבען דערפיהלט, אז דער קאמף איז פארלאָרען. און עס איז פאר־שטענדליך, אז די שולדיגע געפינען זיך אין דעם גענגנערישען לאגער. און אין דער קאָמוניסטישער פרעסע האט מען אָנגע־פאנגען זיי אטאקירען נאך שטארקער ווי פריהער.

צום סוף פון דער 19טער וואָך פון סטרייק, דעם 11טען נאָוועמבער, איז די סטרייק קאָמיטע געקומען צו אן אויסגלייך מיט דעם „אינדאָסטריעל קאונסיל" (די מאנופעקטשורערס פראָ־טעקטיוו אַסאָסיאיישאָן האט דעם 31טען דעצעמבער, 1925, גע־ביטען איהר נאָמען אויף „אינדאָסטריעל קאונסיל").

זי האט שוין אייגענטליך געביטען דעם נאָמען אָנפאנג זו־מער, 1924, אָבער אָפיציעל איז דער נאָמען געענדערט געוואָ־רען דעם 31־טען דעצעמבער, 1925.

דער אָפּמאך מיט דעם „אינדאָסטריעל קאונסיל" איז אין א פּאָר פונקטען געווען בעסער ווי די רעקאָמענדאציעס פון דער גאָווערנאָרס קאָמיסיע. דאָס איז ערשטענס געווען אין פּרט פון העכערען דעם מינימום ארבייטס־לוין. דער אונטערשייד אין דער העכערונג איז געווען פון א דאלאר ביז 3 דאלאר א וואָך. פאר אפּערייטאָרס איז דער אונטערשיד געווען אין א דאלאר— לויט דעם נייעם אָפּמאך האבען זיי געדארפט קריגען 55 דאלאר א וואָך. צווייטענס, בנוגע דער ארבייטס־ביורא, אז זי זאָל גע־שטעלט ווערען אונטער א באזונדערער פארוואלטונג. עס איז אויך טיילווייז געוואונען געוואָרען די פאָדערונג פאר א קיר־צערע פינף־טאָגיגע ארבייטס־וואָך — ביז יוני 1928 זאָל זי זיין 42 שטונדען און נאָכדעם 40. אָבער דער וויכטיגסטער פונקט פון קאמף — רעאָרגאניזאציע, איז ארויסגעקומען אין אלגעמיין ערגער ווי די גאָווערנאָר'ס קאָמיסיע האט רעקאָמענדירט, און די צווייטע הויפּט־פאָדערונג פון גאראנטירען 36 וואָכען ארבייט א יאָהר, איז אפילו ניט דערמאָנט.

דער פונקט וועגען רעאָרגאניזאציע לייענט זיך אין דעם אָפּמאך אזוי (ציטירט פון דער „גערעכטיגקייט"):

„אלע קאונסיל מיטגלידער, וואָס באשעפטיגען 35 אָדער מעהר יוניאָן ארבייטער פון דעם טאָג, וואָס דער אגרימענט געהט

אריין אין קראַפט און ביז דעם 1טען יוני, 1928, און נאָכדעם א שטענדיגען סעט פון 40 אָדער מעהר ארבייטער, און וועלכע האָבען נאָך פאר דעם דאַטום פון דער ריאָרגאַניזאַציע, וואָס ווערט דאָ ווייטער דערמאָנט, אויסגעצאָהלט צו זייערע ארבייטער אין שכירות א סומע, וואָס איז גלייך צו 32 וואָכען לויט געוועהנליכע וועכענטליכע שכירות אין משך פון דעם פריהערדיגען יאָהר, זאָלען האָבען דאָס רעכט צו ריאָרגאַניזירען זייערע שעפער, בתנאי, אז אזא ריאָרגאַניזאַציע זאָל ניט פארבייטען מעהר ווי צעהן פראָצענט פון אזעלכע ארבייטער אין יעדען שאַפּ פון יעדער ריאָרגאַניזאַציע פעריאָד און אויך אויף ווייטער, אז:

א) יעדער ארבייטער וואָס וועט דורך אזא רעאָרגאַניזאַציע אַנטזאָגט ווערען, זאָל פארביטען ווערען דורך דער ארבייטס ביוראָ;

ב) יעדער ארבייטער וואָס וועט דורך דער דאָזיגער ריאָר־גאַניזאַציע דארפען פארלאָזען דעם שאַפּ זאָל קריגען באַצאָהלט א וואָך שכירות;

ג) אזעלכע ריאָרגאַניזאַציע־רעכט קאָנען נאָר דורכגעפיהרט ווערען אין די חדשים פון יוני 1927, יוני 1928 און דעצעמ־בער 1928.

ד) קאָונסיל מיטגלידער, וועלכע זיינען אויסשליסליכע „אינ־סייד מאַנופעקטשורערס", ד. ה. וואָס מאַכען קליידער פון סחורה, וואָס זיי אליין האָבען געקויפט און וועלכע זיי האָבען ניט ארויס־געשיקט אין קיין אַנדערע שעפער אויסצואַרבייטען, און וועלכע האָבען אויסגעצאָהלט זייערע ארבייטער שכירות וואָס איז גלייך צו 32 וואָכען א יאָהר, זאָלען האָבען דאָס רעכט פאר ריאָרגאַ־ניזאַציע, ניט רעכענענדיג זיך מיט דער צאָהל ארבייטער וואָס זיי באַשעפטיגען;

ה) אין פארבינדונג מיט די אוועקגעשיקטע ארבייטער, זאָל קיינער ניט דיסקרימינירט ווערען פאר יוניאָן־טעטיגקייט.

די שכירות־מאָס פאר די ארבייטער זאָלען אויסגערעכענט ווערען אויף דעם באַזיס פון דער אלגעמיינער סומע פון שכירות וואָס איז אויסגעצאָהלט געוואָרען צו די ארבייטער וואָס זיינען ביי זיי שטענדיג באַשעפטיגט, און וועלכע זיינען באַשעפטיגט געוואָרען אין דעם אָנהויב פון סעזאָן, און זיינען פארבליבען דאָר־טען ארבייטען ביז צו דער צייט פון ריאָרגאַניזאַציע. ארביי־

טער וואָס ווערען אריינגענומען דורכ'ן יאָהר, זיינען נישט אויס־געשלאָסען פון די פונקטען פון ריאָרגאַניזאַציע".

דאָס שלעכטע אין דעם פונקט איז, וואָס אין דער צייט פון אָנדערטהאַלבען יאָהר, פון יוני 1927 ביז דעצעמבער 1928, וועלען די מאַנופעקטשורערס זיין בארעכטיגט צו דריי רעאָרגאַני־זאַציעס. דערביי האָבען די מיטגלידער פון אינדאָסטריעל קאונסיל, וועלכע זיינען אויסשליסליך „אינסאַיד מאַנופעקטשורערס", דאָס רעכט פון רעאָרגאַניזאַציע, ווי קליין עס זאָל ניט זיין די צאָהל ארבייטער וואָס זיי באשעפטיגען. אן אויסבעסערונג האָט דער פונקט געהאַט אין באַצוג צו די 32 וואָכען ארבייטס־לוין אַ יאָר, וואָס פאָדערט זיך פאַר דעם רעכט פון רעאָרגאַניזאַציע וואָס די רעקאָמענדאַציע פון גאָווערנאָר'ס קאָמיסיע האָט ניט.

נאָר די סטרייקער האָבען, דורך אַ רעפערענדום אָפּשטימונג, דעם 16טען נאָוועמבער, דעם אָפּמאַך אָנגענומען. זיי זיינען שוין געווען 20 וואָכען אין סטרייק. די יוניאָן האָט אויף דער 8טער וואָך פון סטרייק געקענט קריגען אַ גינסטיגערען אָפּמאַך מיט די באַלעבאַטים. זיגמאַן און אַנדערע ערפאַרענע פירער פון דער יוניאָן האָבען ניט בלויז געראָטען נאָר איינפאַך געבעטען די פי־רער פון סטרייק, אַז זיי זאָלען דעם אָנבאָט אָננעמען, אָבער זיי האָבען איהם צוריקגעוויזען.

אָבער עס איז געווען עפּעס נאָך ערגער. דער „אינדאָסטריעל קאָונסיל", די פריהערדיגע פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן, וואָס איז אַמאָל געווען דער וויכטיגסטער פאַקטאָר אין דער קלאָוק אינ־דוסטריע, האָט פארלאָרען זיין אַמאָליגע וויכטיגקייט. אין יאָהר 1916 זיינען אין די שעפּער פון דער פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן באַשעפטיגט געוואָרען נאָהענט צו 22 טויזענד קלאָוקמאַכער, בעת אין 1926 זיינען אין די שעפּער פון אינדאָסטריעל קאונסיל (פּראָטעקטיוו אַסאָסיאיישאָן) באַשעפטיגט געוואָרען קנאַפּע 7 טויזענד קלאָוקמאַכער אין זייערע אינסאַיד שעפּער און צוזאַמען מיט זייערע קאָנטראַקטאָרס ארום 9 טויזענד. דער וויכטיגסטער פאַקטאָר אין דער קלאָוק אינדוסטריע זיינען געוואָרען די דזשאָ־בערס, וועלכע האָבען באַשעפטיגט איבער 15 טויזענד ארבייטער. און מיט זיי האָט דער סטרייק ווייטער געדאַרפט אָנגעפירט ווע־רען, ווייל מיט זיי האָט מען צו קיין אויסגלייך ניט געקענט קו־מען און עס האָט אויך ניט אויסגעזעהן, אַז מען וועט קענען

מיט זיי קומען צו אן אויסגלייך. ווי עס האָט זיך שפּעט־ערויסגעוויזען, האָבען די דזשאָבבערס געקראָגען זייער ארבייט געמאַכט אין שעפּער, וואָס האָבען נאָך אין אָנפאַנג און אין מי־טען פון סטרייק נאָכגעגעבען די פאָדערונגען פון דער יוניאָן און האָבען מיט איהר אונטערגעשריבען אן אָפּמאַך.

די פראַגע איז געווען, וואָס זאָל ווייטער געטאָן ווערען? און וואו נעמט מען געלד ווייטער אָנצופירען דעם קאַמף? דער חשבון האָט געוויזען, אז ביז דעם 18טען נאָוועמבער האָט דער סטרייק אָפּגעקאָסט די סומע פון נאָהענט צו דריי מיליאָן דאָלאר (2,932,089.68).

דעם צווייטען דעצעמבער האָט די „טרעיד יוניאָן גרופּע” גערופען א מאַס־מיטינג פון קלאָוקמאַכער אין קופּער יוניאָן, צו וועלכען מען האָט געבראַכט זיגמאַנען און דו־בינסקין, אז זיי זאָלען ערקלערען די לאַגע פאַר די פאַרזאַמעלטע, און עס איז אָנגענומען געוואָרען איינשטימיג א רעזאָלוציע, וואָס פאָדערט אויף די אינטערנעשאָנאַל איבערצונעמען די פירונג פון סטרייק און איהם פאַרענדיגט. ר. צוקערמאַן איז געווען טשערמאַן פון מיטינג.

די פראַגע איז געשטעלט געוואָרען אויף דעם פערטעל־יערליכען מיטינג פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע, וואָס איז אָפּ־געהאַלטען געוואָרען אין דער וואָך פון סוף נאָוועמבער און אָנפאַנג דעצעמבער אין ניו־יאָרק. וויס־פּרעזידענט פּאָרטנאָי האָט געפרעגט, וואָס די אינטערנעשאָנאַל דענקט ווייטער צו טאָן פאַר'ן סטרייק, און פּרעזידענט זיגמאַן האָט געענט־פערט (ציטירט פון דער „גערעכטיגקייט”):

„וועגען דער פראַגע, אז דער עקזעקוטיוו באָארד זאָל אָנ־נעמען באַשלוסען צו העלפען דעם איבערגעבליבענעם טייל פון סטרייק, וויל איך ענטפערען, און דער דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד מעג עס אָננעמען אלס א פאָרשלאַג, אויב איהר ווילט.

„איך זאָג, אז ניט קוקענדיג דאַרויף, וואָס די פיהרער פון קלאָוקמאַכער דזשענעראַל סטרייק האָבען פאַרפיהרט דעם סטרייק אין א לאַגע, אין וועלכער אלע הויפּט פאָדערונגען זיינען אין גאַנצען פאַרטאַכלעוועט געוואָרען; און ניט קוקענדיג דאַרויף, וואָס דורך דער ניט אָרענטליכקייט און אומפעהיגקייט פון די

פיהרער איז דער סטרייק געפיהרט געוואָרען אין די אינטערעסען פון דער קאָמוניסטישער פּאָליטיק, און דאַרום האָט דער סטרייק פאַרלוירען זיין פּראַקטישקייט און ווירקזאַמקייט; און אויך ניט קוקענדיג דאַרויף, וואָס דורך זייער שמאָל־קעפּיגקייט און זייער אומפעהיגקייט האָבען די פיהרער דעם סטרייק צובראָכען און צושפּליטערט, זיי האָבען אָפּגעסעטעלט מיט אַ גרויסע צאָהל אינדעפּענדענט מאַנופעקטשורערס און קאָנטראַקטאָרס, וועלכע האָבען באַזאָרגט די דזשאַבערס מיט גענוג קלאָוקס, אַזוי אַז די דזשאַבערס האָבען כמעט דעם סטרייק ניט געפיהלט, אַם ווענינסטענס ביז היינטיגען טאָג; און ניט קוקענדיג דאַרויף, אַז דאָס איז דער ערשטער סטרייק אין דער געשיכטע פון אונזער יוניאָן, וועלכער האָט אָפּגעקאָסט אַזאַ געוואַלדיגע סומע און וועלכער איז געווען אַזאַ גרויסע לאַסט אויף אונזערע מעמבערס, און האָט געטעקסט די מיטגלידערשאַפט פון אונזער אינטערנעשאָנעל ווי עס איז נאָך קיינמאָל ניט געטעקסט געוואָרען; און ווייטער, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס אונזער סטרייק געפינט זיך איצט אין מיטען פון סלעק־סיזאָן, און די פראַגע פון קריגען אונטער די איצטיגע אומשטענדען אַ גינסטיגען סעטעלמענט פון די דזשאַבערס אַסאָסיאיישאָן, און פון דזשאַבערס אין אַלגעמיין, איז זעהר אַ שווערע. און טראָץ דעם וואָס אין דער גאַנצער צייט פון סטרייק האָבען די פיהרער פון דעם דזשאָינט באָארד דורך זייער טאַקטיק און פּראָפּאַגאַנדע צווישען די אַרבייטער דעמאָראַליזירט דעם גייסט פון די סטרייקערס, — פונדעסטוועגען, אָפּילו אונטער אָט די אַלע שרעקליכע אומשטענדען, איז די דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד בּאַרייט איבערצונעהמען דעם טראַגישען סטרייק און איהם אָנפיהרען צוזאַמען מיט אַ קאָמיטע פון קלאָוקמאַכער, וועלכע זיינען יוניאָן אַרבייטער און סטרייקערס און פריי פון דער דיקטאַטור פון אירגענד וועלכער פּאָליטישער פּאַרטיי אָדער קליקע, און זיינען גרייט אַרויסצושלעפּען די יוניאָן פון איהר איצטיגען כאַאָס. איין זאַך מוז אָבער קלאָר פאַרשטאַנען ווערען, און דאָס איז, אַז די איצטיגע פיהרער, וועלכע זיינען פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם צושטאַנד פון סטרייק, מיט דער אויסנאַמע פון אייניגע, זאָלען גלייך באַזייטיגט ווערען.

„מיר זיינען וויליג צו נעהמען די ריזיקע פון נעהמען די

יוניאָן, פון וועלכער עס איז איצט געבליבען בלויז א שאָטען, און ארויספיהרען די קלאָוקמאכער פון דער איצטיגער פינסטער־ניש, אויף אזוי ווייט ווי עס איז מעגליך און די לאַגע ער־לויבט עס.

„דאָס איז מיין ענטפער אויף דער פראגע, אויף וואָס פאר אַן אופן מען קען איצט עפּעס אויפטאָן פאר דעם סטרייק„.

דעם 12־טען און 13־טען דעצעמבער האָט די גענעראַל עקזעקוטיווע אָפּגעהאַלטען א ספּעציעלען מיטינג און האָט ארויס־געגעבען א באקאנטמאַכונג, אַז די אינטערנעשאָנאַל נעמט איבער די פירערשאפט פון סטרייק. אויף דעם זעלביגען מיטינג זיינען אויך באשטימט געוואָרען קאָמיטעס פון יעדען לאָקאַל אָנצופירען די ארבייט פון דער יוניאָן. פון לאָקאַל 2 זיינען באשטימט געוואָרען: בענדזשאמין קאפּלאן, ל. גאָלדשטיין, מ. פיינבערג, ה. פיינשטיין, ל. גאָלדבערג, פ. קרייטצער, ל. סמיט, מ. הילער, ס. עטקין, ס. גארניק, ב. לאפּידוס, ל. דינערשטיין, ל. קאטץ, דזש. וויסבלאַט, ל. בערלינער, י. קופּער, ל. מארגולסקא, ל. פערבער, נ. זאקשטיין, א. קאָהען, מ. וואָגמאן, מ. באגאָט, ה. פריד, ע. גוטערסאָן, ב. קאפּלאן, א. ראָזען, פ. קאטץ, פייערסטיין, ז. גאָלדפארב, ר. צוקערמאן, נייטען פורעטץ, י. האראָוויטץ, טשארלז נעש, י. פרידמאַן, מ. ליוואי, מ. ראָטענבערג, פיליפּ קורינסקי, סעם ארטשיצער.

דער סטרייק איז ווי עס איז פארענדיגט געוואָרען. מען האָט געזוכט ארויסצוראטעווען פון דער שרפה וואָס מען האָט נאָר געקענט, נאָר מען האָט פיל ניט געקענט ראטעווען. אָבער ווען דער גרויסער קאמף מיט די באלעבאטים האָט זיך געענדיגט, האָט זיך אָנגעפאנגען דער גרויסער ברודער־קאמף, וועלכער האָט שיער ניט פארניכטעט די יוניאָן.

## נײַן־און־דרײַסיגסטער קאַפּיטל

# די רעאָרגאַניזאַציע און די צוריק אויפבויאונג פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן

די יוניאָן איז פאַקטיש געווען צובראָכען נאָך דעם אומ־גליקליכען סטרייק. נאָר די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט זיך נאָך דעמאָלט געהאַלטען פאַר דער טאַקטיק, אַז קיין דואַל יוניאָנס זאָלען ניט געשאַפען ווערען. מען האָט געדאַרפט „בויערן פון אינוועניג" אין די עקזיסטירענדע יוניאָנס און קריגען איבער זיי אַ קאָנטראָל.

זיי האָבען פּרובירט ווידער אַ מאָל באַשאַפען אַ „דזשאָינט עקשאָן קאָמיטע", אָבער דאָס איז זיי ניט געלונגען. זייער פּרעסטיזש איז דורכ'ן סטרייק שטאַרק געפאַלען. זיי האָבען דעריבער אָנגעפאַנגען אַרבייטען דורך שלום קאָמיטעס. די פאָ־דערונג איז געווען, אַז מען זאָל דורכפירען וואַהלען אין דער יוניאָן און די וואָס וועלען געוועהלט ווערען וועלען די יוניאָן פירען און דער געגנערישער צד וועט זיך אונטערוואַרפען. און אַזוי איז געשאַפען געוואָרען אַ „שאַפּ טשערמען קאונסיל", אַ קאָמיטע פון שאַפּ טשערלייט, פון וועלכער בראַונער און קליינמאַן זיינען געווען די פירער. אָבער זיגמאַן האָט אַלע שלום־אָנבאָטען צוריקגעוויזען. ער האָט געהאַט אין זיין זכרון די ביטערע ער־פאַרונג פון דעם ערשטען שלום אין 1925, און ער איז אָנגע־גאַנגען מיט זיין אַרבייט צו רעאָרגאַניזירען די יוניאָן. עס זיינען באַשטימט געוואָרען צייטווייליגע עקזעקוטיוועס פאַר די לאָקאַלס און אַ צייטווייליגער דזשאָינט באָארד.

די באַאַמטע פון דער פּראָוויזאָרישער עקזעקוטיווע פון לאָקאַל 2 זיינען געווען ר. צוקערמאַן, טשערמאַן, און פּ. קורינסקי, סעק־רעטער. פון אָנפאַנג איז דער אָפיס פון רעאָרגאַניזירטען לאָקאַל 2 געווען אין דער געבײַדע פון דער אינטערנעשאָנאַל, 3 וועסט 16־טע סטריט, ווייל דאָס הויז פון לאָקאַל 2 איז געבליבען אין ד· הענט פון דער אויסגעשלאָסענער אַדמיניסטראַציע, נאָר דעם

3־טען יאַנואַר 1927 האָט לאָקאַל 2 זיך אַריבערגעקליבען אין דער געביידע פון איטאַליעניִשען קלאָוקמאַכער לאָקאַל 48 אויף דער 14־טער סטריט. די פּראָוויזאָרישע עקזעקוטיווע פון לאָקאַל האָט אַרויסגעגעבען אַן אויפרוף צו אַלע אָפּערייטאָרס, אַז זיי זאָלען קומען זיך רעגיסטרירען און אַז פאַר 50 סענט וועלען אַלע וואָס זיינען גוטשטעהענד און לאָיאַל צו דער אינטערנעשאָנאַל קריגען אַ יוניאָן ביכעל. דער ערשטער מיטינג פון רעאָרגאַניזירטען לאָקאַל 2 איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דעם 18־טען יאַנואַר אין בעטהאָווען האָל און ער איז געווען גוט באַזוכט. קורינסקי האָט אין זיין באַריכט איבערגעגעבען, אַז אין לאָקאַל האָבען זיך שוין רעגיסטרירט 4 טויזענד מיטגלידער און אין דער קאַסע פון לאָקאַל געפינען זיך פינף טויזענד דאָלאַר.

אייגענטליך איז די אָפיציעלע אויסשליסונג פון די פריהער־דיגע לאָקאַל 2, 9, 22 און 35 ערשט פאָרגעקומען דעם 14־טען פעברואַר 1927 דורך אַן אָפיציעלער רעזאָלוציע פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע, אָבער דאָס איז געווען ניט מער ווי אַ נויטיגע פאָרמאַליטעט. פאַקטיש זיינען זיי שוין געווען אויסגעשלאָסען, ווען עס איז אַרויסגעגעבען געוואָרען דער רוף, אַז אַלע מוזען קומען זיך רעגיסטרירען.

אין דער דריטער וואָך פון מערץ זיינען פאָרגעקומען וואַהלען פאַר באַאמטע אין לאָקאַל 2. פאַר מענעדזשער איז געוועהלט געוואָרען ב. קאַפּלאַן, פאַר סעקרעטער — ה. פריד און פאַר טשער־מאַן — ר. צוקערמאַן. אין דער עקזעקוטיווע זיינען געוועהלט געוואָרען: לעווינסאָן, גוטערסאָן, קאַפּלאַן, קופּער, פרידמאַן, אַקערמאַן, בערלינער, דינערשטיין, קאָהן, קאַטץ, אייבראַמסאָן, בראַטקאָפּסקי, לאַפּידוס, פאַרבער, גאָלדבערג, פייערשטיין, האָראָ־וויטץ, ליוואַי, טשענסער, דייטש, גודמאַן, מילער, ווילסאָן, טשיי־קין, אָרשיטצער און נאַגאַשינער.

די ניי־געוועהלטע אַדמיניסטראַציע האָט זיך אַריינגעוואָרפען גאַנץ ענערגיש אין דער אַרבייט צוריק אויפצובויען דעם לאָקאַל, אָבער עס איז געווען אַ שווערע אַרבייט. עס האָט אייגענטליך געהייסען, אַז אַלץ געהט מיט׳ן בעסטען ערפאָלג. אַז די רעאָר־גאַניזירטע קלאָוקמאַכער יוניאָן פּראָגרעסירט פון טאָג צו טאָג און אַז די קאָמוניסטען צווישען די קלאָוקמאַכער און דרעסמאַכער פאַרלירען פון טאָג צו טאָג. דער אמת אָבער איז געווען, אַז עס

איז געווען זעהר אַ שווערער און אַ ביטערער קאַמף. און גאַנץ אָפט האָט דאָס וואָרט „קאַמף” איינפאַך געהאַט אַ פיזישע באַדייטונג. עס איז אויך געווען צרות אין די שעפּער. די אַדמיניסטראַציע פון לאָקאַל 2 האָט מערערע מאָל אויפגעהויבען די פראַגע, וואָס אין די שעפּער ארבייטען אַ סך ניט רעגיסטרירטע קלאָוקמאַכער און עס מיינט איינפאַך, אַז אין יוניאָן שעפּער ארבייטען ניט־יוניאָן לייט. ר. צוקערמאַן, דער טשערמאַן פון לאָקאַל, האָט אויף יעדען מיטינג ווידערהאָלט די פאָדערונג: „יוניאָן שעפּער פאַר יוניאָן מיטגלידער”, אָבער דאָס איז געווען ניט לייכט אויסצופיהרען. די צאָל ניט רעגיסטרירטע איז געווען אַ צו גרויסע און דער כח פון דער יוניאָן איז ניט געווען גענוג שטאַרק צו האָבען אַ פולשטענדיגע קאָנטראָל איבער די שעפּער. און ווען עס האָבען געאַרבייט אין די שעפּער קלאָוקמאַכער, וואָס זיינען ניט געווען קיין מיטגלידער פון דער יוניאָן, האָבען אַ סך פון די מיטגלידער זיך געפוילט צו צאָלען דיוס אין זייער יוניאָן.

די באַלעבאַטים פון זייער זייט ווידער האָבען שטאַרק אויסגענוצט דעם ברודער־קריג פאַר זייערע אינטערעסען, באַזונדערס די דזשאָבערס. דערצו איז נאָך דער ארבייטס סעזאָן געווען אַ שלעכטע.

און אין דער יוניאָן גופא האָט אויך ניט עקזיסטירט קיין פולע איינינקייט. יעדער לאָקאַל איז געווען צוטיילט אין פאַרשידענע גרופען און קלובס.

אין מאַי 1927 האָט זיך אָרגאַניזירט אַ נייע שלום קאָמיטע, די „קאָמיטע פון 50, מיט שעלי און באַדלענדער אַלס פירער. אָבער זייערע באַמיהונגען זיינען געווען אומזיסטע. זיגמאַן האָט זיך אָפּגעזאָגט מיט איהר צו פאַרהאַנדלען. די „קאָמיטע פון 50” האָט דעריבער אָנגענומען אַ נייע ווענדונג. זי האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו ברענגען צוריק שלעזינגערן פאַר דעם פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל.

דער קאַמף צווישען די גרופען האָט זיך אויף דאָס ניי פאַנאַנדערגעפלאַקערט. די אָריענטירונג איז שוין אָבער איצט געווען אַ נייע. די קאָמוניסטען וועלכע זיינען אַרויסגעשטויסען געוואָרען דורך דער רעאָרגאַניזאַציע, האָבען שוין איצט קיין ראָליע ניט געשפּילט. דער קאַמף איז אָנגעגאַנגען צווישען די אָנהענגער פון זיגמאַנען און די, וואָס האָבען געזוכט אריינצו־

ברעננגען שלעזינגערן. צווישען די ערשטע זיינען געווען די „טרעיד יוניאָן גרופּע", און די „טאָלעראַנץ גרופּע". צווישען די צווייטע זיינען געווען די פריהערדיגע „שלום קאָמיטע" מיטגלידער און א גרויסע צאָל פון די „פּיור און סימפּעלניקעס". די פירערשאַפט פון די לאָקאַלס 35 און 48 און די געוועזענע פירער פון לאָקאַל 17 זיינען געשטאַנען מיט'ן שלעזינגערס צד.

די „טאָלעראַנץ גרופּע" איז אָבער ניט געבליבען אויסגע־האַלטען. א קורצע צייט פאַר די וואַהלען פאַר א נייער עקזע־קוטיווע אין לאָקאַל 2 האָבען די פירער פון דער גרופּע געהיים קאָנפערירט מיט פאַרטרעטער פון דער אַראָפּגעזעצטער לינקער דזשאָינט באָארד און האָבען זיך אונטערגענומען אָנצוהויבען א באַוועגונג פאַר שלום. פאַר די וואַהלען זיינען זיי אָבער ניט ארויסגעקומען עפענטליך מיט זייער נייעם פּראָגראַם. נאָר באַלד נאָך דער קאָנווענשאָן פון 1928, איז די גרופּע אָפיציעל צו־געשטאַנען צו די וואָס האָבען געזוכט שלום מיט די קאָמוניסטען.

אין די וואַהלען זיינען געווען דריי וואַהל־צעטלען: די „טרייד יוניאָן גרופּע", די „טאָלעראַנץ גרופּע" און דער „מיור־משועל עיד קלאָב". די לעצטע האָט ערוועהלט בלויז 3 פון אירע קאַנדידאַטען, אָבער אויך פון די צוויי ערשטע האָט קיינע ניט געהאַט קיין פולען זיג. עס איז געוועהלט געוואָרען א געמישטע אַדמיניסטראַציע. די „טרעיד יוניאָן גרופּע" האָט ערוועהלט איר מענעדזשער קאַנדידאַט, בענדזשאַמין קאַפּלאַן, און די „טאָלעראַנץ גרופּע" האָט ערוועהלט איר קאַנדידאַט פאַר טשערמאַן, ב. קאַפּלאַן. נאָר באַלד נאָך די וואַהלען האָט די „טרייד יוניאָן גרופּע" געקראָ־גען אַן אנטשידענע מערהייט אין דער עקזעקוטיווע. 7 פון די ער־וועהלטע אויפ'ן וואַהל־צעטעל פון דער טאָלעראַנץ גרופּע זיינען אַריבער צו די טרייד־יוניאָניסטען און די שטימען־פאַרהעלט־ניס איז געוואָרען 19 צו 5. די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע זיינען געווען: י. וואַכטעל, ד. ליוויי, מ. י. אשפּיז, י. בעלזער, י. גוטערסאָן, פּיליפּ קאַץ, מ. דאַלינקאָ, ס. רעזניק, פּיליפּ וועטער, י. לעווינסאָן, ס. ליוויי, י. דייטש, ס. גאָרדאָן, י. קופּער, א. אייב־ראַמסאָן, וויליאַם בלום, י. בראַטסקאָווסקי, ה. גיטלין, ל. דייוויד־סאָן, ה. מילער, ל. ראָזענצווייג, י. האָראָוויץ, מ. גאָלדלוסט, מ. ווינער, מ. האַין, ד. עדעלסאָן, דייווים און ל. ליבערמאַן.

דער קאַמף צווישען די גרופּען איז געוואָרען נאָך שטאַר־

קער. די אזוי גערופענע „קאָמיטע פון פופציג" און די טאָלע־ראַנץ־גרופּע האָבען געאַרבייט פאַר מאַכען שלום מיט די אויסגעשלאָסענע פון דזשאָינט באָארד און זייערע אָנהענגער. דער „מיוטשועל אייד קלאָב" האָט די באַוועגונג אויסגענוצט אריינצובריינגען צוריק שלעזינגער'ן אין דער יוניאָן. די „טרייד יוניאָן גרופּע" איז געשטאַנען שטאָל און אייזען פאַר זיגמאַנען און פאַר א קאַמף געגען די קאָמוניסטען ביז צום ביטערען סוף. דער כאַאָס אין דער יוניאָן איז דאַן געווען א שרעקליכער. געשלעגען אין די גאַסען און אין און ארום די שעפּער פלעגען פאָרקומען כמעט אַלע טאָג.

באַלד נאָכדעם ווי די נייע־געוועהלטע אדמיניסטראַציע איז אריין אין אמט האָט דער נייער מענעדזשער פון לאָקאַל, בענדזשאַמין קאַפּלאַן, ארויסגעגעבען אין דעם נאָמען פון דער עקזעקוטיווע א מאַניפעסט, אז אַלע אָפּערייטאָרס, וואָס האָבען זיך נאָך ניט רעגיסטרירט, קענען ווערען מיטגלידער פון דער יוניאָן אויף זעהר לייכטע באַדינגונגען, אויסער אַזעלכע, וואָס האָבען אויף זיך קלאַגען: פאַרברעכענס געגען דער יוניאָן.

דער מאַניפעסט האָט געבראַכט גוטע רעזולטאַטען, א גאַנץ באַדייטענדע צאָהל זיינען זיך געקומען רעגיסטרירען, אָבער די לאַגע אין אַלגעמיין איז דאָך ניט פיל בעסער געוואָרען. פון די קאָמוניסטען און זייערע מיטהעלפער האָט מען די גאַנצע צייט געהערט בלויז איין זאַך, אַז זיי ווילען שלום און שלום־מאַכער האָבען זיך געמאָלדען פון אַלע זייטען. אפילו דזשאָן דייטש האָט זיך פּרובירט אריינלעגען אין שלום און ער האָט אין א לייט־ארטיקעל אין דער „גערעכטיגקייט" געקראָגען אויסגערעדט אין אַן עהנליכער שפּראַך ווי ער פלעגט אמאָל געברויכען אין דעם „לידיעס גאַרמענט וואָירקער", דער אָפּיציעלער אָרגאַן פון דער אינטערנעשאָנאַל אין זיין צייט, ווען ער פלעגט דאַרפען עפּעס זאָגען די ראַדיקאַלען, וואָס מישען זיך אין די אָנגעלעגענהייטען פון דער יוניאָן.

נאָר באַלד זיינען אָנגעקומען די וואַהלען צו דער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל און עס איז געוואָרען גוואַלדיג לעבעדיג אין דער יוניאָן. עס איז שוין געווען צו לעבעדיג. אין די וואַהלען האָבען געקעמפט פאַרשידענע גרופּען און עס איז געווען א גאַנץ גרויסע גערעטעניש אויף וואָהל־קאַמף ליטע־

ראַטור. געוועהלט זיינען געוואָרען ב. שלעזינגער, בענדזשאַמין קאַפּלאַן, אַשפּיז, גאָלדשטיין, ב. קאַפּלאַן, בעלסאָן, שניידער, סטאַנקעוויטש, לעווענטאַל און מילער. אין די וואַהלען האָבען זיך באַטייליגט 23 הונדערט מיטגלידער און די וויכטיגסטע פראַגען זיינען געווען לאָקאַל 17 און ב. שלעזינגער אַלס פיהרער פון דער אינטערנעשאָנאַל. עס איז שוין געווען פאַראויס באוואוסט, אַז אויף דער קאָנווענשאָן, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אין באָסטאָן, וועלען אַלע באַמיהונגען געמאַכט ווערען אויפצולעבען לאָקאַל 17 און די פירערשאַפט פון לאָקאַל 2 האָט געזוכט צו שיקען אַ דעלעגאַציע, וואָס זאָל זיין געגען דעם, אָבער דאָס האָט זיך ניט איינגעגעבען. דאָס קען מען גלייך זעהן פון די נעמען פון די דעלעגאַטען. ערשטענס די געוועזענע פירער פון לאָקאַל 17 און צווייטענס ב. שלעזינגער, וואָס איז געווען אויסגעשפּראָכען פאַר אויפלעבען לאָקאַל 17. דערצו זיינען געווען נאָך אַ פּאָר פון די דעלעגאַטען, וואָס זיינען אונטער די אומשטענדען געווען גיכער פאַר אויפלעבען לאָקאַל 17 איידער געגען.

די באָסטאָנער קאָנווענשאָן פון 1928 איז געווען זעהר אַ שטורמדיגע און זי האָט אָנגעזאָגט ניט בלויז אַ געענדערטען פראָנט, נאָר אויך אַ געענדערטע אַדמיניסטראַציע. די וואַהל פון ב. שלעזינגער אַלס עקזעקוטיוו וויס־פּרעזידענט איז געווען אַ קלאָרע פאָראויסזאָגונג, אַז עס וועט לאַנג ניט דויערען און די אינטער־נעשאָנאַל וועט האָבען אַ נייעם פּרעזידענט. אמת, אויף דער קאָנווענשאָן האָט עס געהייסען, אַז אַלץ בלייבט ביים אַלטען, אָבער די פאַרשטענדיגונג איז דאָך געווען, אַז שלעזינגער וועט פאַרוואַלטען די ניו יאָרקער קלאָוקמאַכער און דרעסמאַכער יוניאָן. און עס איז אויך געווען גוט באוואוסט, אַז לאָקאַל 17 קומט צוריק.

די ניי־געוועהלטע גענעראַל עקזעקוטיווע האָט גלייך נאָך איהר קאָנווענשאָן ארויסגעגעבען אַ מאַניפעסט, וואָס רופט אַלע קלאָוקמאַכער, וואָס האָבען זיך נאָך ניט רעגיסטרירט, אַז זיי זאָלען קומען אין דער יוניאָן, און אין דעם זיינען אויפגעפאָ־דערט געוואָרען אַלע לאָקאַלס, אַז זיי זאָלען אריינגעמען די, וואָס קומען זיך רעגיסטרירען לויט די פאָדערונגען פון דער פאָלגענ־דער רעזאָלוציע וואָס די גענעראַל עקזעקוטיווע האָט אָנגענומען:

„1) זיי עס באשלאָסען דאָס אַלע לאָקאַלס פון אונזער אינ־

טערנעשאָנאַל זאָלען אין אַ פּאַסיגער צייט נאָך דער קאָנווענשאָן רעאינסטייטען פאַר מעמבערס אַלע יענע אַרבייטער אין טרייד, וואָס זיינען אין איצטיגען מאָמענט קיין מיטגלידער ניט אין דער יוניאָן, מיט אַלע רעכט און פּריווילעגיעס, ווען זיי וועלען באַצאָהלען די פּער קאַפּיטאַ דיוס צום לאָקאַל זינט יאַנואַר דעם 1טען, 1927. דאָס הייסט, זינט דעם 1טען טאָג פון רעגיסטראַציע. דאָס איז ניט חל אויף אַזעלכע אַרבייטער, וועלכע געפינען זיך אונטער דער באַשולדיגונג פון סקעבעריי.

2) די עקזעקוטיוו באָארדס פון אונזערע לאָקאַלס באַקומען די מאַכט צו רעאינסטייטען אַלע יענע אַרבייטער אַלס מיטגלידער מיט פולע רעכט און פּריווילעגיעס, וואָס האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן דער יוניאָן זינט דער רעגיסטראַציע, אויף אַן אַפּליקאַציע פון אַזעלכע מעמבערס.

3) אַרבייטער, וואָס זיינען מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אָדער פון דער טרייד יוניאָן עדיוקיישאָנאַל ליג, און אַזעלכע וואָס אַקצעפּטירען די לידערשיפּ פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, קאָנען ווערען מיטגלידער פון דער יוניאָן און זיינען באַרעכטיגט צו געניסען פון אַלע בענעפיטס און פון דער יוניאָנ׳ס פּראָטעקציע. זיי קאָנען אָבער ניט האַלטען קיין שום יוניאָן אָפיס, אַזוי לאַנג ווי די קאָמוניסטישע פּאַרטיי וועט ניט אויפגעבען איהר טאַקטיק געגען דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג, און אַזוי לאַנג ווי די דאָזיגע אַרבייטער וועלען ניט אויפהערען צו זיין אַ ווערקציוג פון דער דיקטאַטור פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אָדער פון איהרע אַגענטורען.

4) אין איינקלאַנג מיט דעם אויבען אָנגענומענעם באַשלוס, ווענדען מיר זיך צו אַלע עקזעקוטיוו באָארדס פון אונזער אינטערנעשאָנאַל, אַז זיי זאָלען אויף זייער אייגענעם אופן אַלעם אָנווענדען און באַלד האַנדלען, כדי צו יוניאָניזירען די יעניגע ברידער און שוועסטער וואָס זיינען פאַרשלעפּט געוואָרען פון אונזערע רייהען״.

באַלד נאָך דער קאָנווענשאָן זיינען אויך פאָרגעקומען ענדערונגען אין דזשאָינט באָארד. דזשוליוס האָכמאַן, וואָס איז געווען מענעדזשער פון דזשאָינט באָארד זינט דער רעאָרגאַניזאַציע, האָט מער ניט געוואָלט בלייבען אין זיין אַמט און אויף זיין פּלאַץ איז געוועהלט געוואָרען איזידאָר נאַגלער. דאָס איז



גענעראל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאָנאל לוידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן, אונטער וועלכער עס איז דורכגעפירט געוואָרען די פאַראייניגונג פון לאָקאל 1, 3 און 17.

פון רעכטס צו לינקס, ערשטע רייה: ה. וואַנדער, י. נאַגלער, פ. אָמהעי (עקזעקוטיוו סעקרעטער), ד. דובינסקי, ל. אַנטאָניני, דזש. האָכמאַן, ס. נינפאָ; צווייטע רייה: מ. ביאַליס, ל. לעוואי, טש. זימערמאַן, ע. רייזבערג, ראָוז פעסאָטאַ, ס. פערלמוטער, אב. קאַטאָווסקי, י. פיינבערג, דזש. ברעסלאו; דריטע רייה: פ. קרעמער, טש. קרייגדלער, דזש. רובין, ה. גרינבערג, ב. דעסטי, דזש. העלער, נ. קוירצמאַן.



ביים פאַראייניגונג יום-טוב פון לאָקאַל 1, 3 און 17 אין מאַנהעטען אָפּערא הויז.
פון רעכטס צו לינקס: דזש. ברעסלאו, ל. אַנטאָניני, דזש. העלער, לואיס ליוואַי, ד. רובין, ד. דובינסקי, י. נאַגלער.

געוועזן איינער פון די אָנזאָגען, אַז עס קומט אַן ענדערונג אין פראָנט.

אין דעם קלאָוק טרעיד איז אין דער זעלביגער צייט פאָרגעקומען אַ וויכטיגע ענדערונג, וואָס עס איז איינגעפירט געוואָרען די 40 שטונדיגע אַרבייטס־וואָך. דאָס איז געווען לויט דעם אָפּמאַך נאָכ'ן סטרייק פון 1926, אַז אין יוני 1928 דאַרף איינגעפירט ווערען אַן אַרבייטס־וואָך פון 40 שטונדען. דער „אינדאָסטריעל קאַונסיל" האָט פּרובירט אויסטייטשען דעם אָפּמאַך אַנדערש, אָבער דער אונפּאַרטייאישער טשערמאַן, רעימאָנד אינגערסאָל, האָט אין זיין אַנטשיידונג ערקלערט, אַז דער פּונקט אין אָפּמאַך איז אַזוי קלאָר און באַשימט, אַז מען קען איהם אַנדערש ניט אויסטייטשען.

און נאָך אַ וויכטיגע פּאַסירונג פון דערזעלביגער צייט. דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל אין מאָסקווע האָט באַשלאָסען, אַז עס זאָלען געגרינדעט ווערען אָפּאָזיציאָנס יוניאָנס און די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין אַמעריקא האָט זיך באַלד גענומען צו דער אַרבייט און צווישען אַנדערע אויך אָנגעפאַנגען אָרגאַניזירען אַן אָפּאָזיציאָנס יוניאָן פון דער נאָדעל אינדוסטריע.

אייגענטליך האָבען די קאָמוניסטען שוין פריהער זיך אָנגעפאַנגען צוגרייטען צו דער אָרגאַניזירונג פון אַן אייגענער יוניאָן. דאָס האָט פאַר זיי געטאָן די „נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע", וואָס זיי האָבען באַשאַפען אין אָנפאַנג 1928. נאָך דער באָסטאָנער קאָנווענשאָן איז אָט די קאָמיטע געוואָרען באַזונדערס טעטיג און אַגרעסיוו. צו דער קאָמיטע איז צום לעצט אויך צוגעשטאַנען אַ טייל פון דער טאָלעראַנץ גרופּע. 12 פון די אַקטיווסטע טוער פון דער גרופּע זיינען שפּעטער געשטעלט געוואָרען פון דער יוניאָן אונטער אַ קלאַגע, אַז זיי העלפען אָפּרייסען שפּעטער פון דער יוניאָן פאַר דער „נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע" און ווען זיי זיינען ניט געקומען צו דער גריוועַנס באָארד זיינען זיי אויסגעשלאָסען געוואָרען. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און די גרופּע איז אונטערגעגאַנגען.

דער דזשאָינט באָארד האָט געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען צו פאַרשטאַרקען די יוניאָן. ער האָט פאַר דעם צוועק געשאַפען אַ ספּעציעלען פּראָפּאַגאַנדע דעפּאַרטמענט, וועלכער איז געשטעלט געוואָרען אונטער דער פירערשאַפט פון לואיס ליוואַי.

סוף אָקטאָבער 1928 איז פאָרגעקומען אין דער יוניאָן א באזונדערס וויכטיגע פאסירונג. מאָריס זיגמאַן האָט אויף דעם צווייטען פערטעל־יערליכען מיטינג נאָך דער באָסטאָנער קאָנווענשאָן רעזיגנירט און ב. שלעזינגער איז אויף זיין פּלאַץ געוועהלט געוואָרען פאר פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאל. זיגמאַנ׳ס רעזיגנאַציע איז געקומען אלס רעזולטאַט פון דעם באשלוס צוריק אויפצולעבען לאָקאל 17.

א לייט־ארטיקעל אין דער „גערעכטיגקייט״ פון 2טען נאָוועמבער, 1928, וועלכער האָט באהאנדעלט זיגמאַנ׳ס רעזיגנאַציע, זאָגט צווישען אנדערעס וועגען דעם פאָלגענדעס:

„מאָריס זיגמאַן איז געווען פעסט איבערצייגט, אז עס איז ניטאָ קיין פּלאַץ אין ניו יאָרק פאר א באזונדערען ריפער מאכער לאָקאל, און ער איז געווען הויפּטזעכליך פאראנטוואָרטליך פאַר דער צוזאמענשמעלצונג פון לאָקאל 17 און לאָקאל 1 אין איין לאָקאל אין 1924. און ווען די קאָנווענשאָן קאָמיטע האָט איצט באשלאָסען צו געבען די ריפערמאכער א באזונדערען לאָקאל, האָט פּרעזידענט זיגמאַן עס, אָהן שום הינטערוועגען און אויסטייטשונגען, אָנגענומען אלס אן אנטשיידונג געגען די אָרגאַניזירונגס־פּרינציפּען, וועלכע ער האָט אימער פארטיידיגט. אונטער אזעלכע אומשטענדען, האָט ער ווידער דערקלערט, קען ער אויף זיך ניט טראָגען די וויטערע פאראַנטוואָרטליכקייט פון פירערשאפט און האָט פארלאָזען זיין אמט״.

אין זיין רעזיגנאַציע בריף צו דער גענעראל עקזעקוטיווע שרייבט זיגמאַן פאָלגענדעס:

„איך בין פאָלשטענדיג איבערצייגט, אז די פאראייניגונג (פון די לאָקאלס) האָט אָפּגעשאפט א לאנגיאָהריגען איבעל אין אונזער יוניאָן און אז עס איז געווען פאר דעם בענעפיט פון אונזער יוניאָן אלס א גאנצע. דער געוועזענער ריפער מאכער לאָקאל איז געווען אן אומגעזונטער טייל פון דעם קערפּער פון אונזער יוניאָן, און זיינע זאָגענאַנטע קליימס אויף שעפּער, וואו זיינע מיטגלידער האָבען געהאט א מאָנאָפּאָל אויף די דזשאָבס, זיינען געווען אומבארעכטיגט און אָהן א באָדען. אין אלגעמיין האָט די עקזיסטענץ פון דיזען לאָקאל געמיינט אן אומגערעכטע דיסקרימינאַציע געגען די גרויסע מאסען פון אונזערע מיטגלידער, סיי אפּערייטאָרס און סיי פינישערס. די מעטאָדען, וואס דיזער

לאָקאַל האָט געברויכט צו פארטיידיגען זיינע ספּעציעלע פּריווי־לעגיעס, האָבען געהאַט א דעמאָראַליזירענדע ווירקונג אויף די דזשאָינט באָארד לאָקאַלס און אויף דער אינטערנעשאָנאַל אלס א גאַנצע.

„און איצט, נאָך אָט דער גאַנצער ארבעט און די אַלע שווע־ריגקייטען צו לייזען די פראַגע, האַלטען מיר ביים גרינדען איבער־א ניים אַזאַ באַזונדערען לאָקאַל און מיר פאַנגען אָן די גאַנצע גע־שיכטע פון דאָס ניי.

„און צוליב וואָס טוען מיר דאָס?

„די ספּעציעלע קאָמיטע האָט אין איר רעפּאָרט צו דער גע־נעראַל עקזעקוטיווע גאַנץ קלאָר געזאָגט, אז זי האָט נישט גע־קאָנט געפינען קיין אינדוסטריעלע באַרעכטיגונג פאר נאָך א קלאוק אָפּערייטאָרס לאָקאַל, אבער זי באַרעכטיגט איהר רעקאָ־מענדאַציע אויף דעם גרונד פון פּאָליטישער צוועקמעסיגקייט.

„אַזאַ באַשלוס מוז איך גאַנץ אפּענהערציג באַטראַכטען אלס ניט ריכטיג, און עס איז געגען די אָרגאַניזאַציאָנס־פּרינציפּען, וועלכע איך האָב אימער פארטיידיגט.

אייגענטליך איז עס ניט געווען בלויז די פראַגע פון לאקאל 17, עס איז געווען פיל מער דער צונויפבּרוך פון זיגמאַנ׳ס גאַנצע פּראָגראַם און ארבייט.

זיגמאַן האָט זיך פאַרנומען צו ברייגגען א סך רעפאָרמעס אין דער יוניאָן. ער האָט סימפּאַטיזירט מיט די מייסטע פאָדע־רונגען פון די פּראָגרעסיווע גרופּעס אין דער יוניאָן. ער האָט גע־וואָלט אָוועקשטעלען די יוניאָן אויף א העכערע מאָראַלע שטופע, פארהיטען איר פון יעדען חשד וועגען קאָרופּציע אָדער אונער־ליכקייט. ער האָט געוואָלט איינפירען אין איר מער עקאָנאָמיע און מער פאַראַנטוואָרטליכקייט. ער האָט איר געוואָלט אוועק־שטעלען מער אויף דעם אינדוסטריעלען פּרינציפּ. און עס האָט געדאַרפט זיין, אַז די אַלע וואָס האָבען עס די גאַנצע צייט גע־פאָדערט, זאָלען זיך גרופּירען אַרום אים. אָבער עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אז ער איז באַלד אין אָנפאַנג אריינגעצויגען גע־וואָרען אין אַן אינערליכען קאַמף און זיינע אַלע כוחות זיינען אין אים פאַרצערט געוואָרען. אים איז אויסגעקומען צו קעמפען אויף צוויי פראָנטען מיט אמאָל און צייטענווייז אויף עטליכע פראָנטען און דאָס איז געווען א צו שווערע אויפגאַבע אפילו פאר

אַזאַ אויספּראָבירטען און פּאַרהאַרטעוועטען קעמפּער ווי ער. אין אַזאַ גרויסען און שווערען קאַמף זיינען פעלער געווען אונ־פאַרמיידליך, בפרט ווען מען ווערט שטאַרק פאַרביטערט און דער קאַמף ווערט אַ פאַרצווייפעלטער.

אַ קאָמיטע פון לאָקאַל 2, וואָס איז באַשטאַנען פון בענ־דזשאַמין קאַפּלאַן, ב. מאָזער, לואיס ליוואי, אייבראַמס, סטודענט, רעזניק, אַשפּיז און באַגנאַ זיינען געקומען צו דעם מיטינג פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע און אַפּעלירט, אַז זי זאָל אָפּהאַלטען דעם באַשלוס וועגען אויפלעבען לאָקאַל 17 ביז דער נעקסטער קאָנווענשאָן, אָבער דער פאַרלאַנג פון דער קאָמיטע איז צוריק־געוויזען געוואָרען.

דעם צוועלפטען דעצעמבער 1928 האָט די גענעראַל עקזע־קוטיווע מיט דעם אונטערשריפט פון פּרעזידענט שלעזינגער ארויסגעגעבען אַ נייעם מאַניפעסט. ער פאַנגט זיך אָן מיט דעם וואָס די יוניאָן האָט שוין אָנגעפאַנגען פאַרהאַנדלונגען מיט די מאַנופעקטשורערס וועגען אַ נייעם אָפּמאַך און וועלכע פאָדע־רונגען זי שטעלט ארויס און אַפּעלירענדיג צו אַלע קלאָוקמאַכער פאַר אייניגקייט, פאָדערט ער אויף אַלע לאָקאַלס אין דער קלאָוק און דער אינדוסטריע:

"1. צוריק אריינצונעמען אין דער יוניאָן מיט פולע מיט־גלידס־רעכט אַלע פריהערדיגע מיטגלידער וואָס וועלען זיך פאַר־פליכטען נאָכצוקומען די קאָנסטיטוציע פון דער יוניאָן און וואָס וועלען אין דער יוניאָן ניט האַנדלען ווי אויטסיידיגע אָרגאַניזאַ־ציעס וועלען זיי דיקטירען. קיין אַרבייטער זאָל ניט צוריקגע־וויזען ווערען אַלס מיטגליד צוליב זיינע פּאָליטישע מיינונגען אָדער פריהערדיגע מיספאַרשטענדנישען.

2. אום צו מאַכען אַזוי גרינג ווי מעגליך פאַר די פריהער־דיגע מיטגלידער אריינצוקומען אין דער יוניאָן, האָבען מיר אינסטרואירט די לאָקאַל יוניאָנס זיי אריינצונעמען ביז דעם ערשטען פעברואַר, 1929, אויף דער איינצאָהלונג פון 9 מאָ־נאַטען דיוס. די 9 מאָנאַטען דיוס קענען געמאַכט ווערען אין לייכטע אָפּצאָהלונגען.

3. אום צו געבען אַלע מיטגלידער, אריינרעכענענדיג די וואָס וועלען זיך איצט אָנשליסען, אַ פרייע און גלייכע געלעגענ־הייט אָנטייל צו נעמען אין די אָנגעלעגענהייטען און די פאַר־

וואַלטונג פון דער יוניאָן, זיינען די לאָקאַל יוניאָן און דזשאָינט באָארד וואַהלען אָפּגעלייגט געוואָרען ביז דער ערשטער וואָך אין פעברואַר, 1929, און יעדער פאָרזיכטס־מיטעל וועט ווערען אָנגענומען צו מאַכען דיזע וואַהלען אַבסאָלוט עהרליך און אומפּאַרטייאיש.

4. די וואַהלען וועלען אָנגעפיהרט ווערען אונטער דער אויפזיכט פון פאָרשטעהער פון די לאָקאַל יוניאָנס, פון דעם דזשאָינט באָארד, די גענעראַל עקזעקוטיוו באָארד, א קאָמיטע פון שאַפּ־טשערלייט און פון א קאָמיטע, וואָס זאָל באַשטעהן פון מענשען וואָס זיינען אין קיין וועג ניט פאַרבונדען מיט דער יוניאָן און וועלכע האָבען דעם צוטרוי פון דעם אַלגעמיינעם פּובליקום.

5. אַזוי שנעל ווי אונזערע איצטיגע פאַרהאַנדלונגען מיט די מאַנופעקטשורערס און דזשאָבערס אַסאָסיאיישאָנס וועלען זיך ענדיגען, וועט די גענעראַל עקזעקוטיוו באָארד רופען א רעגולערע קאָנווענשאָן פון אונזער אינטערנעשאָנאַל אויסצואוועהלען גענעראַל באַאמטע און אויסצואַרבייטען פאָליסים און טעטיגקייט פאַר דער צוקונפט פון אונזער אינטערנעשאָנאַל, וועלכע זאָלען זיין צופרידענשטעלענד פאַר אונזער מיטגלידערשאַפט".

דאָס איז שוין געווען א פיל וויטגעהענדיגער מאַניפעסט, ווי דער, וואָס איז ארויסגעגעבען געוואָרען גלייך נאָך דער באָסטאָנער קאָנווענשאָן.

דעם ערשטען יאַנואַר 1929 איז אָפיציעל פון די קאָמוניסטען געגרינדעט געוואָרען אַן אָפּאָזיציאָנס יוניאָן פון קלאָוקמאַכער, דרעסמאַכער און פאָריערס.

דער שריט פון די קאָמוניסטען האָט די לאַגע אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן פאַרבעסערט. די ליניע איז שאַרף געצויגען געוואָרען און די קלאָוקמאַכער, וואָס האָבען מער אָדער וועניגער סימפּאַטיזירט מיט דער פריהערדיגער קאָמוניסטישער פירערשאַפט אין דער יוניאָן און האָבען זיך ניט געוואָלט רעגיסטרירען האָבען איצט געמוזט באַשליסען וואָס צו טאָן — געהן מיט די קאָמוניסטען און זייער אָפּאָזיציע יוניאָן, וועלכע איז גלייך גערופען געוואָרען פון די קלאָוקמאַכער מיט'ן נאָמען „סקעב יוניאָן", אָדער זיך צוריקקערען צו דער אינטערנעשאָנאַל.

עס האָט זיך אָנגעפאַנגען פיהלען א באַדייטענדע אויפלעבונג אין דער יוניאָן. ב. שלעזינגער האָט איינגעשפּאַנט אין דער דינסט

פון דער יוניאָן זיין גאַנצע ענערגיע און ער האָט עס געלאָזט
פיהלען אין יעדען ווינקעל. ער האָט דערביי געשאפען פאר דער
יוניאָן א באדייטענדע סומע געלד דורך גרעסערע הלוואות פון
פריוואטע פערזאָנען און דורך פארקויפען באָנדס פון דער יוניאָן,
וואָס ער האָט ארויסגעגעבען.

אויף די מיטינגען פון דער יוניאָן זיינען פאָרגעקומען
לעבהאפטע דעבאטען וועגען די פארהאנדלונגען מיט די באלע־
באטים פאר א נייעם אָפּמאַך און די פאָדערונג צוריקצוקערען
שטיק־ארבייט, וואָס די מאנופעקטשורערס האָבען ארויסגעשטעלט.
פרעזידענט שלעזינגער איז שארף ארויסגעטראָטען געגען דער
דאָזיגער פאָדערונג. דערצו האָט מען זיך געגרייט צו וואהלען
און עס איז אָנגעפירט געוואָרען א באזונדערס לעבעדיגע וואהל־
אגיטאציע.

די נייע געוועהלטע אדמיניסטראציע פון לאָקאל 2
איז באשטאנען פון בענדזשאמין קאפלאן, מענעדזשער;
א. סטודענט, טשערמאן, און די פאָלגענדע אין דער
עקזעקוטיווע: מ. י. אשפיז, י. פיינבערג, ה. מילער,
י. וואכטער, י. בעלזער, ס. ליוואי, י. לעווינסאָן, ד. לעווינסאָן,
י. בלאק, ה. גיטלין, מ. קושנער, י. עטקין, מ. רעזניק, ה. שוסטער־
מאן, פ. קאטץ, מ. וויינער, א. גאָלדמאן, פ. וועטער, סאל. ליוואי,
מ. אָרטשאנט, ל. ליבערמאן, ל. ראָזענצווייג, מ. גערמאן, י. הימעל־
שטיין, י. סניטקין, י. דייווים, י. קאָהען, ל. ראָזענאָוויץ
און ב. נעש.

די „טרעיד יוניאָן צענטער גרופּע” האָט אין די וואהלען ניט
ארויסגעשטעלט קיין אייגענעם וואהל־צעטעל און דאָס זיינען גע־
ווען די ערשטע וואהלען פאר א לאנגער צייט אָהן וואהל־צעטלען
פון פארשידענע גרופּען.

אין אפּריל, 1929, איז אין דער יוניאָן ווידער פאָרגעקומען
א וויכטיגע פאסירונג. וויס־פּרעזידענט דייוויד דובינסקי איז
באשטימט געוואָרען פאר עקטינג פּרעזידענט פון דער אינטער־
נעשאָנאל. דאָס איז געווען אויף דעם פערטעל־יערליכען מיטינג
פון דער גענעראל עקזעקוטיווע, וואָס האָט זיך אָנגעפאנגען דעם
10־טען אפּריל. פּרעזידענט שלעזינגער האָט ערקלערט, אז צוליב
זיין קראנקהייט האָבען זיינע דאָקטוירים איהם געהייסען זיך צו־

ריקציהען פון דער טעטיגקייט פון דער יוניאן און אוועקפאָרען פון שטאָדט ערגעץ אַפּרוהען פאר א געוויסער צייט.

אייגענטליך האָט ד. דובינסקי שוין פון פריהער אויסגע־האַלטען פּרעזידענט שלעזינגער אין דער ארבייט און דער אָנפירונג פון דער יוניאָן. די גענעראל עקזעקוטיווע פון דער אינטער־נעשאָנאל האָט אים „אויסגעבאָרגט" פון לאָקאל 10, פון וועלכען ער איז געווען דער מענעדזשער.

אין אָנפאנג מאי, 1929, איז דער שרייבער פון דעם בוך אָנגעשטעלט געווארען אלס רעדאקטאָר פון „גערעכטיגקייט".

די פראגע פון טאָג איז געווען די פארהאנדלונגען מיט די באלעבאטים וועגען א נייעם אָפּמאַך און די צוגרייטונגען צו א מעגליכען גענעראל סטרייק. דער טערמין פון פריערדיגען אָפּ־מאַך, וואָס איז געשלאָסען געווארען נאָכ'ן סטרייק פון 1926, איז געווען ביז דעם ערשטען יוני, 1929, און וועגען א נייעם אָפּ־מאַך האָט מען זיך נאָך ניט געקענט אייניגען.

דעם 28־טען מאי איז אָפּגעהאלטען געווארען א מיטגלידער מיטינג פון לאָקאל 2 אויף וועלכען עס זיינען פארהאנדעלט גע־ווארען די צוגרייטונגען צום סטרייק. אויף א פאָרשלאג פון לואיס ליוואי איז באשלאָסען געוואָרען צו פאָדערען פון דער גענעראל עקזעקוטיווע, אז זי זאָל באנייען איר מאניפעסט פאר די נאָך ניט רעגיסטרירטע מיטגלידער ביז צום סטרייק. עס איז אויך אָנגענומען געוואָרען ליוואי'ס א פאָרשלאג צו פאָדערען פון דער גענעראל עקזעקוטיווע, אז די וואהלען צו דער קומענדיגער קאָנווענשאָן זאָלען פאָרקומען אויף דעם יסוד פון פּראָפּאָרציאָ־נעלער פארטרעטערשאפט.

דעם צוואנציגסטען יוני איז אין דער 71־טער ארמאָרי אָפּ־געהאלטען געוואָרען א גרויסער מאס־מיטינג אלס א צוגרייטונג צו א גענעראל סטרייק און דער מיטינג האָט געוויזען, אז די קלאָוקמאכער יוניאן קומט צוריק צו זיך. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס עס איז געווען א באזונדערס הייסער טאָג, איז דאָך די גרויסע אַרמאָרי געווען געפּאַקט. דערצו האָבען די קאָמוניס־טען געטאָן אלץ צו שעדיגען דעם מיטינג. זיי האָבען אפילו אָר־גאניזירט פאר דערזעלביגער צייט א קאָנקורענץ מיטינג.

אין דער אייגענער צייט איז ארויסגעקומען די דעמאָלט

גוט־באַקאַנטע לינקיסטישע „צענטער גרופּע״, אונטער דער פירער־שאַפט פון ס. שעלי און י. ביראַונער מיט אַ ערקלערונג און אַ אויפרוף צו אַלע קלאָוקמאַכער, וואָס האָבען זיך נאָך ניט רע־גיסטרירט, אַז זיי זאָלען צוריקקומען אין דער יוניאָן.

די „צענטער גרופּע״ איז געווען אַ פאַראייניגונג פון אַלע פריהערדיגע שלום־קאָמיטעס און פאַרשידענע אָפּאָזיציאָנס־גרו־פּעס צווישען די קלאָוקמאַכער. דאָס האָט געוויזען אין וועל־כער ריכטונג דער ווינט בלאָזט.

אַלע צוגרייטונגען צום גענעראַל סטרייק זיינען געווען פאַר־טיג און די גענעראַל עקזעקוטיווע האָט ארויסגעלאָזען אַ אויפ־רוף צו די קלאָוקמאַכער, וואָס איז אין גרונד געווען אַ נייער מאַניפעסט. דער אויפרוף לייענט זיך טיילווייז אַזוי:

„מיר רופען צו אַלע קלאָוקמאַכער פאַר איינינקייט פאַר דער גרעסטער און שטאַרקסטער איינינקייט, וואָס וועט זיכער מאַכען זייער זיג אין דעם גרויסען קאַמף, וואָס שטעהט זיי פאָר און וועט בעסער, לייכטער און זיכערער מאַכען זייער לעבען. מיר רופען צו איינינקייט אין קאַמף מיט די באַלעבאַטים. יעדער קען זיך האָבען זיינע מיינונגען און איבערצייגונגען, אָבער אַלע קלאָוק־מאַכער מוזען זיין פאַראייניגט אין קאַמף, אַנדערש איז קיין זיג ניט מעגליך.

„עס איז דאָ פּלאַץ און עס מוז זיין פּלאַץ אין דער קלאָוקמאַ־כער יוניאָן און אין אַלע אַנדערע יוניאָנס, וואָס באַלאַנגען צו דער אינטערנעשאָנאַל, פאַר פאַרשידענע מיינונגען, אָבער אָט די פרייהייט פון מיינונגען און איבערצייגונגען, וואָס דאַרף עקזיס־טירען אין אונזערע יוניאָנס, דאַרף באַנוצט ווערען צו פאַרשטאַר־קען די קאַמפּס־איינינקייט און פאַרגרעסערען די קאַמפּס־פעהיג־קייט פון אונזערע יוניאָנס. ליידער איז זי אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן אין דער לעצטער צייט אויסגענוצט געוואָרען אָפּצושוואַכען די יוניאָן און צו ברעכען איהר איינינקייט. דאָס טאָר ווייטער אַזוי ניט זיין. די קלאָוקמאַכער האָבען דערפאַר באַצאָהלט זעהר א טייערען פּרייז.

„מיר ווילען ביי דעם איצטיגען העכסט ערנסטען מאָמענט פאַר די קלאָוקמאַכער און זייער יוניאָן, ווען די איינינקייט אין זייערע רייהען איז אַזוי דרינגענד נויטיג, ווידער מאָל אַפּעַ־לירען צו יעדען קלאָוקמאַכער, וואָס די אינטערעסען פון קלאָוק־

טרעיד פון וועלכען ער און אַלע אנדערע קלאָוקמאכער דארפען מאַ־
כען אַ לעבען פאַר זיך און זייערע פאַמיליעס, איז איהם טייער,
אַז ער זאָל העלפען צוריק אויפבויען אַ גרויסע, שטארקע קלאָוק־
מאכער יוניאָן, וואָס זאָל קענען מיט פולער זיכערקייט אויפ־
נעמען דעם קאמף, וואס איהר שטעהט פאַר, און זאָל מיט פולער
זיכערהייט דערוואַרטען דעם געווינשטען זיג.

„און פאַר דעם צוועק, אז וואָס מעהר איינינקייט זאָל גע־
שאפען ווערען אין די רייהען פון די קלאָוקמאכער אין דעם איצ־
טיגען ערנסטען מאָמענט, האָט די גענעראל עקזעקוטיוו באָארד
ווידער אַמאָל אויפגעפאָדערט אלע לאָקאַל יוניאַנס אין דער קלאָוק
און דרעס אינדוסטריע, אז זיי זאָלען ניט מאכען קיין שוועריג־
קייטען פאַר אַלע פריהערדיגע יוניאָן־מיטגלידער, וואָס ווילען צו־
ריק אריינטרעטען אין די רייהען פון דער יוניאָן. יעדער, וואָס
וויל זיך צוריק אָנשליסען אָן דער יוניאָן, דארף ברידערליך
אויפגענומען ווערען אַלס אַ פולשטענדיגער, גלייכבארעכטיגטער
מיטגליד מיט אַלע רעכטען און פליכטען פון דער יוניאן אָהן אָן
אונטערשיד פון פּאָליטישע מיינונגען און איבערצייגונגען. און די
לאָקאַל יוניאַנס דארפען דערביי האָבען אין זינען די איצטיגע
געדריקטע לאגע אין קלאָוק טרייד און ניט מאכען קיין פינאנ־
ציעלע שוועריגקייטען פאַר די, וואס ווילען זיך צוריקקעהרען
צו דער יוניאן אין משך פון די נעקסטע דריי וואָכען.

„ווי נאָר דער סטרייק וועט זיין פאַראיבער און די קאָנווענ־
שאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל וועט אָפּגעהאַלטען ווערען, זאָ־
לען די לאָקאַלס, אזוי גיך ווי מעגליך, אָפּהאַלטען וואהלען פאַר
באַצאָהלטע און ניט־באַצאָהלטע באאמטע, כדי צו געבען אַ געלע־
גענהייט צו אלע די, וואס וועלען זיך ווידער אַמאָל אָנשליסען אָן
דער יוניאָן, צו נעמען אָן אַנטייל אין דער פיהרונג און אין דער
פאַרוואַלטונג פון דער יוניאָן, צו וועהלען און געוועהלט צו ווע־
רען מיט אַלע רעכטען פון פליכטען פון דער יוניאָן. דערביי
זאָלען אַלע מיטלען אָנגענומען ווערען, אז די וואהלען זאָלען
דורכגעפיהרט ווערען עהרליך און אומפּארטייאיש.

„די גענעראל עקזעקוטיוו באָארד פון איהר זייט, ווידער,
וועט גלייך נאָכ׳ן סטרייק, אזוי באַלד ווי מעגליך, איינרופען אַ
קאָנווענשאָן, וואָס אין די וואהלען צו איהר וועלען זיך קע־

נען באַטײליגען אַלע צוריק-אַרײנגעקומענע מיטגלידער מיט פולע רעכטען ווי אַלטע מיטגלידער.

„אַלע רעפאָרמען און רעזאָלוציעס אין באַצוג צו דער פאַר־טרעטערשאַפט אויף די קאָנווענשאַנס, צו דער ערוועהלונג פון די העכסטע באַאַמטע פון דער אינטערנעשאָנאַל, צו דער אויס־שליסונג פון מיטגלידער און לאָקאַלען און אַלע אַנדערע ענדער־רונגען אין דער קאָנסטיטוציע פון דער אינטערנעשאָנאַל, וועלכע זײנען פאָרגעשלאָגען געוואָרען פון מאַנכע פון אונזערע לאָקאַל יוניאָנס, זײנען אַזעלכע פראַגען, וועלכע קענען באַשלאָסען ווערען בלויז פון דער קאָנווענשאָן און מיר זײנען זיכער, אַז זײ וועלען פון דער קאָנווענשאָן אויפגענומען און געשליכטעט ווערען צו דער צופרידענהײט פון דער גרויסער מיטגלידערשאַפט, פאַר דעם בענעפיט און פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון אונזער יוניאָן".

דער גענעראַל סטרײק, וואָס איז גערופען געוואָרען דעם 2טען יולי, איז געווען אַ קורצען און אַ געראָטענער. צווישען די הויפּט געווינסען פון דעם נײעם אָפּמאַך איז געווען אַן אויס־בעסערונג פאַר דער יוניאָן און דעם פּונקט פון רעאָרגאַניזאַציע, וועגען דעם רעכט פון יוניאַן פאַרטרעטער צו באַזוכען די שעפּער פון אינדאָסטריעל קאונסיל. אין דעם נײעם אָפּמאַך איז אויך געזיכערט געוואָרען די 40־שטונדיגע אַרבײטס־וואָך.

אין דער ווירקליכקײט אָבער האָט דער סטרײק און דער נײער אָפּמאַך געמײנט פיל מער — עס איז געראַטעוועט גע־וואָרען די קלאָוקמאַכער יוניאַן, וועלכע איז געווען אין אַ רו־אינירטען צושטאַנד.

אויף דעם מיטינג פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין אָנפאַנג אויגוסט, אַ פּאָר וואָכען נאָכ'ן סטרײק, האָט עקטינג פּרעזידענט ד. דובינסקי באַריכטעט, אַז די קלאָוקמאַכער יוניאָן אין ניו יאָרק האָט 28 טויזענד און 470 מיטגלידער און אין גאַנצען קלאָוק טרײד אין ניו יאָרק זײ־נען העכסטענס באַשעפטיגט 30 טויזענד אַרבײטער. עס הײסט, אַז צו דער יוניאָן באַלאַנגען אַרום 95 פּראָצענט פון אַלע קלאָוק־מאַכער.

סוף אָקטאָבער, 1929, האָט לאָקאַל 2 זיך אַרײנגעקליבען אין אַ נײער הײם — אין 60 וועסט 35טע סטריט, און שבת, דעם צווײטען נאָוועמבער, איז געפײערט געוואָרען דער חנוכת

הבית. דאָס איז געווען אייגענטליך אויך אַ „חנוכת הלאָקאַל”. עס האָט געוויזען, אַז לאָקאַל 2 איז שוין אין גאַנצען געקומען צו זיך און אַז ניט נאָר ער אַ דאַרף אַ גרויסע, געראַמע און באַקוועמע דירה, נאָר ער קען זיך עס אויך פאַרגינען צו האָבען.

דער וואַהל־קאַמף אין לאָקאַל 2 פאַר דעלעגאַטען צו דער ספּעציעלער קאָנווענשאָן אין קליוולאַנד, האָט הינטער זיך געלאָזען אַ גאַנץ שלעכטען נאָכגעשמאַק: עס זיינען ווידער אַמאָל געווען די גרופּען, וואָס האָבען דעם קאַמף געפירט. אָבער קיין איינציגע פון די גרופּען האָט זיך ניט געקענט באַרימען מיט אַ פולען זיג. די דעלעגאַציע איז געווען אַ געמישטע. עס זיינען געוועהלט געוואָרען ב. שלעזינגער, בען קאָפּלאַן, ב. מאַזער, א. סטודענט, ה. פריד, ר. צוקערמאַן, א. אייבראַמסאָן, ב. גאָלוב, י. פיינבערג, אב. ראָזענבערג, ה. טשענסער און נ. היינס.

דער רעזולטאַט פון די וואַהלען איז אויסגעטייטשט געוואָרען, אַז דאָס פאָלק וויל ניט קיין גרופּען, אָבער מען האָט עס אויך געקאָנט טייטשען, אַז קיין איינציגע פון די גרופּען איז ניט געווען שטאַרק גענוג צו געווינען די גאַנצע וואַהלען.

צווישען די וויכטיגע באַשלוסען פון דער קליוולענדער קאָנווענשאָן איז אויך געווען פּראָפּאָרציאָנעלע פאַרטרעטערשאַפט אויף קאָנווענשאָנס, פאַר וואָס לאָקאַל 2 האָט געפירט אַזאַ לאַנגען קאַמף. עס איז אויך באַשלאָסען געוואָרען, אַז די גענעראַל באַאַמטע פון דער אינטערנעשאָנאַל זאָלען געוועהלט ווערען דורך אַ רעפערענדום אָפּשטימונג. נאָר אָט דער באַשלוס איז ביי זיין ערשטער פּראָבע שטאַרק דורכגעפאַלען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז לאָקאַלס, וואו עס איז שווער צו קאָנטראָלירען די צאָל שטימען, קענען טאָן מיט'ן רעפערענדום וואָס זיי ווילען. די נעקסטע קאָנווענשאָן האָט דעריבער דעם רעפערענדום פאַר דער וואַהל פון גענעראַל באַאַמטע אָפּגעשאַפט.

אב. ראָזענבערג האָט אויפגעפאָדערט די קאָנווענשאָן, אַז לאָקאַל 2 זאָל צוריקקריגען זיין פריהערדיגען נומער 1.

אויף דער קליוולענדער קאָנווענשאָן איז ד. דובינסקי ערוועהלט געוואָרען סעקרעטאַר־טרעזשורער פון דער אינטערנעשאָנאַל.

אין די וואַהלען פון לאָקאַל 2, צום סוף פון 1929, זיינען

ווידער געווען צוויי וואהל־צעטלען — פון „טרייד יוניאָן צענטער" און פון דעם „מיוטשועל אייד קלוב". דער קלוב האָט געזיגט. היינס איז ערוועהלט געווארען פאר מענעדזשער און סטודענט פאר טשערמאַן.

געגען די וואהלען זיינען אריינגעבראכט געוואָרען שטארקע פּראָטעסטען. די באשולדיגונגען זיינען געווען, אז די וואהלען זיינען געווען פון זעהר אַן ערנסטען כאראקטער. אַן אונפּאר־טייאישע קאָמיטע, וואס איז באשטאַנען פון ב. וולאדעק, מענע־דזשער פון „פאָרווערטס", י. באסקין, גענעראל סעקרעטאר פון ארבייטער רינג, און ראדזשערס באלדווין האָבען די קלאַנגען געגען די וואהלען אונטערזוכט און דער באריכט איז געווען זעהר ניט קיין גינסטיגער פאר די וואהלען, ווי זיי זיינען גע־פיהרט געוואָרען, אָבער די קאָמיטע האָט דאָך די וואהלען ניט געפּאסעלט, ווייל זי האָט ניט געהאט קיין קאָנקרעטע באווייזען פון פעלשונגען.

מיט אַ געוויסער צייט פריהער איז פאָרגעקומען אַ פאראיי־ניגונג צווישען דער „טרעיד יוניאָן גרופּע" מיט דער „צענטער גרופּע", אָבער דורך דער פאראייניגונג איז פונדעסטוועגען די צאָל גרופּען אין לאָקאל 1 (ער איז שוין ווידער געווען 1) ניט קלענער געוואָרען. אויפ'ן פּלאַץ פון „צענטער" איז אין אָקטאָבער, 1930, אָרגאַניזירט געוואָרען די „פּאראייניגטע פּראָגרעסיווע ליג". די גרופּע איז געקומען צום לעבען דורך דער שפּאלטונג אין דער קאָ־מוניסטישער פּארטיי, וואָס האָט געפירט צו דער באַזייטיגונג פון די לאָווסטאָניסטען פון דער פירערשאפט אין דער קאָמוניסטישער „נידעל טרייד וואָירקערס אינדאָסטריעל יוניאָן". אין לאָקאל 1 זיינען שוין דאַן געווען אַ גרויסע צאָל קאָמוניסטען, וואָס זיינען געצוואונגען געווארען צו רעגיסטרירען זיך, כדי צו קענען אר־בייטען אין די שעפּער, וואס ווערען קאָנטראָלירט פון דער קלאָוק־מאכער יוניאָן. די צאָל איז שטארק פארגרעסערט געווארען דורך דעם סטרייק אין 1929. די געשוואוירענע סטאַליניסטען האָבען אָרגאַניזירט זייער „לינקע גרופּע פון לאָקאל 1", וועלכע איז אינגאַנצען געשטאַנען אונטער דער פירערשאַפט פון דער קאָ־מוניסטישער „אינדאָסטריעל יוניאָן". די גרינדער פון דער לאָוו־סטאָניסטישער גרופּע זיינען געווען סטענזאָר, קליינמאַן, ראבי־נאָוויטש, גלאַדשטיין, א. קאָהן, סעם היימאַן, קינג, ביינער און

נאָך עטליכע. סטענזאָר איז נאָך דעמאָלט געווען א מיטגליד אין דער קאָמוניסטישער יוניאָן. אָבער די גרופּע האָט זיך אין אָנהויב געשטעלט אויפ'ן שטאַנדפּונקט אריינצונעמען מיטגלידער פוןביידע יוניאָנס, אָהן אונטערשיד.

אין די וואהלען פאר בעאמטע פון לאָקאל, וואס זיינען פאָרגעקומען אין דעצעמבער, 1930, איז די „פּראָגרעסיוו ליג" געגאנגען צוזאמען מיט'ן „טרייד יוניאָן צענטער", כאָטש אָפיציעל אינדאָרסירען די קאנדידאטען פון צענטער האָבען זיי נאָך ניט געוואָלט. עס איז געווען מיט דער הילף פון דער גרופּע וואס די היינס־אַדמיניסטראציע איז באַזיגט געוואָרען און ליוואַי און צוקערמאַן און א געמישטע אדמיניסטראציע פון ביידע גרופּען זיינען ערוועהלט געווארען.

## פערציגסטער קאַפּיטעל

# דער באַנייטער קאַמף מיט לאָקאַל 17.

מיט דעם צוריקרופען אין לעבען פון לאָקאַל 17 האָט זיך די קלאָוקמאַכער יוניאָן צוריקגעקערט צו איהר אַלטען צושטאַנד, און ניט בלויז וואָס איז שייך צו דעם יורידיקציע־קאַמף צווישען לאָקאַל 1 און לאָקאַל 17, נאָר אויך וועגען דעם פּלאַץ, וואָס לאָקאַל 1 דאַרף פאַרנעמען אין דער יוניאָן.

די אפּערייטאָרס האָבען אַלע מאָל פאַרנומען דעם ערשטען פּלאַץ אין שאַפּ, און די ערשטע יאָרען אויך דעם ערשטען פּלאַץ אין דער יוניאָן, אָבער זינט דעם „פּראָטאָקאָל" איז לאָקאַל 1 אוועקגעשטעלט געוואָרען אין דזשאָינט באָארד אין אַ פּאָזיציע פון איזאָלירטקייט און מאַכטלאָזיגקייט.

לאָקאַל 1 איז געווען פאַרשריבען ביי די פירער פון דזשאָינט באָארד און פון דער אינטערנעשאָנאַל אַלס אַ טראָבעל־מאַכער. לאָקאַל 1 איז געווען „מעקסיקאָ". און אַזוי ווי אין דזשאָינט באָארד איז יעדער לאָקאַל, גאַנץ גלייך ווי גרויס אָדער ווי קליין, געווען פאַרטראָטען מיט 5 דעלעגאַטען, האָט מען דעריבער, ווען עס איז נויטיג געווען, אָדער ווען די פּאָליטיק האָט עס געפאָדערט, אַלע מאָל געהאַט אַ גרויסע מאַיאָריטעט געגען די לאָקאַל 1 דעלעגאַטען. נאָר אָט דער שטענדיגער ווידערשפּרוך אין דער לאַגע פון לאָקאַל 1 — זיין דאָמינירענדע לאַגע אין טרייד און זיין מאַכטלאָזע לאַגע אין דער יוניאָן — האָט געפירט צו שטענדיגע רייבערייען און אָפט צו גאַנץ אונאַנגענעמע רעזולטאַטען. זיגמאַן האָט די לאַגע געוואָלט ענדערען. ער האָט געוואָלט געבען לאָקאַל 1 דעם פּלאַץ אין דער יוניאָן, וואָס אים באַלאַנגט. ער איז אין דעם באַזונדערס פאַראינטערעסירט געווארען, ווען ער האָט אין דעם קאַמף מיט די קאָמוניסטען לאָקאַל 1 רעאָרגאַניזירט. מיט דעם אויפלעבען צוריק פון לאָקאַל 17 האָט זיך אָבער אַלץ אומגעקערט צום אַלטען. עס האָט זיך ווידער אָנגע־

פאַנגען דער אַלטער קאַמף מיט לאָקאַל 17 און עס האָבען זיך ווי־דער אָנגעפאַנגען די רייבונגען צווישען לאָקאַל 1 און דער דזשאָינט באָארד און דער אינטערנעשאָנאַל.

וועגען דער ניי־געשאפענער לאגע האָט מען אין דער עקזע־קוטיווע פון לאָקאַל זיך גאַנץ גוט דורכגערעדט ווען זיגמאַן איז געקומען דעם 13־טען נאָוועמבער זיך געזעגענען. אָבער מער ווי אויסריידען זיך דאָס הארץ און פּראָטעסטירען האָט מען ניט געקענט.

אויף דעם מיטינג פון דער עקזעקוטיווע פון לאָקאַל, דעם 29־טען דעצעמבער, 1928, קומט פאָר א הייסע דעבאטע, אויב מען זאָל זיך באַטייליגען אין דער קאָמיטע אויסצוארבייטען די איינצעלהייטען וועגען דער סטאַבילירונג פון לאָקאַל 17. דער באַ־שלוס איז געווען, אַז מען זאָל זיך באַטייליגען אונטער פּראָ־טעסט. זעקס האָבען געשטימט דאַגעגען. גלייך ווי דער באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרען האָט ל. ליוואַי אַנגעגעבען זיין רעזיגנ־נאַציע פון דער עקזעקוטיווע אלס פּראָטעסט. ער האָט אויך רע־זיגנירט פון זיין אַמט אַלס טשערמאַן פון דער פּראָפּאַגאַנדע קאָ־מיטע. עס אנטוויקעלט זיך באַלד א שטאַרקער שטרייט וועגען די מיטגלידער וואָס דאַרפען טראַנספערירט ווערען צו לאָקאַל 17. באַשולדיגונגען ווערען געמאַכט, אַז לאָקאַל 17 פאַרנעמט מיטגלי־דער וואָס באַלאַנגען צו לאָקאַל 1.*) בענדזשאַמין קאַפּלאַן, וואָס איז דעם 19־טען פעברואַר, 1929, ווידער אַמאָל געוועהלט גע־וואָרען פאַר מענעדזשער — א. סטודענט איז געוועהלט געוואָרען פאַר טשערמאַן — האָט מערערע מאָל שאַרף פּראָטעסטירט וואָס לאָקאַל 17 נעמט אריין מיטגלידער, וואָס באַלאַנגען צו לאָ־קאַל 1. דעם 8־טען אַפּריל ווערט באַשלאָסען צו פאַרקלאָגען לאָקאַל 17 וועגען זיינע האַנדלונגען צו דער גענעראַל עקזע־קוטיווע פון דער אינטערנעשאָנאַל און עס ווערט אין דעם באַ־שלוס געזאָגט, אַז דער לאָקאַל וועט זיין געצוואונגען צו נעמען

---

*) עס דאַרף זיין לאָקאַל 2, ווייל דער נייער נומער פון לאָקאַל, וואָס אים איז געגעבען געוואָרען ביי דער פאַראייניגונג איז געבליבען. ערשט אין אָנפאַנג יולי, 1930, האָט ער געקראָגען צוריק זיין אַלטען נו־מער 1. אָבער מען האָט זיך ניט צוגעוואוינט צום נומער 2, בפרט ווען עס קומט צום שטרייט מיט לאָקאַל 17. דעריבער ווערט דאָ שטענ־דיג געברויכט „לאָקאַל 1" אָנשטאָט „לאָקאַל 2".

דאָס געזעץ אין זיינע אייגענע הענד. אויף דער ספּעציעלער קאָנ־ווענשאָן אין קליוולאַנד אין דעצעמבער, 1929, האָט בענדזשאַמין קאַפּלאַן געמאַכט שטאַרקע באַשולדיגונגען געגען לאָקאַל 17 פאַר פאַרכאַפּען מיטגלידער און אויך גאַנצע שעפּער, וואָס באַלאַנגען צו לאָקאַל 1, נאָר די לאָקאַל 17 פראַגע איז ניט געווען די איינציגע וואָס האָט באַאונרוהיגט לאָקאַל 1. די יוניאָן אין אַלגעמיין האָט זיך געפונען אין אַ רואינירטען צושטאַנד און אַלע כוחות האָבען געדאַרפט אָנגעווענדעט ווערען אויפצובויען און צו פאַרשטאַרקען די יוניאָן. דערביי האָט דער דזשאָינט באָארד געדאַרפט אָנ־פאַנגען פאַרהאַנדלונגען מיט די מאַנופעקטשורערס וועגען באַנייען דעם אָפּמאַך.

די גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאָנאַל גיט ארויס אין דעצעמבער, 1928, אַ מאַניפעסט, וואָס רופט אַלע קלאָוקמאַ־כער צוריק אין דער יוניאָן און צו מאַכען אַ סוף פון ברודער־קריג.

לאָקאַל 1 פירט איין אַן אייגענעם אָרגאַניזאַציאָנס־דעפּאַרט־מענט, וואָס ברייגנט גוטע רעזולטאַטען. עס פאַנגט זיך אָן ווייזען אַן אויפלעבונג אין דער יוניאָן. עס פאַרגרעסערט זיך די צאָל מיטגלידער און עס פאַרבעסערען זיך אויך די פינאַנסען פון דער יוניאָן. מען פאַנגט זיך אויך אָן גרייטען צו אַ גענעראַל סטרייק, ווייל מען צווייפעלט אויב מען וועט קענען באַנייען דעם אָפּמאַך מיט די מאַנופעקטשורערס אויף אַ פרידליכען אופן. לאָקאַל 1 איז באַזונדערס פאַראינטערעסירט, אַז עס זאָל אָפּגעשאַפט ווערען די 10־פּראָצענט רעאָרגאַניזאַציע רעכט, וואָס די מאַנופעקטשורערס האָבען געקראָגען דורך דעם אומגליקליכען סטרייק פון 1926. דער לאָקאַל וויל אויך, אַז דזשאַבערס זאָלען ניט קענען ארויסגעבען געשניטענע ארבייט.

אין דער צייט קומט פאָר אַן ענדערונג אין דעם אָפּיס פון דער אינטערנעשאָנאַל. פּרעזידענט שלעזינגער מוז צוליב קראַנק־הייט פאַרלאָזען ניו יאָרק און ד. דובינסקי ווערט באַשטימט פאַר זיין צייטווייליגען שטעלפאָרטרעטער.

דובינסקי האָט זיך גענומען שטרענג דורכפירען די באַשלוסען פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע וואָס איז שייך צו לאָקאַל 17. ער האָט געהייסען לאָקאַל 17 און לאָקאַל 1 צושטעלען פולע ליס־טען פון זייערע נייע אריינגעקומענע מיטגלידער און אַז לאָקאַל

17 זאָל צוריקגעבען צו לאָקאַל 1 אַלע מיטגלידער, וואָס ער, לאָקאַל 17, האָט ביי אים פאַרנומען און אַז ער זאָל אויך צו־ריקגעבען דאָס געלד, וואָס ער האָט פון די באַטרעפענדע מיט־גלידער געקראָגען. לאָקאַל 17 האָט עס אָבער קיינמאָל ניט דורכ־געפירט. ד. דובינסקי האָט אויך פאָראָרדענט, אַז פאַר א יוניאָן ביכעל זאָל מען מער ווי 13 דאָלער מיט 85 סענט ניט נעמען.

דער ערפאָלגרייכער סטרייק, וואָס איז דורכגעפירט געוואָ־רען אין יולי און דער נייער גינסטיגער אָפּמאַך וואָס איז גע־שלאָסען געוואָרען מיט די מאַנופעקטשורערס, האָט צוריק אויפ־געלעבט די קלאָוקמאַכער יוניאָן. לאָקאַל 1 איז באַדייטענד פאַר־שטאַרקט געוואָרען. ער האָט אונטער דער צייט צוריקגעוואונען איבער דריי טויזענד מיטגלידער, וואָס זיינען פון אים אַרויסגע־פאַלען נאָכ'ן סטרייק פון 1926, ווען דער לאָקאַל איז רעאָרגאַני־זירט געוואָרען.

נאָר עס באַווייזען זיך נייע טרעיד פּראָבלעמען. עס קומען אַריין קלאַגען פון שעפּער, אַז די באַלעבאַטים האָבען אָנגעפאַנגען אַרויפנעמען „לאַינינג מאַכער" (אונטערשלאַג־צונויפנייהער) אָנ־שטאָט פולע אָפּערייטאָרס, ווייל זיי צאָלט מען ווייניגער. עס קומט אויך אויף די פראַגע וועגען סוטס, וואָס מען האָט אָנגעפאַנ־גען אין דרעס־שעפּער און ערגער פון אַלץ, וואָס איז פאַראַן ווייניג אַרבייט. די פראַגע וועגען די אַרבייטסלאָזע ווערט גאַנץ ברייט דיסקוטירט אויף אַ מיטינג פון דער עקזעקוטיווע דעם 10־טען סעפּטעמבער, צו וועלכען עס איז געקומען י. נאַגלער, דער מענעדזשער פון דזשאָינט באָרד. די עקזעקוטיווע האָט באַשלאָ־סען אָנצושטעלען מענשען, וואָס זאָלען באַזוכען די שעפּער און אויסגעפינען, וואו עס זיינען פאַראַן לײדיגע מאַשינען.

עס ווערט אויך אויפגענומען די פראַגע איינצופירען אַ קאָנ־טראָל אין די שעפּער דורך קאָמיטעס. דער פּלאַן איז, אַז יעדע קאָמיטע זאָל האָבען די אויפזיכט אויף עטליכע געביידעס, וואו עס געפינען זיך קלאָוק שעפּער און זי זאָל אויפפּאַסען, אַז יוניאָן באַדינגונגען זאָלען אָפּגעהיט ווערען. דאָס איז געווען אין אַ מאָ־דיפיצירטער פאָרם אַן אויפלעבונג פון דעם שאַפּ־דעלעגאַטען סיס־טעם וואָס האָט פאַרשאַפט אמאָל אזוי פיל היים בלוט אין די יוניאָנס פון דער אינטערנעשאָנאַל.

נאָר אונטער דער צייט איז אויך ניט פאַרנאַכלעסיגט גע־

וואָרען דער גרופּען־קאַמף. די „קלובס" און „ליגס" האָבען געטאָן דאָס, וואָס זיי האָבען געפונען פאַר נויטיג צו פארשטאַרקען זייערע פּאָזיציעס. אין נאָוועמבער, 1929, איז עס געקומען צו א פאַרמעסטונג פון כוחות. עס זיינען פאָרגעקומען וואהלען פאר דעלעגאַטען צו דער ספּעציעלער קאָנווענשאָן אין קליוולאַנד. עס איז געווען א הייסער וואַלקאַמף און דער „מיוטשועל עיד" קלוב האָט געזיגט, ער האָט ערוועהלט די מייסטע דעלעגאַטען. פון דעם אנדערען צד זיינען בלויז געוועהלט געווארען פיר — ב. קאַפּלאַן, ר. צוקערמאַן, פריד און אייבראַמסאָן. דאָס איז אייגענטליך אויך געווען אַן אָנזאָג וואָס עס וועט זיין דער רעזולטאַט פון די וואַהלען פאַר באַאַמטע און עקזעקוטיווע פון לאָקאַל. אין פאַריבינדונג מיט די וואַהלען איז באַריכטעט געוואָרען, אז דער לאָקאַל האָט שוין נאָהענט צו 8 טויזענד מיטגלידער.

דער רעזולטאַט פון די לאָקאַלע וואַהלען איז געווען, ווי מען האָט פאָראויסגעזען — דער „מיוטשועל עיד" קלוב האָט געזיגט איבער דער גאַנצער ליניע. היינס איז געוועהלט געווארען מענעדזשער און סטודענט טשערמאַן.

מיט דער היינס־אַדמיניסטראַציע האָט געדאַרפט פאָרקומען אַן ענדערונג אין דעם פּאָליטישען פראָנט פון דזשאָינט באַארד. לאָקאַל 1 האָט געדאַרפט אויפהערען זיין די שטענדיגע אָפּאָזיציע אין דזשאָינט באַארד און ווערען א טייל פון דער רעגירונג. פאַר דעם צוועק האָט מען אויך געמוזט קומען צו א פאַרשטענדיגונג מיט לאָקאַל 17, ווייל אין דער „פּאָליטישער" קאָמבינאַציע פון דזשאָינט באָארד האָט לאָקאַל 17 פארנומען א וויכטיגען פּלאַץ. לאָקאַל 1 האָט אונטער דער היינס־סטודענט אדמיניסטראַציע ווירקליך פארנומען א מער אָנגעזעהענעם פּלאַץ. וויליאַם בלום, פון לאָקאַל 1, איז געוועהלט געוואָרען טשערמאַן פון דזשאָינט באָארד, און מ. י. אשפּיז איז געוועהלט געוואָרען סעקרעטאר־טרעזשורער פון דזשאָינט באָארד. אָבער צום סוף האָט אויך דער שלום וואָס היינס האָט געוואָלט מאַכען מיט לאָקאַל 17 ניט אויסגעהאַלטען. ער אַליין האָט ענדליך געמוזט ברייננגען קלאַגען געגען לאָקאַל 17.

היינס האָט אפילו געהאַט אונטערגעשריבן אַן אָפּמאַך מיט העלער'ן, דעם מענעדזשער פון לאָקאַל 17, וועגען די געגענזיי־

מיגע באַציהונגען צווישען זייערע לאָקאַלס. ער לייענט זיך ווי פאָלגט:

„1) עס ווערט פאַרשטאַנען, אַזביידע לאָקאַלס, 1 און 17, זאָלען פון דעם 15־טען סעפּטעמבער, רעכענען אַן איינהייטליכען איינטריטס־געלט פון 57.85 דאָלער פאַר יעדען אַפּליקאַנט, סיי נייער און סיי אויטאָמאַטיש געשטראָכענער מיטגליד.

„2) אַן אַדווערטייזמענט וועגען דעם זאָל אַריינגעגעבען ווע־רען אין דער פּרעס פון ביידע לאָקאַלס, אין דער זעלבער צייט.

„3) אין דער מעמבערשיפּ קאָמיטע פון יעדען לאָקאַל זאָל זיין פאַרטראָטען אַ מיטגליד פון אנדערען לאָקאַל.

„4) דער בוכקיפּער פון איין לאָקאַל זאָל האָבען צוטריט צו די ביכער פון צווייטען לאָקאַל איין מאָל אַ וואָך, צו קענען פעסטשטעלען אויב דער פאַרשטענדניס פון די 2 לאָקאַלען ווערט אַדורכגעפירט.

„5) ארויסגעפאַלענע מעמבערס, וועלכע זיינען שולדיג ביז 18 מאָנאַטען דיוס, דאַרפען זיך ווענדען פאַר רעאינסטייטמענט אין דעם לאָקאַל וואו זיי האָבען באַלאַנגט.

„6) טראַנספערס מוזען געגעבען ווערען צו יעדען מעמבער אויף זיין פאַרלאַנג אָהן שוועריגקייטען.

„7) אַן אויטאָמאַטיש געשטראָכענער מעמבער איז דער וואָס איז שולדיג מער פון 9 מאָנאַטען (39 וואָכען) דיוס.

דער פאַרשטענדניס גוהט אריין אין קראַפט פון טאָג וועו אונטערגעשריבען, אויגוסט 12טען, 1930”.

דער אָפּמאַך איז פון די מיטגלידער פון לאָקאַל 1 שטאַרק קריטיקירט געוואָרען און צוריקגעוויזען געוואָרען און אין ענד־רעזולטאַט בלייבט אויך אונטער דער היינס־סטודענט אַדמיניס־טראַציע די לאָקאַל 17 פראַגע אַ שטענדיגער פּונקט אויף דער טאָג־אָרדנונג.

אין אָנפאַנג פרילינג פון 1930 פאַנגט זיך אָן אין לאָקאַל אַ באַוועגונג פאַר צוריק איינפירען שטיק־אַרבייט. דער הויפּט־אַרגומענט איז, אַז אין די מייסטע שעפּער אַרבייט מען סאַי ווי סאַי פון שטיק און מען נאַרט אָפּ די יוניאָן. שוין בעסער דעריבער, אַז מען זאָל שטיק־אַרבייט לעגאַליזירען, ווייל דורך אַרבייטען פון שטיק בגנבה ווערט דער טרייד אין גאַנצען רואי־נירט. די פראַגע ווערט שפּעטער דיסקוטירט ביי סעקשאָן־

מיטינגען. די סאָב קאָמיטע פון דער עקזעקוטיווע ברייננגט אָבער אריין א רעקאָמענדאציע, אז וואָך־ארבייט זאָל בלייבען, ווייל פאר די עלף יאָר וואָס וואָך־ארבייט איז איינגעפירט גע־וואָרען איז די לאַגע פון די אָפּערייטאָרס געוואָרען בעסער.

עס ווערט אויך אויפגעהויבען אַן אַלטע פראגע: וואָס טוט מען וועגען פרויען, וואָס ארבייטען ביי דער מאשין אין קלאָוק־שעפּער? די פראגע איז מערערע מאָל דיסקוטירט געוואָרען און ענדליך איז באשלאָסען געוואָרען, אז אזוי ווי מען קען די פרויען ניט פארטרייבען פון די מאשינען זאָל מען אָבער שטרענג אויפפּאסען, אז זיי זאָלען קריגען דעם פולען פרייז פאר דער ארבייט.

דעם ערשטען יולי, 1930, האָט דער לאָקאל צוריקגעקראָגען זיין אַלטען נומער 1.

דעם 4טען יולי האָט פּאסירט אַן אומגליק מיט איינעם פון די טעטיגסטע און אָנגעזעהענסטע מיטגלידער פון לאָקאל 1. וויליאם בלום, מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע און טשערמאַן פון דזשאָינט באָארד, איז דערטרונקען געוואָרען. בלום איז געווען טעטיג אין דער יוניאָן פון 1912 אָן און האָט אין איהר פאר־נומען פארשידענע אמטען.

די לאַגע אין טרייד איז אין אַלגעמיין געווען ניט קיין גוטע און דער גרופּען־קאמף אין לאָקאל 1 האָט זיך א רעכט ביסעל פארשארפט. די וואַלען פאר לאָקאל באאמטע זיינען געווען נאָך ווייט, אָבער דער וואַהל־קאמף האָט זיך שוין אָנגעהויבען. און עס זיינען געווען צייכענס, אַז די נייע וואהלען וועלען ברענגען א נייע אדמיניסטראציע אין לאָקאל. דאָס האָט מען געקענט זעהן פון אַן אָפּשטימונג אויף א מיטגלידער מיטינג פון 25טען סעפּ־טעמבער, 1930, וועגען א טעכנישער פראגע צוליב וועלכער ל. ליוואַי האָט אפּעלירט געגען טשערמאַן. די שטימען האָבען זיך געטיילט כמעט אויף העלפט און דער טשערמאַן איז געשטיצט געוואָרען בלויז מיט א מאַיאָריטעט פון זיבען שטימען. און עס האָט טאַקע פּאסירט, אַז א נייע אדמיניסטראציע איז געוועהלט געוואָרען — די ליוואַי־צוקערמאַן אדמיניסטראציע.

דער וואַהל־קאמף, אין וועלכען די ליוואַי־צוקערמאַן אדמי־ניסטראציע איז געוועהלט געוואָרען, איז געווען א גאַנץ ביטערער, הגם מען האָט איידער די וואהלען געקענט זיכער פאָראויסזאָגען

ווי דער אויסגאַנג וועט זיין. די היינס-סטודענט גרופּע איז גע־קומען צו די וואַהלען אינערליך אַ צוריסענע. די עקזעקוטיווע פון דער היינס-סטודענט אַדמיניסטראַציע האָט צום סוף פון איהר טערמין זיך געשפּאָלטען אויף אַ לינקען פליגעל און אַ רעכטען, ווי מען האָט עס גערופען. די ליוואַי־צוקערמאַן גרופּע האָט אויף דעם מיטגלידער־מיטינג פון לאָקאַל געוואונען די „עלעקשאָן און אַבדזשעקשאָן קאָמיטע" און דאָס איז געווען דער בעסטער באַווייז אין וועלכער ריכטונג דער ווינד בלאָזט. אָבער אין אַ קאַמף גיט מען ניט אויף די האָפנונג ביז דער לעצ־טער מינוט. אין געגענטייל, מען קעמפט נאָך מיט מער פאַר־ביטערונג.

דעם 30-סטען דעצעמבער איז די ניי־געוועהלטע אַדמיני־סטראַציע אינסטאַלירט געוואָרען און די ראָלען האָבען זיך גע־ביטען — די פריהערדיגע אָפּאָזיציע איז געוואָרען די רעגירונג און די פריהערדיגע רעגירונג איז געוואָרען די אָפּאָזיציע.

עס זיינען מיט אַ געוויסער צייט פאַר די וואַהלען געמאַכט געוואָרען אַ פּראָבע צונויפצוברייננגען די צוויי געגנערישע גרופּען און שאַפען צווישען זיי אַ פאַראייניגונג. אין דעם האָט אַנטייל גענומען ד. דובינסקי, דעמאָלט עקטינג פּרעזידענט און דער שרייבער פון דעם בוך, אָבער די באַמיהונגען זיינען געווען אָהן ערפאָלג. אויסער די פּרינציפּיעלע אונטערשיידען זיינען אויך די פּערזענליכע באַציהונגען געווען זעהר פאַרשאַרפטע און דאָס האָט באַזונדערס געשטערט צו קומען צו אַן אויסגלייך און צו אַ שלום.

מען קען אויך פאַרשטעהן, אַז די שלום פראַגע צווישען די צוויי געגנערישע גרופּען אין לאָקאַל 1 איז אויך אָפּגעהאַנגען פון די טרעיד יוניאָן גרופּען אין די אַנדערע לאָקאַלס מיט וועלכע די טרעיד יוניאָן גרופּע פון לאָקאַל 1 איז געווען פאַרבונדען.

די נייע אַדמיניסטראַציע האָט ניט געהאַט קיין לייכטען פאַהרען. די אָפּאָזיציע, עס הייסט די געוועזענע אַדמיניסטראַציע, אָדער דער „מיוטשועל עיד קלוב", צו וועלכען זי האָט באַלאַנגט, איז ניט געזעסען מיט פאַרלעגטע הענט. די מיטגלידער מיטינגען זיינען דעריבער געווען גאַנץ שטורמדיגע.

אַ שווער שטיקעל אַרבעט האָט די נייע אַדמיניסטראַציע גע־האַט, ווען זי איז געקומען צו די מיטגלידער בעטען געלד צו

דעקען די הוצאות פון לאָקאַל. זי האָט פאָרגעשלאָגן צוויי פּלענער: 5 דאָלאַר אַן איינמאָליגען שטייער, אָדער אַ העכערונג פון די דיוס פון 35 צו 50 סענט אַ וואָך. מען האָט די צוויי פאָרשלאָגען געגעבען צו אַן אָפּשטימונג, אין וועלכער עס האָבען זיך באַטייליגט 13 הונדערט מיט 74 מיטגלידער. פון זיי האָבען 519 געשטימט פאַר אַ שטייער פון 5 דאָלאַר, 215 פאַר 50 סענט דיוס און 640 געגען ביידע. איז עס געווען אַ פראַגע, וואָס אָט די אָפּשטימונג מיינט. האָט די עקזעקוטיוו קאָמיטע ערקלערט, אַז עס מיינט, אַז 734 האָבען געשטימט דערפאַר, אַז מען דאַרף געבען געלד דעם לאָקאַל אָנצוגעהן מיט זיין ארבייט און פון אָט דער מאַיאָריטעט האָבען 215 געשטימט, אַז מען זאָל געבען מער ווי 5 דאָלאַר, ווייל אַ העכערונג פון 15 סענט אַ וואָך מאַכט אויס פיל מער ווי אַן איינמאָליגער שטייער פון 5 דאָלאַר, דעריבער האָט דער שטייער פון 5 דאָלאַר אַ פולשטענדיגע מאַיאָריטעט. עס פאַרשטעהט זיך, אַז די אָפּאָזיציע האָט וועגען דעם געהאַט עפּעס צו זאָגען.

די אַדמיניסטראַציע האָט אָבער געגען זיך געהאַט ניט בלויז די אָפּאָזיציע פון „מיוטשועל עיד קלוב", נאָר אויך אַן אָפּאָזיציע פון לינקס — פון קאָמוניסטען און זייערע סימפּאַטיזירער און זי האָט שטענדיג געמוזט שטעהן אויף דער וואַך, אַז אויף די מיטגלידער פאַרזאַמלונגען זאָל זי האָבען אַ גענוגענדע צאָל שטימען.

און די לאָקאַל 17 פראַגע איז ווי אימער געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדנונג. אין דער פראַגע האָבען קיין מיינונגס פאַרשידענהייטען ניט עקזיסטירט.

די נייע אַדמיניסטראַציע האָט אַוועקגעלעגט אַ סך מיה אויף אָרגאַניזאַציאָנס ארבייט. זי האָט בשותפות מיט לאָקאַל 9 געשאַפען אַן אָרגאַניזאַציאָנס־דעפּאַרטמענט אונטער דער אויפזיכט פון ה. איידענלאַנד און די רעזולטאַטען זיינען געווען זעהר גוטע.

די נייע אַדמיניסטראַציע האָט צו דעם מיטינג פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין 1931 אין פרילינג, אין אַטלאַנטיק סיטי, געשיקט אַ קאָמיטע, וועלכע האָט, נאָכדעם ווי זי האָט אויסגערעכענט אַ גאַנצע רייה קלאַגען געגען לאָקאַל 17, ערקלערט, אַז לאָקאַל 17 דאַרף צוריק פאַראייניגט ווערען מיט לאָקאַל 1.

פאר'ן מיטינג פון דער גענעראל עקזעקוטיווע האט די אדמי־ניסטראציע פון לאָקאל 1 געשיקט א צושריפט צום דזשאָינט באארד וועגען לאָקאל 17 און וועגען אן ערקלערונג, וואָס דזש. העלער האט געמאכט וועגען לאָקאל 1. דער דזשאָינט באָארד האט אָבער באשלאָסען, אז דער צושריפט זאל ניט פראָטאָקאָלירט ווערען. די מאָטיווירונג איז געווען, אז קלאגען פון איין לאָקאל נעגען צווייטען דארפען געבראכט ווערען צו דער גענעראל עקזע־קוטיווע פון דער אינטערנעשאָנאל און ניט צום דזשאָינט באָארד. לאָקאל 1 האט נעגען דעם שטארק פּראָטעסטירט און האט פאר־עפענטליכט דעם צושריפט אין „פאָרווערטס" (מאי 14, 1931). ער לייענט זיך טיילווייז אזוי:

„אין פארלויף פון היינטיגען סעזאָן האבען מיר געקראָגען א צאָל קאָמפּלעינטס פון שעפער, אין וועלכע די יוניאָן באדינ־גונגען ווערען פארבראָכען. די מערסטע קאָמפּלעינטס זיינען געווען וועגען שטיק־ארבייט, אנדערע וועגען פארלעצען דעם 40־שטונדיגען 5־טאָג ארבייטס־וואָך, ארבייטען אומגעזעצליכע שטונ־דען, ארונטערלאָזען ווידזשעס, קיין באלוינונג פאר געזעצליכע יום־טובים און ניט קריגען ריכטיג באצאָלט פאר אָווערטאיים. ווען מיר האָבען גערופען די אפערייטאָרס פון דיזע שעפער צו מיטינגען אין אונזער אָפיס, זיינען ניט אלע געקומען. נאָכ־פרעגענדיג, האָבען מיר אויסגעפונען, אז די אורזאך פאר זייער אבוועזענהייט איז נאָר דערפאר, וואָס זיי זיינען מיטגלידער פון לאָקאל 17, וואָס עס מיינט, אז זיי האָבען מיט אונז קיין שייכות ניט און זיינען דערפאר ניט פאראנטוואָרטליך צו אונזער לאָקאל.

נעמענדיג אין אנבאטראכט די באציהונג און שטעלונג פון די פיהרער פון לאָקאל 17, איבערהויפּט צו שטיק־ארבייט, קען זיך שוין יעדער איינער משער זיין, ווי שווער עס איז פאר אונז געוואָרען עטוואָס צו טאָן איינצושטעלען יוניאָן באדינגונגען אין די שעפער. ווען מיר האָבען געמאכט א פארזוך איינצופיהרען יוניאָן באדינגונגען אין די שעפער און צו דיסציפּלינירען די ארבייטער, און זיי צווינגען אָפּצוהיטען די רעגעלע ארבייטס־צייט און דאָס גלייכען, האָבען אונז איינגע אפערייטאָרס, און מאנכעס מאָל די באלעבאטים אויך, געגעבען אָנצוהערען, אז מיר זאָלען זיי בעסער ניט באדערען, ווען ניט, וועלען זיי אוועקגעהן אין לאָקאל 17.

יעדער קלאָוקמאַכער ווייסט, אַז אין לעצטען סעזאָן, איבער־הויפּט פון אָנפאַנג, איז געווען אַ שרעקליכע אַרבייטסלאָזיגקייט. כדי צו לינדערען די שרעקליכע פּראָבלעם, האָט דער דזשאָינט באָארד אָנגענומען אַ באַשלוס, דאָס קיין אָווערטאַים אָדער שבת־אַרבייט זאָל ניט ערלויבט ווערען אַזוי לאַנג ווי עס געפינען זיך אַרבייטסלאָזע אין טרעיד, און דאָס אויך פאָרגעשלאָגען ביי אַ קאָנפערענץ מיט די באַלעבאַטים. לאָקאַל 17 האָט אָבער איגנאָרירט דעם באַשלוס און פאַרגעסען אויף דעם כאַאָטישען צו־שטאַנד, און ערלויבט זיינע מעמבערס צו אַרבייטען אָווערטאַים און שבת, ניט אַכטענדיג צו אַלע מאַשינען אין שאַפּ זיינען פאַרנומען.

עס איז אַלעמען באַוואוסט, אַז די יוניאָן האָט זיך געפונען אין אַ פינאַנציעל־געדריקטער לאַגע, און ווען די פראַגע איז דיס־קוטירט געוואָרען ביי אַ מיטינג פון די לאָקאַל מענעדזשערס און באַשטימטע פּלענער זיינען פון אַלעמען אָנגענומען געוואָרען, האָט לאָקאַל 17, באַלד נאָכדעם, גערופען אַ מעמבער מיטינג, ביי וועלכען זיי האָבען באַשלאָסען אַרויסצוליייגען אַ טעקס פון אַ טאָג ווייגדזשעס אויף זיינע מעמבערס, און וועלכען טעקס זיי האָבען געדאַרפט אָפּאַרבייטען נאָך די רעגעלע אַרבייטס־צייט — שבת נאָך דינער און זונטאָג — און זיי האָבען זאָגאַר ניט באַ־שטימט אַ געוויסען טאָג, וועלכען זייערע מעמבערס זאָלען פאַר דעם צוועק אַרבייטען.

מיר האָבען שטאַרק פּראָטעסטירט געגען דיזער אַנטשיידונג ביי די מיטינגען פון דזשאָינט באָארד פאַר די דערמאָנטע אור־זאַכען און אויך דערפאַר, וואָס דיזער באַשלוס איז ניט געזעצליך און ניט קאָנסטיטוציאָנעל. מיר האָבען גע'טענה'ט, אַז צוליב דיזען באַשלוס וועלען די בעל־מלאכות אין די שעפּער אַרבייטען יעדען שבת און זונטאָג דורך דעם סעזאָן. דאָס איז איצט אַ פאַקט. מיר האָבען באַהויפּטעט, דאָס לאָקאַל 17, האָבענדיג די יורים־דיקציע איבער איין פאַך פון דער אינדוסטריע, האָט ניט קיין רעכט אָנצונעמען אַ באַשלוס פאַר זיינע מעמבערס צו אַרבייטען שבת נאָך דינער און זונטאַג אָהן דער גוטהייסונג פון דזשאָינט באָארד. אַלע אונזערע פּראָטעסטען האָבען אָבער ניט געהאָלפען. לאָקאַל 17 האָט אינסטרואירט זיינע מעמבערס צו אַרבייטען שבת

נאָך דינער און זונטאָג מיט דער פארשטענדיגונג, אז דאָס וועט זיין פאר זייער טעקס פון טאָג ווידזשעס.

מיר האָבען נאָכהער אויסגעפונען, אז דיזער אָרדער איז געווען אַן אַלגעמיינער, פאר אַלע שעפער, וואו נאָר זייערע מעמ־בערס ווערען באשעפטיגט, ניט אכטענדיג צי אין די שעפער ארבייטען אויך אונזערע מיטגלידער. נאָך מער: לאָקאַל 17 איז געגאַנגען אזוי ווייט און אָנגעזאָגט די באַלעבאָטים ארונטערצו־נעמען פון דער פעי פון אַלע אפערייטאָרס די סומע פון אַ טאָג ארבייט און דאָס אריינשיקען אין זיין אָפיס. דורך דיזער טאַקטיק האָט לאָקאַל 17 קאַלעקטעט געלד אויך פון אונזערע מעמבערס.

אַלס רעזולטאַט פון די זעלבסטזיכטיגע באַציהונג און פאר־ברעכערישע פּאָליסי פון לאָקאַל 17, זיינען מיר געווען געצוואונגען צו זוכען אַ וועג ווי אזוי צו באַקעמפען אָט דיזע האַנדלונגען, וואָס זיינען אומגעזעצליך און אויסער זיינע רעכטע און יורידיקציע אַלס אַ לאָקאַל יוניאָן, לויט זיין טשאַרטער. מיר האָבען דערום אָנגעפאַנגען איבערצוקוקען די באַשלוסען פון דער ספּעציעלער קאָמיטע פון קאָנווענשאָן, פון וועלכען מעטיו וואָל, פון דער אמעריקען פעדעריישאָן אָוו לעיבאָר, איז געווען דער טשערמאַן און וועלכע זיינען גוטגעהייסען געוואָרען פון די אינטערנעשאָנאַל קאָנווענשאָנס אין באַצוג די רעכטען און גרעניצען פון לאָקאַל 17, און מיר האָבען געפונען, אז דער באַשלוס לעזט זיך ווי פאָלגט:

„עס זאָל ווידער עטאַבלירט ווערען אַ באַזונדער לאָקאַל־יוניאָן מיט דעם נאָמען אינפענטס, טשילדרען און ריפער־מאַכער.

„עס איז די מיינונג פון דער ספּעציעלער קאָמיטע, אז די יורידיקציע פון דיזען באַזונדער לאָקאַל־יוניאָן זאָל זיין איבער אינפענטס, טשילדרען און ריפער־גאַרמענטס ביז סייז 16 אָדער 17, און די אַלע אַנדערע גאַרמענטס, מאַכט ניט אויס פון וועלכען סאָרט, קוואַליטעט און סייז, 17 אָדער העכער, איצט אונטער דער יורידיקציע פון די פאַראייניגטע לאָקאַל יוניאָנס 2 און 17, זאָל זיין די ארבייט פון די מיטגלידער פון לאָקאַל 2".

נאָכדעם האָבען מיר אָנגעפאַנגען צו אונטערזוכען די קאָנ־טראָל ליסטען, כדי אויסצוגעפינען וויפיל פון זייערע מעמבערס עס ארבייטען אין אונזערע קלאָוק שעפער, און מיר האָבען גע־פונען, אז כמעט אין אַלע שעפער געפינען זיך לאָקאַל 17 מעמבערס.

מיר באַגרייפן, דאָס די ריכטיגע פּראָצעדור אין יורידיקציע סכסוכים אָדער שטרייטען, וואָס קומען פאָר צווישען איין לאָקאַל־יוניאָן און אַ צווייטען איז, צו קלאָגען זיי צום העכסטען אינ־סטאַנץ — דאָס איז די אינטערנעשאָנאַל יוניאָן. דאָס קען אָבער געזאָגט ווערען פאַר די לאָקאַלס, וואָס זיינען גרייט צו פאָלגען די באַשלוסען וואָס ווערען אַרויסגעגעבען פון די העכערע קערפּער־שאַפטען. אָבער אין דעם פאַל פון לאָקאַל 17 איז דאָס גאַנץ אַנדערש. דיזער לאָקאַל האָט קיינמאָל ניט אויסגעפאָלגט איר־גענד וועלכען באַשלוס, סיידען עס איז איינגעצען צו זיין גונסטען.

אונזערע רעקאָרדס ציינען, אַז אונזערע לאָקאַלס האָבען אַריינגעגעבען פילע קאָמפּלעינטס און קלאַגען געגען לאָקאַל 17 פאַר אַוועקנעמען פון אונז מעמבערס, רעגעלע קלאָוקמאַכער, און אָהן טראַנספערס. די ספּעציעלע קאָמיטע פון דער אינטערנע־שאָנאַל און דער גענעראַל עקזעקוטיוו באָארד האָבען אַרויסגעגעבען גינסטיגע אַנטשיידונגען פאַר אונזער לאָקאַל, אָבער לאָקאַל 17 האָט דיזע באַשלוסען ניט אויסגעפאָלגט. אָנשטאָט צו האָבען אַ מיטגלידערשאַפט פון בלויז ריפער־מאַכער, ווי עס איז באַשלאָסען געוואָרען פון דער אינטערנעשאָנאַל, באַשטעהט גאָר לאָקאַל 17 פון אַ מיטגלידערשאַפט פון וועלכע 90 פּראָצענט זיינען קלאָוק־מאַכער און אַרבייטען אין רעגעלע קלאָוק שעפּער.

נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט דעם פאַקט, אַז די באַשלוסען פון דער אינטערנעשאָנאַל זיינען פון לאָקאַל 17 קיינמאָל ניט דורכ־געפירט געוואָרען, זיינען מיר דאָן געווען געצוואונגען צו נעמען די אַנגעלעגענהייט אין אונזערע אייגענע הענט, וועלכע מיר באַ־טראַכטען אַלס די איינציגע אויסגעהאַלטענע און רעכטפערטיגע מעטאָדע כדי אָפּצושטעלען די שעדליכע האַנדלונגען פון יענעם לאָקאַל.

לאָקאַל 17 האָט אימער אָנגענומען אַ פּאָליסי, וואָס איז געווען שעדליך פאַר דער אָרגאַניזאַציע, און טראָץ דעם אַלעמען וואָגט ער נאָך צו באַקלאָגען זיך געגען אונזער לאָקאַל פאַר אויפפאָדערען אונזערע מעמבערס, וועלכע אַרבייטען ביי קלאָוקס און וועלכע זיינען אַריינגענומען געוואָרען אין לאָקאַל 17 אומגעזעצליך, דאָס זיי זאָלען צוריק אָנשליסען זיך אָן אונזער לאָקאַל. מיר זיינען איבערציינגט, דאָס אונזער האַנדלונג איז אַ גערעכטע. דער

טשארטער און באשלוסען פון דער אינטערנעשאָנאל ערלויבען אונז דאָס צו טאָן.

האָפענדיג, אז איהר וועט אָננעמען אונזער ערקלערונג אין דעם ריכטיגען גייסט, פארלייבען מיר מיט ברודערליכען גרוס,

עקזעקוטיוו באָארד פון דער קלאָוק און סוט אפערייטאָרס יוניאָן, לאָקאל 1, אינט. לײדיס גארמענט וואָרקערס יוניאָן.
ר. צוקערמאַן, טשערמאַן; לואיס ליוויי, מענעדזשער־סעק.

אין הערבסט פון 1931 איז די אדמיניסטראציע פון לאָקאל 1 געקומען אין א קאָנפליקט מיט דער אינטערנעשאָנאל.

צווישען דער ליוואי־צוקערמאַן אדמיניסטראציע און דער אינטערנעשאָנאל איז פון אָנפאנג אָן ניט געווען קיין גרויסע פריינדשאפט. פרעזידענט שלעזינגער האָט איהר באטראכט פאר זיינע אָפאָזיציע, ווייל די ליוואי־צוקערמאַן גרופע איז געווען, ווי מען האָט עס גערופען, א זיגמאַניסטישע און זי איז ניט אריין אין דער קאָמבינאציע, וואָס האָט געפירט צו זיגמאַנ'ס רעזיגנאציע און צו א נייער פירערשאפט פון דער אינטערנעשאָנאל. דערצו האָט די נייע אדמינסטראציע פון לאָקאל 1 ארויסגעשטעלט געוויסע פאָדערונגען פאר עקאָנאָמיע און רעפאָרמען אין דער אינטערנעשאָנאל און פון צייט צו צייט פלעגט זי זיך אויך ערלויבען צו קריטיקירען און אָנווייזען אויף פעלערען. אָבער אַן אָפענער קאָנפליקט איז ארויסגעקומען, ווען די גענעראל עקזעקוטיווע האָט באשלאָסען ארויפצולעגען א שטייער אויף דער גאַנצער מיטגלידערשאפט פון 3 דאָלאר מיט 75 סענט, ווייל די פינאַנסען פון דער אינטערנעשאָנאל זיינען געווען אין א קריטישען צושטאנד. דער שטייער איז געשיקט געוואָרען צו א רעפערענדום אָפשטימונג און איז אָנגענומען געוואָרען. אָבער די ליוואי־צוקערמאַן אדמיניסטראציע האָט געלאָזט וויסען, אז זי זאָגט זיך אָפּ אויפצומאָנען דעם שטייער צווישען די מיטגלידער פון לאָקאל 1. די ערקלערונג איז געווען, אז דאָס טוט זי כדי דערמיט אויסצודריקען א פראָטעסט געגען דער גענעראל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאָנאל, וואָס רעכענט זך ניט מיט די פאָדערונגען און מיינונגען פון לאָקאל 1. לאָקאל 1 איז אין דעם געשטיצט געוואָרען פון לאָקאל 9 און פון לאָקאל 22.

דער קאָנפליקט וואָלט אפשר אויסגעמידען געוואָרען, ווען די

פירערשאַפט פון דער אינטערנעשאָנאַל וואָלט זיך פריהער דורכ־גערעדט מיט די פירער פון לאָקאַל 1 וועגן דעם שטייער און פאַר־לאַנגט זייער הילף. די אַדמיניסטראַציאַע פון לאָקאַל 1 האָט זיך אין אַלגעמיין געפילט געקריוודעט, וואָס זי האָט ניט קיין וואָרט אין דער פירערשאַפט פון דער אינטערנעשאָנאַל. עס האָט גע־הייסען, אַז דער גרעסטער און וויכטיגסטער לאָקאַל אין דער אינ־טערנעשאָנאַל האָט ניט קיין פאַרטרעטער אין דער גענעראַל עקזעקוטיווע. געוואוינליך פלעגט מען אויף דעם ענטפערען, אַז אין דער גענעראַל עקזעקוטיווע זיינען פאַראַן מיטגלידער פון לאָקאַל 1. דער פרעזידענט אַליין איז אַ מיטגליד פון לאָקאַל 1 און וואַיס־פרעזידענט י. פיינבערג איז אויך אַ מיטגליד פון לאָקאַל 1, אָבער ביי דער אַדמיניסטראַציע פון לאָקאַל 1 איז עס ניט געווען אַ פראַגע פון מיטגלידער פון לאָקאַל 1, נאָר וועגן פאַר־טרעטער. זיי האָבען אָנגעוויזען, אַז פון די אַנדערע לאָקאַלס זיינען די פירער מיטגלידער אין דער גענעראַל עקזעקוטיווע, אָבער לאָקאַל 1 איז אַן אויסנאַם. אַזאַ טענה האָט אויך געהאַט לאָקאַל 9. און דעריבער האָבען זיי געזאָגט, אַז ווען עס קומט צו אַ וויכטיגער פראַגע דאַרף מען זיך מיט זיי בּאַראַטען, ווען זיי זיינען אפילו ניט קיין מיטגלידער פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע.

דער אַרויסטריט פון דער לאָקאַל 1 אַדמיניסטראַציע געגען דעם 3 דאָל. און 75 סענט שטייער האָט פאַרשאַפט אַ רעכט בּיי־סעל טומעל, אָבער די גענעראַל עקזעקוטיווע האָט זיך אין יענער צייט ניט געפילט בּכח אויפצונעמען אַ קאַמף און עס איז אויך געווען אין דער גענעראַל עקזעקוטיווע אַ ווירקענדע קראַפט, וואָס האָט ניט געוואָלט קיין קאַמף, נאָר האָט געזוכט צו געווינען דעם גוטען ווילען פון לאָקאַל 1 און ענדליך איז געשאַפען געוואָרען אַ שלום. דאָס איז דורכגעפירט געוואָרען אויף דער קאָנווענשאָן אין פילאַדעלפיע אין מאַי 1932, וואו ל. ליוואַי איז געוועהלט גע־וואָרען אַלס מיטגליד פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע.

די דעלעגאַציע פון לאָקאַל 1 איז געקומען צו דער קאָנווענ־שאָן אין פילאַדעלפיע מיט אַ גאַנצען פּראָגראַם פון רעפאָרמען. צווישען זיי זיינען געווען פּראָפּאָרציאָנעלע פאַרטרעטערשאַפט אין דזשאָינט בּאָארד און אויף קאָנווענשאָנס; אָפּשאַפען די לאָקאַלע דיוס דעפּאַרטמענטס, ווייל דאָס וועט איינשפּאָרען אַ סך געלד; די שטענדיגע לאָקאַל 17 פראַגע און מערערע אַנדערע. אָבער זי

איז מיט איהרע פאָדערונגען ניט געווען ערפאָלגרייך אויף דער קאָנווענשאָן און האָט זיך באַגנוגענט מיט דעם, וואָס דער מענע־דזשער פון לאָקאַל 1 איז געוואָרען אַ וואַיס־פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל און לאָקאַל 1 האָט געקראָגען אַ דעה אין דער פירערשאַפט פון דער אינטערנעשאָנאַל. לאָקאַל 1 האָט אויף דעם מיטינג, וואו דער באַריכט פון דער קאָנווענשאָן איז אָפּגעגעבען געוואָרען, געשטימט פאַר דעם 10 דאָלאַר שטייער, וואָס די קאָנ־ווענשאָן האָט באַשלאָסען. אין די 10 דאָלאַר איז אַריינגערעכענט געוואָרען די 3 דאָלאַר און 75 סענט, וואָס די אַדמיניסטראַציע פון לאָקאַל האָט פריהער זיך אָפּגעזאָגט אויפצומאָנען.

די ליוואַי־צוקערמאַן אַדמיניסטראַציע איז אין אַלגעמיין אַריינגעקומען אין אַמט אין אַ שלעכטער צייט און זי האָט איינ־געזעהן, אַז עס וועט זיין פאַר איר שווער דורכצופירען איר פּראָגראַם אויף אַן אַגרעסיווען וועג, ווי זי האָט זיך עס פריהער געגרייט. זי האָט דעריבער באַשלאָסען צו ענדערען איר טאַק־טיק, אַז זי זאָל געווינען אירע פאָדערונגען אויף אַ פרידליכען וועג. און עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזען, אַז דער וועג איז געווען אַ מער ערפאָלגרייכער. לאָקאַל 1 האָט ביסלעכווייז געקראָ־גען די פאָדערונגען פאַר וועלכע ער האָט אַ סך יאָרען געקעמפט.

### איין־און־פערציגסטער קאַפּיטעל

## פאַראייניגונג און פרידען.

דער קריזיס אין לאַנד, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין 1930, האָט אויך ניט אויסגעלאָזען די קלאָוק אינדוסטריע, נאָר באַזונדערס שטאַרק האָט ער זיך אָנגעפאַנגען לאָזען פילען אין 1931 און עס פאַרשטעהט זיך, אַז ער האָט זיך אויך גאַנץ שווער אָפּגעּ רופען אויף דער יוניאָן. די פינאַנסען פון דער יוניאַן זיינען געוואָרען אזוי שלעכט, אַז אין אָנפאַנג 1931 האָט לאָקאַל 1 געהאַט אויף זיך 9 טויזענד דאָלאַר חובות און אַז דיום סטעמפּס האָט מען ביי דער אינטערנעשאָנאַל געדאַרפט נעמען אויף באָרג (באַריכט פון מענעדזשער לואיס ליוואַי, יאנ. 6). קלאַנגען זיינען אריינגעקומען אָן א צאָל פון פאַרשידענע שעפּער וועגען רעדוצירטען ארבייטס־ לוין, וועגען שטיק־ארבייט א. אז. וו. דער סיכסוך מיט לאָקאַל 22 וועגען דרעס שעפּער וואס מאַכען קלאָוקס, ווערט שאַרפער. די צאָל ארבייטסלאָזע האָט אָנגעפאַנגען ווערען אַלץ גרעסער און די לאַגע אין טרעיד ווערט אַלץ ערגער. די מאַנופעקטשורערס פאָדערען, אַז מען זאָל זיי ערלויבען צו רעדוצירען דעם ארבייטס־ לוין און צו רעאָרגאַניזירען זייערע שעפּער. דער לאָקאַל וויל אָנפאַנגס גאָרנישט נאָכגעבען, אָבער א סך מאַנופעקטשורערס באַנקראָטירען און גיבען אויף זייערע שעפּער און די אַדמיניסטראַציע פון לאָקאַל מוז זיך רעכענען מיט די צושטענדען און זי פילט זיך געצוואונגען אין מערערע פאַלען נאָכצוגעבען. די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון דער אַדמיניסטראַציע ווערט קאָנצענטרירט ארום דער קריטישער לאַגע אין טרעיד.

אין פעברואַר 1932 האָט מען שוין אָנגעפאַנגען טראַכטען און ריידען וועגען באַנייעם דעם אָפּמאַך מיט די באַלעבאַטים און אין לאָקאַל האָט מען זיך גענומען אויסארבייטען א פּראָגראַם פון פאָדערונגען. עס ווערט אויסגעשטעלט א פּראָגראַם פון 30 פּונקטען אין וועלכע עס געפינען זיך די פאָדערונגען פון באַ־

גרענצונג פון דער צאָל קאָנטראַקטאָרס פאַר דזשאָבערס און די פאַראַנטוואָרטליכקייט פון די דזשאָבערס פאַר די ארבייטס־באַדינ־גונגען אין די שעפּער פון זייערע קאָנטראַקטאָרס; אַז ביזנעס אַגענטען פון דער יוניאָן זאָלען קענען באַזוכען די שעפּער פון „אינדאָסטריעל קאונסיל" אָהן דער באַגלייטונג פון אַסאָסיאיישאָן קלוירקס; דאָס אונבאַגרענעצטע רעכט צו אונטערזוכען די ביכער פון מאַנופעקטשורערס; אַ קלאָוק־שאַפּ זאָל האָבען ניט ווייניגער ווי 14 מאַשינען א. אז. וו. דערביי ווערט גוטגעהייסען אַ סטרייק־שטייער פון 15 דאָלאַר. אין 1932 איז געשאַפען געוואָרען אין לאָקאַל אַ הילפס־פאָנד דורך אַן איינמאָליגען שטייער פון צוויי דאָלאַר מיט 50 סענט.

די צוגרייטונגען צו אַ גענעראַל סטרייק ווערען פארשטאַרקט נאָך דער פילאַדעלפיער קאָנווענשאָן. אָבער אין אַ פּאָר וואָכען נאָך דער קאָנווענשאָן האָט די יוניאָן געליטען אַ גרויסען פאַר־לוסט — פּרעזידענט ב. שלעזינגער איז געשטאָרבען.

אין מיטען יוני ווערט אָפּגעהאַלטען אַ מיטינג פון דער גענע־ראַל עקזעקוטיווע און דייוויד דובינסקי ווערט געוועהלט פאַר פּרע־זידענט. ער בלייבט אויך אין זיין פריהערדיגען אמט פון סעקרעטער־טרעזשורער.

אויף דעם זעלביגען מיטינג האָט וויים פּרעזידענט לואיס ליוואי פאָרגעשלאָגען, אַז דזש. העלער זאָל געוועהלט ווערען פאַר סעקרעטער־טרעזשורער פון דער אינטערנעשאָנאַל, אָבער ער האָט דערביי געשטעלט אַ באַדינגונג, אַז לאָקאַל 17 זאָל פאַר־אייניגט ווערען מיט לאָקאַל 1.

ל. ליוואי, אין זיין באַריכט צו דער עקזעקוטיווע פון לאָקאַל, דריקט אויס זיין מיינונג, אַז אונטער דובינסקי'ס פירערשאַפט וועט זיך אָנפאַנגען אַ נייע ריכטונג אין דער אינטערנעשאָנאַל און ער האָפט, אַז עס וועט לאַנג ניט דויערען און די לאָקאַל 17 פראַגע וועט געלעזט ווערען.

די יוניאָן איז געקומען צו אַ פארשטענדיגונג מיט די מאַ־נופעקטשורערס אָהן אַ סטרייק. דער הויפּט געווינס פון דעם נייעם אָפּמאַך איז געווען טיילווייזע באַגרעניצונג פון דער צאָל קאָנטראַקטאָרס פאַר דזשאָבערס.

נאָר אַלץ וואָלט געווען גוט, ווען די לאַגע אין טרעיד וואָלט

# מענעדזשערס פון לאָקאַל 1 פאַר די לעצטע 25 יאָר



ל. ליוויי



מ. דזש. אשפיז



פ. קאָטלער



ב. שעהן



ה. פריד



בענדזשאַמין קאַפּלאַן



דזש. באַראָכאָוויץ



ב. קאַפּלאַן



נ. היינס



פּ. קורינסקי

ניט געווען אזוי שלעכט. דער קריזיס אין לאַנד איז געוואָרען אלץ שווערער און די אַרמיי פון אַרבייטסלאָזע האָט געהאַלטען אין איין וואַקסען און אזוי איז עס אויך געווען ביי די קלאָוקמאַכער.

די שלעכטע לאַגע אין טרעיד האָט געווירקט, אַז די קעמ־פּענדע גרופּען אין לאָקאַל זאָלען זיך מער פאַרטראַכטען וועגען שאַפען איינינקייט און מיט פאַראייניגטע כוחות קעמפען פאַר פאַרבעסערונגען. אין נאָוועמבער, 1932, האָבען זיך אָנגעפאַנ־גען קאָנפערענצען צווישען דער „טרעיד יוניאַן צענטער גרופּע", „פּראָגרעסיוו ליג" און „מיוטשועל אייד קלוב" וועגען אַ פאַראיי־ניגונג. דאָס איז אָבער ניט אזוי גיך דורכגעפירט געוואָרען. עס איז פריהער פאָרגעקומען אַ פאַראייניגונג צווישען דער „טרייד יוניאָן צענטער גרופּע" און אַ טייל פון דעם „מיוטשועל אייד קלוב". מיט דער „פּראָגרעסיוו ליג" איז די פאַראייניגונג פאָר־געקומען ערשט אין אַ יאָהר ארום — אין נאָוועמבער, 1933. עס איז בלויז אויסען געבליבען די קאָמוניסטישע גרופּע.

די שלעכטע לאַגע האָט די קאָמוניסטען געגעבען אַ גוטע געלעגענהייט ווידער אָנצופאַנגען „בויערען פון אינוועניג". זייער אייגענע יוניאָן האָט ביי די קלאָוקמאַכער געהאַט ווייניג מזל. די קלאָוקמאַכער אָפּטיילונג אין דער קאָמוניסטישער יוניאָן איז גע־ווען געגליכען צו אַ פוסטער קרעטשמע. אין לאָקאַל 1 האָבען זיך אָנגעקליבען אַ רעכט ביסל קאָמוניסטען און זיי האָבען זיך אויף די מיטגלידער מיטינגען געלאָזט שטאַרק פילען. עס איז פון זיי אין הערבסט פון 1932 געשאַפען געוואָרען אַ קאָמיטע פון הונדערט, מיט אַ פּראָגראַם, און זי האָט אָנגעפאַנגען קלאַפען אין די טירען פון דער עקזעקוטיווע. זי ווערט אָבער צוריק־געוויזען. מען האָט דער קאָמיטע ערקלערט, אַז פריהער מוז אויפגעגעבען ווערען די קאָמוניסטישע דואַל יוניאָן.

אין די וואהלען פון אַ נייער אַדמיניסטראַציע פאַר'ן יאָר 1933, האָבען די קאָמוניסטען געקראָגען אַ באַדייטענדע צאָל שטימען. ל. ליוואי און צוקערמאַן זיינען ווידער געוועהלט גע־וואָרען, אָבער די ניי־געוועהלטע עקזעקוטיווע איז געווען אַ גע־מישטע און די קאָמוניסטען האָבען אין איר געקראָגען צוועלף פאַרטרעטער. די רעדעס ביים אינסטאַלירען די נייע אַדמיני־סטראַציע זיינען געווען גאָר ניט קיין פרעהליכע. עס איז אין

זיי אָנגעוויזען געוואָרען, אַז די לאַגע אין טרעיד ווערט אַלץ ערגער מיט דער אַלגעמיינער דעפּרעסיע אין לאַנד און אַז דער צושטאַנד פון דער יוניאָן האָט זיך פיל פאַרערגערט סיי פינאַנציעל, סיי אָרגאַניזאַציאָנעל.

די קאָמוניסטען זיינען געוואָרען אַקטיווער. זיי האָבען אָנגעפאַנגען מאַכען נייע שלום אָנבאָטען וועגען פאַראייניגונג און עס איז געווען קענטיג, אַז זיי געווינען אַלץ מער גרונד אין לאָקאַל. דאָס האָט געוויזען דער מיטגלידער מיטינג פון דעם 2־טען מערץ, 1933 אויף וועלכען די עקזעקוטיווע האָט אין איר באַריכט דערצעהלט אַז זי האָט צוריקגעוויזען אַ קאָמיטע פון די קאָמוניסטען וועגען פאַראייניגונג, שטעלענדיג איר די באַדינגונג, אַז צוערשט מוז אויפגעלעזט ווערען די קאָמוניסטישע דואַל יוניאָן. דער באַריכט פון דער עקזעקוטיווע איז גוט געהייסען געוואָרען, אָבער בלויז מיט אַ מערהייט פון 32 שטימען. עס האָבען געשטימט 284 פאַר אים און 252 געגען אים. דאָס האָט גענוג איבערצייגענד געוויזען, אַז די לאַגע ווערט ערנסט.

דער קריזיס אין לאַנד איז געוואָרען נאָך שאַרפער. אין אָנפאַנג מערץ, גלייך נאָכדעם ווי רוזוועלט איז איינגעשוואָרען געוואָרען אַלס פּרעזידענט, זיינען אַלע באַנק־געשעפטען איבער'ן גאַנצען לאַנד געשלאָסען געוואָרען. עס האָט זיך צוליב דעם אָפּגעשטעלט כמעט דאָס גאַנצע געשעפטס־לעבען אין לאַנד. די קלאָוק אינדוסטריע איז פּאַראַליזירט געוואָרען. עס זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרען די מייסטע קלאָוק שעפּער. ל. לוואַי דערצעהלט אין זיין באַריכט פון 14־טען מערץ, אַז 80 פּראָצענט פון די אָפּערייטאָרס אַרבייטען ניט.

אָבער דער אינוועניגסטער קאַמף אין דער יוניאָן האָט זיך פון דעם ניט געלאָזט שטערען. אין געגענטייל, ער איז געוואָרען שאַרפער. דעם 12־טען אַפּריל איז אין דער עקזעקוטיווע פון לאָקאַל באַשלאָסען געוואָרען מיט 12 געגען 10 און צוויי וואָס האָבען זיך אָפּגעהאַלטען פון שטימען, אַז מען זאָל פאַרלאַנגען פון דער אינטערנעשאָנאַל, אַז זי זאָל אַרויסלאָזען אַ מאַניפעסט אַריינצונעמען אַלע קלאָוקמאַכער פון דער קאָמוניסטישער יוניאָן אַלס פולבאַרעכטיגטע מיטגלידער פון דער אינטערנעשאָנאַל.

וואָס איז שייך צו טרעיד פראַגען שטעהט אויף דער טאָגאָרדנונג שטיק־אַרבייט, וואָס ווערט גאַנץ הייס דעבאַטירט. די

מאַיאָריטעט פון די אַקטיווע מיטגלידער פון לאָקאַל איז געגען דער איינפירונג פון שטיק־אַרבייט.

לאָקאַל 9, וואָס געפינט זיך דעמאָלט אונטער דעם קאָנטראָל פון די קאָמוניסטען, באַט זיך אָן צו לאָקאַל 1 צו קעמפען מיט פאַראייניגטע כוחות געגען דער איינפירונג פון שטיק־אַרבייט. אין דער עקזעקוטיווע פון לאָקאַל אַנטוויקעלט זיך וועגען דעם אָנבאָט פון לאָקאַל 9 אַ הייסע דעבאַטע. ליוואַי און צוקערמאַן זיינען גרייט אָנצונעמען דעם אָנבאָט פון לאָקאַל 9 בלויז מיט דער באַדינגונג, אַז ער זאָל צוריקציהען זיין אינדאָרסירונג פון דער פריהער דערמאָנטער 100־טער קאָמיטע. היינס אָבער שלאָגט פאָר, אַז דער אָנבאָט פון לאָקאַל 9 זאָל אָנגענומען ווערען אָהן באַדינגונגען. ביי דער אָפּשטימונג ווערט דער פאָרשלאָג פון היינס אָנגענומען מיט 13 שטימען געגען 12. אויפ'ן נעקסטען מיטינג אָבער איז די פראַגע ווידעראַמאָל אויפגענומען געוואָרען און דער פריהערדיגער באַשלוס איז אָפּגעשאַפט געוואָרען.

נאָר די קאָמיטעס פון די קאָמוניסטען האָבען ניט אויפגע־הערט צו קלאַפּען אין די טירען פון לאָקאַל. דעם 16־טען מאַי איז ווידער געקומען אַ קאָמיטע פון דער קאָמוניסטישער יוניאָן. עס ווערט אַ קאַמף אויב מען זאָל איר צולאָזען אָדער ניט. די אָפּשטימונג איז 12 פאַר און 12 געגען און דאָס מיינט, אַז דער פאָרשלאָג אויפצונעמען די קאָמיטע איז דורכגעפאַלען.

נאָר אָט איז אָנגעקומען פּרעזידענט רוזוועלט'ס „ניראַ" מיט די „קאָודס" און די אינטערנעשאָנאַל האָט ניט פאַרזאַמט אויסצונוצען דעם מאָמענט און די קלאָוקמאַכער זיינען מיט איין מאָל געהאָלפען געוואָרען. די קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט געשלאָסען אַ נייעם אָפּמאַך מיט די מאַנופעקטשורערס און, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס זי האָט נאָכגעגעבען די מאַנופעק־טשורערס אין זייער פאָדערונג פון איינפירען שטיק־אַרבייט, האָט זי אָבער דאָך געקראָגען דעם בעסטען אָפּמאַך אין איר גע־שיכטע. זי האָט נעקראָגען אַ 35־שטונדיגע אַרבייטס־וואָך און אַ געווינג הויכען פּרייז אַלס אַ באַזיס פאַר אַן אַרבייטס־שטונדע. און עס איז טאַקע געווען אַ גוטער הערבסט־סעזאָן. עס איז געווען אַרבייט און מען האָט גוט פאַרדינט. אַ סך מאַנופעק־טשורערס האָבען זיך אפילו אָפּגעזאָגט פון זייער פּריווילעגיע

איינצופירען שטיק־ארבייט און זיי זיינען בעסער געבליבען ביי דער פריהערדיגער סיסטעם פון וואָך ארבייט.

לאָקאל 1 האָט אריינגעקראָגען א גרויסע צאָל נייע מיט־גלידער און די גאנצע יוניאָן האָט אַן אנדער לעבען באקומען. דער לאָקאל האָט אָבער געקראָגען פאר זיך א זעהר שווערע פּראָבלעם — דאָס איז געווען די נייע מעטאָדע פון סעטלען פריי־זען אויף דעם באזיס פון ארבייטס־צייט.

דער גרויסער שטראָם נייע מיטגלידער וואָס האָט זיך א גאָס געטאָן אין לאָקאל האָט אָבער געפאָדערט אביסעל פאָרזיכ־טיגקייט. עס האָבען זיך צווישען די נייע אפּליקאנטען אויך בא־וויזען א גרויסע צאָל קאָמוניסטען. דורך דעם נייעם אָפּמאַך מיט די מאנופעקטשורערס, וואָס איז געוואָרען א „קאָוד" זיינען כמעט אלע קלאָוק שעפּער יוניאָניזירט געוואָרען און געשטעלט געוואָ־רען אונטער דער קאָנטראָל פון דער קלאָוקמאכער יוניאָן. עס איז דעריבער געווען א מורא, אז דער קאָמוניסטישער איינפלוס אין לאָקאל זאָל ניט ווערען צו גרויס.

אין די וואהלען פון לאָקאל, וואס זיינען פאָרגעקומען דעם 22־טען נאָוועמבער, זיינען ליוואי און צוקערמאן ווידער געוועהלט געוואָרען און די ניי־געוועהלטע עקזעקוטיווע איז געווען אזעל־כע, וואָס האָט געגעבען דעם לאָקאל א מער איינהייטליכע אדמי־ניסטראציע.

אויף דער אויפפאָדערונג פון לאָקאל 1 האָט דער דזשאָינט באָארד איינגעפירט „בילדינג און בלאָק" קאָמיטעס, וואָס האָבען די אויפגאבע אויפצופאסען, אז די 35 שטונדיגע ארבייטס־וואָך זאָל אָפּגעהיט ווערען אין די קלאָוק־שעפּער. עס איז געשאפען געוואָרען זעהר א ווירקזאמע אָרגאניזאציע פאר דעם צוועק.

נאָר אלץ וואָלט שוין געווען גאָר ניש־קשה, ווען ניט די אַלטע פראגע פון לאָקאל 17. דאָס איז געווען א שטענדיגע פראגע, וואס האָט באאונרוהיגט לאָקאל 1.

א קאָמיטע פון לאָקאל 1 איז געקומען צו דעם מיטינג פון דער גענעראל עקזעקוטיווע סוף 1933 און האָט ווידער אמאָל געבראכט קלאגען געגען לאָקאל 17 וועגען פארכאפּען שעפּער וואָס באלאנגען צו לאָקאל 1.

די גענעראל עקזעקוטיווע האָט באשטימט א קאָמיטע צו מאכען אן אונטערזוכונג און איינטיילען די שעפּער צו וועמען

זיי דארפען באלאנגען. די קאמיטע האט געמאכט א גרינדליכע אויספארשונג און אין פעברואר, 1934, איז זי פארטיג געווארען מיט איר ארבייט, אבער ביי דער איינטיילונג פון די שעפער האט זי געהאט א ביסעל צופיל איינזעהעניש מיט לאקאל 17 און לאקאל 1 איז געבליבען שטארק אומצופרידען.

די קאמיטע איז באשטאנען פון די וויס־פרעזידענטען נינפא, קריינדלער און אמדור.

די קאמיטע פון דער גענעראל עקזעקוטיווע האט דערביי אויך באשלאסען, אז עס זאל איינגעפירט ווערען אין דזשאינט באארד א ריפער דעפארטמענט, וואס זאל האבען די אויפזיכט אויף אלע ריפער שעפער, אפילו אויף אזעלכע, וואו מען מאכט ניט קיין קלאוקס. דאס האט נאך פארגרעסערט די עולה וואס איז געמאכט געווארען ביי דער איינטיילונג פון די שעפער. נאר די פירערשאפט פון לאקאל 1 באשליסט, אז מען זאל דערווייל אנ־נעמען דעם באשלוס פון דער קאמיטע. דער באשלוס האט גע־וויזען, אז לאקאל 2 נעמט אן א נייע טאקטיק אין די באציהונ־גען צו לאקאל 17 און אז ער וויל פראבירען געווינען אויף א פרידליכען וועג דאס וואס איז אזוי שווער צו געווינען דורך מלחמה.

עס איז געווארען נעהנטער צו דער קאנווענשאן און מען האט אנגעפאנגען אויסארבייטען רעזאלוציעס און זיך גרייטען צו די וואהלען. עס איז געווען א יום־טוב׳דיגע קאנווענשאן. די אינטערנעשאנאל איז אין דעם יאר צייט ריזיג אויסגעוואקסען. זי האט שוין דערגרייכט א מיטגלידערשאפט פון איבער 200 טויזענד.

צווישען לאקאל 1 און לאקאל 17 האבען זיך שוין מיט א היבשער צייט פאר דער קאנווענשאן אנגעפאנגען פירען פאר־האנדלונגען וועגען א פאראייניגונג און די אויסזיכטען זיינען געווען, אז מען וועט ענדליך קומען צו א גינסטיגען רעזולטאט. דערמיט איז אויסגעמידען געווארען, אז אויף דער יום־טוב׳־דיגער קאנווענשאן פון שיקאגא זאל די לאקאל 17 פראגע ווידער אמאל אויסגעלופטערט ווערען אין איר גאנצער ברייטקייט. א רעזאלוציע איז אריינגעבראכט געווארען, אז עס זאל באשטימט ווערען א קאמיטע, וואס זאל האבען די אויפגאבע דורכצופירען א

פאַראייניגונג פון לאָק. 1 און לאָק. 17 אויף אַ פרייוויליגען אופן. אין דער קורצער דיסקוסיע אָבער וועגען דער רעזאָלוציע אויף דער קאָנווענשאָן האָט פרעזידענט דובינסקי געמאַכט אַן ערקלע־רונג, אַז אויב די קאָמיטע וועט ניט קענען דורכפירען די פאַר־איינגיגונג אויף אַ פרייוויליגען אופן זאָל זי די פאַראייניגונג סאַי ווי סאַי זעהן דורכצופירען. די קאָמיטע איז צונויפגעשטעלט געוואָרען פון דזש. ברעסלאַו, טשערמאַן, און פון ל. אַנטאָניני און איזידאָר נאַגלער.

אָבער עס זיינען פאַראַן פראַגען אויסער לאָקאַל 17. עס האָט זיך באַוויזען אַ גאַנץ ערנסטע פראַגע, וואַס הייסט „סעקשאָן ארבייט". אַן אונטערזוכונג אין די קלאָוק שעפּער האָט געוויזען, אַז עס זיינען פאַראַן צווישען זיי אַ רעכט ביסעל וואו עס איז איינגעפירט געוואָרען אַזאַ סיסטעם דורך וועלכער די ארבייט איז אינגאַנצען צופּיצעלט געוואָרען. די אויספאָרשונג האָט גע־וויזען, אַז 12 פּראָצענט פון די ניו יאָרקער קלאָוק שעפּער האָבען די סיסטעם. דער לאָקאַל באַשליסט אָנצופירען אַ קאַמף כדי ניט צו דערלאָזען, אַז אָט די „סעקשאָן סיסטעם" זאָל זיך פאַרשפּרייטען.

אין אַ דעבאַטע וועגען אָט דער פראַגע אין לאָקאַל איז ארויסגעבראַכט געוואָרען דער געדאַנק, אַז די „סעקשאָן" ארבייט פאַנגט זיך געוועהנליך אָן מיט די לייגינג מאַכער און אויס־נייהער. און דאָס איז צוליב דעם, וואָס אונטער שטיק־ארבייט לוינט זיך די אַפּערייטאָרס ארויסצוגעבען די איינפאַכע טיילען פון דער ארבייט, כדי צו קענען פאַרדינען מער ביי דער ארבייט, וואָס פאָדערט זיך מער מלאכה.

די קאָנווענשאָן אין שיקאַגאָ פון 1934 האָט אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז וואַהלען פאַר די באַאַמטע אין די לאָקאַלס זאָלען געמאַכט ווערען איין מאָל אין צוויי יאָהר. די וואַהלען פון לאָ־קאַל 2 אין דעצעמבער, 1934, זיינען שוין געווען אויף צוויי יאָהר. דער וואַהל־קאַמף איז דעריבער געווען אַ גאַנץ באַזונדערס לעבעדיגער. עס זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען ארום פיר טויזענד שטימען. די ליוואַי־צוקערמאַן אַדמיניסטראַציע איז ווידער גע־וועהלט געוואָרען.

ביי דער אינסטאַלירונג, דעם 5־טען יאַנואַר, 1935, פון דער

ניי־געוועהלטער אדמיניסטראציע, ווייזט לואיס ליוואי אָן אין זיין באריכט אויף א מערקווירדיגער ערשיינונג אין דעם קלאָוק־טרעיד. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס די באלעבאטים האָבען געפאָדערט אז מען זאָל איינפירען שטיק־ארבייט, האָבען זיי דאָך ווען זייער פארלאנג איז ערפילט געוואָרען, אויסגעפונען, אז עס איז פאר זיי גאָרניט אזוי גינסטיג. דער רעזולטאט איז, אז אומגעפער אין א דריטעל שעפער ארבייט מען פון וואָך און די באלעבאטים האָבען פאר דער פריוויליגיע, וואס מען האָט זיי ערלויבט וואָך־ארבייט, געהעכערט די שכירות פון זייערע ארבייטער און האָבען זיך אָפּגעזאָגט פון זייער רעאָרגאניזאציאנס רעכט. די אורזאך שיינט צו זיין דער שטארקער קאָנטראָל, וואָס די יוניאָן האָט אויף שטונדען און פרייזען. די באלעבאטים האָבען געוואָלט שטיק־ארבייט ווען דאָס איז געווען פארבאָטען און די ארבייטער פלעגען סעטלען פרייזען בשתיקה פון דער יוניאָן. דעמאָלט האָט זיך זיי דאָס געלוינט. אָבער ווען די יוניאָן סעטעלט פרייזען אָפיציעל, קענען די באלעבאטים דערפון ניט געווינען.

דעם 26־טען פעברואר, 1935, איז אויף א מיטגלידער פאר־זאמלונג באשלאָסען געוואָרען צו העכערען די וועכענטליכע דיוס פון 35 סענט אויף 50. די העכערונג פון דיוס האָט זיך גע־פאָדערט הויפּטזעכליך ווייל די מעטאָדע פון סעטלען פרייזען, ווי עס איז איינגעשטעלט געוואָרן, ווען מען האָט צוריק איינגע־פירט שטיק־ארבייט, איז פארבונדען מיט זעהר גרויסע קאָסטען, צוליב דעם וואָס מען דארף האָבען א זעהר גרויסען סטעף מענשען פאר דעם צוועק.

אויף דעם פאָרשלאָג פון ל. ליוואי ווערט באשלאָסען צו שאפען 50 טויזענד דאָלאר פאר אן אונטערשטיצונגס פאָנד פאר ארבייטסלאָזע און נויט־באדערפטיגע אפּערייטאָרס. דער פאָנד זאָל געשאפען ווערען אין פארבינדונג מיט דער פייערונג פון דעם 50־יעריגען יובילייִ פון דער קלאָוק אפּערייטאָרס יוניאָן, וואס פאלט אויס אין מערץ, 1936.

אין יאָר 1935 האָט די אדמיניסטראציע פון לאָקאל באדיי־טענד אויסגעברייטערט זיין בילדונגס־דעפּארטמענט. עס איז געשאפען געוואָרען א בילדונגס־קאָמיטע אונטער דער אָנפירער־

שאַפט פון י. סטענזאָר, וואָס האָט דורכגעפירט אַ גרויסען קורס לעקציעס אין אידיש, האָט איינגעפירט קלאַסען אין ענגליש, אָרגאַניזירט אַן אַטלעטישען קלוב, אַ כאָר, אַ מאַנדאָלין אָרקעס־טער און איינגעאָרדענט אַ לעזע־צימער, וואָס דאַרף ביסלאַכווייז פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ ביבליאָטעק.

אויף דעם פאַרלאַנג פון דער עקזעקוטיווע פון לאָקאַל ווערט פון דער אינטערנעשאָנאַל מיט'ן דזשאָינט באָארד איינגעפירט אַן „אוט אָוו טאָון" קלאָוק דעפּאַרטמענט, וואָס ווערט געשטעלט אונטער דעם קאָנטראָל פון דזשאָינט באָארד אונטער דער פאַר־וואַלטונג פון אַ באַזונדערען מענעדזשער.

נאָר די וויכטיגסטע פּאַסירונגען אין לאָקאַל 1 פון יאָר 1935 און אָנפאַנג 1936, איז די פאַראייניגונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען. ערשטענס די פאַראייניגונג פון לאָקאַל 1 מיט לאָקאַל 17 אין איין לאָקאַל אונטער דעם פאַראייניגטען נומער 117. צווייטענס, די פאַראייניגונג פון אַלע גרופּען, וואָס האָט ענדליך געמאַכט אַ סוף צום גרופּען־קאַמף אין לאָקאַל.

די פאַראייינגונג מיט לאָקאַל 17 איז דורכגעפירט געוואָרען פון דער פאַראייניגונגס־קאָמיטע, וועלכע איז געשאַפען געוואָרען אויף דער שיקאַגאָר קאָנווענשאָן אין 1934.

עס האָט זיך געצויגען אַזוי לאַנג ווייל די קאָמיטע האָט געוואָלט, אַז די פאַראייניגונג זאָל דורכגעפירט ווערען פרייוויליג און דאָס איז געווען ניט אַזוי לייכט. די קאָמיטע האָט געמוזט געבראַכט איר באַריכט צו דעם מיטינג פון דער גענעראַל עקזע־קוטיווע אין קליוולאַנד אָנפאַנג דעצעמבער, 1935, און דאָרטען איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז לאָקאַל 17 קען אויסקלייבען איינס פון די צוויי: אָדער זיך פאַראייניגען מיט לאָקאַל 1 אָדער בלייי־בען אַ זעלבסטשטענדיגער לאָקאַל, נאָר איבערגעבען אַלע קלאָוק־שעפּער וואָס שטעהען אונטער זיין קאָנטראָל צו לאָקאַל 1.

נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען צווישען לאָקאַל 1 און לאָקאַל 17 זיינען די צדדים ענדליך דעם 31־טען דעצעמבער, 1935, געקומען צו אַ פאַרשטענדיגונג, אָבער צו דער אנטגילטיגער פאַר־איינינגונג איז מען ערשט געקומען אין מיטען יאַנואַר, 1936.

די קאָמיטע וואָס האָט געפירט די פאַרהאַנדלונגען וועגען דער פאַראייניגונג איז באַשטאַנען פון לואיס ליוואַי, ר. צוקער־

מאַן, מ. פיינבערג, בענדזשאַמין קאַפּלאַן, י. סטענזאָר, א. אייב־ראַמסאָן, מ. ווילסאָן, טש. לאַסקאָוויטץ און ה. מילער.

די באַדינגונגען פון דער פאַראייניגונג וואָס זיינען אויסגע־ארבייט געווארען פון דער פאַראייניגונגס־קאָמיטע פון דער גע־נעראַל עקזעקוטיווע זיינען:

1) דער נאָמען פון לאָקאַל זאָל זיין: „יונייטעד קלאָוק, סוט אינפענטס ענד טשילדרען קאָוטס אָפּערייטאָרס יוניאָן, לאָ־קאַל 117".

2) עס זאָל איינגעשטעלט ווערען אַ דעפּאַרטמענט אין לאָקאַל ווי אויך אין דזשאָינט באָארד מיט'ן נאָמען „אינפענטס ענד טשילדרענס קאָוט דעפּאַרטמענט". דער דעפּאַרטמענט זאָל אויך איינשליסען דזשוניאָר קאָוטס אויב זיי ווערען געמאַכט אין טשיל־דרען קאָוט שעפּער. עס ווערט פארשטאַנען, דאָס די געוועזענע באַאַמטע פון לאָקאַל 17, וועלכע זיינען באַקאַנט מיט דעם סאָרט ארבייט, זאָלען אריינגעשטעלט ווערען אין די דעפּאַרטמענטס צו האָבען אויפזיכט אויף די שעפּער.

3) אַזוי ווי די גרויסע (אַדאָלטס) קאָוטס, וואָס זיינען פריהער געוועזען קאָנטראָלירט פון לאָקאַל 17, וועלען טראַנספערירט ווערען צו די רעגולערע דעפּאַרטמענטס פון דזשאָינט באָארד, ווערט רעקאָמענדירט פון דער קאָמיטע, דאָס די געוועזענע באַ־אַמטע פון לאָקאַל 17, וועלכע זיינען באַקאַנט מיט דעם סאָרט ארבייט, זאָלען אריינגעשטעלט ווערען אין די דעפּאַרטמענטס צו האָבען אויפזיכט אויף די שעפּער.

4) די נייע ביכלעך פון אַלע מיטגלידער פון לאָקאַל 17 זאָלען האָבען אַ צייכען וואָס זאָל באַווייזען, דאָס זיי זיינען מיט־גלידער פון לאָקאַל 17. די רעקאָרדס פון נייעם לאָקאַל זאָלען געהאַלטען ווערען אויף אַזאַ אופן, וואָס זאָלען צייגען דאָס זיי זיינען געוועזען מיטגלידער פון לאָקאַל 17.

5) אַלע באַאַמטע, באַצאָלטע און ניט באַצאָלטע, פון לאָקאַל 1 און לאָקאַל 17 זאָלען אויטאָמאַטיש ווערען אַ טייל פון דער נייער פאַראייניגטער לאָקאַל אַדמיניסטראַציע, און זיי זאָלען זיין אין אַמט ביז די נעקסטע וואַהלען פון נייעם לאָקאַל אין מערץ, 1937, אין איינקלאַנג מיט די געזעצען און פירונגען פון דעם איצטיגען לאָקאַל 1.

6) אַלע צוקינפטיגע וואַהלען זאָלען זיין אַלגעמיינע וואַהלען פון לאָקאַל אַלס גאַנצען. אַלע מיטגלידער פון לאָקאַל זאָלען זיך קענען באַטייליגען אין אַזעלכע וואַהלען. טראָץ די צאָל שטימען, וואָס וועלען אָפּגעגעבען ווערען פאַר די קאַנדידאַטען פאַר די פאַר־שידענע עמטער, זאָלען אַלע די, וואָס זיינען באַקאַנט אַלס געוועזענע מיטגלידער פון לאָק. 17, זיין בארעכטיגט צו 25 פּראָ־צענט פון דער צאָל פון ביזנעס־אגענטען, עקזעקוטיוו באָארד־מיטגלידער, דזשאָינט באָארד דעלעגאַטען און קאָנווענשאָן־דעלע־גאַטען ערוועהלט צו ווערען.

7) די עקזעקוטיוו באָארד מעמבערס און אָפּיסערס, וועל־כע וועלען ערוועהלט ווערען פון די געוועזענע מיטגלידער פון לאָקאַל 17, זאָל צוזאַמענשטעלען אַן „אַדווייזאָרי באָארד", וועל־כע זאָל האָבען אַ רעכט צו האַלטען מיטינגען פון צייט צו צייט און אריינברענגען רעקאָמענדאַציעס צו דער עקזעקוטיוו באָארד אַלס גאַנצע, בנוגע דעם טרייד.

8) עס ווערט פאַרשטאַנען, דאָס מיטגלידער־מיטינגען פון דעם דערמאָנטען דעפּאַרטמענט זאָלען גערופען ווערען פון צייט צו צייט פון לאָקאַל צו דיסקוטירען פראַגען וועגען טרייד.

9) די אויבען־דערמאָנטע פּונקטען זאָלען בלייבען אין קראַפט און קיין ענדערונג זאָל פון לאָקאַל ניט געמאַכט ווערען סיידען עס ווערט געטאָן מיט דער גוטהייסונג פון דער גענעראַל עקזע־קוטיוו באָארד.

10) אַזוי ווי עס איז פאַראַן אַן אונטערשיד אין די דיוס צאָלונגען פון די מיטגלידער פון לאָקאַל 1 און די מיטגלידער פון לאָקאַל 17, האָבען די באַאמטע פון לאָקאַל 1 צוגעשטימט, דאָס אַזוי גיך ווי דער באַשלוס פון דער ספּעציעלער קאָמיטע וועט אָנגענומען און גוטגעהייסען ווערען פון ביידע לאָקאַלען און די פאַראייניגונג וועט ווערען פאַרווירקליכט, זאָל דער ניי־פאַראייניג־טער לאָקאַל פאַרלענגערען די צייט ביז דעם 14טען מערץ, 1936, צו אַלע געוועזענע מעמבערס פון לאָקאַל 17 צו קענען אָפּצאָלען זייערע שולדען אויף דעם באַזיס פון 35 סענט אַ וואָך, און נאָך דעם 14־טען מערץ, 1936, זאָלען די וועכענטליכע דיוס זיין די זעלבע וואָס די מעמבערס פון לאָקאַל 1 צאָלען.

אין פאַל די אויבען־דערמאָנטע רעקאָמענדאַציעס ווערען ניט אָנגענומען און גוטגעהייסען פון די צוויי לאָקאַלס, נעמליך,

1 און 17, ביז דאָנערשטאָג, דעם 30טען יאנואר, 1936, וועלען מיר באַטראַכטען אונזערע פאָרשלעגע אלס צוריקגעצויגען, און די קאָמיטע וועט גלייך דורכפיהרען דעם באשלוס און אינסטרוקציעס פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו באָארד, וואס זיינען אָנגענומען געוואָרען ביי איהר זיצונג אין קליוולאַנד אין דער וואָך פון 2־טען דעצעמבער, 1935, וואס לויטעט, אז די גרויסע קאָוט־שעפער זאָלען טראַנספערירט ווערען אונטער דער אויפזיכט פון לאָקאַל 1, לויט דער קלאַסיפיצירטער ליסט, וואָס איז צוגעשיקט געוואָרען צו די צוויי לאָקאַלען דעם 24טען דעצעמבער.

(אונטערגעשריבען)

ספעציעלע קאָמיטע, גענ. עקז. באָארד,

דזש. ברעסלאַו, טשערמאַן.

ל. אַנטאָניני

י. נאַגלער.

לאָקאַל 1 האָט געענטפערט מיט דער פאָלגענדער ערקלערונג:

„די רעקאָמענדאַציע פון דער קאָמיטע פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו באָארד וועגען דער פאַראייניגונג פון די לאָקאַלס 1 און 17, וואס איז ארויסגעגעבען געוואָרען דינסטאג, דעם 20־טען יאנואר, 1936, דאַרף באַגריסט ווערען פון די מיטגלידער פון לאָ־קאַל 17 אַזוי גוט ווי פון די מיטגלידער פון לאָקאַל 1.

„דער איצטיגער באשלוס, וואס איז געקומען אלס רעזולטאַט פון פרייוויליגע פאַרהאַנדלונגען און פאַרשטענדיגונג, מאכט ניט נאָר אַן ענדע צו דעם לאַנג־יאַריגען קאַמף וואס איז אָנגעגאַנ־גען צווישען די צוויי לאָקאַלס, נאָר גיט אויך אַלע פאַרזיכערונגען אז די פאַראייניגונג וועט זיין אַ דויערהאַפטע.

„ווערענד איך באַטראַכט דעם באשלוס פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו באָארד קאָמיטע אלס זיג פאַר דעם קאַמף, וואס מיר האָבען אָנגעפירט פאַר איין אַפעריימאָר לאָקאַל, וויל איך אָבער אז די מיטגלידער פון לאָקאַל 17 זאָלען זיך ניט באַטראַכטען אלס באַזיגטע. מיט דער פאַראייניגונג באַטראַכט איך אז זיי קומען צו אונז אריין ווי ברידער צו ברידער און גלייכע צו גלייכע.

„די איצטיגע פירערשאַפט פון לאָקאַל 1 האָט, דורך די גאַנצע צייט, ניט געזוכט ארויסצוצווינגען די פאַראייניגונג נאָר אונטער־

מידליך געאַרבייט אַז די פאַראייניגונג זאָל קומען דורך אַ פריי־וויליגער פאַרשטענדיגונג.

„עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז מיר האָבען די גאַנצע צייט געזוכט צו ברענגען צו איין אָפּעריי טאָר לאָקאַל ניט צוליב פער־זענליכע צוועקען און אינטערעסען, נאָר צוליב באַשטימטע אינ־דוסטריעלע און אָרגאַניזאַציאָנעלע אורזאַכען, וואָס זאָלען זיין לטובת פון די אָפּערייטאָרס פוןביידע לאָקאַלס, וועלכע האָבען די זעלבע שאַפּ און יוניאָן אינטערעסען.

„איך וויל גלייכצייטיג גראַטולירען פּרעזידענט דובינסקי און די קאָמיטע פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו באָארד, די ברידער ברעסלאַו, נאַגלער און אַנטאָניני, פאַר זייער אונערמידליכער ענער־גיע און טעטיגקייט אין העלפען ברענגען די פאַראייניגונג צו אַ דערפאָלגרייכען שלום.

„איך בין זיכער, אַז די מיטגלידער פון לאָקאַל 17, פּונקט ווי די מיטגלידער פון לאָקאַל 1, וועלען ביז דעם 30־טען יאַנואַר, 1936, דיסקוטירען און גוטהייסען די רעקאָמענדאַציעס, און נאָך דעם, צוזאַמען מיט אונז, העלפען אויסשמידען אַ מעכטיגען אָפּע־רייטאָרס לאָקאַל פאַר די אינטערעסען פון די אָפּערייטאָרס פון דער יוניאָן אַלס גאַנצע".

לואיס ליוואַי, מענעדזשער לאָקאַל 1.

די באַדינגונגען פון פאַראייניגונג זיינען גוטגעהייסען געוואָ־רען פון אַ מיטגלידער פאַרזאַמלונג פון לאָקאַל 1, דעם 23־טען יאַנואַר, 1936, און פון אַ מיטגלידער פאַרזאַמלונג פון לאָקאַל 17, דעם 30־טען יאַנואַר.

אין דער באַגריסונג, וואָס פּרעזידענט דובינסקי האָט צו־געשיקט צום פאַראייניגטען לאָקאַל, זאָגט ער צווישען אַנדערעס:

„דער באַשלוס פון לאָק. 17 ביים גרויסען מיטגלידער־מיטינג צו פאַראייניגען זיך מיט לאָקאַל 1 איז אַ פּאַסירונג פון היסטאָ־רישער באַדייטונג פאַר אונזער יוניאָן. ביים איצטיגען מאָמענט, איבערהויפּט ווען די פראַגע פון פאַראייניגטע כחות אין דער אר־בייטער־באַוועגונג שטעהט אַזוי שאַרף און בולט אויף דער אַל־געמיינער טאָגעס־אָרדנונג, איז דיזע פאַראייניגונג אויך פון גרויס באַדייטונג פאַר דער אַלגעמיינער באַוועגונג.

„דער ענדגילטיגער באַשלוס פון די מיטגלידער פון לאָקאַל

17 באַפּעסטיגט אונזער איבערצייגונג אין דער גערעכטיגקייט פון דעם מאַנדאַט, וואס די שיקאַגאָר קאָנוועגשאָן האָט ארויסגעגעבן בנוגע דער פראַגע, אין דעם וואָס זי האָט אָנגענומען די רעזאָלוציע וועלכע האָט געפאָדערט אן אַמאַלגאַמירונג פון די צוויי אָפּערייטאָר־לאָקאלס, אבער האָט ערקלערט, אז עס איז מעהר ראַטזאַם און עס וועט זיין מעהר ערפאָלגרייך ווען אזא אַמאַלגאַמיישאָן וועט דורכגעפירט ווערען אויף א פרייוויליגען אופן.

„מיר זיינען העכסט צופרידען וואָס אָט דער באַשלוס איז אויסגעפירט געווארען אין דעם גייסט און אויף דעם באָדען וואס די שיקאַגאָר קאָנוועגשאָן האָט זיך ארויסגעזאָגט. די פראַגע פון לאָקאל 1 און לאָקאל 17 האָט זיך געצויגען אין אונזער יוניאָן אויף א זעהר לאַנגער פּעריאָדע. עס זיינען פארלאָפען אין דער געשיכטע פון אונזער יוניאָן פארשידענע פּאַסירונגען און אנטוויקלונגען וואָס האָבען אין דעם אָדער יענעם מאָמענט געשטערט א פרידליכע, עוואָלוציאָנערע צוזאמענגיסונג פון דיזע צוויי אָרגאַניזאציעס. עס זיינען געווען צווישען אונז פילע וועלכע האָבען ארויסגעצייגט שטאַרקען אומגעדולד פון איינעם אָדער פון צווייטען צד אין דער דאָזיגער פראַגע. אזא אומגעדולד, פארשטעהען מיר, איז געווען באַרעכטיגט ביז א געוויסען גראַד. בלויז די, וועלכע האָבען א גרינדליכע פארשטענדניש וועגען דעם צוזאמענשטעל פון דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון אונזער אָרגאַניזאציע און אינדוסטריע וועלען פארשטעהן וואָרום דיזע באַשלוסען צו פאראייניגען לאָקאל 1 און לאָקאל 17, וועלכע זיינען אָנגענומען געווארען אין דער פאַרגאַנגענהייט ביי פארשידענע קאָנוועגשאָנס, האָבען ביז איצט ניט געקענט דורכגעפירט ווערען צוליב וויכטיגע אינדוסטריעלע און אָרגאַניזאציאָנעלע שטערונגען.

„איצט, נאָכדעם ווי דיזע פאראייניגונג איז געוואָרען א פאקט, האָבען מיר א גלענצענדע געלעגענהייט איינצושטעלען אין דער קלאָוק־אינדוסטריע אין ניו יאָרק א געמיינשאַפטליכען אָפּערייטאָר לאָקאל, וואו די אינטערעסען פון יעדען באַלמעלאָכע וועלען פולקאָם זיין פארזיכערט אויף'ן יסוד פון גערעכטע און ברידערליכע באַציהונגען.

„אריינגעהענדיג איצט אין לאָקאל 1, וועלען די מיטגלידער פון לאָקאל 17, אויסער דעם פּרעסטיזש פון זייער איינענער אמאָליגער אָרגאַניזאציע, אויך ירש'ענען א טייל פון דעם פּרעס־

טיזש פון אַן אַלטען עקזיסטירענדען לאָקאַל וואו די אמאָליגע רייסערייען עקזיסטירען מעהר ניט און מיר זיינען זיכער, אַז זייערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען וועלען אונטער דעם שוץ פון דיזען לאָקאַל און פון דעם דזשאָינט באָארד ניט נאָר אָנגעהאַל־טען ווערען אויף דעם געהעריגען הויך, נאָר אויך פאַרבעסערט ווערען צוזאַמען מיט דער לאַגע פון זייערע ברידער קלאָוק־אַפּע־רייטאָרס אין דעם זעלבען לאָקאַל.

„אונזער ברייטע מיטגלידערשאַפט, זיינען מיר זיכער, וועט אויפנעמען מיט גרויס פרייד די דאָזיגע היסטאָרישע פּאַסירונג, אויף וועלכער זיי האָבען יאָהרען־לאַנג געוואַרט און געגאַרט, און אַז די פאַראייניגונג וועט אויף שטענדיג אַרונטערנעמען פון טאָג־אָרדנונג פון אונזערע דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד מיטינ־גען און קאָנווענשאָנס דיזען שטרייט.

און כדי די שמחה פון דער פאַרזאַמלונג זאָל זיין אין גאַנ־צען פול האָט זיך עס לאָקאַל 1 איינגעגעבען דורכצופירען אַ פאַראייניגונג אויך מיט די סעמפּעל־מאַכער פון לאָקאַל 3. אַמאָל זיינען די סעמפּעל־מאַכער געווען נעהנטערע מחותנים מיט לאָקאַל 9. זיי האָבען אַמאָל טאַקע אויך באַלאַנגט צו לאָקאַל 9, איידער זיי האָבען זיך אויסגעטיילט אין אַ באַזונדערען לאָקאַל. נאָר די צייט וואָס ענדערט אַ סך זאַכען האָט אויך געמאַכט אַן ענדע־רונג ביי די סעמפּעל מאַכער. זיי זיינען געוואָרען מעהר אַפּעריי־טאָרס ווי שניידער.

די קאָמיטע, וואָס האָט געפירט די פאַראייניגונגס־פאַר־האַנדלונגען מיט לאָקאַל 3, איז באַשטאַנען פון ל. ליוואַי, ר. צוקערמאַן, י. סטענזאָר, א. אייבראַמסאָן און י. לעווינסאָן.

די קאָמיטע פון לאָקאַל 3 איז באַשטאַנען פון ד. רובין, מענעדזשער פון לאָקאַל; שוואַגער, טשערמאַן; ביאַלער, שמע־טערער און פּיק.

די אָפיציעלע אינסטאַלירונג פון דעם נייעם פאַראייניגטען לאָקאַל איז פאָרגעקומען מאָנטאַג, דעם 17טען פעברואַר 1936, אין מאַנהעטען אָפּערא הויז, ווען פּרעזידענט דובינסקי האָט איהם איבערגעגעבען דעם נייעם טשאַרטער.

און מיט דריי טעג שפּעטער, דאָנערשטאָג, דעם 20טען פעב־רואַר 1936, איז אין בעטהאָווען האָל פאָרגעקומען די אָפיציעלע

פאַראייניגונג פון אַלע גרופּען אין לאָקאַל אונטער דעם נאָמען „דער פאַראייניגטער אַקטיווער און פּראָגרעסיווער טרעיד יוניאָן צענטער", וואָס נעמט אריין אַלע אַקטיווע קלאָוק־אָפּערייטאָרס אָהן אַן אונטערשייד פון פּאָליטישע איבערצייגונגען און פּאַרטיי־אָנגעהעריגקייט.

די דאָזיגע פאַראייניגונג איז מעגליך געוואָרען דורך דעם, וואָס דער לעצטער קאָנגרעס פון קאָמוניסטישען אינטערנאַציאָנאַל האָט ראַדיקאַל געענדערט זיין טאַקטיק אין באַצוג צו דער טרעיד יוניאָן באַוועגונג און האָט געהייסען אויפלעזען אַלע קאָמוניסטישע דואַל יוניאָנס און אַז איינהייט זאָל געשאַפען ווערען אין דער טרעיד יוניאָן באַוועגונג.

אין דער דערקלערונג, וואָס איז ארויסגעגעבען געוואָרען פון דעם „פאַראייניגטען אַקטיוו און פּראָגרעסיוון טרעיד יוניאָן צענטער פון לאָקאַל 117" (געוועזענער לאָקאַל 1) ווערט צווישען אַנדערעס געזאָגט דאָס פאָלגענדע:

„עס איז אונזער אַלעמענס גלויבען, אַז דורך דער פאַראייניגונג פון די פּראָגרעסיווע עלעמענטען אין אונזער לאָקאַל, וועט דער לאַנג־יאָריגער קאַמף פון ברודער מיט ברודער אינגאַנצען אָפּגעווישט און פארגעסען ווערען, און עס וועט אויסגעוואָרצעלט ווערען די פארביטערונג, וואָס האָט זיך פאַר די יאָרען אָנגעקליבען פון איינעם געגען צווייטען, און אַז די דערפאַרונגען פון דער פאַרגאַנגענהייט וועלען פאַר אונז זיין דער וועגווייזער אין אונזער צוקינפטיגער ארבייט.

מיר דערוואַרטען אויך, אַז דורך דער פאַראייניגונג וועט סטימולירט ווערען דער גייסט פון פּראָגרעסיווען יוניאָניזם אין די אַנדערע נאָדעל טרעיד־יוניאָנס אַזוי גוט ווי אין דער אַלגעמיינער ארבייטער באַוועגונג.

כדי די אַרבייט פון דער פאַראייניגטער באַוועגונג זאָל קענען דורכגעפירט ווערען האַרמאָניש און דערפאָלגרייך, האָבען מיר איינגעשטימט אָנצונעמען אין אונזער טעטיגקייט די מעטאָדע פון פארשטענדיגונג און פון איבערצייגען איינע די אַנדערע, אַנשטאָט מעכאַניש צו מאַיאָריזירען. דאָס איז נויטיג כדי עס זאָל זיך ניט שאַפען אין דער באַוועגונג צושפּליטערונגען אָדער גרופּירונגען.

מיר האָבען איינגעשטימט, אז וואָס אַנבאלאנגט אַלגעמיינע פּאָליטישע פראגען, ווי אויך פראגען פון אַלגעמיינער באדייטונג פאר׳ן ארבייטער קלאס, זאָלען זיי אויפגענומען ווערען נאָר דאַן ווען די אָנפירענדיגע קערפערשאפטען פון דער באוועגונג וועלען ווענען זיי האָבען אַ געמיינשאפטליכע פארשטענדיגונג. עס בלייבט אָבער דאָס רעכט פון יעדען מיטגליד אויפצונעמען אַזעלכע פראגען אין די ראַמען פון דער יוניאָן־ארגאניזאציע.

מיר האָבען איינגעשטימט, אז פּאָליטישע ארבייטער־פאר־טייען און ריכטונגען האָבען אַ רעכט צו פּראָפּאַגאַנדירען און אגיטירען אין דער טרעיד יוניאָן באוועגונג זייערע פּראָגראַמען. מיר זיינען אָבער געגען דאָמינאַציע אָדער מעכאַנישען קאָנ־טראָל פון וועלכער עס איז פּאָליטישער פארטיי אָדער ריכטונג אין דער יוניאָן״.

און אָט אזוי זיינען אין איין וואָך פארענדיגט געוואָרען צוויי לאַנגע קאַמפּען, וואָס האָבען געשאפען אַ סך היים בלוט אין דער קלאָוק אפּערייטאָרס יוניאָן פאר אַ סך יאָרען און האָבען אָפּט געפירט צו אַ ביטערען ברודער־קריג און געהאַלטען די יוניאָן כמעט שטענדיג אין אַן אויפגערודערטען צושטאַנד.

דער פרידען און די פאראייניגונג, וואָס איז געשאַפען געוואָרען אין דער קלאָוק־אפּערייטאָרס יוניאָן, איז די גרעסטע און וויכטיגסטע מתנה, וואָס איז איר געבראַכט געוואָרען צו איר פופציג יעריגען יובילײ.

## צוויי־און־פערציגסטער קאפיטעל

## 1936—1886

פופציג יאר קלאוק אפערייטארס יוניאן. אין 1886 איז פארזייהט געווארען א קערענדעל און עס האט אנגעפאנגען וואק־סען. קאלטע שניידענדע ווינטען, גרויזאמע בייזע שטורמס האבען עס געוואלט אויסווארצלען פון דער ערד, אבער זיי האבען עס ניט געקענט. זיי פלעגען פון צייט צו צייט, ווי לאנג עס איז נאך געווען יונג און שוואך, איהם גובר זיין און אפשטעלען זיין וואוקס, אבער פארניכטען, אויסווארצלען האבען זיי עס ניט געקענט. עס פלעגט ווידער ארויסשפראצען און פלעגט ווידער אנגעפאנגען וואקסען. עס איז געווען א געזונט קערענ־דעל און עס איז ענדליך אויסגעוואקסען אין א גרויסען, שטארקען בוים, וואס קיין כח קען ניט אומווארפען.

ניטא קיין איינציגע יוניאן אין דער אינטערנעשאנאל, און אפשר אויך ניט אין דער גאנצער אמעריקאנער ארבייטער באוועג־גונג, וואס האט געהאט אזא שטורמדיגע געשיכטע ווי די קלאוק־אפערייטארס יוניאן פון ניו יארק. זי האט ניט בלויז געפאקט און געמאזעלט, נאר האט איבערגעלעבט פארשידענע אנדערע קראנקהייטען און דערפון אזוי פיל ענדערונגען אין איהר נאמען. צו איהר געבורט האט מען איהר א נאמען געגעבען „אינדעפענ־דענט קלאוק אפערייטארס יוניאן" און צו איהר 50־יעריגען יובילעי האט זי געקראגען דעם לאנגען נאמען „יונאיטעד קלאוק, סוט, אינפענטס ענד טשילדרענס קאוטס אפערייטארס יוניאן, לאקאל 117". און אין צווישען זיינען געווען אנדערע נעמען — די באקאנטסטע „לאקאל איינס" און „לאקאל צוויי". אבער ניט אלע מאל איז געווען דאס ענדערען פון דעם נאמען אזוי מזל'דיג ווי עס האט געדארפט זיין. און עס איז צום קרעדיט פון דער קלאוק־אפערייטארס יוניאן, וואס זי האט קיינמאל ניט

ארויסגעוויזען קיין גרויסען פּאטריאָטיזם פאר א נאָמען. זי האָט אַלע מאָל געקעמפט פאר דעם, וואָס ליגט הינטער דעם נאָמען, אָבער ניט פאר דעם נאָמען גופא. אין דעם פּרט פון נאָמען איז זי געווען אזוי פילאָזאָפיש ווי שעקספּיר, וואָס האָט געזאָגט: „וואָס איז אין א נאָמען?"

די קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן האָט שטענדיג, ווי וויט מיר קענען נאָר געפינען געשיכטליכע פאקטען, געקעמפט פאר פּרינ־ציפּען און וויכטיגע פאָדערונגען. זי איז געבאָרען געוואָרען אין אזא קאמף. איהר ערשטער אָנפאנג אונטער דעם נאָמען „אינדעפּענדענט קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן" איז געווען א רעװאָלט געגען די פירונגען פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר", זייערע געהיימע צערעמאָניעס און ריטואַלען, וואָס האָבען ניט געפּאסט פאר א קעמפּענדער ארבייטער אָרגאַניזאַציע, און אזוי האָט די קלאָוק־אָפּערייטאָרס יוניאָן שטענדיג, פאר דער גאנצער צייט פון איהר עקזיסטענץ, געקעמפט געגען זאכען, וואָס זי האָט גע־האַלטען פאר שלעכט און פאר זאכען, וואָס זי האָט געהאַלטען פאר גוט.

די געשיכטע פון דער קלאָוק־אָפּערייטאָרס יוניאָן איז א געשיכטע פון קאמף. אָפט זעהר שטורמדיגער קאמף. און ניט בלויז א קאמף פאר א גרעסערער שטיק ברויט און פּוטער, וואָס איז אין דעם ברייטערען זין פון דעם וואָרט דער יסוד פון דעם טרעיד יוניאָן קאמף, נאָר פיל מעהר פאר די העכערע פּרינציפּען און צילען פון דער ארבייטער־באוועגונג. א גרויסער טייל פון דער געשיכטע פון דער קלאָוק־אָפּערייטאָרס יוניאָן, פאקטיש דער גרעסטער טייל, איז פארנומען מיט דעם קאמף, וואָס איז געפירט געוואָרען פאר פּרינציפּיעלע פראַגען, וועלכע האָבען שטענדיג באאונרוהיגט די מיטגלידער פון דער יוניאָן און אויף וועלכע זיי האָבען געזוכט אַן ענטפער.

און פאָלגט מען נאָך דעם געשיכטליכען גאנג פון דער קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן, די זיג־זאגען, די „ארויפס" און „אראָפּס", וואָס זי האָט דורכגעמאכט אין איהר פופציג־יאָהריגען וועג, שטעלט זיך פאר די אויגען פאָר א בילד פון א קלעטערען אויף א הויכען בארג. עס איז ניט קיין גראַדער וועג, וואָס פירט גראַד צום שפּיץ, נאָר א געדרעהטער, ער געהט ארויף און אראָפּ



א. אייבראַמסאָן    ב. פריד    נ. לעווענטאַל

די דריי עלטסטע טעטיגע מיטגלידער פון לאָקאַל 1.

און ווידער ארויף. דער וואָס קלעטערט איז מאנכעס מאָל גע־צוואונגען זיך אראָפּצונעמען אָן א זייט, גערן א ביסעל אראָפּ, איידער ער קען זיך פארנעמען ווידער ארויף. אָבער דאָך פירט דער וועג אַלץ העכער און העכער, ער פירט צום שפּיץ בארג און דער אנטשלאָסענער קלעטערער דערגרייכט איהם. די קלאָוק אפּערייטאָרס יוניאָן האָט אין איהר פופציג־יעריגער עקזיסטענץ ארויפגעלעטערט א הויכען בארג, אָבער איהר וועג געהט נאָך אַלץ אויף ארויף. אויף דעם הויכען בארג איז פאראָן נאָך א העכערער, אָבער דער שפּיץ פון אָט דעם העכערען בארג קען דערגרייכט ווערען בלויז מיט די פאראייניגטע כחות פון דעם גאנצען ארבייטער קלאס. און אָט־דער העכסטער ציל איז אויך געווען דאָס, וואָס האָט שטענדיג באגייסטערט די קלאָוק־אפּעריי־טאָרס יוניאָן און האָט איהר געמאכט פאר א גרויסער, שטארקער, קעמפענדער ארבייטער־אָרגאניזאציע.

# נעמען פארצייכנים

ה.



וו.



ז.

ש.

# בילדער פאַרצייכנים

זייט

## פאָרטרעטען:



## גרופּען בילדער: